שלום מילער

פונ'ם

# אידישן קוואל



# פונ׳ם אידישן קוואל

אידישע וויצן, אנעקדאָטן און
גלייכווערטלאך, געזאמלט און
באארבעט, קלאסיפיצירט און
אינטערפרעטירט :: :: ::

פון

## שלום מילער

מיט א הקדמה פון
יהודה עלזעט



פארלאג "דאס אידישע ווארט"
וויניפעג
1937

# Fun'm Yiddishn Kval

## THE GIST OF JEWISH JEST

A Classified Compilation of Jewish Humorous Stories
with Interpretations

— by —

SALEM MILLER, B.A., LL.B.

with an Introduction by

YEHUDAH ELZET



אדרעס פון מחבר:
264 BRUNSWICK AVE., TORONTO, ONT.

געזעצט און געדרוקט אין "דאס אידישע ווארט", וויניפעג, קאנאדע

צום אנדיינק
פון
מיינע טייערע עלטערן
אברהם און לאה

# פאַרוואָרט

דאָס בוך וואָס איך לייג פאָר פאַר די לעזער איז א באַשיידענער פּרואוו אין דער קלאַסיפיקאַציע און אינטערפּרעטאַציע פון דעם טייל פון אידישן פאָלקלאָר וואָס נעמט אַריין וויצן, ווערטלאַך, אַנעקדאָטן א. א. וו.

די קלאַסיפיקאַציע איז מער פון אַלץ א פּסיכאָלאָגישע און קולטור־היסטאָרישע. אלס אַזעלכע באַשטעט זי אין א געוויסער מאָס די אַרבעט פונם זאַמלער. דער וויץ בכלל און דער אידישער וויץ בפרט, האָט, צייטנווייז, פאַרשיידענע פּסיכאָלאָגישע נואַנסן, און עס איז אָפט שווער צו מכריע זיין אין וועלכער אָפּטיילונג ער זאָל אַריינגענומען ווערן.

פאַר יעדער אָפּטיילונג האָב איך געפונען פאַר נויטיק צו געבן א קורצן, מערסטנטייל פּאָפּולערן אַריינפיר וואָס זאָל זי באַלויכטן. טיילמאָל איז דער אַריינפיר א פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז, טיילמאָל א דעפיניציע וואָס זאָל פאַרלייכטערן דעם לעזער די אָריענטירונג אין דעם וויץ; צייטנווייז איז דער אַריינפיר א קולטור־געשיכטלאַכער הינטערגרונט, און טיילמאָל אַן אָנווייזונג אויף דער אייגנאַרטיקייט פונם וויץ אלס א ספּעציפיש־אידישן, וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון אידישן שכל און געפיל.

מיט זיין זאַמלונג פּרעטענדירט דער מחבר ווייניקער אויף דער נייקייט פון מאַטעריאַל (כאָטש דער לעזער וועט געפינען אין איר א גרויסע צאָל וויצן און אַנעקדאָטן געזאַמלט פון מחבר וועלכע זיינען פריער קיינמאָל ניט פאַרעפנטלאַכט געוואָרן) ווי אויף דעם באַשיידענעם פּרואוו פון אינטערפּרעטאַציע און קלאַסיפיקאַציע פון דעם אידישן וויץ אין זיינע מער בולטע אָפּצווייגונגען.

ביים זאַמלען און אויסוואַל פון מאַטעריאַל האָט דער מחבר געהאַט אין זינען די באַדערפענישן פון אַלע שיכטן פון דעם אידישן לעזער סיי דעם פון א לומדיש ווערטל הנאה־האָבנדן בן תורה, סיי דעם ברייטן עולם וואָס ניט נאָר ווילן זיי הערן א וויץ און הנאה האָבן פון אים, נאָר טאַקע זיך אויך אין אים אָריענטירן. די כוונה איז געווען אָנצואווייזן אויפן אידישן וויץ אלס א וויכטיקן עלעמענט פון דער אידישער פּסיכיק; אלס א וויכטיקן טייל פון דעם אידישן הומאָר וואָס האָט געשפּרודלט אין דעם אידן פאַר דורות און האָט אים באַגלייט אין זיין לאַנגער מיט וואָלקנס־באַדעקטער געשיכטע, געוואַרימט און געטרייסט אים און ווי א דימענט געפינקלט מיט פאַרשיידענע קאָלירן.

דער מחבר האָט זיך באַמיט פאַרצולייגן די זאַמלונג פאַרן לעזער אין אַזא פאָרם וואָס דערמעגלאַכט אים ניט נאָר צו לאַכן פון וויץ (וואָס איז אויך זייער א וויכטיקער ענין) נאָר אז נאָכן לאַכן זאָל ער זיך אויך פאַרטראַכטן וועגן דעם אידישן וויץ אלס אַן עלעמענט פון אידישער אינטעלעקטועלער און עמאָציאָנעלער שאַפונג.

צוליב דעם האָט זיך דער מחבר באַמיט אַריינצונעמען אין דער זאַמלונג נאָר אַזעלכע וויצן און אַנעקדאָטן וועלכע טראָגן אויף זיך דעם חותם פון ספּעציפיש־אידישן געדאַנקען־גאַנג און פון דער אייגנאַרטיקער אידישער

לעבנס־אנשויאונג. דער לעזער וועט געפינען אין דער זאמלונג אידישע וויצן פון פארשיידענע סארטן סיי אזעלכע וועלכע כאראקטעריזירן דעם אידן אין אידעאליזירטער אדער קריטיקירטער געשטאלט, און סיי די וועלכע שפיגלען אים אפ ווי ער איז, ווי ער שטייט און גייט.

דער גרעסטער טייל פון דער זאמלונג האט צו טאן מיט דעם לעבן פ׳ן דער אלטער אידישער היים. דאס אידישע לעבן אויף דעם אמעריקאנעם קאנטינענט האט שוין אבער אויך באוויזן צו שאפן א אידישן וויץ מיט אן אייגנארטיקן קאלאריט. א באזונדערע אפטיילונג איז פאר דעם דאזיקן וויץ אפגעגעבן געווארן.

דער מחבר וועט זיין גליקלאך אויב דאס בוך וועט געפינען זיין וועג אין דער אידישער שול אלס געהילף־בוך פאר לערער אין אידישער קולטור־געשיכטע אין די העכערע קלאסן, ווייל פון דעם דאזיקן צווייג פון אידישן פאלקלאר קאן מען זייער א סך לערנען וועגן דעם כאראקטער פון פאלק, זיין קוק אויף דער וועלט א. א. וו.

די זאמלונג אנטהאלט פון מחבר געזאמלטע וויצן פון פאלק; פון מענשן וואס האבן דערציילט בעל פה אדער צוגעשיקט בכתב; א צאל געלונגענע וויצן פון אידישע צייטונגען. דער מחבר האט אויך טיילווייז גענאצן פון פריערדיקע זאמלונגען ווי א. דרויאנאוו (העברייאיש), י. ח. ראווניצקי, מ. וויזען, י. ריטשמאן (ענגליש), ס. פ. מענדלסאן (ענגליש, פארלאג מ. שטיין, שיקאגא), ב. פרנס, חיים בלאך (דייטש), מ. ליפסאן, י. מארגאשעס, ש. ערנסט און אנדערע. די דאזיקע וויצן וועלכע האבן זיך ארייגעפאסט אין די פארשיידענע קלאסיפיקאציעס זיינען פון מחבר מערסטנטייל באארבעט געווארן.

דער מחבר דריקט אוים א הארציקן דאנק צו די אלע וועלכע האבן געהאלפן מיט מאטעריאל סיי בעל פה און סיי בכתב. עס איז פארדריסלאך וואס עס איז טעכניש אוממעגלאך אנצוגעבן אלע נעמען.

איך וויל דא אויסנוצן די געלעגנהייט אויסצודריקן מיין דאנק צו מיין פריינט, דעם בארימטן פאלקלאריסט און ציון־טוער רבי י. זלאטניק (יהודה עלזעט) פאר זיין פריינטלאכקייט צו לייענען טיילן פון מיין בוך און צו געבן מיר נוצלאכע באמערקונגען; פאר א צאל זייער געלונגענע צוגעשיקטע וויצן, ווי אויך פאר זיין גייסטרייכער הקדמה.

איך וויל אויך באדאנקען דעם קאמיטעט וואס האט זיך געגרינדעט אין ווינעפעג פאר דער פארשפרייטונג פון מיין בוך.

טראצדעם וואס דער איד האט די אייגנשאפט צו באמערקן דאס גראָ־טעסקע און קאמישע אין די טראגישסטע סיטואציעס, איז אבער דאס איצטיקע אידישע לעבן אזוי פארפינסטערט און פאר׳מרה־שחורה׳ט אז דער שמייכל אויף דעם אידישן פנים איז, צום באדויערן, געווארן א זעלטענע דערשיינונג. דער מחבר וועט זיין גליקלאך אויב עס וועט זיך אים, דורך זיין ארבעט, איינ־געבן אריינצוברענגען א ביסל פריילאכקייט אין דעם איצטיקן אזוי אומעטיקן אידישן לעבן.

שלום מילער

טאראנטא, שבט, תרצ״ז.

# וויץ און הומאָר

## הקדמה

פון

## יהודה עלזעט

(וואַנקאָווער)

"וויץ" שטאמט פון א שורש וואָס באטייט וויסן, ווייזהייט, חכמה, פקחות.

מיט "הומאָר" איז שוין ניט אזוי פשוט. אין דער מיטלאַלטערלאַכער מעדיצין איז געווען שטארק פאַרשפּרייט דער גלויבן אין דער טעאָריע פון דעם פאָטער פון מעדיצין — היפּאָקראַטעס (500 יאָר פאַרן חורבן בית שני), אז דער געזונד־ם און געמיטס־צושטאַנד פון א מענשן איז אָפּהייננגיק פון די פיר הומאָרן (פייכטיקייטן, פליסיקייטן) וואָס געפינען זיך אינם מענשלאַכן קערפּער. אין העברייאיש האָט מען די פיר הומאָרן גערופן — מרה'ס: מרה אדומה, שחורה, ירוקה, לבנה (זע מדרש הרפואה, פרלמן, חביר, 2, 1. ז.ז. 8 און 9).

עס איז מערקווירדיק, אז אין אידיש זיינען אונז עד היום פאַרבליבן פון דער גויאישער באַצייכענונג פון די הומאָרן, נאָר צוויי: פליאַגמע (און דערפון — פלעגמאַטיש) און די מאַנקאָליע (מעלאַנכאָליע). פון דער העברייאישער טערמינאָלאָגיע איז אונז פאַרבליבן בלויז די "מרה־שחורה".

ביי די ענגלענדער האָט זיך אָבער דאָס וואָרט "הומאָר (וואָס האָט אין די אייראָפּייאישע שפּראַכן אָנגעהויבן צו באַדייטן סתם "שטימונג") אויסגעקריסטאַליזירט צום באַגריף וואָס איז אונז היינט אַלעמען באַקאַנט אַלס "הומאָר" (די הייטערע, לוסטיקע שטימונג), און דאָס איז געשען ערשט גאָר אין א שפּעטערער צייט. מענדעלסזאָהן וואָס איז געווען פון די ערשטע דאָס וואָרט צו באַנוצן אין דעם דאָזיקן זין אין דייטשן, שרייבט:

Diejenige Art von Witz oder Scharfsinnigkeit, die von den Englandern Humor Genannt Wird (Literatur-briefe X, 269).

יצחק דיזראַעלי (לאָרד ביקאָנספילד'ס טאַטע) שרייבט:

The ancients indeed, appear not to have possessed that comic quality that we understand as **humour**, nor can I discover a word which exactly corresponds with our term humour in any language, ancient or modern (Lit. Char. p. 434)

עס איז שווער מיט אים מסכים צו זיין אין דער ערשטער באַהויפּטונג. הומאָר איז שטענדיק געווען אין דער מענשלאַכער נאַטור. וואָס איז אַריסטאָפאַנעס אויב ניט איינער פון די גרעסטע הומאָריסטן פון אַלע צייטן? און וואו זיינען אונזערע אַלחריזי און עמנואל הרומי? עס איז אָבער אמת, אז קיין וואָרט פאַר הומאָר האָט קיין שפּראַך ניט און אפילו די גריכן האָבן דערפאַר ניט געהאַט קיין נאָמען.

אין תנ"ך רעדט זיך מיט גרויס ווידערווילן וועגן לצים. דאָס זיינען, אָבער, ווי עס שיינט, ניט די וואָס קאָנען גוטמוטיק לאַכן, אָדער די וואָס באַזיצן דעם ראַפינירטן שמייכל, נאָר די וואולגאַרע שפּעטער, וואָס קאָנען נאָר אָפּלאַכן און אויסלאַכן.

אין דער גמרא האָבן מיר שוין די מילתא דבדיחותא (א הייטער ווערטל) וואָס אפילו חכמים האָבן זיך דערלויבט (זע אין דער הקדמה פון הרב ראָם צום ביכל "משוש כל הארץ", ירושלים, תרצ"ג).

אין דער גמרא געפינען מיר שוין אויך פראפעסיאנעלע אידישע בדיחי (קאמיקער), וואס קאנען זיך פארדינען אפילו עולם הבא ווען זיי באנוצן זייער פראפעסיע צום גוטן אום הייטער צו מאכן פאראומערטע מענשן. מיר געפינען אין מדרש אפילו "דזשאוקס" פון גויאישע קאמיקער, וואס דערמאנען אונז דערשטוינענד די אנטיסעמיטישע "אידישע דזשאוקס" פון דעם ענגלישן בורלעסק און וואדעוויל טעאטער, און וועלכע מיר קאנען הערן גאנץ אפט אויך אויף דער ראדיא, וועלכע זיינען ביי דעם אלעם אין תוך אומשולדיק־גוטמוטיק און מיינען ניט אזויפיל בייז ווי זיי קלינגען צו אונזער סענסיטיוון אויער.

עס איז קלאר פונם טעקסט אז זיי האבן אפילו באנוצט דעם אונטערהעלפער, וועלכן מען רופט אינם מאדערנעם אמעריקאנישן טעאטער־סלענג א "סטודזש" (זע ערוך השלם, קאהוט, צווייטער באנד, ז.ז. 16. 17 ערך "ברח", און אינם "ארכיוו פאר דער געשיכטע פון יידישן טעאטער און דראמע" פון דר. שאצקי, ייוו"א, תר"ץ. די ארטיקלען פון ש. ערנסט און י. ליפשיץ).

אין מיטלאלטער האבן מיר געהאט פראפעסיאנעלע ליצנים, ק ט פ י ם אדער קאטאוועס־טרייבער, בדחנים און דעם חתונה־"מארשאליק" (זע די דערמאנטע ארטיקלען, דר. שיפער'ס בוך "געשיכטע פון יידישן טעאטער". און מיין ארטיקל איבער "קאטאוועס" אין נייגטן באנד ייוו"א בלעטער) זייער וויכטיקן מאטעריאל און די נויטיקע ביבליאגראפיע אנטהאלטן די גרויסארטיקע אריינפיר־קאפיטלאך פון פראפעסאר ישראל דאווידזאהן צו זיין בוך "פאראדי אין דזשואיש ליטעראטשור" (ניו־יארק, 1907).

דער בדחן איז געווארן אזא נויטיקער עלעמענט ביי א אידישער חתונה אין מיטלאלטער, ניט קוקנדיק דערויף וואס אין אלגעמיין האט מען געקוקט אזוי קרום אויף ליצנות ווי אויף הפקרות, שוין צוליב דעם, גלויב איך, ווייל, ווי באקאנט איז "חתן דומה למלך" און די מלכים האבן געהאט זייערע "הויף־נארן", "קינג'ס דזשעסטער"; "פול".

די אינסטיטוציע פון א הויף־בדחן איז אין איראפע באזונדערס אנטוויקלט ערשט אין מיטלאלטער. אבער זי איז שוין געווען באקאנט אין אינדיע אין די גאר אלטע צייטן, און פלוטארך דערמאנט וועגן א הויף־לץ אינם הויף פון פערסישן קעניג.

ווי מיר האבן געזען, איז הומאר אן אייביק מענשלאכע זאך. דאך שיינט אז באוואוסטזיניק אויף דעם הויכן ווערט פון הומאר — ניט נאר אלס צייט־פארטרייב — איז מען ערשט געווארן אין דער נייער עפאכע.

ביי אונז האט ערשט שלום־עליכם דערפירט הומאר צו דער גרויסער ליטעראַרישער מדרגה וואו ניט די סאטירע, דאס אויסלאכן, איז דער עיקר, נאר דאס הייטערדיקע אן און פאר זיך, וואו הומאר איז ניט א מיטל די וועלט צו פארבעסערן, ווי ביי אריסטאפאנעס און מאליער, אדער אונזער מענדעלע מוכר ספרים, נאר אום די וועלט צו פ א ר ש ט י י ן.

אין מיין ווערק "מיט הונדערט יאר צוריק" האב איך פארעפנטלאכט א בריוונשטעלער פון אן אנאנים אויף וועלכן ש. ניגער האט אנגעוויזן אלס איינעם פון די ערשטע הומאר־מענשן אין אונזער ליטעראטור און פון די ערשטע פארלויפער פון שלום־עליכמ'ען.

דער אמת'ער באן־טרעטער פאר שלום־עליכמ'ען אין זיין הומאר איז געווען דאס פ א ל ק, וואס האט במשך פון דורות צוגעגרייט אן אוצר פון ווערטלאך, אנעקדאטן און שיחות־חולין.

אייזיק מאיר דיק איז אפשר געווען דער ערשטער ביי אונז וואס האט אנערקענט דעם ווערט פון אונזערע פאלקס־ווערטלאך און זיי אנגעהויבן — אמת, ניט סיסטעמאטיש און ניט אין קיין גרויסער צאל — צו פארשרייבן און פארעפנטלאכן.

אונזער אוצר פון פאָלקס־ווערטלאַך אַנטהאַלט אי וויץ אי הומאָר. דאָ איז חכמה און פקחות און אויך גוטע, הייטערע שטימונג. גוטמוטיקייט ניט נאָר ווען דער שוד הריקט, נאָר אפילו ווען דאָס הארץ ווערט פאַרקלעמט. בכלל איז שווער צו געבן א גענויע דעפיניציע פון "הומאָר". נאָך שווערער איז אָנצוצייכענען גענוי די גרעניצן צווישן וויץ און הומאָר. דאָך קאָן מען זאָגן, אַז וויץ איז שפּיציק, שאַרף, קאָן פאַרוואונדן (ניט בחנם גראַמען זיך "וויציק" און "שפּיציק"), קאָן טרעפן ווי א דונער און פאַרניכטן, בשעת הומאָר איז גוטמוטיק, נעמט זיך ניט איבער פון גדלות און פאַלט ניט ביי זיך ווען ס'גייט מיט דער פּוטער אַראָפּ.

הומאָר איז מער א שטעלונג וואָס דער מענש נעמט צו זאַכן פאַר זיך אַליין. א וויץ איז גיכער וואָס מ'זאָגט יענעם אריין.

אין די לעצטע דורות האָט מען זיך כמעט גאַרניט געקענט פאָרשטעלן אַז עס זאָל זיין א איד א חכם אָדער תלמיד־חכם, וואָס זאָל ניט האָבן געווען זיין אויך א ווערטל־זאָגער (זע ליפּסאָנס זאמלונג: "די וועלט דערציילט": פרנס'עס: פון דער רבנישער וועלט א. א.).

וואָלט רענאַן געווען באַהויפּטעט אַז אידן, און בכלל די גאַנצע סעמיטישע ראַסע, האָבן ניט דעם חוש פאַר הומאָר, ווען ער וואָלט געווען באַקאַנט מיטן גאַנצן מאַטעריאַל פונם אידישן פאָלקס־וויץ? איך גלויב קוים.

פאַראַן א גרויסע צאָל זאַמלונגען פון אידישע וויצן אין דייטש, פראַנצויזיש, ענגליש (פון וועלכע ראַביי מענדעלסאָנס ווערק איז באַזונדערס ווערט צו דערמאָנען), און אין העברייאיש (דער מאָנומענטאַלער "הבדיחה והחדוד" פון דרויאַנאָוו א. א.).

מיר האָבן אין אידיש אויך א גרויסע צאָל זאַמלונגען פון פאַרשיידענעם ווערט: בעסערע און ערגערע, און גאָר שמאַטעס.

פון איין זאַך ליידן די אַלע זאַמלונגען, וואָס זיי מיידן אויס דאָס תורה־ווערטל, אויס מורא אַז דער עולם דער היינטיקער, וואָס איז שטומפּיק אויף דער עברי, וועט ניט פאַרשטיין. מ. א. וויזען אין זיין זאַמלונג "חכמה און תריפות", ווין, תרפ"ז) האָט אין דעם געביט געמאַכט א פאַרזוך.

מען קאָן זיי אפשר ניט באַשולדיקן.

אָט זיינען דריי ווערטלאַך פון מרדכי ראַקאָווער, וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען משמח צו זיין דעם לובלינער רבי'ן אין שעה'ן פון עצבות (אַן אמת'ער הויף־בדחן). ער איז באַרימט מיט זיין אָריגינעלן "זשאַנר" פון "מניה־וביה" ווערטלאַך. ער איז געווען א איד א חסיד, א גרויסער יודע ספר, אָבער אויך א גרויסער אָרימאַן. מרדכי קומט אריין צום רבי'ן, אַראָפּגעלאָזט די נאָז, ס'פּנים פאַר'חושכ'ט. פרעגט אים דער רבי:

— מרדכי, וואָס איז דער מער, אַזוי פאַר'עצב'עט?

— רבי, ס'אַרט מיך א קשיא — זאָגט מרדכי.

— וואָס איז די קשיא? אפשר קאָן איך זי פאַרענטפערן?

— די קשיא איז: ואם תאמר מה נאכל? און איר, רבי, קאָנט זי מסתמא פאַרענטפערן, איר זאָלט נאָר וועלן.

דער רבי גיט אים א רובל. מרדכי איז מודה אַז די קשיא איז אַבסאָלוט, לגמרי, פאַרענטפערט.

עטלאַכע טעג שפּעטער קומט מרדכי ווייטער אריין, די נאָז איז ווייטער אַראָפּגעלאָזט, דאָס פּנים איז ווידער פאַר'חושכ'ט.

— מרדכי, וואָס איז דער מער מיט דיר? כ'האָב דאָך דיר שוין פאַרענטפערט דיין קשיא!

— הונדערט יאָר זאָלט איר מיר לעבן. דער תירוץ איז טאַקע געווען גוט. ווען כ'האָב אים אָבער צ ע ק י י ט איין טאָג און נאָך א טאָג, האָב איך געזען אַז די קשיא בלייבט אַליין א קשיא.

אָדער:

מרדכי גייט אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. זאָגט צו אים א איד:

— מרדכי, זאָג עפּעס מניה וביה וועל איך דיר מאַכן א מלבוש.

זאָגט מרדכי: כל המאך—מיר (המחמיר) תבא עליו ברכה.

פורים פרעגט מען מרדכי'ן: ס'שטייט אין דער מגילה ווי המן האָט דערציילט עשרו ורוב בניו. ווי שיקט זיך עפּעס א מענש זאָל דערציילן זיין ווייב את רוב בניו, ווייס זי דען אליין ניט?

מ'האָט אבער מיט אים אויסגערעדט אז ער זאָל דאָס מאָל ענטפערן פון דער פּרעמד, ניט מניה וביה, ווי זיין שטייגער איז געווען.

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט — זאָגט מרדכי — דער תירוץ איז: פ ו ן ד ע ר פּ ר ע מ ד.

איינעם וואָס איז ניט באַקאַנט מיט דער עברי און מיטן „בית־מדרש און חסידים־שטיבל, קאָן מען באמת אזעלכע ווערטלאך ניט פּאַרטייטשן.

ביי קיין שיכט פון אידישן פאָלק האָט דאָס „ווערטל ניט דערגרייכט צו אזא מדרגה ווי ביי די חסידים. אָן דעם ווערטל, קאָן מען זאָגן, איז גאָר קיין חסידות ניט געמאָלט. די „תורה" און דאָס „גלייכווערטל" זיינען די נשמה און דאָס לעבנס־בלוט פון חסידות.

עס איז מערקווירדיק וואָס עד היום איז נאָך ביי אונז ניטאָ קיין געהעריקע אפּהאַנדלונג איבער דער דאָזיקער פאַזע אין חסידיזם. די משכילים האָבן גאָר לגמרי ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך, און האָבן זיך אוועק־געשטעלט נאָכקרימען און אפּשפּאָטן. אָבער מ'מוז מודה זיין, אז גאַנץ אָפּט האָט ביי די חסידים די „תורה" דערגרייכט ביז צו זיין גראָטעסק און אומגע־לומפּערט. ווייל ניט אלע זיינען געווען גאָט־געבענטשטע קינסטלער אויף דעם געביט, און האָבן פּרובירט נאָכמאַכן די אָריגינעלע שעפער, אזוי ווי עס איז געשען מיט די פּייטנים, וואָס פיל פון זיי, אנשטאָט צו זיין יהודה הלוי'ס, האָבן דערגרייכט ביז „אָץ קוצץ בן קוצץ".

איך מוז מודה זיין, אז מיר אליין איז שווער צו פאַרשטיין ווי אזוי אזא פייערדיקער פלאַם, למשל, ווי רבי לוי יצחק מבערדיטשעוו, האָט גע־קאָנט האָבן אין זיך אזויפיל וויץ און הומאָר; איך וועל נאָר ברייננגען אייניקעביישפּילן (פונם ספר'ל „נפלאות בית לוי"):

אָט קיבעצט ער אריין דעם רבש"ע, כביכול אליין: „הער נאָר, רבש"ע. האָסט געהערט מיר זיינען גרויסע מיוחסים, קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב. האָסטו זיך געוואָלט מיט אונז משדך זיין. האָבן מיר דיך געפרעגט: ווער ביזטו? ווער זיינען דיינע עלטערן און דיינע מחותנים? האָסטו ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. נאָר וואָס דען, האָסט אונז איינגעשמועסט אז דו ביזט א גרוי־סער גביר, א נגיד. עפּעס א קלייניקייט: לי הכסף ולי הזהב. איז עס דאָך נאָר געווען א געלט־שדוך. מילא, ביזטו מסלק, איז שדוך א שדוך. אָבער אז דו ביזט ניט מסלק, טאָ . . .

(דעם דאָזיקן נוסח האָב איך געהערט פון נחום סאָקאָלאָוו. דאָס דערמאָנטע ספר'ל האָט ניט געוואָגט, און האָט עס אביסל אָפּגעשוואַכט). סאָקאָלאָוו האָט עס געזאָגט אנטקעגן די אמעריקאַנער „אַלרייטניקעס". וועל־כע האָבן זיך געגרויסט נאָך דער מלחמה אין דער ציוניסטישער מחנה קעגן די אייראָפּייאישע אידן פון תורה און חכמה. אויך בנוגע דער „אידישער אגענטור", וואָס איז געקומען צום גרייטן א דעה זאָגן.

דער קדושת לוי זעט אז אידן דאַוונען ניט מיט כוונה. זאָל ער זיי זאָגן פייערדיקן מוסר, ווייסט ער אז עס וועט נאָר ווירקן אויף א קורצער צייט. האָט ער א בעסערן מיטל: נאָך שמונה־עשרה גייט ער צו און גיט די אידעלאך שלום־עליכם... מ'קוקט אים אָן. זאָגט ער: איר האָט דאָך ניט אין זינען געהאַט וואָס איר דאַוונט; איר זייט דאָך ארומגעפאָרן אויף אלע ירידים — קומט דאָך אייך שלום־עליכם!

תשעה באב גייט ער ארויס זאַמלען נדבות. ער קומט אריין צו א גביר, און טרעפט דאָרט א חברה גבירים זיצן און עסן „געזאָטענע הענער". ער צעקאָכט זיך ניט, ווי ס'וואָלט געפּאַסט פאַרן באַרדיטשעווער רב. ער מאַכט זיך א ווערטל: „ווען איר עסט איצט אויף די הענער, פון וואַנען זשע וועט איר האָבן כפּרות ערב יום־כּפּור?"

דער וואָרט־שפּיל "כּפּרות" איז פאַר אים געגנוג.

זיין רבי, רבי ברוך פון מעזבוזש, האָט אויך ליב געהאַט אַריינצוזאָגן, און ער נעמט עס גוטמוטיק צו.

איינמאָל, אינדערפרי נאָכן דאַווענען, האָט דער באַרדיטשעווער געפרעגט דעם רבי'ן רבי ברוך אויב אים געפעלט זיין דאַווענען. האָט ער אים מיט אַ שמייכל געענטפערט, אַז זיין דאַווענען געפעלט אים, נאָר ווען אהרן הכהן וואָלט ביי דעם אָנצינדן די מנורה געמאַכט אַזעלכע תנועות, וואָלט ער דעם בוימל פאַרגאָסן און די מנורה צעבראָכן.

אָבער ווען עס קומט צום קאָנען צונעמען אַ ווערטל, נעמען ביי מיר דעם מעראָל די פאָלגנדע:

דער קדושת לוי האָט אַמאָל געהאַלטן שבת אין אַ שטאָט. זיינען אים געקומען מקבל־פּנים זיין צוויי רבנים — דער רבי פון די שניידער און דער רבי פון די מעל־הענדלער. זייער מיינונג איז געווען פון אים חוזק צו מאַכן, און ער האָט דאָס מיט זיין רוח הקודש גאַנץ גוט געזען. האָט ער צו זיי געזאָגט:

— אַזוי ווי איך ווייס ניט ווער פון אייך ביידע איז גרעסער איך זאָל אים פריער געבן שלום, גיב איך אייך צוזאַמען איין שלום (אַ רמז אויפן פּסוק: אין שלום אמר ד׳ לרשעים).

נאָכדעם האָבן זיי אים געבעטן ער זאָל זיי זאָגן עפּעס אַ תורה. האָט ער זיי געזאָגט:

— די גמרא שבת דף ל׳ זאָגט, אַז ארץ ישראל וועט אַרויסגעבן זיידענע קליידער און פאַרטיקע עסנוואַרג. איך האָב זיך שטענדיק אויף דעם מאמר געוואונדערט: וואָס פאַר אַ ריוח וועט דען פון דעם זיין? נאָר איצט איז דאָס מיר געוואָרן פאַרענטפערט, ווייל איצט ברויכן מיר האָבן שניידער און מעל־הענדלער, און זיי מאַכן זיך באַזונדערע רבנים, אָבער לעתיד ווען דער הייליקער משיח וועט קומען און די הייליקע ערד וועט אַליין אַרויסגעבן פאַרטיקע זיידנקליידער און אָפּגעבאַקענע שפּייז, וועט מען שוין ניט געברויכן קיינע שניידער און קיינע מעל־הענדלער, וועלן מיר דאַמאָלסט האָבן דעם ריוח וואָס מיר וועלן פּטור ווערן פון אַ שניידער רב און מעל־הענדלער רב.

און ווי די ביידע רבנים האָבן דעם קלוגן וויץ געהערט, האָבן זיי אים ליב געקראָגן און האָבן אויפגעהערט צו זיין זיינע מתנגדים.

עס איז קלאָר אַז אַזעלכע צוויי רבנים האָבן קיינמאָל קיין מתנגדישע נשמות ניט געהאַט. און דעריבער האָב איך די מעשה קאַפּירט, ניט צוליב איר גרויסקייט אָדער שאַרפקייט, נאָר ווייל פאַר מיר אילוסטרירט עס אַ חסידישע נשמה וועלכע מ׳קאָן אָפּקויפן ווען מ׳זאָגט איר טיף אַריין. אַ מתנגד אָדער אַ משכיל וואָלט אַוועק טיף באַליידיקט און וואָלט דעם זאָגער באַטראַכט פאַר אַ בדחן, אָדער קאָמעדיאַנט.

אויסער ראַבינער ביילין און באַסטאָמסקי (און אין אַ געוויסער מאָס אויך אַלשוואַנגער אין זיינע "ראָזשינקעס מיט מאַנדלען" — אין לאַטייניש שריפט) איז דער צוטריט פון אַלע זאַמלער געווען אַ ליטעראַרישער, משמח צו זיין דעם לעזער, ניט קיין וויסנשאַפטלאַך־פאָלקלאָריסטישער.

די פאָלקס־שפּראַך איז ניט דערהאַלטן געוואָרן, קיין מעטריקעס (געבורטס־אָרט און צייט) ניט אָנגעגעבן. פיל אַלט־אידישע וויצן מאָדערניזירט אין פאָרם און אינהאַלט, אַ נישקשהדיקע צאָל פרעמדע, אָדער סתם גאַסוויצן, טעאַטער־חכמות, צייטונגס־שפּריצן אַריינגענומען און אַמאָל אויך מגייר געווען, און קיין וואַריאַציעס ניט אויסגערעכנט. אָבער אַלץ איז בעסער ווי גאָרניט טאָן, און לאָזן דעם פאָלקס־וויץ פאַרגעסן ווערן.

שלום מילערס זאַמלונג האַלט איך פאַר איינע פון די בעסטע פאָלקס־זאַמלונגען. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין וויכטיקער אַרבעט אַלס אַ מענש וואָס האָט גרויס ליבשאַפט און אַכטונג פאַר דער פאָלקס־שאַפונג אין דעם ראַזיקן

געבים. ער האָט הנאה פון אַ גוט ווערטל, פון אַ שיינער מעשה און האָט געוואָלט דעם עולם מהנה זיין.

ער האָט ניט געקאָנט זיין וויסנשאַפטלאַך־פּעדאַנטיש, ווייל דאַן וואָלט זיין זאַמלונג מער ניט געקאָנט זיין פאַרן פאָלק, אַ פאָלקס־בוך — ווי דאָס איז געווען זיין פאַרלאַנג.

אין די ראַמען וואָס ער האָט זיך געשטעלט און באַטראַכטנדיק דעם ציל וואָס ער האָט זיך אָנגעצייכנט, האָט ער מצליח געווען. אַ רייכער פאַרשיידנאַרטיקער מאַטעריאַל, אויפגעסאָרטירט, ווי ווייט אַזאַ מאַטעריאַל לאָזט זיך סיסטעמאַטיש איינטיילן; קורצע, זייער טרעפלאַכע איינלייטונגען. מיט איין וואָרט: אַ גוט און נוצלאַך בוך פאַר י ע ד ן.

דער אידישער וויץ און דער אידישער הומאָר זיינען שוין גאָר ניט קיין געלעכטער — הגם זיי מעגן אַרויסרופן געלעכטער. פּאָלקס־וויץ און פאָלקס־הומאָר זיינען זייער אַ וויכטיקער געבים. פון זיי קאָן מען לערנען ניט נאָר די חכמה פון אַ פאָלק, נאָר אויך זיין לעבנס־שטייגער, זיין באַציאונג און רעאַקציע צו אַלערליי זאַכן, געשעענישן און צו פאַרשיידענע קלאַסן. און דעריבער גלויב איך, אַז שלום מילערס בוך באַדאַרף צו זיין באַזונדערס נוצלאַך אויך צו אונזערע לערער, אַלס געהילף־בוך.

אין וויץ ווענן אין אַרענדאַר, ישובניק, רבנים, חזנים, פּרנסים, מיליטער־דינסט, תחום־המושב א. ד. ג. קאָן געבן אַ קלאָרערן בילד פונם אַמאָליקן אידישע לעבן ווי עס קאָן געבן אַ גאַנץ בוך.

אויך די שפּראַך־אייגנטימלאַכקייטן און פאָלקס־אידיאָמען זיינען אין ערגעץ ניט אַזוי פאַרפעסטיקט ווי אינם פאָלקס־וויץ. און ווען איין פאָלק קאָן ניט פאַרשטיין די וויצן פון אַן אַנדער פאָלק; און אויב אַ גוי קאָן בשום אופן ניט משיג זיין אַ אידיש־ווערטל, איז עס שוין ניט אַזוויפיל מחמת די פאַרשיידענאַרטיקייט אינם כאַראַקטער פונם הומאָר פון יעדן פאָלק — הגם דאָס איז געוויס אַ גרויסער גורם — נאָר מער נאָך מחמת אַ פרעמדער פאַרשטייט ניט דעם לעבנס־שטייגער און דעם שפּראַכלאַכן אידיאָם וואָס גיבן לעבן און נשמה צו אַן אמת'ן פאָלקס־וויץ און פאָלקס־ווערטל.

און אויף נאָך אַ זאַך וויל איך אויפמערקזאַם מאַכן: אַ אידיש ווערטל איז אייגנטלאַך מערסטנטייל ניט קיין גאַנצע און פאַרטיקע זאַך פאַר זיך. דאָס ווערטל איז נאָר אַ האַלבע זאַך. דער וואָס באַנוצט עס, דאַרף ערשט זיין דער אמת'ער שאַפער וואָס זאָל עס געבן דעם אמת'ן תיקון. דאָס אידישע ווערטל דאַרף הויפּטזאַכלאַך באַנוצט ווערן אַלס אַ מ ש ל, און וואַרט אַז דער וואָס באַנוצט עס זאָל עס מתקן זיין דורך אַ נמשל, ווען ער זאָל עס באַנוצן אַלס אילוסטראַציע ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט.

דער רש"ל שרייבט אַז דער משל איז צום נמשל ווי די צורה צום חומר. זאָל מען זאָגן: ו ו י א נ ש מ ה צ ו א ג ו ף. דער משל, דאָס ווערטל, דאָס מעשה'לע באַלעבט די דיסקוסיע, וואַרפט שיין און ליכט צום פאַקט וואָס מ'באַהאַנדלט.

איינער פון די גרעסטע הומאָריסטן אונזערע איז געוויס געווען דער דובנער מגיד. זיינע משלים האָבן אָבער נאָר דאַן אַ זין און קאָנען נאָר דאַן ווערן אָפּגעשאַצט, ווען מ'פאַרבינדט זיי מיט זיינעם אָדער מיט אַ נייעם גוט צוגעפּאַסטן נמשל.

איך געדיינק ווי שמריהו לעווין, האָט אין אַ שמועס דערציילט אַ פאָלקס־ווערטל, וואָס איז געווען וואונדערבאַר צוגעפּאַסט צום ענין וועלכן מ'האָט באַהאַנדלט. ווען אַלע האָבן זיך צעלאַכט און באַוואונדערט זיין פּקחות איז איינער פון די ביי־זיצנדע געבליבן קאַלט און אומבאַריִרט.

— כ'האָב שוין געהערט די מעשה — האָט ער מיט אַנטוישונג אויסגערופן.

ווען דער עולם איז זיך צעגאַנגען, האָט ערשט שמריהו לעווין זיך צעקאָכט פאַר מיר:

— וואס מיינט ער, איך בין א מעשה דערציילער, א וויצן־מאכער, משמח צו זיין דעם עולם? ווי פארשטייט ניט א מענש, אז דער עיקר איז די "אפליקאציע", די אנווענדונג, דאס צופאסן צום ענין וואס מ'באטראכט.

זאל זשע דער לעזער פון שלום מילערס פראכטפולער זאמלונג וויסן, אז דער מחבר האט נאר געטאן א האלבע ארבעט, און עס בלייבט פאר דעם פארשטענדיקן לעזער נאך א זייער גרויסער שאפונגס־פעלד: די געהעריקע באנוצונג פונם ווערטל. ווי זאגט שלמה המלך: "תפוחי זהב במשכיות כסף, דבר דבור על אפניו".

דאס האט אויך גוט פארשטאנען דער אלטער אייזיק מאיר דיק, און דעריבער לייענט זיך דער שער־בלאט פון זיינער א זאמלונג געדרוקט אין ווילנע אין יאר 1873 אט אזוי:

"וויטצען און שפריטצען אדער אנעקדאטען.
"דאס זינד וויציקע און שפיציקע ערציילונגען וואס קומען צו ניץ
"אין אומגאנג אין דער וועלט מיט מענטשין וויא קליינע געלט אין
"דער טאשע אום רעסטע צוא געבין בייא יעדער בעשטע (בעסטע)
"געלעגענהייט".

ביים באנוצן זיך מיט א גלייכווערטל, מוז מען אבער אויך באנוצן א סך טאקט און פארשטאנד. ניט בחנם זאגט מען אויף אידיש: "עס איז ניטא קיין גלייכערס, ווי א קרומער לייטער, און קיין קרומערס, ווי א גלייך־ווערטל" (זע א. בערנשטיין).

און לארד בעיקאן, צום סוף פון זיינע "אפאטעגמען", שרייבט: מ'זאגט, עס איז ניט קיין חכם, ווער ס'פארלירט א פריינט צוליב זיינער א "חכמה". ס'איז אבער אויך ניט קיין חכם, ווער ס'פארלירט א פריינט צוליב א צווייטנס חכמה.

און אויך שלמה המלך אין אלטערטום האט שוין געקריצט מיט די ציינער: חוח עלה ביד שכור, ומשל בפי כסילים (משלי כו, ט'). ווי א דארן אין דער האנט פון א שכור, אזוי איז דאס גלייכווערטל אינם מויל פונם נאר. אויך אין קהלת זאגט ער: כי כקול הסירים תחת הסיר, כן שחוק הכסיל (ז, ו').

און אין אמת'ן איז שווער צו געפינען עטוואס אומאנגענעמענער אלס דאס צעלאכן זיך פון א טריאומפירנדן חם. פאראן אפילו אמת גרויסע מענשן און חכמים וואס זיינען בלויז ערנסט, טרוקענע לאגיק און ריינער אמת. זיי פעלט אינגאנצן דער "חוש פון הומאר" (ווי די ענגלישע פראזע באצייכנט עס), און זיי ציטערן פאר א גלייכווערטל, באזונדערס אין א וויכוח.

די לאגיק איז מאכטלאז ווען זי באגעגנט זיך פנים אל פנים מיטן גלייך־ווערטל. זי צעשווימט ווי דער ים ווען די זון האט אויף אים ארויפגעשיינט. זיי האלטן אז ס'ווערטל איז ניט אמת, ס'גיט ניט א גאנץ בילד, נאר שטרייכט אונטער איינצעלנע אייגנשאפטן אויסער יעדער בארעכטיקטער פראפארציע. לאגיק־מענשן האבן אבער פיינט אויך יעדע פאעזיע, ווייל יעדע פאעזיע, איז ווי באקאנט, "פאלש" (מיטב השיר כזבו) פון טרוקן־לאגישן צוגאנג.

א געוויסער רב, א פקח און באקאנטער ווערטל־זאגער, האט געוואלט פארפירן א וויכוח מיט ר' שמואל מאהליווער וועגן ציוניזם. רבי שמואל האט אבער אויסגערעדט א תנאי, אז זיין קעגנער זאל זיך ניט באנוצן מיט קיין גלייכווערטלאך.

שוין לארד בעיקאן אין זיין עסיי איבער "אמת" ווייזט אן, אז דאס ביסעלע "ליגן" איז דוקא זייער נוצלאך. וואס וואלט א מענש געווען אז אלע זיינע איינריידענישן, איבערגעטריבענע מיינונגען, פאלשע האפענונגען, פאלשע אפשאצונגען און איבערראשונגען, טרוימען, אימאגינאציעס און וויזיעס?

דר. ש. בערנפעלד אין זיין מאנאגראפיע איבער גבריאל ריסער (הוצאת תושיה, ז. 54) ברענגט, אז ווען די פתגמים פון ברעסלוי זיינען געקומען צום שטאט־רב ר' שלמה טיקטין אום זיך צו בעראטן מיט אים, ווען

זייער ווילן אראָפּצובריינגען דר. אברהם גייגער פון פראַנקפורט אלס פריי־דיקער, האָט דער רב געזאָגט, אז איצט פארשטייט ער דעם פסוק פון דער תוכחה: ישא ה׳ עליך גוי מרחוק.

יעדער וואָס קאָן געשיכטע פון יענער צייט, ווייס, אז קיין גרעסערן אמת האָט קיינער ניט געקאָנט זאָגן אין אזא קורצער פראַזע. יענע אידן האָבן געהאַט א שטאַרקן חוש־הריח, ניט בחנם האָט מען אויף זיי געזאָגט, "כי באפם הרגו איש". ווי א משכיל, אן אפּיקורס האָט זיך ניט געזאָלט אויס־באַהאַלטן, האָבן זיי אים ד ע ר ש מ ע ק ט, און ניט צופיל גע׳טענה׳ט, א מאך מיטן נאָז: עה, און אָפּגע׳פּסק׳עט.

זיי האָבן אויך געהאַט א שאַרפע צונג, גלייך אין פינטל אריין. אנ־שטאָט אָבער דאָס אַלץ צו באַוואונדערן, שטייט דר. בערנפעלד און קאַכט זיך: הלצנות הנבזה היא ׳שארית מהמדינו׳ מימי הדור הקודם. וכמעט שהיה מן הנמנע לאחינו, לטעון בדבר חשוב בכבד ראש; העיקר היה: שיחה של לצנות, ׳משל נעים׳ ", ׳א גלייכווערטל". ׳ב׳הגלייך ווערטלאך׳ שלהם אבדו את היהדות (ניט מער און ניט ווינציקער! עלזעט). על הדבר הזה סבותיו ומסבותיו, אדבר עוד במקום אחר ברהבה. כי הוא פרק נכבד ומעציב (אונ־טערגעשטראָכן אינם אָריגינאַל) בתולדות ישראל".

מיר איז ניט באַקאַנט צי דר. בערנפעלד האָט טאַקע מקיים געווען זיין צוזאָג.

ווי דער לעזער זעט האָב איך מער געשריבן וועגן וויץ און הומאָר בכלל, ווי וועגן דער פאָרליגנדער זאַמלונג פון פריינט שלום מילער. טיילווייז איז עס מחמת איך וואָלט ניט געוואָלט אז מיין אריינפיר זאָל אויסזען ווי א רעקלאַמע פארן בוך, הגם איך בין אָפן מודה אז איך וואָלט גערן געוואָלט אז יעדער אידיש לייענער זאָל זיך באַקענען מיט דער דאָזיקער זאַמלונג פון אידישער פאָלקס־שאַפונג צו וועלכער דער מחבר האָט אָפּגעגעבן יאָרן פון מי, ליבע, וויסן און פעאיקייט.

דער עיקר איז אָבער—ווייל יעדער לעזער קאָן אליין לייכט זען די גרויסע ווערט פון אזא רייכן, פיל־זייטיקן, גוט צוגעגרייטן און אויסגעקלאַסיפיצירטן מאַטעריאַל. איך וויל אָבער נאָך אויפמערקזאַם מאַכן דעם לעזער, אז אזא בוך, אום דעם פולן נוצן דערפון צו האָבן, מוז מען באַזיצן, און ניט "אויסלעזן".

איך וויל דאָ ציטירן פון מיינעם אַן ארטיקל וועגן אן ענלאַכער שאַ־פונג אין "צוקונפט", 1930, ז. 66:

"ווען איינער האָט אביסל שאַפונגס־קראַפט, און יאָגט זיך ניט און וויל אזא בוך ניט איינשלינגען מיטאַמאָל, ער לייענט א מעשה און פאַר־מאַכט אביסל די אויגן, גיט עטלאַכע זופּן פון א גלאָז טיי, גיט עטלאַכע צי פון זיין פּאַפּיראָס, אָדער נאָך בעסער, פון זיין ציגאַר, דאַן קאָן ער אביסל מער פילן, אביסל מער פארשטיין, זיך מער דערנעענטערן גייסטיק צו דער אמאָליקער אָריגינעלער סביבה און זיך באַהעפטן נפש בנפש מיט די אמאָ־ליקע וואונדערבאַרע מייסטער פון אידישן וויץ, שאַרפזין און גוטמוטיקער חכמה".

אַן א נ ע ק ד אָ ט (ווערטערלאַך אין גריכיש, הייסט עס: "א ניט פארעפנטלאַכע זאַך". א מעשה גענומען פון פאָלקס־מויל: מ׳דערציילט). האָט ניט שטענדיק דעם זעלבן טעם, עס ווענדט זיך אין שטימונג, אין אי־בערלעבונגען פון מאָמענט, אין סביבה א. ד. ג.

איך וואָלט פאָרגעשלאָגן דעם לעזער צו באַנוצן דאָס בוך אויף פאָל־גענדן אופן: ניט לייענען מיטאַמאָל קיין סך. אָפּלייענען געלאַסן עטלאַכע נומערן, א געוויסן פרק, אָנצייכענען מיט א סימן ביי דער זייט, וועלכע זאַכן זיינען אים אמבעסטן געפעלן. אין א צייט ארום, ווען ער וועט עס ווידער איבערלייענען, זאָל ער זיך אליין איבערקאָנטראָלירן צי זיין מיינונג און געשמאַק זיינען געבליבן די זעלבע, און אויב ניט— פארוואָס.

# מיט די הענט

אז אידן ריידן מיט די הענט, איז שוין אן אלטע מעשה. אנדערע אברים העלפן אויך ארוים דעם אידן. נעמט, למשל, די נאָז. דער איד שמעקט טאבאק מיט איר, ער פּאָנפּעט מיט איר, ער קאָן דערלאנגען מיט דער נאָז א תקיעת־שופר, מען זאָל דערהערן אין א צווייטער שטאָט. ער שטעקט די נאָז וואו מ׳דארף ניט, און ער ר ע ד ט מיט איר. איר האָט אמאָל באמערקט ווי א איד גיט א דריי מיט דער נאָז, ווען מ׳בעט ביי אים לייען א גמילת חסד? כי באפּם הרגו איש (בראשית מט, ו׳), פלעגט מען טייטשן אויף חסידים — מיט איין דריי מיט דער נאָז קאָנען זיי אוועק׳הרג׳ענען א מענשן.

אָדער דעם אידנס אויגן, למשל. די אויגן וועלכע זיינען טיף ווי דער ים, וואָס טראָגן אונטער זייערע ברעמען א וועלט מיט אויסדרוק. א שכנ׳ס אויגן, צום ביישפּיל, וואָס קוקן צו יענעם אין טעפּל אריין; אָדער די אויגן פון א רעליגיעזן אידן געווענדעט אויף אן אפּיקורוס; די אויגן פון א אידישן פארליבטן אָדער פון א פאָגראָמירטן; אָדער די אויגן פון א אידן ווען ער הויבט זיי אויף אין א תפלה צום הימל; אָדער דאָס ב י י ז ע אידישע אויג, וואָס פירט דורך, לויט דעם פאָלקס־גלויבן, דעם מענשנס בייזן ווילן.

די נאָז און דאָס אויג ה ע ל פ ן דעם אידן ריידן. אָבער די הענט ר י י ד ן א ל י י ן. א אידנס הענט קאָנען בעטן רחמים, צוזאָגן הבטחות, סטראשען, מוסר זאָגן; ארויסדרייען זיך פון אן אומאנגענעמער לאגע; זיי קאָנען דערציילן זיין ביטער הארץ, שילדערן פּחד, צער, ספקות — קורץ, מיט די הענט קאָן דער איד איבערקערן וועלטן...

(א)

די וועלט פרעגט: וואָס איז דער אונטערשייד צווישן א אידישן און א גויאישן רעסטאָראן? און זי ענטפערט: אין א גויאישן רעסטאָראן עסט מען ווי מ׳עסט און מ׳הערט ווי מ׳רעדט; אין א אידישן רעסטאָראן ה ע ר ט מען ווי מ׳עסט און מ׳ ז ע ט ווי מ׳רעדט...

(ב)

אין א קאלטן ווינטער־טאָג גייען עטלאכע אידן פון בית־מדרש מיט די טליתים אונטער די ארעמס. שמועסט מען אויפן קול, ווי דער שטייגער איז. נאָר איינער פון זיי גייט די גאנצע צייט און שווייגט.

— ר׳ נחמן — פרעגט אים איינער — וואָס שווייגט איר עפּעס? מ׳הערט דאָך פון אייך קיין וואָרט ניט.

— כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת — ענטפערט נחמן, און די הענט ארבעטן ביי אים אין די קעשענעס. — ס׳איז א שרעקלאכער פראָסט; מ׳זאָל זאָגן א וואָרט קאָן מען אָפּפרירן די הענט...

(ג)

די חלוצים אין ארץ ישראל, גייט ארום דער וויץ, ריידן קיינמאָל ניט, נאָר זיי שווייגן. ווייל זייערע הענט זיינען פארנומען מיט ארבעט...

(ד)

א שיף איז אונטערגעגאנגען. אלע פאסאזשירן זיינען דערטרונקען גע־וואָרן. צוויי אידן זיינען ניצל געוואָרן. וואונדערט מען זיך און מ'פרעגט זיי:

— ווי אזוי איז דאָס געשען?

— פשוט — ענטפערן זיי. — מיר האָבן גערעדט און גערעדט, ביז מיר זיינען צוגעקומען צום ברעג.

(ה)

קומט א גרינער נאָך אמעריקע, דערזעט ער א טעלעפאָן. פרעגט ער: "וואָס איז דאָס?" דערקלערט מען אים: מיט דער רעכטער האַנט האַלט מען דעם טרייבל וואו מ'רעדט אריין, און מיט דער לינקער האַנט האַלט מען דעם טייל וואָס מ'ליינט צו צום אויער.

— און ווי אזוי רעדט מען? — פרעגט תמימות'דיק דער גרינער.

# דער אידישער קרעכץ

דער אידישער קרעכץ, א דריי מיט דער נאָז אָדער א מאַך מיטן גראָבן פינגער,ריידן אמאָל מער ווי לאַנגע דרשות.

(א)

אין דער צייט פון די אידישע פאָגראָמען אין רוסלאַנד, האָט אן על־טערער איד אמאָל א זאָג געטאָן צו א גרופע אידן אין בית־מדרש, נאָכן דאַווענען:

— הערט איר, אידן, די גאַנצע צרה איז, וואָס איך קאָן ניט דעם רוסישן לשון. די צונג איז מיר געבונדן. ווען איך זאָל קאָנען ארבעטן אויף דעם רוסישן לשון וואָלט איך געמאַכט א סוף צו די פאָגראָמען אין איין טאָג.

— אדרבא — ווילן אידן הערן — וואָס אזוינס וואָלט איר געטאָן?

— ווען דער לשון איז ביי מיר פריי — ענטפערט דער איד — וואָלט איך זיך דערשלאָגן צום גובערנאַטאָר, און דורכן גובערנאַטאָר צום מיניסטער. און דורכן מיניסטער, צו ניקאָלאַיקען אליין. און איך וואָלט צוגעגאַנגען צו אים און איך וואָלט אים א זאָג געטאָן: אדוני המלך! אוי, פע! פאַסקודנע!..

(ב)

— וואָס מאַכט מען עפּעס?

— עט, מע... כ'ווייס.

— כ'מיין, די געשעפטן ווי גייען?

— ווייס איך וואָס!

— נו, און וואָס מאַכט דאָס ווייב?

— טע, מע... ווייס איך וואָס!

— נו, און די קינדערלאַך וואָס מאַכן?

— עט, טע, מע...

— א גוטן טאָג.

— א גוט יאָר. דו ווייסט, אז מ'רעדט זיך דורך אביסל ווערט טאַקע גרינגער אויפן הארצן.

(ראווניצקי)

(ג)

א סוחר האָט אמאָל געהייסן זיין אַנגעשטעלטן קלאַפּן א טעלעגראַמע צו א אידן וואָס איז שולדיק געווען דעם סוחר א גרעסערע סומע געלט פאר א לייגגערער צייט און האָט ניט געוואָלט אָפּ'נתנ'ען. דער אַנגעשטעלטער האָט אָנגעשריבן די דעפּעשע. לייענט זי דער סוחר איבער און באַמערקט, אַז זי איז צו לאַנג.

— יעדעס וואָרט קאָסט געלט ! — זאָגט דער סוחר.

— איך ווייס ניט — צווייפלט דער אַנגעשטעלטער — אויב מען קאָן זי פאַרקירצן. מיר דוכט אַז איך האָב שוין גענוג פאַרקירצט.

זעצט זיך אַוועק דער סוחר און שרייבט אָן איין וואָרט: נו?

אויף מאָרגן קומט אָן אַן ענטפער פונם בעל־חוב, אויך טעלעגראַפיש:

— נו, נו!...

(נאָך ראַווניצקין)

(ד)

אין א טראַמוויי אין בערלין זיצן א אידישע פּאָר־פּאָלק. דער טראַמוויי איז פול מיט שטורעם־טרופּער, דייטשן מכל המינים, אפשר אויך נאַצי־שפּיאָנען.

— אוי, אוי, אוי — גיט דער מאַן א טיפן אידישן זיפץ.

— דוד — גיט א שעפּטשע צו אים זיין ווייב — פאַרנומען זאָלסטו ווערן, וויפל מאָל האָט איך דיר געזאָגט זאָלסט ניט ריידן קיין קאָנטר־רעוואָלו־ציע אין טראַמוויי!

(ה)

יאַנקל גייט אין גאַס. גייט צו אים צו זרח און לייגט אים ארויף די האַנט אויף דער פּלייצע.

— מיר צאָלט מען אויך ניט! — ענטפערט יאַנקל

(ו)

זיי האָבן געגעסן ביי איין טיש און מ'האָט שוין געהאַלטן ביים קוגל. מיטאַמאָל דערהערט זיך א זיפץ פון שמערלען:

— אוי, — האָט ברוך געגעבן נאָך א טיפערן זיפץ.

— הערט זיך איין, חברה־לייט — שפּרינגט אויף אַז אויפגערעגטער חיים־זרח, — איר וועט לאָזן אָפּעסן צי ניט? הויבט איר אָן ריידן וועגן געשעפט, אנטלויף איך.

## פּלפּול

מיר האָבן פריער דערמאָנט, אַז דער איד האָט ליב צו ריידן מיט די הענט. דאַרף מען אָנווייזן דערצו, אַז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר אין דער דאַזיקער הענט־שפּראַך פון דעם אידן איז דער גראָבער פינגער. דער איד פון בית מדרש, וועלכער איז יאָרן לאַנג געזעסן מיט א פאַרקנייטשטן שטערן און האָט געבראָכן דעם קאָפּ ביי דער אָפענער גמרא איבער א "כלומר", א

"תיקו", א "ויש לישב", א תוספות, א מהרש"א, — האט געפונען אין דעם גראָבן פינגער זיין בעסטן פריינט. ס'האלט שוין, דאכט זיך, רחמנא לצלן, נאָר שלעכט, דער מהר"ם־שיף האט זיך געשטעלט ווי א ביין אין האלז; ניט אבער דער איד מיטאמאָל א דריי 'מיטן גראָבן פינגער און אלעס איז קלאָר ווי קרישטאָל. וואָס וואלט דער אידישער פלפול געקאָנט אויפטאָן אָן דעם גראָבן פינגער?

ווער עס איז ניט געזעסן ביי דער בלאט גמרא און געלערנט תוספות מיט מהר"ם שיף, מיט מהרש"א, מיט קצות, מיט פני יהושע, יענעם איז עס שווער צו דערקלערן. עס מיינט, ארומדרייען זיך פאר א לאנגער צייט ארום א האָר־שפּאלטנדיקן ענין, ארומפליען אין דער לופטן און צונויפפירן א וואנט מיט א וואנט — אָבער דער עיקר — דרייען מיטן גראָבן פינגער. ווייל אָן דעם פינגער וואלט מען געוועזן הילפלאָז אין פלפול. א סך מענשן זאָגן, אז דער גראָבער פינגער איז באשאפן געוואָרן צוליב דעם, אז ווען א איד דער־לאנגט א ברייטן שלום עליכם, זאָל דער גראָבער פינגער פארהאלטן, און זיין האנט זאָל ניט דערגרייכן ביז דעם צווייטנס פלייצע. ס'איז אָבער ניט ריכ־טיק. דער גראָבער פינגער איז באשאפן געוואָרן פאר פלפול. אויב איר גלויבט מיר ניט, כאפט זיך אריין אמאָל אין א ישיבה, אָדער אין א בית־מדרש שבת פארנאכט, בין מנחה למעריב, אָדער קוקט זיך צו ווי א בעל־חוב, א אידישער, דערקלערט זיין קרעדיטאָר, פארוואָס ער קאָן ניט צאָלן. דער גראָבער פינגער האט דעם אידן ארויסגעשלעפט פון א סך צרות. צייטנווייז אויך אריינגע־שלעפט אים אין גרויסע צרות. אָן דעם גראָבן פינגער וואלט א איד געווען, רחמנא לצלן, ווי אָן א האנט.

(א)

א מלמד האט אמאָל געקראָגן א קנעלונג אין א צווייטן שטעטל. אוועקפאָרנדיק אהין האט ער פארגעסן מיטנעמען זיינע העמדער. שרייבט ער א בריוו צו זיין ווייב: "חוה, שיק מיר דיינע העמדער. אז איך וועל שרייבן "מיינע" העמדער, וועסטו דאך מסתמא לייענען "מיינע" העמדער, און וועסט מיר שיקן "דיינע". דעריבער שרייב איך דיר "דיינע". אז דו וועסט לייענען "דיינע" וועסטו מיר שיקן "מיינע" און ניט "דיינע" העמדער. (ב. פרנס)

(ב)

א אידישער חקרן האט געפרעגט ביי זיינעם א חבר:
— פארוואָס רופט מען קרעפלאך מיטן נאָמען "קרעפלאך"?
— וואָס פארשטייסטו ניט? — האט אים דער חבר געענטפערט. — דריי שפּיצן ווי קרעפלאך האָבן זיי? און ווייך זיינען זיי אויך ווי קרעפלאך? טא פארוואָס זשע, זאָג אליין, זאָל מען זיי ניט רופן קרעפלאך?

(ג)

— אָט די גמרא איז נעדרוקט אין סלאַוואוטע — זאָגט א ישיבה בחור.

— ווי קאָן עס זיין ? — פרעגט דער צווייטער — אז עס שטייט בפירוש אז עס איז געדרוקט אין אמסטערדאם ?

— הערסטו — צעקאָכט זיך דער ערשטער און דרייט מיטן גראָבן פינגער. — ווען עס זאָל זיין טאַקע געדרוקט אין אמסטערדאם, איז מאי קא משמע לן ? וואָס זשע לאָזט עס מיך צו הערן ? עס שטייט אמסטערדאם, איז שמע מינה, איז דערפון געדרונגען, אז זי איז געדרוקט אין סלאוואוטע...

(ד)

— יאנקל, קענסט מיר אפשר דערקלערן די טעאָריע פון רעלאטיוויטעט?

— וואָס איז פאַראַן צו דערקלערן — ענטפערט יאנקל. — די טעאָריע זאָגט, אז אלע זאַכן אויף דער וועלט זיינען רעלאטיוו און ניט אבסאָלוט.

— ס'איז נאָך מיר דערווייל דער ענין אביסל ניט קלאָר — באַקלאָגט זיך יענער.

— שמועסטו מיט א שיין מיידל איז א שעה א מינוט; רעדסטו מיט דער שוויגער, איז א מינוט א שעה — דערקלערט אים יאנקל.

— אָבער וואָס איז פאַרט די טעאָריע פון רעלאטיוויטעט ? — איז יענער חוקר ודורש.

— איך וועל דיר געבן אן אנדער ביישפיל — זאָגט יאנקל. — אין א שטעטל, למשל, זיינען דאָ א רב און א מיידל. גייט דאָס מיידל צום רב — דאַן איז דער רב א רב, און דאָס מיידל איז א מיידל. טרעפט אָבער אמאָל פאַרקערט, אז דער רב גייט צו דער מיידל, איז שוין דער רב קיין רב ניט און דאָס מיידל קיין מיידל ניט...

(ה)

צוויי "גרינע" אידן לאָזן זיך ארום שפּאַצירן איבער ניו־יאָרק. פאַרבלאָנדזשען זיי אין א קאָווע־הויז. טרינקט מען א גלעזל אמעריקאנער קאָווע. מיטאמאָל דערזען זיי עפּעס א גרויסן טיש ארום וועלכן חברה דרייען זיך ארום מיט לאַנגע שטעקנס און מ'קלאַפּט אין הילצערנע פּילקעס. פרעגן זיי איינעם:

— וואָס איז דאָס פאַר א מין שפּיל ?

ענטפערט ער זיי: "ביליארד".

— יאנקל — זאָגט דער חבר — איך קאָן ניט פאַרשטיין ווי אזוי האָט מען אריינגענומען אזא גרויסן טיש אין שטוב אריין.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו פאַרשטיין? און ווער נויט מיך איך זאָל זאָגן — דרייט יענער מיטן גראָבן פינגער — אז מ'האָט פריער געבויט דאָס הויז און דערנאָך אריינגענומען דעם טיש? ס'איז דאָך פשוט'ער צו זאָגן, אז מ'האָט פריער אוועקגעשטעלט דעם טיש און דערנאָך געבויט דאָס הויז. און פאַרטיק.

(ו)

— פון וואַנען איז דאָס געדרונגען — פרעגט איין ישיבה בחור דעם צווייטן — אז אחשורש איז געווען א בלינדער ?

— הער זיך איין מיט קאָפּ — ענטפערט דער צווייטער — וועסטו פאַרשטיין. ס'שטייט געשריבן ו ח מ ת המלך שככה, דעם קיסר'ס שוויגער

האָט געהייסן שככה. איז דאָך אַ קשיא, פאַרוואָס זאָגט אונז ערגעץ די מגילה זיין שוויגערס נאָמען און ניט זיין מוטערס? איז דער תירוץ: מסתמא איז זיין מוטער געשטאָרבן. ווייסן מיר שוין, אַז אחשורש איז געווען אַ יתום.

ווידער שטייט, אַז "חכם עיניו בראשו" — אַ חכם האָט די אויגן אין קאָפּ. וויבאַלד אַז אַ חכם האָט די אויגן אין קאָפּ, האָט אַ טיפּש מסתמא די אויגן אין דער מחילה... און אחשורש, ווייסן מיר דאָך, איז געווען אַ גרויסער טיפּש — האָט ער געמוזט האָבן די אויגן אין דער מחילה. וויבאַלד אָבער אחשורש איז געווען אַ יתום האָט ער קיין מחילה ניט געהאַט, ווייל די גמרא זאָגט, אַז "יתמי לאו בני מחילה נינהו", יתומים האָבן קיין מחילה ניט. איצט פאַרשטייסטו שוין, פאַרוואָס אחשורש איז געווען אַ בלינדער?

(ז)

אין דער גמרא בבא בתרא איז פאַראַן אַ פּלוגתא. רבי מאיר זאָגט, אַז אברהם אבינו האָט געהאַט אַ טאָכטער וואָס האָט געהייסן "בכל" (וד' ברך את אברהם בכל). ר' יהודה זאָגט, אַז בכל מיינט "מיט אַלעס", און אברהם אבינו האָט קיין טאָכטער ניט געהאַט.

פרעגט איין ישיבה בחור דעם אַנדערן:

—לויט דעם מאַן דאָמר אַז אברהם אבינו האָט געהאַט אַ טאָכטער, וואָס זשע האָט ער געדאַרפט שיקן אליעזרן זוכן אַ כלה פאַר יצחק'ן, עס איז דאָך געווען פאַר מתן תורה, האָט דאָך יצחק געקאָנט חתונה האָבן מיט זיין שוועסטער?

— עס זיינען דאָ צוויי תירוצים אויף דעם — ענטפערט דער צווייטער. — ערשטנס, קאָן זיין, אַז יצחק אַליין האָט געהאַלטן מיט דעם תנא וואָס זאָגט אַז "בכל" הייסט "אַלעס", ניט קיין טאָכטער. צווייטנס: יצחק האָט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ ווייב על פּי פּשט און ניט על פּי דרש.

(ח)

פאַר דער גרויסער מלחמה זיצן צוויי ישיבה בחורים און שמועסן וועגן דער נייעס אַז עס האַלט ביי מלחמה. אויף איינעם ציטערט די הויט: טאָמער נעמט מען אים צו. דער אַנדערער גיט אים צו דערקלערן, אַז ס'איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן:

— ערשטנס — זאָגט ער — ווייסט מען נאָך גאָר ניט צי עס וועט זיין אַ מלחמה. לאָמיר שוין זאָגן אפילו, אַז עס וועט יאָ זיין אַ מלחמה, זיינען דאָך דאָ צוויי מעגלאַכקייטן: אָדער מ'וועט דיך צונעמען פאַר אַ סאָלדאַט, אָדער ניט. טאָמער ניט, איז דאָך געווים גוט. אַלאַ וואָס דען? טאָמער יאָ? זיינען דאָ ווידער צוויי מעגלאַכקייטן: אָדער מ'וועט דיך שיקן צום פראָנט, אָדער ניט. וועט מען ניט שיקן, איז דאָך אוואדע גוט. אַלאַ וואָס? טאָמער יאָ? זיינען ווידער דאָ צוויי מעגלאַכקייטן: אָדער דו וועסט גע'ניזק'ט ווערן, אָדער ניט. וועסטו ניט גע'ניזקט ווערן, איז דאָך אוואדע גוט. אַלאַ וואָס דען? טאָמער יאָ? זיינען ווידער דאָ צוויי מעגלאַכקייטן: אָדער דו וועסט גע'ניזק'ט ווערן לייכט, אָדער שווער. אויב לייכט. איז דאָך אוואדע גוט. אַלאַ וואָס דען? טאָמער שווער? זיינען ווידער דאָ צוויי מעגלאַכקייטן: אָדער דו וועסט

שטארבן פון די וואונדן, אדער וועסטו בלייבן לעבן. וועסטו בלייבן לעבן איז דאך אוואדע גוט. אלא וואס דען? וועסט שטארבן? זיינען ווידער דא צוויי מעגלאכקייטן: קאנסט אנקומען אין גן עדן אדער אין גיהנום. וועסטו אנקומען אין גן־עדן, איז דאך אוואדע גוט. אלא וואס דען? טאמער אין גיהנום? איז דאך נאך אלץ דא א ספק אויב די מלחמה וועט אינגאנצן אויס־ברעכן. טא וואס־זשע דארפסטו דאגה'ן?

(ס. פ. מענדלסאן)

(ט)

צוויי אידן פארן אויפן באן.

— וואוהין פארט א איד? — פרעגט איינער.

— נאך בריסק — ענטפערט יענער.

ס'קומט בריסק. דער איד נעמט זיינע קלומעקלאך און וויל אראפגיין. לויפט דער ערשטער צו מיט א ירגזון:

— איר האט דאך מיר געזאגט בריסק — טענה'ט ער — כדי איך זאל מיינען אז איר פארט קיין ווארשע. אבער אז איר פארט טאקע נאך בריסק — טא פארוואס זשע האט איר מיר ניט געזאגט דעם אמת?

(י)

פאר תשעה באב איז א מגיד אנגעקומען אין א שטעטל. האט ער געהאלטן א דרשה פארן עולם און האט אים מעורר געווען לתשובה: "ס'איז אלול־צייט, ימים נוראים רוקן זיך אונטער, דארף מען תשובה טאן... וועט דער אויבערשטער העלפן".

תשעה באב גייען א פאר אידן אין גאס פון דאוונען, זעט מען אים, דעם מגיד, גאר ארויסגייענדיק פון א רעסטאראן. גיט מען אים דאך מסתמא א פרעג: "היתכן, א מגיד זאל גאר פרעסן אום תשעה באב?"

— פארשטייט איר — ענטפערט דער מגיד — ס'שטייט "מגיד — א מגיד איז דבריו ליעקב, חוקיו ומשפטיו לישראל", אבער ער אליין, דער מגיד — לא עשה כן.

## בטלנות

פאר דורות און דורות זיינען אידן געזעסן אין בית מדרש און גע־בראכן דעם קאפ אויף די שווערע הארשפאלטנדע ענינים פון תלמוד: די סתירות, די מסקנא'ס, די קאמבינאציעס; געגאנגען איבער די געשלענגלטע וועגן פון טיף וויסנשאפטלאכע דיסקוסיעס, יורידישע, מעדיצינישע, אסטראָ־נאמישע, פילאסאפישע, טעאלאגישע אדער גאר אפילו וועגן אן "איי וואס א הון האט געלייגט אום יום טוב". די דאזיקע ענינים וועלכע זיינען מיט אזא וואונדערלאכער חריפות און מיט סכאלאסטישער סובטילקייט דיסקוטירט געווארן — אז די חכמים האבן געקאנט "דורכפירן א העלפאנט דורך דעם אויער פון א נאדל", האבן געשארפט דעם אידישן מוח און אויך גלייכצייטיק ארויסגעבראכט דעם טיף פונם אידישן ב ט ל ן. בטלנות שטאמט דער עיקר פון

פארשפיצטער קאזואיסטיק, פון ארומשוועבן אין א וועלט פון טעאריע, וואס האט צייטנווייז קיין שום פארבינדונג נים מיט דער רעאלער, פראקטישער וועלט. דער בטלן האט זיך ליב צו פאתעמען מיט פאנאנדערפלאנטערן די פעדים פון א פאנטאסטישן קנויל. בטלנות איז א רעזולטאט פון ארומגייען ליידיק, בויען טורעמס אין דער לופטן, קריכן אויף די גלאטע ווענט און חקירה'ן זיך גלאט אין דער וועלט אריין.

(א)

א היימישער יונגערמאן איז געקומען קיין אמעריקע, און זיך גענו־מען לערנען ענגליש. אין דער ערשטער לעקציע האט אים דער לערער געוויזן דאס ווארט "ברעד".

— אינמיטן פון ווארט איז דא אן "איי" — זאגט אים דער לערער — אבער מען רעדט דאס ניט ארויס.

— ס'ארא מאדנע שפראך דאס איז — רופט זיך אפ דער יונגערמאן — מען שרייבט "ברעאד" און מען זאגט "ברעד". אמער קאן מען דאך בע־סער זאגן "ברויט" און פארשפארן דעם גאנצן עסק...

(ב)

ר' בעריש'ל "למד" פון זינקאוויץ זיצט אין זיין געוועלב. פלוצים קומט אריין א קונה און פרעגט:

— האט איר, ר' בעריש לעבן, רעטאך?

— ניין, קיין לעק.

דער קונה גייט אוועק, אבער דער קרעמער לויפט אים נאך און דער־זאגט אים:

— וואס האט איר געוואלט? — איז ער חוקר ודורש — רעטאך אדער ציבעלעס?

— רעטאך!

— רעטאך האב איך ניט.

— און ציבעלע האט איר יא?

— ציבעלע אויך ניט.

— פארוואס זשע פרעגט איר?

— גלאט פשוט אזוי.

(מ. א. וויזען)

(ג)

— זאלסט האבן א כלל — זאגט איין בטלן צום צווייטן, זיצנדיק ביי דער גמרא — אז ברויט מיט פוטער וועט שטענדיק אראפפאלן מיט דער פוטער אראפ.

— ס'איז ניט קיין ראיה — ווידערשפרעכט אים דער צווייטער — איך האב געזען אז עס פאלט אמאל אראפ מיט דער פוטער ארויף.

— דאס קאן ניט זיין! — עקשנ'ט זיך דער ערשטער בטלן. — מסתמא האט מען אנגעשמירט די פוטער אויף דער לינקער זייט...

(ד)

א בטלן האָט אָנגעפאַנגען לערנען רוסיש. קומט ער צו דעם רוסישן אות "זע", וועלכער קוקט אויס ווי דער ציפער דריי (3), און דער לערער מאַכט צו אים: "ס'איז א "זע*. שרייט דער בטלן:

— אזוי גאָר? און אז די גויאים זאָגן ס'איז א "זע", מוז איך אויך זאָגן "זע?" ס'איז א דריי (3) און ס'בלייבט א דריי — און ביזן טויט אריין וועל איך זאָגן ס'איז א דריי!

(ה)

— יאנקל — פרעגט איין איד דעם אנדערן — זאָג מיר נאָר, וואָס מאַכט דאָס די וועלט אזא רעש פון רמב"ם? און טאָמער האָט ער אָנגעשריבן דעם כוזרי, דאַרף מען שוין דאָס מאַכן אזא רעש פון אים?

— דעם כוזרי? — זאָגט יאנקל. — דער רמב'ם האָט ניט געשריבן דעם כוזרי. ר' יהודה הלוי האָט עם געשריבן.

— וואָס? ער האָט אפילו דעם כוזרי אויך ניט געשריבן! איז דאָך נאָך מער קשיה, וואָס מאַכט מען אזא רעש פון אים?...

## א פראַגע אויף א פראַגע

אידן האָבן א טבע צו ענטפערן מיט א שאלה אויף א שאלה. די וועלט זאָגט, אז א איד האָט ליב צו ענטפערן פאַרקערט. אז מ'זאָגט א אידן "שלום עליכם", ענטפערט ער: "עליכם שלום". צו ענטפערן מיט א פראַגע אויף א פראַגע איז, ווייזט אויס, א ספּעציפישער כאַראַקטער שטריך אין אידישן דיינקען. שכנא פּאַליאַקעוויטש האָט אין אן אַרטיקל אין "צוקונפט" (סעפּטעמבער, 1934), זייער ריכטיק באַהאַנדלט אַט די דאָזיקע אידישע איינגשאַפט. ער ווייזט דאָרט אָן אז, "אַט דער געדאַנקען־גאַנג, דאָס באַנוצן זיך מיט א פראַגע אַנשטאָט אַן ענטפער, ציט זיך ווי א רויטער פאָדים אין אונזער גאַנצער ליטעראַטור, אָנהויבנדיק פון די ערשטע תנאים ביז די לעצטע רבנים און אידישע וויסנשאַפטסלייט... דאָס ענטפערן מיט א פראַגע, איז א אידישע איינגשאַפט פון דור דורות... אין אַלע צייטן און ביי פאַרשיידענע כוחים: רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע און פּערזענלאַכע, האָבן זיך אונזערע געלערנטע באַנוצט מיט דעם לאָגישן וואָפן".

אויך דער אידישער וויץ באַנוצט אָפטמאָל די מעטאָדע פון ענטפערן מיט א פראַגע, ווייל דער וויץ ווערט געשאַפן אינם טעגלאַכן לעבן און די מעטאָדע פון ענטפערן מיט א שאלה אויף א שאלה איז ביי דעם אידן במעט געוואָרן א צווייטע נאַטור. "וואָס מאַכסטו?" פרעגט איינער דעם צווייטן. "וואָס זאָל מען מאַכן?" ענטפערט דער צווייטער. "ווי גייט עס?" "ווי זאָל עס גיין?" קין, ווען דער רבש"ע האָט אים געפרעגט: איה הבל אחיך? האָט ער גלייך געפרעגט־געענטפערט: "השומר אחי אנכי?

(א)

א חסיד דערציילט פאַר אַן עולם מענשן די גרויסע שבחים פון זיין רבי'ן, און ער לאָזט אויס:

— וואָס דאַרפט איר מער? דער רבי האָט אַלע נאַכט גילוי אליהו.
שטייט דערביי אַ מתנגד און גיט אַ פרעג:
— פון וואַנען, אַשטייגער, ווייסט איר דאָס?
— וואָס הייסט — זאָגט דער חסיד — דער רבי אַליין האָט דערציילט.
— אפשר — פרעגט דער מתנגד — זאָגט דער רבי אַ ליגן?
— נו, זאָג אַליין — ענטפערט דער חסיד מיט כעס. — אַ מענטש וואָס האָט גילוי אליהו וועט זאָגן אַ ליגן?

(נאָך דראַיאַנאָוון)

(ב)

אַ קריסט האָט אַמאָל אַ פרעג געטאָן אַ אידן:
— זאָגט, איך בעט אייך, פאַרוואָס האָבן אידן ליב שטענדיק צו ענטפערן מיט אַ שאלה אויף אַ שאלה?
דער איד האָט לאַנג ניט געטראַכט און גלייך אָפּגעענטפערט:
— פאַרוואָס טאַקע ניט?

(נאָך ראַווניצקין)

(ג)

מ. ליפסאָן דערציילט ("די וועלט דערציילט", 2טער באַנד): ווען פּראָפעסאָר מ. מאַנדעלשטאַם איז צוריקגעקומען פונם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, האָט ער זיך משתדל געווען צוציען די קיעווער גבירים זיי זאָלן געבן געלט פאַר ארץ ישראל, און ער האָט גערופן אַן אסיפה פון אַלע קיעווער גבירים און נכבדים מיט בראָדסקין בראש. אויף דער אסיפה האָט מאַנדעלשטאַם אויפגעמונטערט דעם עולם מכח דעם רעיון פון ישוב ארץ ישראל און ווי וויכטיק עס ליגט אַ חוב אויף די בעלי יכולת צו העלפן בויען דאָס לאַנד.
— מיינט איר, הער פּראָפעסאָר — כאַפּט זיך בראָדסקי אַרויס — אַז איך זאָל פאַרקויפן מיינע גיטער און מיינע פאַבריקן און זיך באַזעצן אין ארץ ישראל?
— חלילה — שמייכלט מאַנדעלשטאַם. — ליגט איר דען קראַנק אין אַלע שפּיטאָלן וואָס איר העלפט מיט אייער געלט?

(ד)

אַ איד איז אַמאָל געקומען צו אַ פריץ. אויפן הויף זיינען אויף אים אָנגעפאַלן די הינט און אָנגעהויבן בילן. האָט דער איד געמאַכט קולות און גוואַלדן. דער פריץ האָט דאָס באַמערקט דורכן פענצטער. גיט ער אַ פרעג דעם אידן:
— ווייסטו דען ניט, אַז הינט וואָס בילן, בייסן ניט?
— ווייסן עס אָבער אויך די הינט? — האָט דער איד מיט אַ פראַגע געענטפערט דעם פריץ.

(ה)

ראובן אשר ברוידעס, דער מחבר פון "הדת והחיים" האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צום ביטערן טראָפּן. האָט ער זיך אַמאָל געטראָפן מיט ר' שמעלקי האָראָוויץ, דער לעמבערגער ראש הקהל. ר' שמעלקי איז געווען אַ רייכער בראָנפן־ברענער.

— זאָגט מיר, הער ברוידעס, — פרעגט אים שמעלקי, — ווי וועט איר אויסקומען אויף יענער וועלט אָן א כוסה?

— ס'הייסט? — שמייכלט ברוידעס — און ווער ווייסט אויב איר וועט דאַרט ניט ב ר ע נ ע ן?

(מ. ליפסאַן)

(ו)

פאַסכא־צייט, ווען איין קריסט זאָגט צום צווייטן "כריסטאָס וואָס־קרעס", ענטפערט דער צווייטער, לויטן מנהג, "וואַאיסטינאַ וואָסקרעס".

איינמאָל, בשעת דעם קריסטלאַכן "פאַסכא", אין וועלכן עס ווערט געפייערט דער "תחית המתים" פון יעזוס קריסטוס, האָט א קריסט א זאָג געטאָן צו א אידן, ווי דער מנהג איז ביי זיי: "כריסטאָס וואָסקרעס" (יעזוס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים!) האָט דער איד אים גלייך געענטפערט: "וואַאיסטינאַ וואָסקרעס?" (איז ער טאַקע באמת לעבעדיק געוואָרן?...)

(ז)

א איד איז אויפגעפאָדערט געוואָרן אין געריכט אלס עדות.

קאָנט איר ברוך פינקלשטיין? — פרעגט אים דער ריכטער.

פון וואַנען זאָל איך אים קענען? — ענטפערט דער עדות.

— ער האָט קיינמאָל ניט פּרובירט לייען ביי אייך געלט?

— פאַרוואָס זאָל ער לייען ביי מיר געלט?

דער ריכטער ווערט שוין אויפגערעגט אביסל און גיט א פרעג:

— פאַרוואָס ענטפערט איר אויף אלץ מיט א פראַגע?

— פאַרוואָס ניט? — ענטפערט דער איד.

(ח)

אין יפו איז געווען א איד וואָס האָט געהאַט א קליינע אכסניא. דער־ציילט מען, אז ער האָט איינמאָל דערזען א גרויסן האָטעל, וואָס מ'האָט אויפגעבויט אין יפו. זאָגט ער צו זיין שכן:

דער באַלעבאָס פון האָטעל וועט לאַנג ניט ציען. ער וועט אַנזעצן.

פאַרוואָס? — פרעגט אים יענער.

— וואו וועט ער זיך אַננעמען וואַנצן פאַר אַזויפיל צימערן?

## פּלפּול אין טאָג־טעגלאַכן לעבן

דער אידישער פּלפּול האָט זיך אריבערגעטראָגן אין דעם אידישן טאָג־טעגלאַכן לעבן און ער ווערט באַנוצט פון דעם שדכן, פון דער מאַרק אידענע א. א. וו. ער איז געוואָרן א כלי־זין אין דעם אידישן אלגעמיינעם לעבן.

זיגמונד פרויד, אין זיין בוך "דער וויטץ אונד זיינע בעציעהונג צום אונבעוואוסטען", אנאַליזירנדיק די טעכניק פונם וויץ בכלל, באַנוצט זיך מיט אידישע וויצן ווען ער באַהאַנדלט דעם סאָרט וויץ וואָס איז א רעזולטאַט פון סאָפיסטישן פעלערהאַפטן דיינקען. דער אויבנאויפיקער סאָפיזם פאַר־דעקט די אומלאָגישקייט פון דיינקען. למראית עין, אויבנאויף, זעט דער אר־

נומענט אוים גאַנץ לאַגיש. נעמט מען אים אָבער פאַנאַנדער, דערזעט מען, אַז ער איז ניט ריכטיק פון אָנהויב ביזן סוף.

(א)

ער דערציילט אַ וויץ וואָס איז פאַראַן אין שלום עליכם׳ס "דאָס טעפּל": גנעסי האָט געליען ביי "שלום עליכם׳ס" אידענע אַ טעפּל, "און גייט און ניט מיר אָפּ אַ שטשערבאַטע טעפּל. זאָג איך צו איר: וואָס איז דאָס פאַר אַ טעפּל? זאָגט זי: ס׳איז אייער טעפּל. זאָג איך: ווי קומט צו מיר אַ שטשערבאַטע טעפּל, אַז איר האָט ביי מיר גענומען אַ גאַנץ טעפּל? זאָגט זי: שאַט, שרייט ניט אַזוי, מע ווערט פון אייך ניט גליקלאַך! ערשטנס, האָב איך אייך אָפּגעגעבן אַ גאַנץ טעפּל; צווייטנס, אַז איך האָב ביי אייך גענומען דאָס טעפּל איז דאָס געווען אַן אָנגעשטשערבעט טעפּל; און דריטנס, האָב איך ביי אייך קיינמאָל ניט גענומען קיין טעפּל".

(ב)

דער שדכן איז געקומען ריידן אַ יונגנמאַן אַ שידוך מיט אַ באַקאַנטער מיידל:

— אָבער דאָס מיידל הינקט דאָך, — באַקלאָגט זיך דער בחור.

— אָט דאָס איז ביי דיר אַ חסרון? — שמייכלט דער שדכן. — פאַרקערט, ס׳איז אַ מעלה; זי וועט דיר ניט קאָנען נאָכלויפן.

— אָבער זי איז דאָך אַ בלינדע. — באַקלאָגט זיך ווייטער דער בחור.

— איז דאָך גוט — דערקלערט אים דער שדכן. — וועט זי ניט קאָנען זען ווען דו וועסט אַרומגיין מיט אַנדערע פרויען.

— זי איז דאָך אָבער אַ שטומע. — זאָגט ווייטער דער בחור.

— אָט דאָס איז אַ חסרון ביי דיר? — קאָכט זיך ווייטער דער שדכן. — הלואי וואָלט מיין אידענע פאַרשטומט געוואָרן.

— אָבער, איר מאַמע, זאָגט מען, איז אַ גרויסע מרשעת.

— גייסט דען חתונה האָבן מיט איר מאַמען?

— זי איז אָבער אַ גרויסע מיאוסקייט!

— איז דאָך גוט, וועסטו זיך מיט איר ניט דאַרפן היטן...

— אָבער זי איז דאָך אַ האָרבעוואַטע — צעשרייט זיך דער חתן.

— אַזוי גאָר? — וואונדערט זיך דער שדכן. — וואָס האָסטו געוואָלט, זי זאָל שוין גאָר קיין איין חסרון ניט האָבן?

(ג)

אַ איד גייט אין גאַס און באַגעגנט איינעם וואָס איז אים אויסגעקומען באַקאַנט. גייט ער צו צו אים און לאָזט אים אַראָפּ אַ פּאַטש. צו זיין איבערראַשונג האָט ער זיך אָבער אַרומגעזען, אַז יענער איז גאָר אַ ווילד פרעמדער מענטש.

— אַנטשולדיקט, — מאַכט ער, — איך האָב געמיינט אַז איר זייט מיין שכן, בערל.

— נו, און אפילו אויב איך וואָלט געווען אייער שכן בערל, דאַרפט איר זיך פּאַטשן? — פרעגט דער פרעמדער מאַן מיט רציחה.

— וואָס אַרט עס אייך — פרעגט דער איד — אויב איך דערלאַנג מיין שכן, בערל, פעטש?

(ד)

א גרעק האָט אמאָל געשמועסט מיט א אידן און האָט זיך באַרימט:

— ביי אונז אין אַטען האָט מען מיט יאָרן צוריק געגראָבן טיף אין דער ערד, און מ'האָט דאָרט געפונען א לאַנגן דראָט.

— איז מאי קאַ משמע לן? וואָס לאָזט עס אונז צו הערן? — פרעגט דער איד.

— דאָס באַווייזט — זאָגט דער גרעק מיט גאוה — אַז שוין די אַלטע גרעקן האָבן געהאַט ביי זיך א טעלעגראַף.

— א וואוּנשנע מעשה! — זאָגט דער איד. — אָט האָט מען אין ירושלים ליינגער געגראָבן נאָך טיפער, און מ'האָט גאָר קיין דראָט ניט געפונען.

— וואָס זשע איז דערפון געדרונגען? — פרעגט דער גרעק.

— עס איז געדרונגען — ענטפערט דער איד — אַז די אידן האָבן נאָך אין די אַלטע צייטן געהאַט דראָטלאָזן טעלעגראַף.

(ה)

— פון וואַנען נעמט זיך ביי אונז דער דלות? — האָט דעם שיינקערס ווייב א פרעג געטאָן דעם שיינקער. — דאַכט זיך אַז מיר האָבן ניט געדאַרפט זיין אַזעלכע קבצנים; אַז צו דעם בראָנפן גיסן מיר צו א העלפט וואַסער, און דערצו נאָך שרייבסטו צו מער וויפל די קונים נעמען — טאָ פון וואַנען זשע נעמט זיך דער דלות?

-- צו דעם צוגעשריבענעם בראָנפן גיסן מיר דאָך קיין איין טראָפן וואַסער ניט צו, אָט דערפון נעמט זיך דער דלות... — האָט דער שיינקער געענטפערט.

(ו)

א טאַטע א כעסן איז אמאָל שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן אויף זיין פאַרהייראַטער טאָכטער און האָט איר דערלאַנגט צוויי געזונטע קלעפ. צעוויינט זיך די טאָכטער און זאָגט:

— ניט גענוג וואָס דער שיינער מאַן מיינער, שלאָגט מיך, דאַרפסטו נאָך מיך אויך שלאָגן?

— זאָל ער טאַקע וויסן, דער תכשיט דיינער — האָט דער פאָטער געענטפערט. — ער שלאָגט מיין טאָכטער, שלאָג איך דערפאַר זיין ווייב.

(ז)

אן אַמעריקאַנער רייכער איד האָט געדונגען דעם שמש פון זיין שול ער זאָל פאַר אים פאַסטן יאָרצייט. מיטאָג צייט גייט ער אַריין אין א רעסטאָראַן און ער זעט זיין שמש פראַווענדיק די סעודה אויפן פיינסטן אופן.

— סטייטש, — שרייט ער אויפן שמש, — איר זייט דאָך א פשוט'ער שווינדלער!

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, — ענטפערט דער שמש, — דער גבאי פון שול האָט מיך אויך געדונגען צו פאַסטן פאַר אים. נו, ווער האָט

דאָס כח צו פאַסטן פאַר צוויי מענשן? איך זעט דאָך: הויט און ביין. האָב איך זיך מישב געווען: פאַר אייך וועל איך פאַסטן, און פאַרן גבאי עס איך...

(ח)

א תימנער איד, א תושב פון ירושלים, פלעגט זיך אריינכאַפּן אין פרעמדע ווייַנגערטנער, אַנ׳גנב׳ענען פרוכטן און פאַרקויפן זיי. האָט מען אים געכאַפּט און געבראַכט אין געריכט.

— פון ״לא תגנוב״ האָט איר גאָר קיינמאָל ניט געהערט? — פרעגט אים דער ריכטער.

— ס׳שטייט ״כי תבא בכרם רעך ואכלת״ (דברים כג׳) — ענטפערט דער גנב.

— ס׳שטייט דאָך אָבער ווייטער ״ואל כליך לא תתן״ — מאַכט דער ריכטער.

— דאָס איז גערעדט געוואָרן — ענטפערט דער גנב — ואל כליך — ווען די כלי איז דיין אייגנס. ביי מיר איז אָבער די כלי אויך א גע׳גנב׳עטע...

(ט)

מ׳האָט אמאָל געזען אין א קליין שטעטל א אידן ארויסגייענדיק פון א גויאישן רעסטאָראַן.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט מען אים.

— ס׳איז ביי דעם גוי כ ש ר געוואָרן א גאַנז — האָט ער געענטפערט.

(י)

— פאַרוואָס זאָגט איבער א חזן צוויי מאָל איין וואָרט?

— מסתמא האָט ער געגומען ביי אַן אנדער חזן און דאַרף דעריבער צאָלן כופל.

— עס טרעפט דאָך אָבער אז א חזן לאָזט זיך פאַנאַנדער און זאָגט איבער דאָס וואָרט פיר מאָל און פינף מאָל?

— דאָס איז אין א פאַל וואו ער האָט צעקוילעט דעם אנדער חזן — און ווען מ׳קוילעט איז דער דין אז מ׳דאַרף צאָלן ארבעה וחמשה...

## גערדאנקען-שפּיל

דער איד איז בטבע א "קאָפּ־מענש". דער אידישער וויץ, ווי דרויאַנאָוו האָט אַזוי ריכטיק באַגרינדעט, איז בעיקר א "געדאנקען וויץ". דער טיפּישער אייראָפּייאישער וויץ, זאָגט דרויאַנאָוו (מבוא, ספר הבדיחה והחדוד, א') איז א "וואָרט־שפּיל", און דער טיפּישער אידישער וויץ איז א "געדאנקען־שפּיל". דאָס דאָזיקע וואָרט־שפּיל איז שטאַרק פאַרטראָטן אין דעם אייראָפּייאישן וויץ. דאָס וואָרט־שפּיל איז אָבער דער סאַמע נידעריקסטער פון אַלע סאָרטן וויצן. אין דעם געדאנקלאכן וויץ איז דער עיקר די אייגנ׳שאַפט צו שאַפן אן אומדערוואַרטעטע קרובה׳שאַפט צווישן אידייען וואָס האָבן זיך קאָמבינירט אין דעם געדאנק פונם דערציילער.

סידני סמיט האָט אָנגעוויזן אויף דעם פאַקטאָר — וואָס איז דער וויכטיקסטער אין יעדן געדאנקלאכן וויץ — דאָס אומדערוואַרטעטע. ווען איינער זאָגט אַז יעדער מענש דאַרף שטאַרבן, איז עס ניט וויציק, ווייל עס איז קיין נייעס ניט. ווען איינער זאָגט אָבער אַז א מענש איז "כחציר יבש" — ווי א גראָז וואָס ווערט אויסגעטריקנט און פאַרוויאַנעט — איז עס שוין עטוואָס וויציק, ווייל דאָ האָבן מיר דעם אומדערוואַרטעטן פאַרגלייך צווישן דעם סוף פון מענשנס לעבן און דעם סוף פון גראָז. עס איז דאָ א קוואַליטאַטיווע פאַרבינדונג צווישן צוויי געדאנקען. און ווען שלום עליכם זאָגט, אַז "א מענש איז געגליכן צו א סטאָליער; א סטאָליער לעבט און לעבט, דערנאָך שטאַרבט ער—אַזוי איז א מענש אויך" (פונם יאַריד), האָבן מיר שוין א העכערע מדרגה פון וויץ, ווייל דאָ האָבן מיר אן אומדערוואַרטעטן, איידעלן און ראַפינירטן פאַרגלייך צווישן דעם מענשן אין אַלגעמיין און דעם סטאָליער אַלס דעם סימבאָל פון מיזעראַבעלן מענשלאכן לעבן. אָט דער דאָזיקער עלעמענט — דער אומדערוואַרטעטער פאַרגלייך, אָדער די קרובה׳שאַפט פון אידייען, וואָס איז דער תמצית פון יעדן געדאנקלאכן וויץ, איז זייער שטאַרק פאַרטראָטן אין אידישן וויץ. די קווינט־עסענץ פון אידישן וויץ איז אן עקספּלאָזיע פון געדאנקען און געפילן, ברייענגענדיק מיט זיך א סורפּריז — עפּעס אומדערוואַרטעטעס.

(א)

פרעגט איין איד דעם צווייטן:

— וואָס פאַר א ברכה מאַכט מען ווען עס דונערט?

— ווען מיך האָט דער דונער געטראָפן — ענטפערט דער צווייטער — האָב איך געמאַכט די ברכה "הרי את מקודשת"...

(דער וויץ ליגט דאָ אין דעם פּלוצימדיקן פאַרגלייך פון "חתונה האָבן" און "געטראָפן ווערן פון א דונער").

(ב)

וואָס איז דער אונטערשייד — פרעגט דער אידישער פאָלקס־וויץ — צווישן א זומערדיקן נאַר, און א ווינטערדיקן?

א ווינטערדיקער נאר — ענטפערט דער פאָלקס־וויץ — ווען ער גייט אריין אין הויז, עפנט ער די טיר, טרייסלט אָפּ דעם שניי, שטעלט אוועק דעם שטעקן, טוט אויס די קאַלאָשן, נעמט אראָפּ דעם מאַנטל, דעם שאַל, ווישט אויס די ברילן, הוסט זיך אויס און — מ'דערזעט דעם נאַר. דער זומערדיקער נאר — ווי נאַר ער עפנט די טיר — דערזעט מען דעם נאַר...

(ג)

פאַרוואָס זאָגן מלמדים, אַז קנעלן איז שווערער ווי האַקן האָלץ?
ווייל ביי האָלץ האַקן, איז וואָס מער מיט א גוי, אַלץ גרינגער, אָבער ביים קנעלן, איז וואָס מער מיט א "גוי" — אַלץ שווערער.

(ד)

פאַרוואָס דאַרף א חזן על פי דין זיין א באַווייבטער?
ווייל ער דאַרף דאַווענען פאַרן עולם מיט א "צעבראָכן" האַרץ...

(ה)

— ווי דיינקסטו — האָט אַמאָל איינער געפרעגט דעם צווייטן — וואָס איז דער יצר הרע, א חסיד צי א מתנגד?
— איך בין זיכער — האָט דער צווייטער געענטפערט — אַז דער יצר הרע איז א חסיד.
— פאַרוואָס?
— ווייל מ'זעט אים זייער אָפט ביים רבי'ן.

(ו)

פאַרוואָס איז מלמדות ערגער ווי האַקן שטיינער?
ווייל שטיינער, איינמאָל צעהאַקט, ווערן שוין קיינמאָל ניט גאַנץ. אָבער א מלמד אַרבעט א גאַנצע וואָך אויסצולערנען, קומט שבת צום פאַר־הערן — אַלץ פאַרגעסן.

(ז)

א באַלעבאָסטע האָט דערלאַנגט א ישיבה־בחור א טעלער לאָקשן. ליינט דער ישיבה־בחור צו דעם אויער צום טעלער און הערט זיך איין.
— צו וואָס ליינט איר צו דעם אויער צום טעלער? — פרעגט אים די באַלעבאָסטע פאַרוואונדערט.
— איך הער ווי די לאָקשן ריידן.
— וואָס־זשע זאָגן זיי? — פרעגט זי.
— איין לאָקש זאָגט צום צווייטן: איכה? וואו ביזטו?

* * *

און ווייל דער אידישער וויץ איז בעיקר א געדאַנקלאַכער, איז ער אַזוי אינטערעסאַנט. דערפאַר איז שווער צו פאַרטראַכטן א אידישן וויץ א צווייטן און א דריטן מאָל, ווייל דאַמאָלסט איז דער הויפּט־עלעמענט וואָס מאַכט אים אינ'טערעסאַנט — דאָס איבעררראַשנדע, דאָס אומדערוואַרטעטע — פאַרשוואונדן. דער עסענץ איז אויסגעוועפּט, פונקט ווי פון א פלאַש שאַמ־פּאַניער, וואָס איז געשטאַנען אָפן א לייננגערע צייט.

# ווארט-שפיל

אידן האבן אויך א גאנץ גרויסע צאל וויצן וועלכע זיינען הויפטזאכ-לאך באזירט אויפן ווארט-שפיל.

(א)

מיינער א פריינט און איך זיינען געזעסן ביים טיש אין א אידישן רעסטאראן, וואו די עסנס זיינען ניט געווען איבעריק געשמאק, און אין רעסטאראן איז ניט געווען זייער ריין.

— איר זיים דא א "קרבן תמיד"? — פרעגט מיך מיין פריינט, מיי-נענדיק, אויב איך עס דארט שטענדיק.

— ניין — האב איך געענטפערט. — ווייל יעדעס מאל ווען איך עס דא בין איך א קרבן יורד ועולה (עולה ויורד)...

(ב)

וואו איז פאראן א רמז אויף העברייאישע לערער אין תנ"ך?

— עס שטייט "ויתהלכו מגוי אל גוי". זיי זיינען געגאנגען פון איין גוי צום אנדערן.

(ג)

פון וואנען איז די ראיה, אז מען וויל חתונה האבן דארף מען זיך צוערשט גוט אונטערגארטלען?

— עס שטייט "ויתחזק אביהו וישא לו נשים"—אביהו האט זיך גע-שטארקט און גענומען ווייבער.

(מ. א. וויזען)

(ד)

מ'האט געפרעגט א יונגנמאן, פארוואס וויל ער זיך גט'ן מיט זיין ווייב.

— צוליב דעם — האט ער געענטפערט — וואס פון דער חתונה אן זיינען מיר מחולק אין דער אגראר-פראגע: איך שיק זי אין ד'ערד אריין, און זי שיקט מיך אהין...

(ראוויניצקי)

(ה)

א פוילישער איד איז געקומען צו א ליטווישן אידן לייען א גמילת חסד. מ'אבט צו אים דער ליטווישער איד:

— כ'האב ניט. בעט דעם רבונו של עולם וועט ער אייך געבן.

— דער רבונו של עולם — זאגט דער פוילישער איד — האט ניט קיין געלט, איז קיין פעולה ניט צו בעטן ביי אים.

— וואס הייסט? — וואונדערט זיך דער ליטוואק, — גאט האט קיין געלט ניט?

— גאר פשוט — ענטפערט דער פוילישער — איך נעם עס פון דער תורה. ס'שטייט געשריבן "וידבר ד' אל משה לאמור ("לאמר" לייענען די פוילישע אידן "ליימיר"). ווען דער רבונו של עולם וואלט געהאט געלט, צו וואס וואלט ער געדארפט לייען ביי משה'ן?

(ו)

מ'דערציילט אז שמריהו לעווין ע"ה, דער באַרימטער אידישער רעדנער, שריפטשטעלער און ציוניסטישער פירער, האָט אַמאָל פאַרבראַכט אַן אָוונט ביי ביאַליקן ע"ה אין הויז, אין תל־אביב. האָט אים ביאַליק דערמאָנט, אַז גראַד יענעם אָוונט איז פאַרגעקומען אַן אינטערעסאַנטע פאַרזאַמלונג אין שטאָט און געבעטן שמריהו לעווין ער זאָל גיין מיט אים צו דער פאַרזאַמלונג. לעווין איז גראַד געווען פאַרנומען מיט אימעצן אין אַן אינטערעסאַנטן שאָך־שפּיל, וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט, האָט ער ביאַליקן אָנטזאָגט. אביסל שפּעטער דערמאָנט אים ביאַליק נאָכאַמאָל וועגן דער פאַרזאַמלונג, און קריגט דעם זעלבן ענטפער. אַז לעווין איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין שאָך־שפּיל, דערמאָנט אים ביאַליק ווידער און שטייט צו אים צו ער זאָל גיין מיט אים צו דער פאַרזאַמלונג.

— דו ביזט פּונקט ווי דער קליינינקער "אודך" אין "הלל" — שמייכלט לעווין צו ביאַליקן. — דאַכט זיך שוין צוויי מאָל "אָפּגעזאָגט" אים, און ער שטייט נאָך אַלץ...

(ז)

פאַרוואָס, פרעגט די וועלט, טאָר מען אין ספירה ניט חתונה האָבן. אָבער גט'ן מעג מען זיך יאָ? מ'קאָן זיך דאַכט זיך פאַרשטעלן, אַז די שמחה פון אַ פּאָר־פאָלק וואָס גט'ן זיך איז ניט קלענער, און אַמאָל טאָקע אפשר גרעסער, ווי די שמחה פון חתן־כלה.

ענטפערט די וועלט אַ תירוץ: גט'ן זיך מעג מען, ווייל אין דער תפלה פון נאָך "ספירה" שטייט: "כדי לטהרנו מקלפותינו" — כדי צו ריניקן אונז פון אונזערע "קליפות".

(מ. א. וויזען)

(ח)

ניסי בעלזער האָט אַמאָל געדאַוונט אין טאַלנער הויף. דער עולם האָט מער הנאה געהאַט פון דער קאַפּעליע זיינער, ווי פון אים אַליין. נאָכן דאַוונען זאָגט צו אים ר' דוד'ל טאַלנער:

— דו ווייסט, ניסי, דיין דאַוונען האָט גאָר קיין שאַץ (ש"ץ) ניט...

(ט)

דער שווער האָט געשטראָפט זיין איידים פאַרוואָס ער גאָלט זיך.

— איך בין געבוירן געוואָרן אָן אַ באָרד און איך וועל שוין שטאַרבן אָן אַ באָרד, — זאָגט צו אים דער איידים.

— דו ביזט דאָך געבוירן געוואָרן אָן ציין אויך — בייזערט זיך דער שווער.

— אָט אַזוי, — שמייכלט דער איידים, — טאָ שרייט זשע אויף די ציין, וואָס זשע שרייט איר אויף דער באָרד?..

(י)

אין אַ שטעטל איז אַמאָל געקומען אויף שבת אַ מגיד, אַ האַרבעוואַטער איד. האָט ער געוואָלט האַלטן אַ דרשה. דער שמש פון בית־מדרש

איז געווען א שלעכטער איד, א כעסן, און דערצו איז ער נאך געווען דער גאנצער בעל־דעה און ער האט אים, דעם מגיד, ניט דערלויבט צו דרשנ'ען. ווען דער מגיד איז אבער פון אים ניט אפגעטראטן, איז דער שמש אין כעס געווארן און אנגעהויבן שרייען אויפן מגיד:

— דער הר־עיבל איז פארשאלטן געווארן; דער הר־גריזים איז אויס־געריסן געווארן, און דער הר־בול (הארבול), ניט ער ווערט פארשאלטן און ניט ער ווערט אויסגעריסן.

— מיטן שמש איז אויך די זעלבע מעשה — ענטפערט אים דער מגיד. — דער שמש פון ציצית ווערט "פארדרייט"; דער שמש פון חנוכה־ליכטלאך ווערט פארברענט, נאר פון דעם היגן שמש קאן מען גאר ניט פטור ווערן; ניט ער ווערט פארברענט און ניט ער ווערט פארדרייט.

(ב. פרנס)

(יא)

א קליין שטעטל האט אמאל זייער מיאוס באהאנדלט א דורכגעפא־רענעם חזן. איז ער אוועקגעפארן פון דארט מיט גרוים פאראיבל אין הארצן. אויפן זועג האט ער געטראפן א צווייטן חזן וואס איז גראד געפארן אין יענעם שטעטל.

— וואס איז עס פאר א מין שטעטל? — פרעגט אים יענער חזן.
— א קליינינקע — ענטפערט ער — אבער א "גראבינקע".

(יב)

מאטקע חב"ד האט אמאל גענומען צו זיך אן אורח אויף וועטשערע. אליין איז מאטקע געווען א קבצן אין זיבן פאלעס. הייסט ער דעם אורח זיך גיין וואשן. ווען דער אורח האט זיך געזעצט צום טיש, דערלאנגט אים מאטקע א קעסטל שוועבעלאך און רופט זיך אפ:

— ר' איד, מאכט א המוציא; ר י י ב ט און שווייגט...

## געדאנקען־שפיל קוואליפיצירט

עס איז אויבן דערמאנט געווארן סידני סמיט'ס דעפיניציע פון א וויץ, אז אין יעדן וויץ איז דער עיקר די שייכות פון אידייען וועלכע שאפן דאס אומדערוואַרטעטע. דאס איז דער פונדאמענטאלער עלעמענט אין יעדן וויץ. דארפן נאך אויך דערמאנט ווערן די אנדערע טיילן פון זיין דעפיניציע, אז ערשטנס מוז די קרובה'שאפט זיין פון אידייען און ניט פון פאקטן. יעדער איינער קאן דערציילן וועגן א בהמה מיט צוויי קעפ, אויב עס איז דא אזא בהמה. עס האט אבער אין זיך ניט קיין וויציקייט, ווייל עס איז דא ניטא ניט די אינטעליגענץ פון שאפער, און ניט די ראפינירטע באציאונג צווישן צוויי באגריפן. ווי מיר געפינען דאס אין דער שייכות פון געדאנקען. כאטש דער פאקט איז אן אויסערגעוויינלאכער און דערפאר אן אומדערוואַרטעטער, א פלוצלונגדיקער, מאכט ער אבער אויף אונז קיין איינדרוק ניט.

און נאָך א זאך. זאָגן אַז דער הויפּט־עלעמענט אין א וויץ איז די שפּאָגל־נייע געשאַפענע שייכות פון געדאַנקען איז נאָך ווייניק. ניט יעדע שייכות איז וויציק. א גוטער מענש, ציטירט סמיט אַן אינדישן עפּיגראַם, איז קיינמאָל ניט קיין שונא, נאַר, להיפּוך, ער באַצאָלט מיט גוטסקייט יענעם וואָס האָט אים שלעכטס געטאָן, פּונקט ווי דער סאַנדאַלבוים גיט איבער זיין אַראָמאַטנעם גערוך צו דעם שאַרף פון דער האַק וועלכע האָט אים אָפּגע־האַקט. דער שפּאָגל נייער פאַרגלייך איז דאָ טאַקע פאַראַן, אָבער דער פאַר־גלייך אַנטהאַלט אַזאַ הויכע עטישע מדרגה, וועלכע שטייט אויף א העכערער ספּערע ווי דער וויץ, אָפּציענדיק בשעת מעשה די אויפמערקזאַמקייט פונם וויץ גופא.

(א)

ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער, דערציילט מ. ליפּסאָן (״די וועלט דער־ציילט״), איז געווען זייער אָפּגעהיט אין שמירת הלשון. האָט זיך אָפּגעהיט אפילו פון אבק לשון הרע, ניט זאָגן חלילה אויף קיינעם א קרום וואָרט. איז אים איינמאָל אויסגעקומען צו זאָגן אויף איינעם, אַז יענער איז א שקרן. היינט גיי זאָג אויף יענעם אַזאַ וואָרט. ווי קאָן מען דאָס? האָט ער אַזוי געזאָגט: יענער איז א גוואַלדיקער בעל־זכרון. פאַראַן א מענש וואָס געדיינקט וואָס איז געשען פאַר צען יאָר, אַן אַנדערער — וואָס איז געשען פאַר צוואַנציק יאָר. גרויסע בעלי־זכרונות געדיינקען פון פאַר פופציק יאָר. יענער געדיינקט אָבער זאַכן, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געשען.

* * *

דער אומדערוואַרטעטער פאַרגלייך פון שקרן מיט א בעל זכרון, וואָס געדיינקט זאַכן וואָס זיינען קיינמאָל ניט געשען, איז טאַקע זייער וויציק. אָבער די מאָראַליטעט פון ר׳ איצעלען טראָגט אונז אַוועק אין א העכערער ספּערע. מיר פאַרטראַכטן זיך וועגן דער איידעלער מאָראַלישער שיינקייט, און דער וויץ אַליין בלייבט קוים באַמערקט.

(ב)

דאָס זעלבע קומט פאָר ווען אונזער אויפמערקזאַמקייט ווערט אַוועק־געצויגן פון וויץ צו קאָרופּטירטער מאָראַל.

אַן אַלט פּאָר־פאָלק שמועסן וועגן זייער צוקונפט:

— הערסטו, חוה — זאָגט דער אַלטער — דאַרפן האָבן מיר ביידע געדאַרפט אַוועקפאָרן קיין ארץ־ישראל; ושכבתי עם אבותי, שטאַרבן אין דעם הייליקן לאַנד. די צרה איז אָבער, וואָס פאַר ביידן איז ניטאָ גענוג געלט אויף הוצאות. האָב איך זיך מישב געווען, מ׳דאַרף וואַרטן. טאָמער שטאַרבט איינער פון אונז, נעם א יד גלייך און פאָר אַוועק קיין ארץ־ישראל.

## דער וויציקער טייטש

דער איד האָט ליב צו שפּילן זיך מיט פּסוקים. ״אויפן שפּריכוואָרט, ווי אויף אַלע אַנדערע געביטן פון אידישן פאָלקלאָר, זאָגט אַנסקי (אין זיין

ארבעט "שפּריכווערטער און גלייכווערטלאך"), האָט א גרויסע השפּעה געהאַט די אַלטע אידישע ליטעראַטור, די ביבלישע און תּלמודישע, וואָס פון איר האָט דאָס פאָלק אנטליען סיי פּאַרטיקע שפּרוכן, סיי מאָטיוון פאַר זיינע שפּריכ־ווערטער... "פאַראַן שפּריכווערטער, וואָס באַזירן זיך אויף ביבלישע, תּלמודי־שע, רעליגיעזע און אַנדערע מאָטיוון. אַחוץ דעם טיילט זיך א ציקל איינגאַר־טיקע שפּריכווערטער, וואָס זייער גאַנצער טעם באַשטייט אין דער בכוונה גע־ענדערטער פאַרטייטשונג פון די העברייאישע שפּרוכן". דער גרעסטער עקס־פּאָנענט אין דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור פון אַזעלכע געענדערטע פאַרטייטשונגען איז שלום עליכם'ס "טביה דער מילכיקער". ביי טביהן אָבער, איז די פאַרענדערטע פאַרטייטשונג נים קיין בכוונה'דיקע. טביה, דער פּשוטער וואָלינער ישובניק, מיינט טאַקע אין זיין נאַאיוויטעט, אַז דער טייטש איז אַזוי. כאָטש טביה זאָגט אליין, אַז ווען עס קומט שבת קוקט ער אריין אין א אידישן ספר, א פּרשה חומש, אביסל תּרגום, תּהילים, פּרק, קומען אָבער ביי אים די פּאַרטייטשונגען אַרויס גוואַלדיק פאַרדרייט, כאָטש זיי זיינען ריטמיש צוגעפּאַסט צום אָריגינאַל.

דער אידישער למדן אָבער, האָט שטענדיק געהאַט א ליבע פאַר שפּילן זיך מיט פּסוקים. און דער פאַרדרייטער טייטש שטאַמט פון למדנ'ס קאָפּ; פון דעם וואָס האָט יא געוואוסט דעם טייטש פון פּסוק.

"השמרו לכם פּן" — היט זיך מיט דער פּען.

"ויבא המן" — מאַכט רש"י: "טשאַרט יעווא פּריניאָס".

"הממליך מלכים ולו המלוכה" — מ'זאַלצט און מ'זאַלצט און עס איז נים געזאַלצן.

"אבדו עשתונותיו": זיי האָבן פאַרלאָרן די הויזן (א שפּיל אויף דעם רוסישן וואָרט "שטאַני", הויזן).

"אל תּרבה שיחה עם האשה" — "יע, יע, ניט, ניט..."

פון וואַנען איז די ראיה אַז מרדכי (פון דער מגילה) האָט געהאַנדלט מיט הערינג? — ווייל עס שטייט: ושמעו הולך בכל המדינות — זיינע הערינג (הערונג) זיינען געגאַנגען אין אַלע מדינות.

פון וואַנען איז די ראיה, אַז ביי אחשורושן אין פּאַלאַץ איז ניט געווען קיין אָרט פאַר מענשלאַכע באַדערפענישן? ווייל עס שטייט: "ויתאפּק המן ויבא אל ביתו" — המן האָט זיך "איינגעהאַלטן" און איז געגאַנגען אַהיים...

פון וואַנען איז געדרונגען אַז המן איז געווען א מתנגד?

ווייל עס שטייט "ויתאפּק המן" — א חסיד האַלט זיך נים איין. (א מתנגד לויפט דאַוונען תּפלה "בזמנה" און געהעריקער "הכנה").

ווי האָט געהייסן אחשורוש'עס שווינער? שככה. ווייל עס שטייט: "וחמת המלך שככה" — דעם קייסערס שווינער האָט געהייסן שככה...

ווי מאַכט מען א ברכה אויף א שלעכטן הערינג?—"ברוך דיין אמת". ווייל עס שטייט: "על שמועות רעות, שלעכטע הערינג (הערונג) — "ברוך דיין אמת".

לא מעוקצר ולא מדובשך — ניע דאַי אי ניע לאַי (גיב נים און ביל נים).

# דער איד וועדטלט זיך אויך מיט ראשי תיבות

אני בצדק — איך נאַר ייד ביז צו דער קעשענע.
חזן — חזנים זיינען נאראָנים.
ודו״ק — ווילסט דו וויסן קשיות — קריינק וועסט דו וויסן; ווי דו ווילסט קלער — קלער ווי דו ווילסט (לייענט זיך הין און צוריק).
וק״ל — ווילסטו קאָנען לערנען, לויף קיין וואָלאָזשין (לייענט זיך הין און צוריק).

# דער תלמיד חכם מאכט שפאס פון עם-הארץ

דער עולם האט ליב צו מאכן שפאס פון דעם עם־הארץ, פון דעם ישובניק און פון יעדן איינעם וואס איז ניט באהאוונט אין די שווארצע פינטעלאך. ביז דער חסידיזם האט אריינגעבראכט צווישן אידן דעם דעמאקראטישן געדאנק, אז די אמת'ע פרומקייט איז ניט דוקא צו זיין א למדן, נאר זיין מיטן הארצן צוגעבונדן צו גאט; אז דער גייסט פון הארציקן גלויבן איז דער עיקר, און ניט די לומדות פון ספרים — האט געהערשט ביי אידן דער גייסטיקער אריסטאקראטיזם. דער למדן איז געווען דער גאנצער מאכער. דער עם־הארץ איז געווען פארדרוקט אין הינטער־גרונט. האט ער שטענדיק געקוקט, דער תלמיד חכם, מיט א סארקאסטישן שמייכל אויף דעם עם־הארץ, האט זיך גע'חכמ'עט וועגן אים און באצויגן זיך צו אים מיטן גרעסטן ביטול. האט דאס, ווייזט אויס, דער תלמיד חכם, אויסגעקלערט אויף דעם עם־הארץ כל'ערליי עם־הארצות'ן. פאראן א גרויסער חשד, אז דאס רוב וויצן וועגן דעם עם־הארץ אין דעם סאטירישן טייל פון אונזער וויצן־פאלקלאר, זיינען געשאפן געווארן אין בית־מדרש, צווישן די וואוילגעלערנטע, און שטאמען פון תלמיד־חכמ'ס קאפ, אויף דעם עם־הארצ'ס חשבון. דהיינו: צוויי אידן שפארן זיך אין שול. איינער זאגט: פורים זאגט מען גאנץ הלל; דער אנדערער: נאר האלב הלל. מישט זיך אריין א דריטער און מאכט א פשרה: ווען פורים פאלט אויס אין ראש־חודש, זאגט מען גאנץ הלל, פאלט אבער פורים אויס אין א פראסטן טאג, זאגט מען האלב הלל... דער דאזיקער אנעקדאט איז געווים אויסגע־קלערט געווארן פונם וואוילקענעוודיקן. אז "בלק" מאכט "ואהבת לרעך כמוך" און "יעקב" איז די ראשי תיבות פון "ישימך אלהים כאפרים וכמנשה" — שטאמט בלי ספק פונם למדנ'ס קאפ און ניט פון דעם עם־הארצ'ס.

(א)

א ישובניק האט גע'מוסר'ט זיינעם א זון.

— ניט אומזיסט — זאגט ער — האט דער בעל הגדה אריינגעשטעלט זיך צווישן די מכות: דם, צפרדע, "בנים" (כנים)...

— דו ביזט דאך אויך א מכה פון דער תורה—ענטפערט אים דער זון.

— פון וואנען נעמסטו דאס? — פרעגט דער ישובניק.

— עס שטייט בפירוש: "עוד נגע אחד אבי" (אביא) — האט דער לומדישער זון געענטפערט.

(ב)

א מחבר, דערציילט מען, איז אמאל געקומען צו א בארימטן גאון בעטן ביי אים א הסכמה אויף א חבור. דער גאון איז גראד געווען פארנומען. ערשט פארנאכט, ווען עס איז געווארן פינסטער, האט ער צייט געהאט אריינ־צוקוקן אין חבור. פרעגט דער מחבר ביים גאון:

— רבי, וואס זאל איך טאן? עס איז שוין שפעט, און עס שטייט: "תלמיד חכם לא יצא בלילה יחידי מפני המזיקין" (א תלמיד חכם טאר ביינאכט אליין ניט ארויסגיין צוליב מזיקים).

— נישקשה — ענטפערט דער גאון. — נעמט מיט מיט זיך אייער חבור. ווען די מזיקים וועלן זען וואס פאר א "למדן" איר זייט, וועלן זיי אייך זיכער ניט טשעפען...

(ג)

א ישובניק האט אמאל איבערגעגעבן זיין התפעלות פונם חזן אין "גרויסן בית מדרש".

— אוי — זאגט ער — חברה, ימים נוראים צייט, אז דער חזן גיט א זאג עז בידך (עוז בידך), איז, זאג איך אייך, ווי ער וואלט געהאלטן אן אמת׳ע ציג אין האנט... (אין ליטווישן דיאלעקט לייענט זיך דער חולם ווי א צירה: עוז־עז).

(ד)

דעם ישוב׳ניקס בנ׳אך האט שבועות צו קידוש געזאגט "זמן חרותנו".

— גראבער יונג איינער — מאכט צו אים דער טאטע מיט כעס. — מילא פסח זאגט מען "זמן חרותנו", ווייל מ׳עסט חרוסת, אבער וואס איז היינט פאר א "חרותנו" אויף דיין משוגענעם קאפ?

(ה)

א ישובניק האט זיך אנידערגעזעצט פסח פראווען דעם סדר. צו "כל חמירא" האט ער אויסגעטרונקען דעם ערשטן כוס. געמאכט קידוש און פארטיק געווארן מיטן צווייטן כוס. נאך "הא לחמא" האט ער זיך איספרא־וועט מיטן דריטן כוס. נאך "מה נשתנה" איז ער פארטיק געווארן מיט אלע פיר כוסות, האט אוועקגעווארפן די הגדה און געהייסן דערלאנגען די קנייד־לאך. פרעגט אים דער זון זיינער:

— טאטע, מיר איז עפעס א חידוש וואס דו ביזט אזוי שנעל פארטיק געווארן מיט דער הגדה. פאראיארן, געדיינק איך, האט מיך אונזער שכן זלמן איינגעלאדן צום ערשטן סדר, איז דארט עפעס געווען אזא לאנגע הגדה. מען האט געזאגט "הלל" און "נשמת" און "לשנה הבאה בירושלים", און דו האסט דאס עפעס געמאכט גאר בקיצור?

— פון א גראבן יונג ברייגנט מען ניט קיין ראיות, — ענטפערט אים דער טאטע. — פאראיארן איז פסח אויסגעפאלן אום שבת, און זלמן דער גראבער יונג, דער עם־הארץ, וויסנדיק אז שבת זאגט מען "נשמת", האט ער דאס אריינגעבראקט אין סדר אריין. ער האט מסתמא אויך געהערט, אז ווען פסח פאלט אויס אום ראש חודש, זאגט מען "הלל", און, עס טרעפט אויך אמאל, כאטש איין מאל אין א יובל, אז פסח פאלט אויס אום יום־כפור. זאגט מען דאמאלסט "לשנה הבאה בירושלים". איז דאך אבער זלמן, פאר־שטייסטו מיך, א גראבער נפש, אן עם־הארץ, האט ער דאס אלעס צונויפגע־מישט צוזאמען און אלעם אפגעזאגט צוזאמען. פון א גראבן יונג נעמט מען קיין ראיה ניט...

(נאך דרויאנאוון)

(ו)

א ישובניק האָט פאַר פסח געבראַכט זיין הגדה צום איינבינדער ער זאָל זי איבערבינדן. און אַלטע הגדה איז זי געווען, האָט זי זיך צעשאָטן אויף בלעטלאַך. האָט זיך גראַד געמאַכט, אַז על פי טעות, איז אין דער הגדה איינגעבונדן געוואָרן אַ בלעטל פון "סליחות". עס איז געקומען צום סדר, זיצט דער ישובניק מיט זיין זון, און מ'לייענט פון דער זעלבער הגדה: "אלו עשר מכות שהביא הקב"ה על אבותינו במצרים ואלו הן: אשמנו, בגדנו, גזלנו, דברנו דופי".

— טאַטע — רופט זיך אָפּ דער זון — מיר דוכט זיך אַז היינטיקס יאָר איז עפּעס מער מכות ווי אַלע יאָר. פאַראַיאָרן איז ניט געווען אַזויפיל.

צעקאָכט זיך דער טאַטע, לאָזט אים אַראָפּ צוויי פּעטש און זאָגט:

— צוליב דעם האַלט איך אַ מלמד און לאָז זיך אַזויפיל קאָסטן אויף דיר, דו זאָלסט מיך פרעגן אַזעלכע נאַרישע קשיות? וואָס פאַרשטייסטו ניט, נאַרוץ, היינטיקס יאָר איז דאָך אַן עבור יאָר...

(נאָך דרויאַנאָוון)

## דער עם-הארץ אַליין קאָן אויך די מלאכה

דער עם־הארץ אַליין קאָן אָבער, קיין עין הרע, אויך די מלאכה פון עם־הארצות. גאַנץ אָפט דאַרף ער ניט וואַרטן אַז דער תלמיד חכם זאָל פאַר אים אויסקלערן דעם עם־הארצישן וויץ. ער איז אַליין אויך אַ מומחה אויף דער אַרבעט.

(א)

א אידישער לעקטאָר האָט אין אַ שטעטל אין אַמעריקע געהאַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע "דאָן קיכאָט". אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער לעקציע, זאָגט צו אים דער פאַרזיצער, אַ געזונטער עם־הארץ:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, איר זענט שוין דאָ לאַנג אין לאַנד?

— ניין, — האָט דער לעקטאָר געענטפערט. — איך בין אינגאַנצן אַ יאָר דריי אין אַמעריקע.

— כ'האָב פאַרשטאַנען, — מאַכט דער פאַרזיצער, — אַז איר זייט נאָך אַ "גרינער". איר האָט געמאַכט אַ מיאוסן טעות.

— אַ טעות? — וואונדערט זיך דער לעקטאָר. — וואָס פאַר אַ טעות האָב איך געמאַכט?

— ווען איר וואָלט ניט געווען קיין גרינער, — ענטפערט דער פאַרזיצער, — וואָלט איר געוואוסט, אַז דאָן קיכאָט אויף ענגליש איז דאָן־זשואַן.

(ב)

— טאַטע, — האָט געפרעגט דער קליינער יאָסעלע, — ווער איז געווען שיילאָק?

— וואָס, ווייסט ניט ווער שיילאָק איז געווען? אַזאַ בחור'עץ זאָל ניט וויסן ווער שיילאָק איז? מ'לאָזט זיך דאָס אָפּקאָסטן אַזויפיל געלט אויף

מלמדים!... וואלסט געלערנט תנ"ך וואלסטו געוואוסט! — האט זיך דער לומדישער טאטע פאנאנדערגעשריען.

(ג)

אין דער צייט פון דער גרויסער מלחמה, ווען עס האט געהאלטן אז אונזער שטעטל (האראדישץ, מינסקער גובערניע), זאל אקופירט ווערן פון די דייטשן, ווייל די רוסן האבן געהאלטן אין איין צוריקטרעטן, האט א תושב פון שטעטל, א שמיד, שמועסנדיק מיט עטלאכע אידן וועגן דער פראגע: וואס מ'זאל טאן? צוריקטרעטן מיט די רוסן, אדער בלייבן אונטער דער דייטשער אקופאציע, — א זאג געטאן:

— אידן, איך זאג, וואס ס'וועט זיין מיט כל ישראל וועט זיין מיט "שמע ישראל". איך גיי ניט...

(ד)

א ישובניק איז געקומען צופארן אין שטאט אויף ימים נוראים אין שול. ווען עס איז געקומען צו כורעים, פאלט ער כורעים מיטן עולם, אבער מיטן פנים צו מערב־זייט. גיט אים איינער א צי פארן ארבל: רב איד, פארקערט..." קערט זיך איבער דער ישובניק מיטן בויך ארויף...

(דרויאנאוו)

## אין דער אלטער היים — דער ישובניק; אין אמעריקע — דער אלרייטניק

אין דער אלטער היים האט מען זיך גע'חכמה'ט אויפן חשבון פונם ישובניק, פונם עם־הארץ, פונם גראבן יונג; דא אין אמעריקע, האט דער פאלקס־הומאר ווידער געראהפט האבן א שעיר לעזאזל, וועלכער זאל זיין דער ציל־ברעט פאר די נייע־געשאפענע אידישע איראניע און סארקאזם, האט דער פאלקס־הומאר אויסגעקליבן דעם "אלרייטניק". ער, דער "אלרייטניק", איז א רייכער איד, אנגעשטאפט מיט געלד. קיין זאך פעלט אים ניט. עס פעלט אים אבער א ידיעה אין די שווארצע פינטלאך. ווען עס קומט אט צו די שווארצע אותיות'לאך, איז ער נעבאך א גע'הרג'עטער. האט די פאלקס־פאנטאזיע אויסגעלאזן אלע חלומות אויף זיין קאפ און אים געמאכט פאר א קרבן פון אידישן ביטול און סאטירע.

(א)

דער איינגל זיינער, דעם אלרייטניקס, איז געווארן בר־מצוה. ווייל דער טאטע קויפן פאר זיין זון א מתנה. פרעגט ער, דער פאטער, אן עצה ביים זונס העברייאישן לערער. עצה'ט אים דער לערער, צו קויפן דעם בר־מצוה אן ענציקלאפעדיע. דאס ווארט ענציקלאפעדיע דערלאנגט אים, דעם טאטן, ווי מיט א האמער איבערן קאפ. איז ער זיך מישב א ווײַלע און גיט א זאג:

— ניין, איך וועל דאס אים ניט געבן, דעם מזיק. ער קאן נאך חלילה האבן אן עקכידענט. נישקשה, ער קאן גיין צופוס...

(ב)

אין ווינּיפּעג איז אַמאָל געווען דער באַקאַנטער אידישער רעוואָלו־ציאָנער מ. מ. ראָזנבוים, א פּערזענלאכער פריינט פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, אין די אינטערעסן פון זשיטלאָווסקים ווערק. איז ער געקומען צו א רייכן אידן, דערציילט מען, און האָט אים אָנגעבאָטן די ווערק. יענער, זוכנדיק א פּאסיקן תירוץ, האָט דערקלערט אז ער האָט ניט קיין צייט צו לייענען.

— אַ, דאָס מאַכט ניט אויס — האָט מ. מ. ראָזנבוים געענטפערט מיט א שמייכל, — מיר קאָנען אייך פאַרקויפן "דורכגעלייענטע" ביכער...

(ג)

אַן אמעריקאַנער איד, א גביר און א פּראָסטאַק, איז געפאָרן באַזוכן ארץ־ישראל. ווען ער איז צוריקגעקומען פרעגן אים פריינט וועגן זיינע איינ־דרוקן פון ארץ־ישראל, און ווי זעט אויס דער כותל־מערבי.

— וואָס איז פאַראַן וואָס צו ריידן? — ענטפערט ער. — ארץ־ישראל איז א שיין לאַנד. זעט איר, דער כותל מערבי איז שוין גאָר ניט אזא האַ־טאַ־טאַ. ער זעט אויס ווי אַלע כותל־מערבי'ס...

(ד)

דר. א. קאַראַלניק, דערציילט ("ווידערקלאַנגען און ווידערשפּרוכן" — די קוואַדראַטנע שריפט), אז אויף א ניו־יאָרקער ציוניסטישער פאַרזאַמלונג — א זיצונג פון א קאָמיטעט וואָס האָט געזאָלט אויסאַרבעטן א פּראָגראַם פון א קבלת־פּנים פאַר ביאַליקן — איז אויפגעשטאַנען עפּעס א איד פון א שטאָט לעבן ניו־יאָרק, אַן אַלטער ציוניסט, אַן אָנגעזעענער "טוער", און האָט זיך פאַנאַנדערגעדבר'ט, פאַרשטייט זיך אין א שווידערלאַכן, אומגראַ־מאַטיקאַלישן און ליטוויש־אַקצענטירטן ענגליש:

— איך ווייס ניט, ווער דער דזשענטלמען ביאַליק איז, איך האָב קיינמאָל ניט געלייענט זיין "פּאָעטרי", אָבער אונזער חזן האָט געמאַכט "מיוזיק" אויף זיינעם א "סאָנג" און איך פאַרשטיי אז ער מוז זיין אָלרייט...

(ה)

עס איז פאָרגעקומען א בר־מצוה יום־טוב. אין שול זיינען זיך צוזאַ־מענגעקומען א סך איינגעלאַדענע געסט. גייט צו דער פּרעזידענט צום שמש:

— שמש — זאָגט ער — איר זאָלט היינט ארויסנעמען דעם "גרויסן ספר". עס זיינען דאָ א סך געסט אויפצורופן...

(ו)

ווען ביאַליק ע"ה איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט מען פאַר אים אראַנזשירט א גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג. זיינען קינד און קייט געגאַנגען אים הערן. גייט אריין א פּרעזידענט פון א תלמוד תורה יענעם אָוונט, א קוק טאָן וואָס הערט זיך אין זיין אינסטיטוציע. זעט ער אז די קלאַסן זיינען פאַרמאַכט.

— וואו זיינען די מלמדים, די קינדער? — פרעגט ער פאַרוואונדערט. גייט צו איינער א לערער און זאָגט אים:

— היינט האָבן מיר באשלאָסן צו האָבן א יום טוב. ביאליק איז דאָ.
— ביאליק ? — פרעגט דער פרעזידענט. - - ווער איז דאָס ביאליק ?
— א אידישער משורר, — ענטפערט דער לערער.
— א משורר ? א חוצפה פון מלמדים ! מבטל מאכן קינדער פון למוד. איך וואָלט זאָגן א חזן, מילא, אָבער א משורר ? — האָט דער פרעזידענט אויסגעשריען מיט כעס.

(ז)

ווען ביאליק איז געווען אין אמעריקע, דערציילט מען, איז ער געווען אין א פּראָווינץ־שטאָט. האָט מען פאַר אים דאָרט געמאכט א קבלת־פּנים באנקעט. הויבט זיך אויף דער פאָרזיצער, א איד א גביר, און שטעלט פאָר דר. ביאליק. ביאליק האָט ניט ליב געהאט דעם טיטול, און האָט א צי געטאָן דעם פאָרזיצער פאַרן ארבל, ווי איינער זאָגט: ווארף אראָפּ דעם דאָקטאָר. דער פאָרזיצער, ווידער, האָט געמיינט אז ביאליק איז ברוגז, פאר ניט אָפּגעבן אים דעם ריכטיקן כבוד. גיט ער זיך א כאַפּ אינמיטן ריידן :
— אנטשולדיקט מיר, מיינע דאַמען און הערן, איך האָב געמאכט א טעות, מיר האָבן דעם כבוד מקבל צו זיין ניט דאָקטאָר, נאָר פּראָפעסאָר ביאליק...
גיט אים ביאליק ווייטער א צופּ : "איך בין ניט קיין פּראָפעסאָר!"
— וויל יו מיינד יור אָאון ביזנעס ! — גיט דער פאָרזיצער שוין א געשריי אומגעדולדיק.

(ח)

זיי האָבן געמאכט אביסל געלט, האָבן זיי זיך אריינגעקליבן אין א גויאישן אריסטאָקראַטישן געגנט. ער האָט געהייסן פריער, משה — רופט מען אים איצט, מאָרטימער; זי האָט געהייסן דבורה — הייסט זי איצט — "הערלאיז". און דער קליינער אינגעלע זייערער, 6 יאָר אלט, חיים'קע — הייסט איצט, פּירפּאַנט.
שפּילט ער זיך איינמאָל, חיים'קע — דאָס הייסט, פּירפּאַנט — אויף דער גאס, מיט זיינע גויאישע חברים'לאך. עס איז וועטשערע צייט. גייט ארויס די מאַמע אויף דער ווערענדע, און שרייט אויף קולות, וואָס מ'קאָן דערהערן אויף דער פינפטער גאס : פּירפּאַנטעלע, פּירפּאַנטעלע !
פּירפּאַנטעלע איז פארנומען מיטן שפּיל און ער הערט ניט. גיט אים זיינער א חבר א שטורך אין פּלייצע : "גיי, שמאַראָוואָז, דיין יענטע רופט דיך שוין !"

(ט)

ווען חיים נחמן ביאליק איז געווען אין אמעריקע, האָט מען פאר אים אין ניו־יאָרק געמאכט א באנקעט. ביאליק איז צום באנקעט געקומען מיט זיינעם א פריינט, און ביידע האָבן זיך אוועקגעזעצט אויבנאָן. דער פאָרזיצער פונם באנקעט, א איד וואָס איז געווען א קנאַפּער בקי אין דער

העברייאישער ליטעראטור בכלל און אין דער מאָדערנער העברייאישער פּאָ־
עזיע בפרט, האָט געעפנט דעם אָוונט אויפן פאָלגנדן אופן :

— חשובע פאַרזאַמלטע, דערלויבט מיר אייך פאָרצושטעלן אונזערע צוויי גרעסטע נאַציאָנאַלע פּאָעטן, מיסטער חיים נאַכמאַן און מיסטער ביאַליק !...

(י)

די פאָלגנדע געשיכטע, פאַרזיכערט מען מיר, איז א מעשה שהיה. אין א שטעטל אין קאַנאַדע האָט מען געגרינדעט א אידישע אָרגאַניזאַציע. האָט מען פאַרהאַנדלט וועגן דער "קאָנסטיטוציע" פון דער קערפּערשאַפט. איז געקומען צו רייד וועגן דעם דין פון "קוואָרום" (א געוויסע צאָל מיט־גלידער כדי אָנצונעמען רעזאָלוציעס). דאָס וואָרט "קוואָרום" האָט זיך אי־בערגע׳חזר׳ט אין די דיסקוסיעס מערערע מאָל. איין איד, אַן עושר, אָבער, ווייזט אויס, "שטאַרק באַהאַוונט אין קאָנסטיטוציע ענינים", האָט שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן, איז ער אויפגעשפּרונגען מיטאַמאָל און א געשריי געטאָן : "חברים פּעסימיסטן, שוואַרץ־זעער וואָס איר זייט ! מ׳הויבט ערשט אָן בויען א בנין, רעדט איר שוין וועגן "קברים" (קוואָרום)...

(יא)

אין א קליינעם אידישן ישוב אין אַמעריקע האָט מען געדאַרפט אויפ־נעמען א נייעם לערער פאַר דער שול. דער לערער איז אָנגעקומען און ביי א פאַרזאַמלונג פון עלטערן האָט מען דיסקוסירט די מעטאָדע פון די למודים. האָט איינער א באַלעבאָס אויסגעדריקט זיין מיינונג, אז העברייאיש זאָל מען לערנען מיט דער מעטאָדע פון "עברית בעברית".

— און פאַרוואָס טאַקע ניט לערנען אידיש אויך "עברית בעברית"?

— האָט זיך ארויסגעכאַפּט א צווייטער באַלעבאָס, אַן עושר, און א גרויסער "למדן" א איד.

(יב)

עס איז פאָרגעקומען א גרויסע שמחה אין בני־אברהם טעמפּל. מרס. סיגאַל האָט מנדב געווען א ספר־תורה צו דער שול. ביי דער פייערונג האָט דער סופר פאַרענדיקט, ווי דער מנהג איז, די לעצטע שורות פון ספר. די מיטגלידער האָבן געקויפט פאַר הויבע פרייזן אותיות פון די לעצטע פסוקים פון דער תורה, וועלכע האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די איניציאַלן פון זייערע נע־מען. דער סופר האָט געשריבן. ווען עס איז געקומען צום "למד", דער לעצטער אות פון "לעיני כל ישראל", האָט מען אים אָנגעבאָטן איינעם לואיס ליוואַי, פון די רייכסטע מיטגלידער פון דער קאָנגרעגיישאָן.

מר. ליוויי האָט זיך ניט געלאָזט בעטן. ער האָט גלייך באַצאָלט א הונדערטער פאַרן אות. ווען דער סופר האָט אים אָבער א פרעג געטאָן, אויב ער וואָלט וועלן, ווי דער מנהג איז, מיט זיין אייגענער האַנט אריינשרייבן דעם למד, האָט ליוויי, שטאַמלענדיק, ארויסגערעדט, אז ער איז ניט שטאַרק באַהאַוונט אין די קליינינקע אותיות׳לאך און ער קאָן דאָס ניט טאָן.

— ס׳מאַכט ניט אויס — כאַפּט זיך ארויס איינער פון די גבאים — שטעל אוועק א צלם !...

(נאָך ס. פּ. מענדלסאָן)

(יג)

א פּרעזידענט פון אַן אַמעריקאַנער תּלמוד תּורה, דערציילט מען, א "למדן" אַ איד, איז אַריינגעקומען באַזוכן די קלאַסן. ווערט דער לערער אַביסל נערוועז. פאַרט אַ פּרעזידענט. גיט ער, דער לערער, א פרעג איינעם פון די תּלמידים: איזי, ווער האָט געמאַכט דעם תּהילים? (פון דער־וועזיטעט איז ביים לערער דער קול א שרייענדיקער). דערשרעקט זיך איזי און זאָגט: "איך האָב עס ניט געמאַכט!" מישט זיך אַריין דער פּרעזידענט, און גיט א זאָג צום לערער מיט כעס:

— וואָס האָט איר זיך צוגעטשעפּעט צום קינד? ער וועט אַזאַ זאַך ניט טאָן... איך קען זיינע עלטערן, א פיינע משפּחה... גלאַט אויסקלערן אויף א קינד...

(יד)

א פּרעזידענט פון א ניו־יאָרקער שול, זוכנדיק אין ספרים אַלמער, רעדט צו זיך אַליין:

— ערטש געקויפט א סעט חומשים און שוין איז פאַרלאָרן געגאַנגען דער זעקסטער חומש... אוואדע דעם שמש'ס אַרבעט!...

(טו)

מ. מ. ראָזנבוים, פריינט פון דר. זשיטלאָווסקי, דערציילט מען, איז אַמאָל געווען אין מאָנטרעאָל און פאַרקויפט זשיטלאָווסקיס שריפטן. גייט ער אַריין צו איינעם א רייכן אידן, און מאַכט מיט אים א שמועס וועגן זשיטלאָווסקין, וועגן זיינע שריפטן, זיינע גרויסע אויפטואונגען אין דעם אידישן קולטורעלן לעבן א. א. וו. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעשמועסט אַרום צוואַנציק מינוט מיט דעם אידן, כאַפּט ער זיך אַרויס, דער איד:

— הו איז העל איז דאַט גאַי עניוויי?

— איר ווייסט גאָר ניט? — ענטפערט ראָזנבוים, — ער איז דאָך דער דערפינדער פון פינאָקל...

— אָ, — שרייט אויס דער איד — איז דאַט סאָ? הי איז איי גרייט פעלאָו, איי'ל ביי היז בוקס.

(טז)

דער פּרעזידענט פון תּלמוד־תּורה קומט אַריין אין די קלאַסן פאַרהערן. א תּלמיד לייענט למנצח (לאַמנאַצעאַך).

— ס'שטייט דאָך גאָר לאַמניצעאַך? — שרייט דער פּרעזידענט.

— לויט דער מאָדערנער הברה ספרדית — ענטפערט דער לערער — זאָגט מען לאַמנאַצעאַך...

# די סאטירע

א וויכטיקער כלי זין אין דעם אידישן וויץ איז די סאטירע, דורך וועלכער נארישקייט, שלעכטקייט אדער אומגעלומפערטקייט פון אן אינדיווידואום, פון א גרופע אדער אפילו פון א גאנץ פאלק, ווערן געשטעלט צום שאנד־קלאץ. אין דער צייט ווען דער ריינער הומאר באטראכט דאס לעבן מיט ליכטיקע אויגן און מיט א פריילאכן שמייכל, און זיין מעטאדע איז מדת הרחמים, איז דער סאטיריקער מער פאנאטיש, בייסיק, ווייניקער ראפינירט, באנוצט די מעטאדע פון יקוב הדין את ההר און דערלאנגט אונז אין דער זיבעטער ריפ ניט מיט א שמייכל אויפן פנים, נאר מיט א שלאנגענגיפט. שוין אין די אלטע צייטן האבן אידן ליב געהאט צו באנוצן זיך מיט דער סאטירישער מעטאדע. אין תנ"ך געפינען מיר גלענצנדע סאטירעס.

ישעיהו הנביא'ס סאטירע אויף דעם טויט פון דעם באבילאנישן קעניג איז אפשר איינע פון די שטארקסטע אין דער ליטעראטור. אויך אין תלמוד זיינען דא א סך סאטירעס אין דער פארם פון ווארט שפילן, עפיגראמען און פאראבלען. אין ילקוט שמעוני, קרח, איז פאראן א גלענצנדע סאטירע וואס איז אריינגעלייגט געווארן אין קרח'ס מויל, און וואס איז אפשר די טיפסטע סאטירע אין דער ליטעראטור. קרח פלעגט צוזאמענקלייבן אידן און פלעגט פאר זיי מאכן ליצנות פון משה און אהרן. אין שכנות מיט מיר, דערציילט קרח, האט געוואוינט אן אלמנה מיט צוויי טעכטער, יתומות. אלץ וואס זיי האבן געהאט איז געווען איין שטיקל פעלד, וואס איז איר געבליבן בירושה פון איר מאן. ווען זי האט אנגעהויבן צו אקערן, קומט משה צו איר מיט א באפעל:

— זאלסט ניט ארבעטן מיט אן אייזל און אקס צוזאמען (לא תחרש בשור ותחמר יחדיו).

זי האט זיך גענומען צום זייען, קומט משה און זאגט: אויף דיין פעלד זאלסטו ניט זייען קיין כלאים (שדך לא תזרע כלאים).

ווען עס איז געקומען די צייט פון שניידן די תבואה, קומט ווידער משה מיט א נייעם פארזאג: דו דארפסט לאזן לקט, שכחה און פאה, פאר די ארימעלייט.

די אלמנה נעמט זיך צום דרעשען די תבואה — משה איז ווידער דא: גיב תרומה, מעשר ראשון, מעשר עני.

די ארימע אלמנה האט נאטירלאך געטאן ווי משה האט איר פארזאגט. זי האט זיך אבער ארומגעזען, אז זי קאן קיין לעבן ניט מאכן פאר איר מיט די יתומות, אפהיטנדיק אלע פארזאגן. פארקויפט זי דאס פעלד און קויפט א פאר שעפסן; אפשר, טראכט זי, וועט זי פון די וואל און פון דער פארמערונג האבן פרנסה. אבער ווי נאר די קליינע שעפסלאך זיינען געבארן געווארן — אהרן איז דא:

— די בכורות — פארזאגט אהרן — זאלסטו מיר געבן, ווייל די ערשטלינגע געהערן צום כהן. האט זי אים אוועקגעגעבן די בכורות.

ווען די צייט איז געקומען פון שערן די שעפסן, — אהרן איז ווידער דא. וואס איז ווייטער? פרעגט די אלמנה:

— די ערשטע וואל — זאגט אהרן — קומט מיר (ראשית גז צאנך תתן לי). די ארימע אלמנה נעבאך, איז שוין ארויס פון געדולד. איך האב שוין קיין כח ניט צו ליידן, טראכט זי. איך וועל זיי שעכטן, וועל איך כאטש האבן די פלייש. האט זי די שעפסן געקוילעט.

אבער אהרן איז ווידער דא: לויט דעם דין, זאגט אהרן, קומט מיר דער דראב: די לאפעטקע, די באק און דער מאגן (זרוע, לחיים, קיבה). ווערט שוין די אלמנה אין כעס: — וואס — זאגט זי — אפילו איצט קאן איך ניט פטור ווערן פון די דינים? אויב אזוי, זאגט זי, וועל איך מקדיש זיין די פלייש אלס חרם: ניט מיר, ניט דיר.

— חרם? — זאגט אהרן — אויב אזוי, גיב עס מיר אוועק אינ־גאנצן, ווייל אזוי איז דער דין — "כל חרם בישראל לך יהיה".

האט ער צוגענומען, ענדיקט קרח, דאס גאנצע פלייש און איז אוועק.

נו, פרעג איך אייך, זאגט קרח צו די אידן, איז דאס פיין אזוי?

אין דער מיטלאלטערלאכער ליטעראטור קאן מען אויך געפינען א סך גלענצנדע סאטירעס. אידן האבן א גוואלדיקע שוואכקייט פאר דער סאַ־טירע. די סאטירע באנוצט אלס איר כלי־זין, אמאל די א י ר א נ י ע און אמאל דעם ס א ר ק א ז ם.

## איראניע

איראניע איז א באליידיקונג איינגעוויקלט אין דער פארם פון א קאמפלימענט, א ביטערער פיל באדעקט מיט א פארצוקערטן שיכט. אין איראניע איז דער עיקר דער ווידערשפרוך צווישן דער אמת'ער מיינונג פון דעם געזאגטן אין דער למראית עין'דיקער, אדער מאניפעסטירטער מיינונג. זאגן זאגט מען איין זאך און מיינען מיינט מען אן אנדער זאך. איראנישע אויסדרוקן זיינען דערפאר אין דער סכנה אמאל מיספארשטאנען צו ווערן. ביים אידן קאן אמאל ארויסקומען דער תוך פון דער איראניע דורך א דריי מיט דער נאז, אדער מיטן גראבן פינגער, אדער דורך א קראץ אין דער פאַ־טיליציע. די בייסנדע איראניע, וואס מער אמת זי אנטהאלט אין זיך, אלץ טיפער איז די וואונד וואס זי מאכט, אלץ גרעסער דער ווייטיק.

(א)

דער באלעגאלע פון שטעטל, מיט וועמען זיין ברודער, דער שטאטי־קער רב, האט זיך געשעמט, האט אמאל א זאג געטאן מיט באהאלטענעם כעס. צום רב:

— וואס איז מיט דיר דער יחוס? וואס האלסטו זיך אזוי גרויס? ווען איך וואלט זיך גע'יחסנ'ט, מילא, האב איך א ברודער א רב. אבער וואס איז מיט דיר דער יחוס? האסט א ברודער א באלעגאלע?...

(ב)

מ'האָט דערלאַנגט אַן אורח גרויפּן צום עסן. רופט ער זיך אָפּ צו דער באַלעבאָסטע:

— איר האָט איבערגעזייט די וואַסער?

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר דאָס? — מאַכט די באַלעבאָסטע מיט אַ ברוגז'ן טאָן.

— עס שווימט עפּעס אַרום אַ גרויפּ אין טעלער — ענטפערט דער אורח.

(ג)

דער שמש פון שול איז געווען אַ בייזער איד און איז געווען ניט שוה בשוה מיטן חזן. פלעגט ער אַלעמאָל זוכן אַ געלעגנהייט אָפּצוטאָן דעם חזן אַ שפּיצל. איינמאָל, ביים דאַווענען, ווען דער חזן האָט זיך צעלאָזט אויפן קול און עטלאַכע מתפּללים האָבן צווישן זיך גערעדט, האָט דער שמש אַ פּאַטש געטאָן אויפן טיש און אויסגעשריען:

— שאַט, אידן, לאָז זיין שטיל, דער חזן קאָן ניט דאַווענען...

(ד)

אינדערפרי גייט צו אַ בעל־אכסניה צו אַ גאַסט און פרעגט אים:

— זענט איר עפּעס געשמאַק געשלאָפן די נאַכט?

— יאָ — ענטפערט דער גאַסט — איך בין טאַקע געשלאָפן, נאָר די וואַנצן נעבאַך האָבן אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט צוגעמאַכט.

(ה)

אין קאַפּוליע, מינסקער גובערניע, איז געווען אַ רב אַ ווערטל־זאָגער. ער איז שטענדיק געווען בייז אויף די מתפּללים פון זיין שול, וועלכע פלעגן ריידן אינמיטן דאַווענען. איינמאָל, שבת נאָכן דאַווענען, האָט ער באַמערקט ווי עטלאַכע אידן שמועסן צווישן זיך. שמייכלט דער רב און זאָגט:

— דאָס פאַרשטיי איך שוין ניט, רבותי. מילא ביים דאַווענען דאַרף מען ריידן, אָבער וואָס דאַרפט איר נאָך ריידן נ אָ כ ן דאַווענען?...

(ו)

אַ געוויסער עם־הארץ האָט שבת געדאַווענט מיטן טלית איבערן קאָפּ, וואָס דאָס פּאַסט נאָר פאַר אַ למדן. האָט זיך אָפּגערופן אַ איד צו אים:

— דו ביזט דאָך געוויס אַ למדן, והראיה, דו דאַווענסט מיטן טלית איבערן קאָפּ; איז אויב דו ביזט אַ למדן, דאַרפסטו דאָך וויסן אַז אַ פּראָסטאַק דאַרף ניט טראָגן דעם טלית איבערן קאָפּ...

(ז)

אַן אָדעסער אידישער שרייבער האָט אַמאָל איינגעלאַדן צו זיך דעם זיידן פון דער אידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר ספרים, אויף אַ שמחה. אַ אידישער שרייבער, כדרך הטבע, איז ער ניט געווען קיין גביר, און האָט געוואוינט גאַנץ "הויך", אויפן פערטן שטאָק. מענדעלע, אַן עלטערער מענש, האָט קוים אַרויפגעקלעטערט אויף אַזויפיל טרעפּ. אַז ער איז אַריין אין שטוב, האָט ער, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, באַמערקט מיט אַ שמייכל:

— אז דער רבונו של עולם דערהויבט א מענשן, קאן מען גאר צו אים ניט צוקומען...

(ח)

א גאסט איז אן אכסניה האט פארלאנגט לאקשן מיט יויך. מ'דער־לאנגט אים די יויך, זעט ער: א סך וואסער, ווייניק לאקשן. הויבט ער זיך אן אויסטאן, דער גאסט.

— וואס איז מיט אייך, ר' איד? — פרעגט אים דער בעל אכסניה.

— דערטרונקען זאל איך ווערן, און א לאקש מוז איך כאפן — האט דער גאסט געענטפערט.

(ט)

א גביר אין א שטעטל איז געפערלאך קראנק געווארן. אין שטעטל איז געווען א חברה "לינת הצדק". פלעגט מען פון דארט שיקן אלע נאכט איינעם "היטן" דעם גביר. איינמאל איז דער היטער אנטשלאפן געווארן, און דער קראנקער איז ניט געשלאפן. וועקט דער קראנקער גביר אויף דעם היטער און זאגט:

— ר' חיים, דיינקט איר אז עס איז א יושר אז איך, א חולה מסוכן, זאל אייך היטן א גאנצע נאכט?...

(ש. ערנסט)

## סארקאזם

דער סארקאסטישער וויץ, דער שפרוך אדער גלייכווערטל, זיינען שארף ווי א שווערד. חכמה, געלערנזאמקייט, כאראקטער, זיינען הילפלאז לגבי דעם שארפן סארקאסטישןווארט. איראניע קאן אמאל זיין סארקאסטיש, און פארקערט, סארקאזם קאן צייטנווייז אננעמען די פארם פון איראניע. אבער אין אלגעמיין איז דער סארקאזם צו שטריינג און צו דירעקט אנצונעמען א איראנישע פארם. אין איראניע איז דער עיקר דער ווידערשפרוך צווישן דער אמת'ער און ארויסגעזאגטער מיינונג. דער סאר־קאזם איז דירעקט, און מערסטנטייל קאנצענטרירט. ער קאן אויסגעדריקט ווערן אין א קורצן זאץ, אין א פראזע, אמאל אין א ווארט. דער סאר־קאזם איז איינע פון די פיינסטע מעלות פון אידישן הומאר. דער איד האט כמעט שטענדיק אנגעגרייט אין קעשענע א סארקאסטישן ענטפער.

(א)

אן עסקן בצרכי צבור איז נעגאנגען זאמלעןביישטייערונגען פאר א אידישער אינסטיטוציע. קומט ער צו א איד א גביר. גיט ער, דער גביר, דעם עסקן א קליינע אסיגנאציע. גערייכט האט ער זיך, דער עסקן, אויף א נאר גרעסערער נדבה. שטייט ער, דער זאמלער, און טאפט דאס פינפערל.

— וואס טאפט איר אזוי דאס פינפערל? — פרעגט דער גביר.

— פארשטייט איר — שמייכלט דער זאמלער — אויב דאס איז נאר א י י ן פינפערל איז עס אביסל צו ג ר א ב...

(ב)

ר׳ חיים יעקב ווידרעוויטש, מאָסקווער רב, האָט איינמאָל באַמערקט ווי איינער א באַלעבאָס, גאָר א קנאַפּער למדן, גייט צו שבת צום עמוד. נאָכן דאַווגען, פאַר וועלכן מ׳האָט דעם אידן די ביינער גערדאַפּט אָנברעכן — ניט קיין קול און ניט קיין עברי — פרעגט אים ר׳ חיים יעקב:

— האָט איר היינט יאָרצייט?

— ניין — ענטפערט דער איד. — דאָס האָב איך געגעבן א נדבה.

— זייער פיין — שמייכלט ר׳ חיים יעקב — זייער פיין. א הויכע מדרגה. א מענש קאָן ניט און גיט... זייער שיין...

(נאָך מ. ליפּסאָן)

(ג)

שבת פאַרנאַכט איז א יונגערמאַן אריין צו זיין פריינט און האָט גע־טראָפן זיין פריינט׳ס ווייב מאַכנדיק קולות און גוואַלדן און שילטנדיק זיין חבר. נעמט דער גאַסט ארויס א פּאַפּיראָס און פאַררייכערט.

— ס׳איז נאָך ניט רעכט צו רויכערן — מוסר׳ט אים דער פריינט. — קיין איין שטערן זעט מען נאָך ניט.

— אז דער גיהנום עפנט זיך, מעג מען שוין — האָט דער גאַסט גע־ענטפערט.

(ד)

א שיקאַגער חזן וועמעס שול איז געווען זייער ווייט פון זיין היים, האָט נאָך כל נדרי געוואָלט נעמען דעם טראַמוויי צו פאָרן אהיים. ער איז אוועק עטלאַכע קוואַרטאַלן פון שול, זיך גוט ארומגעקוקט צי קיינער זעט ניט, און האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויפן טראַמוויי. שוין זייענדיק אין טראַמוויי האָט ער ווידער געכאַפּט א גוטן קוק, צי עס געפינט זיך דאָרט ניט אמאָל איינער פון זיינע שול־מיטגלידער — קיינער נישטאָ. איז אים אראָפּ א שטיין פון הארצן און ער פאָרט. דער קאָנדוקטאָר גייט פאַרביי עטלאַכע מאָל. דער חזן זיצט מיט דעם ניקל אין האַנט, אָבער דער קאָנדוקטאָר גייט צו אים ניט צו. סטייטש, מיין ניקל איז קיין געלט ניט? — פרעגט אים דער חזן.

— ביי מיין חזן וועל איך אום יום־כפור קיין געלט ניט נעמען! — ענטפערט דער קאָנדוקטאָר.

(ה)

א שדכן קומט צו אן אריסטאָקראַטישן אידן ריידן א שידוך פאַר זיין בתולה. דער "אריסטאָקראַט" ווערט מלא רציחה:

— אזא חוצפּה! — שרייט ער אויפן שדכן — מיין טאָכטער הייסט ניט בתולה, זי הייסט "מאַדמואַזעל".

— זייט זשע מיר מוחל טויזנט מאָל — ענטפערט דער שדכן. — איך האָב ניט געוואוסט אז אייער מאַדמואַזעל איז ניט קיין בתולה.

(ו)

מ׳האָט איינעם אמאָל גערופן "שיינעץ". "איידער איר זייט געוואָרן א גרויסער פויער" — האָט יענער זיך אָפּגערופן — "זייט איר דאָך אויך געווען א שיינעץ"...

(ז)

אין א שטעטל איז געווען א דיין, א מקבל שוחד. איינמאָל, שמחת תורה, האָט מען, ווי דער שטייגער איז, אין שול שטארק געפרייט זיך מיט דער תורה, געטאנצט און געהוליעט. איינער, א פשוט׳ער איד, אן עם הארץ, האָט אויך מיטגעטאנצט. זאָגט צו אים דער דיין:

— וואָס איז מיט דיר די שמחה? א סך האָסטו געלערנט תורה דורכן גאנצן יאָר?

האָט אים דער פשוט׳ער איד געענטפערט:

— יום כפור צו על חטא, שלאָג איך זיך אין הארצן: "על חטא שחטאתי לפניך בכפת שוחד". איז דאָך א קשיה: וואָס בין איך, א דיין, איך זאָל דארפן זאָגן דעם על חטא? נאָר דער תירוץ איז: "כל ישראל ערבים זה בזה". איך דארף זיך שלאָגן פאַרן דיין, דערפאר מעג איך מיך פרייען מיט דער תורה, כאָטש דער דיין, און ניט איך, האָט איר געלערנט.

אן אנדער גרסה פון דעם דאָזיקן וויץ ברייננגט א גוטמוטיקן, ניט קיין סארקאסטישן ענטפער, פונם פשוט׳ן אידן: און אז ביי מיין ברודער איז א התונה דארף איך זיך ניט פרייען?

(ח)

א איד האָט געדארפט פאָרן פון איין שטאָט אין דער אנדערער. עס איז געווען זייער א נויטיקער ענין. אָבער עס איז געווען אין הארבסט, עס רעגנט אָן אויפהער, און ארויסלאָזן זיך אין וועג מיט פערד און וואָגן איז סכנות נפשות. גייט ער צום שטעטלשן באלעגאָלע. דער באלעגאָלע וויל גאָר ניט הערן וועגן פאָרן. באַט אים אָן דער איד א צענערל. פאַרט מען. ארויספארנדיק פון שטעטל דארף מען ארויפפאָרן אויף א בארג. בעט דער באלעגאָלע דעם פאסאזשיר אראָפּגיין און העלפן ארויפשטופן דעם וואָגן אויפן בארג, ווייל די קליאטשע, זאָגט ער, איז ניט קיין גרויסער גבור און זי האָט שוין קיין האָבער ניט אָנגעזען אין די אויגן פאר א פאָר מאָנאטן. שטופט מען דעם וואָגן, און דער רעגן שמייסט אין פנים. ארויפגעפאָרן אויפן בארג, וויל זיך דער פאסאזשיר ארייננזעצן אין וואָגן. זאָגט צו אים דער באלעגאָלע:

— איר זעצט זיך? איר זעט ניט אז עס גייט בארג־אראָפּ? וועט איר מוחל זיין און העלפן מיר איינהאלטן דעם וואָגן.

העלפט ער איינהאלטן דעם וואָגן. און אזוי האָט מען זיך נאָך עטלאכע שטונדן דערשלעפּט צום צווייטן שטעטל, נאסע, פארמאטערטע. אלץ וואָס מ׳האָט געטאָן איז געווען שטופן און שלעפּן דעם וואָגן. געקומען אין שטעטל, פרעגט דער פאסאזשיר:

— זאָגט מיר: מילא איך בין געפאָרן אין אזא וועטער — א נויטיקער ענין. איר — פארשטיי איך אויך, א צענערל איז געלט. אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס האָט איר געדארפט מיטנעמען די קליאטשע?...

(ט)

שמריהו לעווין, דערציילט מען, האָט אַמאָל געשפּילט שאַך מיט אַ אידישן יונגנמאַן. נאָך עטלאַכע צוגן האָט לעווין דערזען, אַז דער בחור איז געבאַך אַ גרויסער קאַליקע אין שאַך. מאַכט צו אים לעווין:

— זאָגט נאָר, יונגערמאַן, פּידל שפּילט איר?

— ניין. — ענטפערט דער בחור.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך קען ניט — ענטפערט דער בחור.

— טאָ פאַרוואָס שפּילט איר שאַך? — פרעגט אים לעווין.

(י)

צוויי אידן פלעגן שפּילן שאַך אין קלוב יעדע נאַכט. איינער שטייט איבער זיי אַלס קיבעצער נאַכט איין, נאַכט אויס. איינמאָל וויל זיך איינער מיט אים שואל עצה זיין וועגן אַ גאַנג. יענער איז זיך מודה אַז ער פאַרשטייט אין שאַך פּונקט ווי אַ האָן אין בני־אדם.

— טאָ וואָס־זשע שטייט איר דאָ די גאַנצע צייט? — פרעגט ער אים.

— אָ, איר קאָנט ניט מיין אידענע! — איז געווען דער ענטפער.

(יא)

אַ איד איז געגאַנגען סכות צייט אין גאַס און געטראָגן אַן אתרוג און לולב. פרעגט אים איינער אַ היינטוועלטיקער:

— ווי שעמט איר זיך ניט צו טראָגן אַ לולב אין גאַס?

— וואָס דען זאָל איך טאָן? — פרעגט דער איד. — מ'דאַרף דאָך אים נעמען אין בית־מדרש.

— טאָ וויקלט מען אים כאָטש איין אין אַ פּאַפּיר — גיט דער "אַריס־טאָקראַט" אַן עצה. — מ'דאַרף זיך דאָס אַזוי שטופּן מיט דער אידישקייט?

— טאָ פאַרוואָס זשע וויקלסטו דיין נאָז ניט איין אין אַ פּאַפּיר? — האָט אים דער איד אַ פרעג געטאָן.

(יב)

אַ רב איז אַמאָל געקומען אין אַ פרעמדער שטאָט צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות. שוין דעם ערשטן טאָג האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ דין תורה אין שטעטל און מ'איז געקומען צום רב. נאָכדעם ווי ביידע צדדים האָבן אוועקגעלייגט די טענות, האָט דער רב געזאָגט, אַז ער דאַרף מעין זיין אין דעם ענין, שטאַרק אַריינקוקן, הייסט עס. נאָך דער דין תורה האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דער מעין זייז האָט גאָר געמיינט קבלת שוחד. ער האָט ליב געהאַט צו נעמען אין יד אַריין, דער רב.

אין שול ביים דאַווענען, באַמערקט דער רב, אַז מען האָט געוואַרט אויף אים ביי שמונה עשרה אָבער ניט צו קריאַת שמע. וואונדערט עס דעם רב: עס איז אַ מנהג בכל תפוצות ישראל צו וואַרטן אויפן רב ביז ד' אלהיכם אמת. נאָכן דאַווענען גיט ער אַ פרעג דעם גבאי וועגן דעם.

— פאַרשטייט איר מיך, רבי, — ענטפערט דער גבאי, — אַז דער רב זאָל "אויסגיין" קאָן מען זיך דערוואַרטן, אויפן "אמת" אָבער איז זיך שווער צו דערוואַרטן...

(יג)

א דיין איז טויב געוואָרן אויף דער עלטער. פרעגט מען אים: מילא, בלינד ווערן, שטייט, כי השוחד יעור עיני חכמים, אָבער ווי קומט דאָס איר זאָלט גאָר טויב ווערן?

— איך האָב דען אָנגעזען דעם שוחד? — האָט דער דיין געענטפערט — מ'האָט מיר נאָר צוגעזאָגט.

(יד)

אויפן דובנער מגיד דערציילט מען, אז ער איז אמאָל געקומען צו א גביר בעטן א נדבה פאַר א חשוב'ען עניו. דער גביר האָט אים אָפּגעזאָגט.

— איר וועט שוין בלייבן א גביר. — מאַכט צו אים דער מגיד.

— וואָס מיינסטו? — פרעגט אים דער גביר.

— איך וועל אייך געבן א משל — זאָגט דער מגיד. — ווי, למשל, וואָלט איר זיך נוהג געווען ווען איר פאַרלירט א רובל איז אן אומריינעם אָרט? וואָלט איר אים אויפגעהויבן?

— ניין — ענטפערט דער גביר.

— דער רבונו של עולם, להבדיל אלף הבדלות פון אייך, האָט, כביכול אויך פאַרלאָרן א פופציק טויזנט רובל און עס איז אריינגעפאַלן אין א שמוציקן אָרט — וועט דאָס שוין דאָרט פאַרבלייבן. ער וועט דאָס שוין ניט ארויסנעמען. איר וועט בלייבן א גביר... — האָט דער מגיד דערקלערט.

(טו)

ביי שלום עליכמ'ען אין "דאָס טעפּל", איז פאַראַן א טיפּ, עוזר דער שמש. האָט ער ליב צו ווערטלען זיך. איינמאָל קומט ער צוגיין פון בית־מדרש:

— א גוט יום טוב! — זאָגט ער.

— א ווייסטער, א פינסטערער גוט יום טוב אויף דיר — באַגעגנט אים די אידענע מיט א מענה־לשון — וואָס אזוי פרי?

— כ'האָב מורא געהאַט — זאָגט עוזר — טאָמער, חלילה, פאַרשפּעטיק איך דאָ א "ברכו"; וואָס קאָכט זיך דאָ ביי דיר אין אויוון?

— קדחת — זאָגט זי — פון דיינעטוועגן אין א קליין טעפּעלע.

— פאַרוואָס ניט — שמייכלט עוזר — אין קיין גרויסן טאָפּ, וואָלט שוין געווען פאַר אונז ביידן?

## גוטמוטיקער וויץ

אין קעגנזאַץ צום סאַרקאַסטישן, בייסנדיקן וויץ איז דאָ ביי אידן דער גוטמוטיקער וויץ, דער וויץ וואָס האָט ניט קיין כונה צו טאָן שאָדן, צו שטעכן יענעם, און האָט בכלל ניט קיין שום טענדענץ אויסער זאָגן א ווערטל אויף א גוטמוטיקן אופן.

דער גוטמוטיקער וויץ ווערט געשאַפן פון מענשן מיט א פיינעם כאַראַקטער. להיפוך דעם ציניקער קוקט דער גוטמוטיקער מענש אויף דער וועלט דורך ליכטיקע שפּאַקולן, גייט מיט לייכטע טריט איבערן לעבן און האָט שטענדיק א וואַרימען שמייכל אויפן פּנים.

(א)

אין א שטעטל אין דייטשלאנד האָט מען דערציילט דעם גבאי, אַז דער רב פון שטעטל פּאַרט אום שבת.

— אַזוי? — ענטפערט דער גבאי, — איז ער דאָך געוואָרן א גרעסערער בעל־הוצאה, דאַרף מען אים העכערן די שכירות...

(ב)

א איד אַן אָרימאַן גייט ארום עטלאַכע טעג פאַר פּסח א פאַרזאָרגטער, א פאַר׳דגאה׳טער.

— וואָס דאגה׳סטו? — פרעגט אים א צווייטער איד.

— אוי — גיט דער אָרימאַן א קרעכץ — עס איז גענבאָך ביטער, ברודערקע. איך האָב טויזנט דאגות אויפן קאָפּ. קיין מצה איז נאָך ניטאָ אין הויז, קיין פלייש איז ניטאָ, קיין וויין איז ניטאָ. די קינדערלאָך גייען ארום אָן מלבושים׳לאַך, אָן שיכלאַך. דאָס ווייב האָט ניט קיין קלייד אויף פּסח. דער קאָפּ צעשפּאַלט זיך מיר פון דאגה.

— נו, — זאָגט דער אנדערער, — איז כדאי אזויפיל צו דאגה׳ן? אָט, אדרבא, נעם א בלייפעדער און רעכן אויס וויפל דו דאַרפסט אויף פּסח: מצה — 5 רובל; פלייש און וויין — 6 רובל; מלבושים און שיכעלאָך פאַר די קינדער — 4 רובל; א קלייד פאַר דער ווייב — 3 רובל. וויפל זשע איז עס צוזאַמען? — 18 רובל. זעסטו, אָט האָסטו יעצט בלויז איין דאגה אויפן קאָפּ: וואו נעמט מען 18 רובל, און אַן עק. וואָס־זשע דאַרפסטו זיך ברעכן דעם קאָפּ מיט טויזנט דאגות?...

(ג)

ר׳ אייזל חריף איז אַמאָל, ערב שבת, געזעסן אין מרחץ. האָט איינער, א פּראָסטער איד, א טעות געהאַט, געמיינט אַז ס׳איז זיינער א באַקאַנטער, איז ער צוגעגאַנגען צו אים פון הינטן און אים א שמייץ געטאָן מיט א ריטל. אַז ר׳ אייזל האָט אומגעקערט דאָס פּנים און יענער האָט דערזען, אַז ס׳איז דער רב, איז ער געוואָרן אַ פאַרציטערטער.

— רבי, — זאָגט ער מיט פּחד — זייט מיר טויזנט מאָל מוחל, כ׳האָב ניט געוואוסט.

— קיין אחריות ניט — שמייכלט ר׳ אייזל. — פון הינטן בין איך קיין רב ניט...

(מ. ליפּסאָן)

(ד)

איינמאָל, יום כפור, בעת ר׳ נפתלי ראָפּשיצער איז געשטאַנען איינגעבויגן אין דער שמונה עשרה, האָט איינער אויף אים ארויפגעלייגט דעם מחזור און געזאָגט די שמונה עשרה מיט "אשמנו" און "על חטא". נאָך דער שמונה עשרה, מאַכט ר׳ נפתלי צו יענעם:

— ד י האָסט געזינדיקט, און אויף מ י ר זאָגסטו...

(מ. ליפּסאָן)

(ה)

מ׳האָט געפירט אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטן איבער דער גאַס אין תפיסה אַריין. האָבן זיי זיך געשטעלט אַפּרוען אַביסל. שטייען עטלאַכע אידענעס דערביי און באַדויערן:

— אַ גאָטס רחמנות אויף זיי, במעט אַלע אידן נעבאַך.

פרעגן זיי ביי איין אידן: — פאַרוואָס?

— אַ פּאַס — ענטפערט ער — געווען ניט כשר.

זאָגן די אידענעס: — אַ פּאַס, נעבאַך.

פרעגט מען דעם צווייטן: — פאַרוואָס?

— פאַר אַ פּריזיוו — מאַכט ער.

מאַכן די אידענעס: — אַ פּריזיוו, נעבאַך.

פרעגן זיי אַ דריטן: — פאַרוואָס?

— איך בין אַ גנב, נעבאַך — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל.
(נאָך ראַווניצקין)

(ו)

אַ איד, אין די ניינציקער, איז געשטאָרבן. נאָך דער קבורה שמועסן אידן צווישן זיך וועגן לעבן און טויט. כאַפּט זיך אַרויס איינער:

— איר ווייסט, אידן, אויב אַ איד וואָס האָט זיך שוין אַריינגעכאַפּט אין די ניינציקער נעמט און שטאַרבט, איז טאַקע קיינער ניט זיכער מיטן לעבן.

(ז)

אַ ראַבאַי האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיקסע. ווייל די קאָנגרעגיישן אים אָפּזאָגן, קומט ער און פאָדערט גאָר אַ הוספה.

— סטייטש? — פרעגט איר דער פּרעזידענט. — כל זמן איר האָט געהאַט אַ אידישע ווייב האָט איר קיינמאָל ניט געפאָדערט קיין הוספה, און איצט — גאָר אַ הוספה?

— מילא — האָט דער ראַבאַי געענטפערט — ביז איצט, מיט דער אידישער ווייב, אַז כ׳בין געשטאָרבן פון הונגער, איז נאָך געווען נישקשה; אָבער איצט וועט דאָך זיין אַ חילול השם פאַר דער גויע...

(ח)

אַ איד פאָרט אויפן טראַמוואַי שבת. טרעפט ער אַ צווייטן.

— וואָס מאַכט מען? — פרעגט אים יענער.

— אָט, מ״מאַטערט זיך (מ׳מתיר׳ט זיך) — ענטפער־ט דער ערשטער.

(ט)

גייט אַ יונגערמאַן אויף איינער פון די וואַרשעווער גאַסן און באַגעגנט אַן אַלטע אומבאַקאַנטע פרוי.

— מזל טוב אייך! — זאָגט ער צו איר.

— יונגערמאַן — פרעגט אים די אידענע פאַרוואונדערט — ערשטנס קען איך אייך גאָרניט, און צווייטנס, וואָס פאַר אַ מזל טוב גיט איר מיר אָפּ?

— איך זע אייך, באָבינקע, דעם ערשטן מאָל נאָך אייער חתונה — האָט דער יונגערמאַן געענטפערט.

(י)

— וואָס עסטו, בערל?
— זופּ. וואָס ביזטו, א טויבער?

## ציניזם

דער ציניקער, דער וואָס לאַכט אויס די אָנגענומענע ביי דער געזעל־שאַפט כּללים פון אמת און אויפפירונג, וואָס לאַכט אָפּ פון אַלע הייליקייטן, וואָס שפּאָט אָפּ אומפאַרשעמטערהייט פון אַלע געזעצן פון אָרנטלאַכקייט און אַנשטענדיקייט — האָט אויך אַן אָרט אינם אידישן וויץ. עס קומט אָן מיט אַזויפיל צרות, זאָגט דער ציניקער, ביז וואַנען מ'קומט אויף דער וועלט, און, זייענדיק אויף דער וועלט האָט מען אַזויפיל צרות און פּורעניות, ביז וואַנען מ'גייט אוועק פון איר, אַז ס'לוינט זיך אפשר ניט דער גאַנצער עסק.

דערפאַר קוקט דער ציניקער אויפן לעבן מיט אַזעלכע בייזע אויגן. ער זעט קיינמאָל ניט קיין גוטע מדות אין מענשן. ער זעט נאָר שלעכטעס. ער באַטראַכט אַלע מענשלאַכע מעשים צו זיין פון צוויי סאָרטן: אָדער שלעכט בפרסיה, אָדער פאַרדעקט מיט א שלייער פון אַנשטענדיקייט פון אויבן, און אונטן פאַרפוילט. דער עפעקט פון א שמועס מיט א ציניקער איז ווי דער עפעקט פון א פּראָסט אויף בלומען. מ'פילט זויער, און אומעטיק, און פאַרביטערט.

(א)

א סוחר האָט באַנקראָטירט. איז געקומען צו לויפן צו אים א בעל חוב, אַן אָרימער אידל, וואָס האָט פאַרלאָרן ביים סוחר זיינע לעצטע אָפּגע־שפּאָרטע פּאָר רובל. ער טענה'ט, ער וויינט, ער בעט רחמים. כאָטש לייג זיך אַנידער און שטאַרב. דער סוחר איז האַרט ווי אייזן. ענטפערט ניט א וואָרט. שרייט אויס דער בעל חוב:

— ווי קאָן דאָס א איד זיין אַזא אכזר! ווי האָט מען דאָס א האַרץ זיצן און שוויינן, א וואָרט ניט זאָגן! זאָגט כאָטש "ישקני".

— דעם "ישקני" — האָט זיך ענדלאַך אַרויסגעכאַפּט דער סוחר — דאַרף איך האָבן פאַר בילכערע בעלי־חובות...

(ב)

א פּאָטער מיט זיין זון זיינען געקומען קיין לאָדז איינקויפן טעקסטיל סחורה. באַמערקט דער זון אַז דער פּאָטער דינגט זיך עפּעס צופיל מיט א פאַבריקאַנט, רייסט זיך מיט אים פאַר א גראָשן. גיט דער זון א פרעג דעם פּאָטער שטילערהייט:

— וואָס דינגסטו זיך אַזוי מיט אים? ווועסט אָפּנים באַצאָלן?

— דער איז איז אַן אָרנטלאַכער מאַן — ענטפערט אים דער פּאָטער שטיל — וויל איך אים קיין סך היזק ניט אָנטאָן...

(דרויאַנאָוו)

(ג)

באַלעבאָס: ווען וועט איר באַצאָלן פאַר די פּאָר חדשים רענט?
שכן: פון וואַנען זאָל איך וויסן, וואָס בין איך, אַ נביא?

(ד)

אַ אידישער סוחר האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. רופט ער צו זיינע זין און זאָגט צו זיי:

— קינדער מיינע, מיין צייט, ווייזט אויס, איז געקומען. איך פיל אַז דאָס זיינען מיינע לעצטע מינוטן. הערט וואָס איך זאָג אייך: האַנדלט שטענדיק אָרנטלאַך, זעצט קיינמאָל ניט אָן.

כאַפּט זיך אַרויס איינער פון די בנים, און גיט אַ זאָג שטילערהייט צו די אַנדערע:

— חברה, ער רעדט פון וועג; ער איז שוין ניט ביים פאַרשטאַנד...

(ה)

אַ סוחר האָט אָנגעזעצט. קומט צולויפן איינער פון די בעלי־חובות:

— גוואַלד, גזלן! — שרייט דער בעל־חוב, — שעמען מעגסטו זיך אין דיין ווייטן האַלז אַריין. כ'האָב ביי דיר אַפּנים פּראָצענט גענומען? אַ "גמילות חסד" האָסטו דאָך ביי מיר גענומען!

— און אַ "גמילות חסד" איז קיין געלט ניט? — האָט דער סוחר רואיק געענטפערט.

(ו)

הערשל אָסטראָפּאָליער האָט זיך אַמאָל באַרימט, אַז עס איז אים שטענדיק גוט: זומער איז אים גוט הייס; ווינטער איז אים גוט קאַלט; דאָס ווייב זיינס דערגייט אים גוט די יאָרן, און ער אַליין איז גוט אויף צרות...

(ז)

אַ פרוי האָט שוין געהאַלטן ביי דער גסיסה. מיט די לעצטע כחות האָט זי צוגערופן דעם מאַן און האָט צו אים געזאָגט:

— בערל, דו זעסט אַז מיינע מינוטן זיינען געציילטע. בעט איך ביי דיר, אַז נאָך מיין טויט זאָלסטו חתונה האָבן מיט מיין שוועסטער דבורה.

— זאָלסט אַזוי אַ ליכטיקן גן עדן האָבן, מיין טייערע — האָט דער מאַן געענטפערט — ווי איך האָב שוין לאַנג געטראַכט וועגן דעם...

(ח)

אַ זון האָט געזאָגט קדיש נאָך זיין טאַטן אַ גאַנץ יאָר. שפּעטער, אַז די מאַמע זיינע איז געשטאָרבן, האָט ער גאָר קיין קדיש ניט געזאָגט. פרעגט מען אים: היתכן? ענטפערט ער: אַ גאַנץ יאָר האָב איך געאַרבעט אַריינצו־ברייננגען דעם טאַטן ע"ה אין גן עדן, אַז איך וועל יעצט אויך זאָגן קדיש, וועל איך דאָך מאַכן פון גן עדן אַ גיהנום פאַר אים...

(ש. ערנסט)

(ט)

קראנקע פרוי: איך האָב געגעבן יאנקל דעם שניידער אויפצונייען די תכריכים.

מאן: וואָס? יאנקל דעם שניידער גיסטו נייען תכריכים? ווייסט ניט אז דער חברה מאן האלט אָפּ א שטיקל ארבעט עטלאכע וואָכן?...

(י)

צוויי אידן זיינען אריין אין א רעסטאָראן. איינער הייסט זיך דערלאנגען א הערינג מיט א שטיקל ברויט; דער צווייטער — א פּאָרציע געפילטע פיש, הינערשע יויך, געבראָטענע גאנז, א פלאש וויין און א פּאָר פלעשלאך ביר. רופט זיך אָפּ דער ערשטער:

— איך פארשטיי ניט: דו באקלאָגסט זיך אויף דיין לאגע ווי א קבצן, און פרעסט ווי אן עושר.

— און דאָס וואָס מיין ווייב און קינדער שטארבן פון הונגער איז ביי דיר גאָרניט? — האָט דער צווייטער איד א זאָג געטאָן, בייסנדיק דאָס שטיקל גענזנס.

(ש. ערנסט)

(יא)

ביי א מאן איז געשטאָרבן א פרוי. דעם טאָג וואָס מ'האָט זי געדארפט מקבר זיין, טרעפט אים אָן זיינער א באקאנטער ארבעטנדיק אין געשעפט.

— סטייטש, — פרעגט ער אים, — א שעה פאר דער לויה גייסטו גאָר אוועק אין געשעפט?

— "ביזנעס בעפאָר פּלעזשור" — האָט ער געענטפערט.

(יב)

א אידענע האָט געדארפט אָפּערירט ווערן. זי איז געווען שרעקלאך נערוועז. רופט זי זיך אָפּ צום דאָקטאָר:

— איך וואָלט בעסער וועלן שטארבן איידער זיך לאָזן אָפּערירן.

— איינס שליסט ניט אויס דאָס צווייטע — האָט דער דאָקטאָר באמערקט.

(יג)

א איד וואָס האָט געהאט א ווייב א מרשעת האָט אמאָל געזאָגט: די וועלט זאָגט, אז וואָס "צו" איז אומגעזונט. למשל, צו־זיס, צו־ביטער. עס איז אָבער דאָ איין "צו" וואָס איז גוט.

— וואָס איז עס? — פרעגט מען אים.

— אז מ'האָט א שלעכטע ווייב און די ערד דעקט זי "צו" — האָט ער געענטפערט.

(יד)

— וויפל איז דאָס שוין אז דיין ווייב ליגט קראנק?

— אז זי וועט נאָך ליגן דריי וואָכן וועט זיין א חודש.

(טו)

עס איז געשטאָרבן א קליין קינד. שטייט די מאמע און יאָמערט: "יאָסעלע, זאָלסט זיין א גוטער בעטער פאר אלעמען, מיין טייערע נשמה'לע". גייט צו דער טאטע:

— מיט אזא שליחות — מאַכט ער צו איר — שאפט מען זיך מיט א פיצל קינד? אליין גייט מען!

## טפשות

אזוי ווי דער תלמיד חכם האָט ליב געהאט צו לאַכן פון א עם הארץ און אויסקלערן וועגן אים מעשות וואָס דריקן אויס זיין עם־הארצות, אזוי האָט אויך דאָס גאנצע פאָלק ליב געהאט אָפּצולאַכן פון דעם נאר. האָט דאָס פאָלק אויסגעקלערט א פיקטיווע נארישע שטאָט, פון וועמען מ'זאָל קאָנען לאַכן. פארוואָס דער גורל איז אויסגעפאַלן אויף בעלם, ווייס קיינער ניט. ווען עס זאָל געווען אויסגעפאַלן אויף אן אנדער שטאָט, וואָלט מען גע־פרעגט די זעלבע קשיא. אזוי ווי יעדעס אידישע שטעטל האָט געדארפט האָבן איינעם א שטאָט־משוגענעם, אזוי האָבן אידן ארויסגעשטעלט בעלם אלס דער ציל פון דער פאָלקס ליצנות. איך בין קיינמאָל אין בעלם ניט געווען, נאָר איך שטעל מיר פאָר אז בעלם איז פונקט אזא פיינע שטאָט ווי אנדערע, און מסתמא האָט זי אירע חכמים און אירע טפשים ווי אלע אנדערע שטעט. מ'האָט אָבער ארויפגעלייגט אויף בעלם דעם שטעמפּל פון טפשות, און אז מ'פרעגט איינעם: איר זייט א בעלמער? ענטפערט ער גלייך: איר זייט אליין א טפש. אָדער: זייט איר א חכם! עס איז גאָר ניט זיכער אויב די "בעלמער נאראָנים" איז אן אָריגינעלע אידישע שאפונג. אַט האָבן די ענג־לענדער אויך זייערע בעלמער "דהי ווייז מען אָוו גאָטהעם" (די קלוגע לייט פון גאָטהעם). די מעשות פון די חכמים פון גאָטהעם זיינען עלטער ווי די בעלמער מעשות. לויט דער ענגלישער טראדיציע האָט מען זיי גערופן טפשים בלשון סגי נהור; אין דער אמת'ן, ווייזט אויס, זיינען זיי שוין גאָר קיין טפשים ניט געווען. לויט דער טראדיציע איז דער קעניג דזשאָן איינמאָל דורכגעפאָרן גאָטהעם מיט דער כונה אויסצוקלייבן דאָרט א פלאַץ פאר א קע־ניגלאַכן פאַלאַץ. די איינוואוינער, ניט וועלנדיק האָבן אויף זיך דעם עול פון אויסהאלטן דעם קעניגלאַכן הויף, האָבן אויסגעקלערט א פּלאַן פון מאַכן זיך נאריש, און טאָן נארישע זאַכן. דעם מלך איז אזוי נמאס געוואָרן דאָס שטעטל אז ער האָט עס פארלאָזן מיט כעס, און באשטימט צו בויען זיין פאַלאַץ ערגעץ אנדערש. די גאָטהעמער האָבן נאָכדעם געזאָגט, אז "מער טפשים פאָרן דורך גאָטהעם איידער די וועלכע בלייבן דאָרט"...

צווישן די גאָטהעמער מעשיות זיינען דאָ א סך וועלכע דערמאָנען די טפשות פון די בעלמער. צוועלף גאָטהעמער האָבן זיך איינמאָל ארויסגעלאָזט כאַפּן פיש. איידער זיי זיינען געגאנגען צוריק אהיים, האָט איינער פון זיי איבערגעציילט די כאפערס צו זען אויב אלע זיינען דאָ. זיך אליין האָט ער, דער חכם, פארגעסן אריינצורעכענען. איז געוואָרן א יללה, מ'האָט גענומען

זוכן דעם צוועלפטן. והילד איננו, דער בחור איז ניטאָ. זיי האָבן אזוי לאַנג געקלאָגט אויף דעם דערטרונקענעם פּישער, ביז עס איז אָנגעקומען א דורכ־גייער און האָט זיי אויפגעקלערט דעם טעות.

כמעט אלע פעלקער האָבן אזעלכע חכמים געהאַט. דער אור־טיפּ פון "כעלם", איז די גריכישע שטאָט אבדערא, — די איינוואוינער פון אבדערא, זיינען געווען באַרימט אלס טפּשים, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס פון דער דאָזיקער שטאָט זיינען ארויסגעקומען די פילאָסאָפן דעמאָקריט און פּראָטאַ־גאָראַס — וויכטיקע דיינקער פון דעם פּאַר־סאָקראַטישן פּעריאָד. אין דייטש־לאַנד—די "שולדהבורגערס"; אין האָלאַנד— "די חכמים פון קאַמפּען"; אין בעלגיע — די חכמים פון דינאַן; אין פראַנקרייך זיינען די "כעלמער חכמים" — "די איינוואוינער פון Saint Maixent, און די אידן האָבן אויסגעקליבן כעלם. וויצן וועגן כעלמער נאַראָנים זיינען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן אידן.

(א)

אויף דרייען זאָגט די וועלט אז זיי זיינען טפּשים: אויף א כעלמער, א הון און א אינדיק. היינט קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר א "חכם" עס איז דעם "כעלמער הונ'ס אינדיק."

(ב)

אין צייטונג שטייט, אז אין לאָנדאָן ווערט יעדע האַלבע שטונדע איבערגעפאָרן א מאַן.

— א רחמנות נעבאך אויף אים, — האָט א כעלמער באַמערקט.

(ג)

געשטאָרבן א כעלמער איד אין דער פּרעמד, האָט איבערגעלאָזן ווייב און קינדער. דאַרף מען מודיע זיין דער ווייב, אז זי איז אן אלמנה, וואָס איז ניט קיין אנגענעמער עסק. האָט מען איבערגעגעבן די שליחות צום שמש פון כעלם. קומט צוגיין דער שמש און קלאַפּט אָן אין טיר:

— דאָ וואוינט בתיה די אלמנה?

— דאָ וואוינט בתיה — זאָגט די אידענע — אָבער איך בין ניט קיין אלמנה.

— טאָ לאָמיר זיך וועטן! — מאַכט דער שמש.

(ד)

א מאַן האָט זיך געטרונקען און געשריען: גוואַלד, ראַטעוועט, איך קאָן ניט שווימען!

גייט פאַרביי א כעלמער, מאַכט ער:

— טאָ וואָס־זשע מאַכט איר אזא גוואַלד? גייט ארויס און לערנט זיך אויס שווימען...

(ה)

א כעלמער איד איז געקומען צופאָרן אין וואַרשע. גייט ער אין בית־מדרש דאַווענען. געקומען אביסל צו פרי, שמועסט ער דערווייל מיטן שמש. פרעגט אים דער שמש א רעטעניש: וואָס איז עס? מיין טאַטנס א זון, און מיינער ניט קיין ברודער. דער כעלמער טראַכט און טראַכט און קאָן ניט טרעפן. מאַכט צו אים דער שמש: "דאָס בין איך דאָך אליין."

געקומען צוריק אין כעלם, קלערט ער: א פיינע חידה, מ׳דאַרף עס פרעגן אידן אין בית־מדרש. נאָך מנחה, פרעגט ער עטלאַכע אידן:

— אידן — זאָגט ער — איך וועל אייך פרעגן א רעטעניש: ווער איז דאָס? מיין טאַטנס א זון און ניט קיין ברודער צו מיר?

אידן קנייטשן די שטערנס — עס גייט ניט. בעטן זיי ביי אים ער זאָל זיי זאָגן.

— דאָס איז דער שמש פון דער וואַרשעווער שול — ענטפערט דער כעלמער.

(ו)

צוויי כעלמער בחורים האָבן געוואוינט אין איין צימער און געשלאָפן אין איין בעט. ביים אויסטאָן זיך, האָט איינער א קוק געטאָן אויף דעם אַנדערנס פיס און א געשריי געטאָן:

— מיט אַזעלכע שמוציקע פיס ווילסטו גיין שלאָפן?

— וואָס דען זאָל איך טאָן? — פרעגט דער אַנדערער — זאָל איך זיי אָפּהאַקן?

(ז)

א כעלמער האָט זיך אמאָל אַרויסגעלאָזט אויף דער וועלט וועגן מסחר. איז אים אויסגעקומען צו פאָרן אויף א שיף. מאַכט זיך א גרויסער שטורעם און די שיף האַלט ביים אונטערגיין. עס איז געוואָרן א מורא׳דיקע יללה. פרויען זיינען געפאַלן אין חלשות. דער כעלמער אָבער זיצט זיך רואיק אַזוי ווי ניט אים מיינט מען.

— וואָס זיצט איר זיך אַזוי רואיק, אַזוי ווי ביי אייער טאַטן אין וויינגאָרטן? — פרעגט אים איינער.

— איך פאַרשטיי ניט — זאָגט דער כעלמער — וואָס רעשט איר זיך אַזוי, ס׳איז דען אייער אייגענע שיף?...

(ח)

א כעלמער האָט אמאָל געזאָגט, אַז דאָס וואָס די נאַטור־פאָרשער באַהויפּטן, אַז פון היץ ווערט יעדע זאַך אויסגעצויגן און פון קעלט, צונויפגעקוועטשט, איז טאַקע ריכטיק, והראיה: זומער, אין די היצן, ווערן די טעג אויסגעצויגן, און ווינטער, פון קעלט, ווערן זיי קירצער.

(ט)

א כעלמער איז דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן געפאָרן אויף דער באַן. מיטאַמאָל איז געוואָרן א טומל צווישן די פּאַסאַזשירן. דער "מלאך־המות", דער גלאַוונער קאָנדוקטאָר, גייט קומען — האָט אימעצער אויסגעשריען. דער גרעסטער טייל פון די פּאַסאַזשירן וועלכע האָבן קיין בילעטן ניט געהאַט, האָבן זיך באַהאַלטן אונטער די ביינק. דער כעלמער איז אויך אַרונטערגעקראָכן אונטער א באַנק. נאָר זיינע שטיוול האָבן זיך אַרויסגעזען, צוציענדיק די אויפמערקזאַמקייט פונם קאָנדוקטאָר. דער קאָנדוקטאָר האָט אים א צי געטאָן פאַרן שטיוול: "וואו איז דיין בילעט?" דער כעלמער איז א דערשראָקענער אַרויסגעקראָכן פון אונטער דער באַנק, אַרויסגענומען דעם בילעט פון טייסטער, און ציינט אים דעם קאָנדוקטאָר.

— אז דו האָסט א בילעט —וואונדערט זיך דער קאָנדוקטאָר — טאָ וואָס־זשע דארפסטו זיך באהאלטן?

— פון וואנען זאָל איך וויסן? — מאכט דער בעלמער — איך זע אלע קריכן אונטער דער באנק, בין איך אויך געקראָכן.

(י)

שבועות־צייט האָט מען געטראָפן א בעלמער מיט א האמער אין האנט ארײַנשלאָגנדיק א טשוואָק אין וואנט.

— צו וואָס דארפסטו דעם משוואָק? — פרעגט אים איינער.

— איך רעכן זיך קויפן א היטל אויף ראש־השנה — האָט ער געענט־פערט — וועל איך האָבן וואו עס אויפצוהייננגען.



פון קינדהווייז אָן איז ער געווען ניט קיין איבעריקער חכם. זיין מזל איז געווען צו געבאָרן ווערן אין א שטאָט וואָס איז ניט אָנגעפילט מיט "חכמה". שוין אלס חדר־אינגל האָט ער געוויזן אז ער האָט זייער א "שארפן מוח". ווען דער רבי האָט אים אמאָל א פרעג געטאָן: "יאָסל, וואָס האָבן די אידן געטאָן ווען זיי זיינען ארוים פון ים?" האָט ער געענטפערט, אז זיי האָבן זיך אויסגעטריקנט. האָבן עטלאכע חברה אין חדר דערהפילט, אז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט א "שארפן קאָפּ". האָט מען אים איינגעשמועסט אז ער זאָל גיין פרעגן ביים רבי'ן, ווי איז דער דין, אז תשעה באָב פאלט אוים אום ראש־השנה, צי זאָל מען זאָגן גאנץ הלל אָדער האלב הלל. האָט ער געכאפּט א מיאוסן אָפּשניט פון רבי'ן און חברה האָבן געהאט פון אים וואָס צו לאכן.

אין דער היים האָט ער אויך ניט ארויסגעוויזן קיין גרויסע חכמה. זיין טאטע האָט אים אמאָל געשיקט ברייגגען א פּאָר שיך פונם צווייטן צימער. גייט יאָסל און ברייננגט צוויי רעכטע שיך. בייזערט זיך אויף אים דער טאטע און הייסט אים ברייגגען א גאנצע פּאָר שיך. גייט יאָסל אוועק און קומט צוריק און זאָגט דעם טאטן, אז קיין גאנצע פּאָר שיך איז ניטאָ, עס זיינען נאָר דאָ א פּאָר רעכטע שיך און א פּאָר לינקע שיך.

דער טאטע זיינער האָט אים איינמאָל געהייסן שרייבן א בריוו צום זיידן. שרייבט יאָסל א בריוו מיט גוואלדיק גרויסע אותיות. פרעגט אים דער טאטע: וואָס שרייבסטו אזעלכע גרויסע אותיות? האָט ער געענטפערט, אז אזוי ווי דער זיידע איז א טויבער דארף מען צו אים שרייבן מיט גרויסע ווערטער. אז ער איז פארטיק געוואָרן מיטן בריוו, זאָגט אים דער טאטע: "גיי און שיק אוועק דעם בריוו". זאָגט אים דער פּאָסט באאמטער, אז דער בריוו איז צו שווער פאר דער מארקע וואָס ער האָט ארויפגעלייגט אויפן קאָנווערט. "טאָ וואָס־זשע זאָל איך טאָן?" פרעגט יאָסל. "לייג ארויף נאָך א מארקע", — ענטפערט דער באאמטער. קראצט זיך יאָסל אין פּאטילניצע און קאָן ניט פארשטיין: אז איך וועל ארויפלייגן נאָך א מארקע, וועט שוין דער בריוו דען ווערן גרינגער?... אז ער האָט שוין דעם בריוו ארייננעוואָרפן אין קעסטל, האָט ער זיך אנידערגעשטעלט לעבן קעסטל און שטייט. מ'דארף עסן וועטשערע און יאָסל איז ניטאָ. וואו איז יאָסל? פרעגט די מאמע. יאָסל איז אוועק אין פּאָטשט. הכלל, מ'האָט אים אויפגעזוכט נאָכדעם ווי ער איז דאָרט אָפּגעשטאנען עטלאכע שעה. וואָס שטייסטו דאָ? פרעגט מען אים. איך וואַרט אויף אן ענטפער פון זיידן, האָט ער געענטפערט.

און פון וועמען האָט יאָסל געקאָנט לערנען חכמה? פונם רבי'ן פון זיינעם? ער איז אויך, זאָל ער מיר מוחל זיין, ניט געווען קיין גרויסער חכם. יאָסל האָט אים אמאָל געבעטן ער זאָל אים אָפּלאָזן פון חדר אויף א האלבן טאָג, ווייל זיין פעטער איז געשטאָרבן. מאכט צו אים דער רבי: א פעטער? צוליב א פעטער מבטל זיין לימוד התורה? מילא, גיי, אָבער בעסער וואָלט געווען ווען דיין טאטע אָדער דיין מאמע שטארבט, דאמאָלסט וואָלסטו גע־האט מער רעכט אויף בטול תורה.

די מאמע זיינע פלעגט אויך האָבן געבראָטענע צרות פון אים. וואָס מען שאפט זיך מיט אים איז שלעכט. איז איינמאָל, ערב שבת איז דאָס גע־

ווען, זי איז געווען פארנומען מיט צוגרייטן אויף שבת, זאָגט זי צו אים: "יאָסל, גיי אריין צו בערל דעם קצב און זע אויב ער האָט קעלבערנע פיסלאך". גייט ער אוועק און קומט צוריק: "בערל דער קצב גייט אין הויכע שטיוול, קאָן איך ניט זען וואָס פאר א פיס ער האָט..." — זאָגט יאָסל.

און פון וועמען זאָל ער זיך לערנען חכמה, פון דער מאמען פון זיי־נער? אז זי איז אויך, זאָל זי מיר מוחל זיין, קיין גרויסע חכמה ניט געווען. זי האָט אמאָל חתונה געמאכט א טאָכטער, פרעגט מען איר: איז אייער בתיה די וואָס האָט חתונה געהאט, גליקלאך? יע, זאָגט זי, זייער גליקלאך. אויף אלע אידישע טעכטער געזאָגט געוואָרן: זי איז קיין עין הרע זייער צופרידן. נאָר איין קלייניקייט: זי האָט פיינט דעם מאן אירן, דעם רשע. נאָר איר ווייסט דאָך, אין לעבן איז קיין פולשטענדיק גליק ניטאָ.

און דער טאטע זיינער, מיינט איר, איז געווען אזא גרויסער חכם? עס זיינען דאָ גרעסערע חכמים ווי ער. איז עס א וואונדער וואָס יאָסל איז אויסגעוואָקסן אזא בהמה? איינמאָל זאָגט די ווייב זיינע צו אים: "חיים, קום ארויס אביסל שפאצירן, עס איז שיין אין דרויסן". "וואָס איז די פעולה פון גיין שפאצירן", האָט חיים געענטפערט. "אז מ'קומט דאָך סיי ווי סיי צוריק אהיים, טאָ וואָס־זשע דארף מען גיין?"

דער זיידע זיינער, זאָל ער מיר טויזנט מאָל מוחל זיין (ער איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט), איז אויך ניט געווען פון די איבעריקע חכמים. ער פלעגט אלץ טענה'ן צו זיינע אייניקלאך, זיי זאָלן ניט רויכערן. רויכערן, האָט ער גע'טענה'ט, הרג'עט אוועק א מענשן. "אָט ביזטו דאָך שוין 93 יאָר אלט", זאָגט אים אן אייניקל, "און פונדעסטוועגן ביזטו נאָך געזונט און שטארק, כאָטש דו רויכערסט" (ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 98). "הערסטו דאָך", האָט דער אלטיטשקער חכם געענטפערט, "ווען איך רויכער ניט וואָלט איך שוין איצט אפשר הונדערט און צען יאָר אלט געווען. דאָס רויכערן איז געווען מיין אומגליק. עס האָט מיך גע'פטר'ט".

איז ווי איר זעט די גאנצע פאמיליע יאָסלס געווען ניט קיין איבער־געשפיצטע. נאָר יאָסל אליין איז טאקע געווען גאָר א גרויסע בהמה, וואָס מען דארף זוכן אין מדינות. מ'קאָן זיך דען אָנדערציילן די צרות וואָס מען פלעגט פון אים אויסשטיין? א קלייניקייט: איינמאָל קומט צופאָרן צוגאסט יאָסלס א פעטער. דער פעטער האָט, לא עליכם, ניט פאר קיין שום אידן גערעדט, געהאט אן איינגעשרומפּענע נאָז; נו איז וואָס? אָבער מ'ווייס דאָך אז מ'האָט א צרה אין שטוב: יאָסל. פארזאָגט מען יאָסלען אז ער זאָל קיין שום באַ־מערקונגען ניט מאַכן וועגן דעם פעטערס נאָז, ווייל, געוויינלאך, ער האָט דאָס ניט ליב, און ער איז דאָך א גאסט. זייער שיין. צו וועטשערע אָבער, ווען דער פעטער האָט זיך מיט זיין נעזל אוועקגעזעצט ביים טיש, — ערשט, רבי יאָסל, דער חכם אונזערער, גיט א געשריי צום טאטן: "טאטע, וואָס האָסטו מיר געזאָגט איך זאָל ניט ריידן וועגן דעם פעטערס נאָז, אז ער האָט דאָך גאָר קיין נאָז ניט?

ער אליין, יאָסל, איז אויך ניט געווען קיין איבעריקער קראסאוועץ. פלעגן די חברה אין חדר לאכן פון אים. פלעגט ער מיט זיי איינ'טענה'ן, אז

קינדרוויין איז ער געווען גאָר א גרויסער קראַסאַוועץ, נאָר איין מאָל האָט גע־טראָפן אַן אומגליק, א ציגיינערקע האָט זיך אריינגעגנב׳עט אין צימער, ארויסגענומען אים פון וויגעלע, און אריינגעלייגט אהין א מיאוסן.

פון די געשפּרעכן וואָס פלעגן פאָרקומען צווישן טאַטע־מאַמע האָט יאָסל אויך קיין חכמה ניט געקאָנט לערנען. איינמאָל איז די מאַמע זיינע געווען עפּעס זייער אין כעס און א זאָג געטאָן צו איר מאַן: ״א שיינעם לעבן האָב איך מיט דיר אָפּגעלעבט. אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרן! איין טרייסט האָב איך אין לעבן: אז איך וועל נאָך בלייבן אַן אַלמנה״. ווערט ער מלא רציחה, חיים, הייסט עס, און גיט א זעץ איבערן טיש: ״ניין, זאָגט ער, כל זמן איך וועל לעבן, וועט דאָס ניט זיין״.

אז יאָסל איז עלטער געוואָרן האָט ער זיך פונדעסטוועגן גענומען מענשלען אביסל. האָט אים דער טאַטע געזאָגט: ״יאָסל, ווילסט זיין א מענש, דאַרפסטו זיך רייבן צווישן מענשן״. גייט יאָסל ארויס אין גאַס, ער זעט עס שטייען צוויי אידן און ריידן, רוקט ער זיך אריין צווישן זיי און הויבט זיך אָן טרייסלען. פרעגט מען אים: ״וואָס איז דאָס?״ ענטפערט ער: ״דער טאַטע האָט מיר געהייסן רייבן זיך צווישן מענשן״.

אז ער איז געוואָרן עלטער, פלעגט ער שוין גיין אמאָל קויפן א זאַך אליין, אָן דעם טאַטן. איז ער איינמאָל געגאַנגען קויפן א היטל. קומט ער אריין צום קירזשנער, דערמאָנט זיך אָן עפּעס, און נעמט גלייך גיין צוריק. פרעגט אים דער קירזשנער: וואוהין גייסטו? איך וועל באַלד קומען צוריק — האָט יאָסל געענטפערט — איך האָב פאַרגעסן מיטצונעמען די מאָס פון מיין קאָפּ.

און דאַכט זיך, ער רייבט זיך שוין צווישן מענשן, און ער איז נאָך אַלץ א בהמה. צעשלאָגט ער זיך איינמאָל מיט די חברים און קריגט א צע־דראָפּעטן שטערן. פרעגט אים דער טאַטע: ״ווער האָט דיך צעדראַפּעט?״ ״קיינער ניט — ענטפערט ער — איך האָב זיך אליין צעביסן״. ״ווי קענסטו מיט די ציין קומען צום שטערן?״ ״איך האָב זיך געשטעלט אויף א בייטקל״ — האָט ער געענטפערט.

אז ער פלעגט זיך צוזאַמענקומען מיט חברים, פלעגט מען שמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים. דערציילט איין חבר: א כעלמער איד איז געווען א גרויסער אָרימאַן. אַלץ וואָס ער האָט געהאַט איז געווען א פּאָר צעריסענע הויזן. איז ער אַוועק אין א גרויסער שטאָט. און איצט האָט ער אפשר א ״מי־ליאָן״. ״אויף וואָס דאַרף ער א מיליאָן פאַר צעריסענע הויזן?״ — כאַפּט זיך יאָסל ארויס.

און אז מ׳האָט אים אמאָל אָנגעזאָגט אז זיינער א ברודערל איז גע־שטאָרבן, האָט ער א זאָג געטאָן: ״ס׳א ליגן, ס׳קאָן ניט זיין. איך בין דאָך דער בכור״.

אָבער די יאָרן וואַרטן ניט, און יאָסל איז קיין עין הרע געוואָרן א גרויסער בחור. האָט זיך אָנגערוקט דער פּריזיוו, און מ׳האָט אים צוגענומען פאַר א סאָלדאַט. נעמט מען אים מושטירן: ״נאַליעוואָ״, ״נאַפּראַוואָ״ (רעכטס, לינקס). דרייט ער זיך איין מאָל, צוויי מאָל א. א. וו. עס איז אָבער

געקומען צום פינפטן מאָל, און א ספּילטשיוועד איז ער געווען, האָט ער דעם פעלדפעבעל דערלאנגט א פּאטש איבערן פּנים און א געשריי געטאָן: "וואָס איז דאָס, ביזט משוגע געוואָרן? איך פארשטיי ניט, אָדער נאליעווא, אָדער נאפּראווא, איינס פון דיביידע, אָבער ניט ארומדרייען זיך א גאנצן טאָג".

זייענדיק א סאָלדאט, איז ער צוויי יאָר ארומגעגאנגען און געקלערט: פון וואנען האָט דער קייסער געוואוסט, אז מ'רופט אים יאָסל, און אז מ'דארף אים נעמען פאר א סאָלדאט. נאָך צוויי יאָר קלערן, האָט ער זיך דערמאָנט: איינמאָל איז דער קייסער' דורכגעפאָרן בעלם, איז די גאנצע שטאָט ארויס אים זען. איז ער, יאָסל, דאמאָלסט געשטאנען מיט זיינעם א חבר, יענקל: איז ווען דער קייסער איז דורכגעפאָרן לעבן זיי, האָט יענקל א געשריי געטאָן: "יאָסל, דאָס איז דער קייסער!" און א גוטע קאָפּ האָט דאָך דער קייסער, און קיין אנדערע דאגות האָט ער דאָך אויך ניט, האָט ער געדיינקט אז ער הייסט יאָסל, האָט מען אים צוגענומען. והראיה, יענקלען (ער איז געווען א האָרבאָ־טער, יענקל) האָט מען טאקע קיינמאָל פאר א סאָלדאט ניט גענומען, ווייל ער, יאָסל, האָט יענקלס נאָמען ניט דערמאָנט בשעת מעשה. א גרויסע בהמה, דער יענקל געווען, אריינגערוקט אים, יאָסלען, אין אן אומגליק, צוליב איין וואָרט.

ווען ער איז געווען אין "סלוזשבע", האָט אים זיין טאטע געשריבן אז ער וועט קומען באזוכן אים. האָט ער געדאַרפט אנקומען, דער טאטע, מיט דער באן, דינסטאג. בעט זיך יאָסל מאָנטאג ביי זיין עלטערן אָפיצער, ער זאָל אים אָפּלאָזן, ווייל ער דארף גיין צו דער באן באגעגענען זיין טאטן. "ווען דארף ער אָנקומען?" — פרעגט דער אָפיצער. "מאָרגן, דינסטאג" — זאָגט יאָסל. "טאָ וואָס־זשע ווילסטו גיין היינט?" "איך וויס, ענטפערט יאָסל. אפשר וועל איך מאָרגן קיין צייט ניט האָבן?"

אז ער איז געקומען פון סלוזשבע, האָט מען אים גענומען ריידן שידוכים. האָט ער זיך געדארפט זען מיט א מיידל. האָט מען אים אין דער היים פארזאָגט, אז ווען ער קומט צווישן מענשן זאָל ער זיך ניט שעמען, — מ'דארף זיין א מענש. מ'דערלאנגט א גלעזל טיי, דארף מען טרינקען, מען דארף זיך ניט אָפּזאָגן, ס'איז ניט שיין. ער זיצט ביים טיש, ביי דעם מיידלס עלטערן, מ'דערלאנגט א גלאָז טיי, ער טרינקט; א צווייטע, א דריטע. עס ווערט אים ווארימלאך — ער טרינקט. ער האלט שוין ביי דער צוועלפטער גלאָז. ער פילט ער ווערט צעפּלאצט. ער טרינקט נאָך אלץ. אז ס'איז געקו־מען צו דער פופצנטער גלאָז, איז ער ארויס פון געדולד, געגעבן א זעץ איבערן טיש און א זאָג געטאָן: "דער שידוך מעג אפילו צעגיין, מער טרינק איך ניט!"

מילא, מיט יענעם מיידל איז דער שידוך צעפאלן געוואָרן. אָבער מ'האָט אים גערעדט אנדערע שידוכים. איז איינמאָל האָט מען אים גערעדט א שידוך מיט גאָר א פיין מיידל. האָט אים דער שדכן פארזאָגט, אז דאָס מיידל איז א קלוג מיידל און מ'דארף וויסן ווי צו ריידן מיט איר. ער דארף אנפירן א געשפּרעך וועגן הדיי ענינים מיט דעם מיידל: וועגן פאמיליע זאכן, וועגן ליבע און וועגן פילאָסאָפיע, אויב ער וועט וויסן וואָס צו ריידן, איז גוט, אניט — ניט. געקומען צו דעם מיידל, מענשן זיצן ביים טיש, כאפּט

ער זיך ארויס: איר האט א קליין ברודערל? יע, זאגט זי. נו, קלערט ער, אראפגע'פטר'ט איין בארג פון קאפ. אין א מינוט ארום: "האבעטע גרויסן האט איר ליב?" — ניין, ענטפערט זי. נו, קלערט ער, שוין באלד פטור גע־ווארן פון די צרות. אין א פאר מינוט שפעטער נעמט ער זיך צו דער פילא־סאפיע: זאגט מיר, איך בעט אייך, פרעגט ער, ווען איר האט ניט קיין קליי־נעם ברודערל, וואלט איר ליב געהאט האבערנע גרויפן? מ'זאגט אז דער שידוך איז אויך דורכגעפאלן.

דעם אמת זאגנדיק, איז ניט קיין וואונדער וואס עס איז אים געגאנ־גען שווער אין שידוכים, ווייל אין שטאט האט מען גערעדט, אז ער איז ניט קיין גרויסער חכם. און אנגעהויבן האט זיך דאס גלייך ווי ער איז געקומען פון סלוזשבע. עס איז געווען יום טוב צייט. פארגרעבט איז ער געווארן אויף דער סלוזשבע. אין בית מדרש דארף מען גיין דאווענען. זאגט צו אים דער טאטע: "יאסל, ראש השנה נאך מעריב, אז מ'וועט דיר זאגן לשנה טובה תכתבו, זאלסטו ענטפערן "גם אתם". נאך מעריב פרעגט אים דער רב: "נו, יאסל, זיך אויסגעדינט, ווי איז דאס דיר עפעס געגאנגען?" א, זאגט יאסל, איך האב געהאט זייער א פאסקודנעם פעלדפעבעל, פלעגט ער מיר די יארן דערגיין. זאגט דער רב: "ימח שמו וזכרו". גיט א זאג יאסל באלד צוריק: "גם אתם". עטלאכע מענשן האבן דאס געהערט, איז אוועק א גאנג.

דער סוף איז געווען, אז ער האט יא חתונה געהאט.

* * *

אז יאסל דער בעלמער האט חתונה געהאט, קאנט איר אליין פאר־שטיין, אז קיין גאר געראטענע ווייב האט ער ניט גענומען. ווייל א געראטענע ווייב דארף דאך ניט האבן יאסלען פאר א מאן. האט ער חתונה געהאט מיט א מיידל וואס האט געהאט א געשטופלט פנים, א בלינדע אויף אן אויג, מיט א לאנגער נאז, געווען אביסל הארבאטע און צוגעשלעפט אביסעלע מיט איין פוס. ווייטער איז זי געווען נישקשה. קיין איבעריקע חכמה איז זי, נאטירלאך, אויך ניט געווען. טרעפט איינמאל, נאך דער חתונה, איז געקומען צופארן קיין בעלם יאסל'ס אן אלטער פריינט. פארבעט אים יאסל צו זיך צו גאסט. דער יונגערמאן, דער גאסט, קוקט אריין, ער גיט א קוק אויף יאסל'ס יפיפיה, איז אים פינסטער געווארן אין די אויגן. אזא פארזעעניש! מילא, שווייגט ער. נאך וועטשערע רופט ער אים אפ אין א ווינקל און גיט אים א זאג: יאסל, וואס איז דאס מיט דיר געווארן? געווען, קיין עין הרע, א פיינער בחור, פון יחוס, א שיינער, א געזונטער, גייסטו און האסט חתונה מיט אזא פארזעעניש?" געזאגט האט עס דער גאסט שטילערהייט, זי, די אידענע, זאל דאס חלילה ניט דערהערן. "ס'מאכט ניט אויס", גיט יאסל א זאג צו אים, "קאנסט ריידן העכער, זי איז א טויבע אויך".

קיין גרויסער אויפטוער איז יאסל ניט געווען. איז ער די ערשטע עט־לאכע יאר נאך דער חתונה געזעסן בייב שווער אויפן קארק. דעם שווער האט עס אפילו ניט געשמעקט, אבער וואס קאן מען טאן, ארויסוואהפן אים אין גאס? אבער ווי איז דער דין אז עס גייט אוועק א יאר, און נאך א יאר, און

עס יאָוועז זיך אַ פּאָר קינדער ביי יאָסלען, די פֿאַמיליע, קיין עין הרע, וואַקסט אונטער. גיט אַ זאָג צו אים איינמאָל דער שווער: "יאָסל, וואָס וועט זיין דער תכלית? ווי לאַנג וועסטו מיר זיצן אויפֿן קאַרק? דיינקסטו ניט, אַז ס'איז שוין צייט זאָלסט זען עפּעס טאָן, פֿאַר זיך?" דאָס איז גראָד פֿאָרגעקומען ביים אָנבייסן נאָכן דאַוונען. געגעסן האָט מען ביים אָנבייסן לאַטקעס, בולבענע לאַטקעס. זי, די שוויגער, האָט אויך אריינגעוואָרפֿן אַ וואָרט: "אַ מענש זאָל ארומגיין פּוסט און פּאַס, אַ פֿינגער אין קאַלטע וואַסער ניט אריינלייגן! און עסן עסט עס ווי אַ פֿערד! אדרבא, גיט זי אַ זאָג צו אים, דו ווייסט וויפֿל לאַטקעס דו האָסט שוין אריינגעריבן איצט צום אָנבייסן?" "איך האָב ניט געציילט", האָט יאָסל אַ זאָג געטאָן מיט כעס. "און איך האָב שוין דווקא יאָ געציילט", האָט די שוויגער אַ זאָג געטאָן, "זעקס און צוואַנציק האָסטו שוין אויפֿגעגעסן, און דאָס איז די זיבן און צוואַנציקסטע". יאָסל איז געוואָרן מלא רציחה און איז אוועק פֿון טיש. שפּעטער דערציילט ער זיין ווייבל די גאַנצע געשיכטע ווי עס איז פֿאָרגעקומען (זי איז ניט געווען דערביי). "עס האָט מיר אַזוי פֿאַרברענט, האָט ער מיט כעס דערציילט, דער אופֿן ווי אַזוי דיין מאַמע האָט מיר אריינגעזאָגט וועגן די לאַטקעס, אַז איך בין אוועק פֿון טיש ניט פֿאַרזוכנדיק קיין אָנבייסן". קיין שלום בית איז שוין פֿון דאַמאָלסט אָן אין שטוב ניט געווען און יאָסל האָט אָנגעהויבן זוכן פּרנסה.

נו, צו וואָס נעמט מען זיך? קיין מלאכה האָט ער ניט געלערנט. און אַז ניט קיין מלאכה, וואָס וועט ער ווערן, אַ רבֿ? איז אַ רבֿ טאַקע גיט. אָבער אַ שמש קאָן ער דאָך ווערן! האָט זיך גראָד געמאַכט אַז דער שמש פֿון שטעטל, אַן אַלטער מאַן געוועזן שוין, האָט גענומען און אוועקגעלייגט זיך און געמאַכט אַ שטאַרב, און מ'האָט צוגענומען יאָסלען פֿאַר אַ שמש.

אַז ער איז געוואָרן שמש, האָט ער געטראַכט, אַז מען דאַרף וויזן דעם עולם וואָס ער קאָן. מ'דאַרף אויפֿטאָן עפּעס נייעס. גייען אריין איינמאָל בעלי־בתים דאַוונען אין שטאָט־שול און מ'דערזעט דאָרט אויפֿן אויוון אַז אויפֿשריפֿט מיט קידוש לבנה אותיות: "זה התנור שייך לבית הכנסת הגדול בק"ק כעלם". וואונדערט מען זיך, און מען פֿרעגט דעם שמש: וואָס באַדייט עס? ענטפֿערט יאָסל אויפֿן אָרט: "וואָס פֿאַרשטייט איר דאָ ניט? די לעצטע צייטן הערט מען זיך אָן פֿון גרויסע גנבות אין כעלם. האָב איך מורא געהאַט טאָמער וועלן זיך אריינרייסן גנבים און אוועק'לקח'נען דעם אויוון". זיינען כעלמער אידן געווען צופֿרידן מיטן אויפֿטו, און עס איז אוועק אַ גאַנג אַז ער איז אַ גוטער שמש.

ער אליין האָט געהאַט נאָך אַ נאָמען אין כעלם. מען האָט אים גערופֿן "יאָסל קוואַקטשיק". גערופֿן האָט מען אים אַזוי, ווייל ער פֿלעגט קוואַקען ווי אַ הון. אַז מען האָט אים גערופֿן קוואַקטשיק, האָט מען זיין ווייב, נאַטירלאַך, לכתחילה, גערופֿן, חוה קוואַקטשיכע. (חוה איז געווען זיין צווייטע ווייב. די ערשטע, די טויבע, איז, ניט פֿאַר קיין שום אידן געדאַכט, געשטאָרבן). אָבער נאָכדעם ווי ער, יאָסל, איז געוואָרן שמש, און זי שמש'טע, איז זי געוואָרן אַ גאַנצע מאַכערקע צווישן די ווייבער אין שול. זי איז געוואָרן דער עיקר, און ער אליין איז געוואָרן דער תפֿל. האָט מען אים פֿון

דאמאלסט אָן גערופֿן אויף זיין ווייב'ס נאָמען : "קוואקטשיכעס מאַן". איז זיין נאָמען געוואָרן : יאָסל דער שמש קוואַקטשיכעס מאַן.

נו, פֿון שמשות אַליין קאָן מען קיין לעבן ניט מאַכן. איז געבליבן אַז יאָסל זאָל פֿאַרקויפֿן דעם עולם ווײַן אויף פסח, וועט ער דערהפֿון עפּעס פֿאַרדינען. איז איינמאָל, אַ פּאָר טעג פֿאַר פסח, האָט יאָסל באַמערקט אַז עס פֿעלט עפּעס אַ סך ווײַן פֿון פֿעסל. ווייזט ער קוואַקטשיכען, זאָגט זי אַז מ'דאַרף אַ קוק טאָן פֿון אונטן, אפשר איז דאָ אַ לאָך אין פֿעסל. "ביזט אַ גרויסע בהמה", ווערט יאָסל אין כעס, "וואָס הייסט אונטן? דער ווײַן פֿון אונטן איז דאָך דאָ אינגאַנצן; פֿעלן פֿעלט דאָך פֿון אויבן, טאָ וואָס־זשע ווערסטו, בהמה איינע, קוקן פֿון אונטן?" דער סוף פֿונם מעשה איז געווען, אַז זיי האָבן איבערגעקערט ס'פֿעסל צו זען צי עס איז טאַקע דאָ אַ לאָך, און יאָסל מיט זײַן משפּחה האָבן נעבאַך געהאַט אַ פֿאַרשטערטן פסח.

יע, איך האָב אייך פֿאַרגעסן דערציילן, אַז בשעת יאָסל האָט זיך נעדאַרפֿט אַרויסקלײַבן פֿון זיין שווער, האָט ער געדאַרפֿט דינגען אַ דירה. איז ער אַרומגעגאַנגען זוכן אַ דירה. געוויינלאַך האָט ער געוואָלט נאָענט לעבן דער שול. האָט זיך גראָד ניט געמאַכט. איז געבליבן ביי אים דינגען אַ דירה וואָס עס זאָל זיך ניט מאַכן. האָט מען אים אָנגעוויזן אויף אַ דירה, וואָס איז געווען גאַנץ נישקשה, נאָר וואָס דען? דאָס הויז איז געווען לעבן אַ שיינק וואו שיכורע גויאים פּלעגן טרינקען און שרייען און טומלען טאָג און נאַכט. זאָגט יאָסל צום באַלעבאָס : "די דירה האָט אַ חסרון, עס איז צו טומלדיק". זאָגט דער באַלעבאָס : "דאָס איז נאָר די ערשטע פּאָר טעג, נאָכדעם געוויינט מען זיך צו". "אויב אַזוי, זאָגט יאָסל, איז גוט; די ערשטע פּאָר נעכט וועלן מיר איבערנעכטיקן ביי אונזערן אַ קרוב".

אָבער נחזור לענינינו. איז פֿון שמשות האָט ער זיך געמאַכט אַ לעבן. און די באַלעבאַטים זיינען געווען צופֿרידן פֿון אים, והראיה, איינמאָל, סליחות צייט, איז ער עפּעס, ניט פֿאַר קיין שום אידן געדאַכט, געוואָרן קראַנק און ניט געקאָנט גיין קלאַפּן אין די לאָדנס. האָט ער געבעטן אַלע אידן אַרונ־טערצונעמען אַלע לאָדנס פֿון די הייזער און ברענגען זיי אין בית מדרש — ער זאָל קאָנען קלאַפּן אויף איין אָרט, און פֿאַרשפּאָרן זיך אַרומשלעפּן אין בלאָטע מיט די שוואַכע פֿיס. האָבּ' זיי דאָס געטאָן מיט פֿאַרגעניגן, און מען האָט צוזאַמענגעבראַכט אַלע לאָדנס אין שול אַריין און יאָסל קוואַקטשיכעס האָט געקלאַפּט. מ'האָט אים פּשוט געראַטעוועט דאָס לעבן. איי עס געווען גאַנץ נישקשה, ווען עס מאַכט זיך ניט דער עסק מיט אָשר־ליב'ן... אָשר־ליב איז געווען איינער פֿון די חשוב'סטע באַלעבאַטים פֿון שטאָט. האָט ער זיך עפּעס איינמאָל פֿאַרריסן מיטן שמש. גייט דער שמש, דער חכם, און רעדט זיך אַרויס פֿאַר אַ פּאָר באַלעבאַטים וועגן אָשר־ליב'ן, אַז "פֿון אַ חזיר'שן עק קאָן מען קיין שטריימל ניט מאַכן". נו, מער האָט מען ניט געדאַרפֿט. דאָס איז גלייך אָנגעקומען צו אָשר־ליב'ן און אָשר־ליב האָט געפֿאָדערט אַז ער, דער שמש, זאָל בעטן מחילה ביי אים, אָשר־ליב'ן, בפּומבי, פֿאַר גאַנצן עולם. איז יאָסל דער שמש אַרויף אויפֿן בימה (וואָס וועט אַ איד ניט טאָן צוליב פּרנסה?) און זיך מודה געווען בפֿני כל עם ועדה, פֿאַרן גאַנצן עולם, אַז ער

האָט זיך טועה געווען, ד. ה., ער האָט פריער געזאָגט אַז פון אַ חזירשן עק קאָן מען קיין שטריימל ניט מאַכן, זאָגט ער איצט, אַז ער האָט אַ טעות גע־האַט : "פון אַ חזירשן עק קאָן מען יאָ מאַכן אַ שטריימל". נו, דאָס איז געווען יאָסל'ס סוף אלם שמש. אשר־ליב האָט זיך אַריינגעלייגט אין ענין, און מ'האָט יאָסלען געהייסן גיין.

נו. וואָס זשע טוט מען איצט? איז געווען אַ פראַגע: אָדער ווערן אַ שניידער, אָדער אַ שוסטער. וואָס דען, אַ רב וועט ער ווערן? האָבן אים זיינע פריינט אַן עצה געגעבן צו ווערן אַ שוסטער, ווייל ס'איז דאָך אַ פּראָס־טער שכל, האָבן זיי געזאָגט, אַ מענש האָט דאָך צוויי פיס, דאַרף מען דאָך פאַר יעדן מענשן צוויי שיך, איז דאָך אַ פּראָסטער חשבון, אַז מ'דאַרף האָבן צוויי מאָל אַזויפיל שיך וויפל מענשן אויף דער וועלט, וועט ער מאַכן אַ לעבן. אַנדערע ווידער האָבן געהאַלטן פון שניידעריי. דערנאָך, אַז ער איז געוואָרן אַ שוסטער, פלעגט ער זאָגן, אַז די וועלכע האָבן אים צוגערעדט צו שוסטעריי זיינען טאַקע געווען קלוגע מענשן, והראיה, האָט ער גע'טענה'ט, ער איז שוין אַ שוסטער עטלאַכע יאָר, און וואָלט דאָס כאָטש איינער אַריינקומען בעטן אויפנייען אַ פאַר הויזן; ווען ער פאָלגט די אַנדערע פריינט, וואָלט ער מסתמא פון הונגער געשטאָרבן.

פון יאָסלען שטאַמט דאָס טאַקע די דערפינדונג, אַז מענשן וואַקסן מיט די קעפ אַרויף און ניט מיט די פיס אַראָפּ. אָט דאָס פּראָבלעם, ווי וואַקסט אַ מענש, מיטן קאָפּ אַרויף, צי מיט די פיס אַראָפּ, האָט יאָסלען באַ־אומרואיקט אַ סך יאָרן. איז איינמאָל האָט ער דאָס אויסגעפונען. ער איז גראָד געגאַנגען פאַרביי די קאַזאַרמעס פון די סאָלדאַטן. זיינען די סאָל־דאַטן געשטאַנען אויסגעמושטירט גלייך ווי סטרונעס, האָט ער אויסגערעכנט אַז אַ מענש, אַזוי ווי אַ סאָלדאַט, וואַקסט מיטן קאָפּ אַרויף, והראיה: אַזויפיל סאָלדאַטן, זיינען די פיס ביי אַלעמען געווען גלייך, אָבער די קעפּ, איינער הע־כער, איינער נידעריקער, איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג, אַז מענשן וואַקסן מיטן קאָפּ אַרויף. ער האָט זיין דערפינדונג באַלד דערציילט זיינע פריינט, און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אויף דער וועלט. אָבער דער קרעדיט פאַר דער דערפינדונג קומט יאָסלען, קוואַקטשיכעס מאַן.

הכלל, ער האָט פון שוסטעריי אויך געמאַכט אַ לעבן. אַ מענש אָבער ווערט שטענדיק עלטער, ניט אינגער. יאָרן רוקן זיך אונטער און מ'ווערט שוואַכער. האָט ער אָנגעהויבן אונטערצוהינקען מיט דער אַרבעט אַביסל. איבערהויפּט פלעגט ער זיך איבערפירן מיט דעם וואָס ער האָט אָנגעהויבן מאַכן די שיך צו קליין. אויף אַלע טענות פון זיינע קונדן פלעגט ער ענטפערן אַז די שיך זיינען ניט קליין, נאָר זייערע פיס זיינען צו גרויס. האָט דער עולם זיך אָנגעהויבן אָפּרוקן פון אים, איז קיין נייע שיך פלעגט מען ביי אים גאָר ניט מאַכן, נאָר וואָס דען — לאַטעס. איז ער געוואָרן אַ לאַטוטניק. נו, איז וואָס? לאַטוטניקעס לעבן אויך אויף דער וועלט. איז אָבער די צרה, אַז ער פלעגט לייגן אַ לאַטע פלעגט זי זיך גלייך אָפּרייסן. פלעגט ער איינניייען אַ קנעפּל אין שוך, פלעגט עס זיך מיט דער מינוט אָפּרייסן. פלעגט מען בריינ־גען דעם שוך נאָכאַמאָל, פלעגט ער איינניייען אַ צווייטן, אַ דריטן און אַ

פערטן מאָל, און עס פלעגט אַלץ אַראָפּפאַלן. פלעגט ער טענה'ן: אַז דאָס איז ניט זיין שולד, נאָר די שולד פונם שוסטער וואָס האָט איינגענייט די קנעפּלאַך לכתחילה, והראיה, ער, יאָסל, האָט שוין פינף מאָל איינגענייט, און עס פאַלט נאָך אַלץ אַראָפּ. האָט מען אויפגעהערט אינגאַנצן צו גיין צו אים. איז שלעכט, כאָטש נעם און שטאַרב פון הונגער. און דערווייל האָט זיך אָנ־געזוקט אַ גאַנץ פיינע משפחה, קינדערלאַך, קיין עין הרע, מיט אַ פּתחון פּה, וואָס ווילן עסן.

פלעגט ער זיך ארומשלעפּן איבער די גאַסן פוסט און פּאַס. ניטאָ וואָס צו טאָן. איינמאָל גייט ער אַזוי אין גאַס פאַרביי אַ גרויס הויז, וואָס האָט באַלאַנגט צום גרעסטן גויאישן גביר פון שטאָט. באַטראַכט ער די גרויסקייט פונם בנין. באַגעגנט אים זיינער אַ באַקאַנטער: "וואָס וואָלסטו, יאָסל, געטאָן, גיט אים דער באַקאַנטער אַ פרעג, אַשטייגער למשל, ווען מ'נעמט און מ'גיט דיר אָפּ דאָס הויז מיט אַלעס מיט אַנאַנדער?" ענטפערט ער: "איך וואָלט דאָס לכתחילה ניט גענומען, ווייל וואו וואָלט איך זיך געקאָנט אָנגעמען אַזוי פיל מזוזות פאַר אַזאַ פּאַלאַץ?"

אַז אַ מענטש האָט ניט וואָס צו טאָן און גייט אַרום פוסט און פּאַס, קלערט ער אַריין וועגן פאַרשיידענע זאַכן. מ'באַגעגנט נאָך אַ אידן וואָס האָט ניט וואָס צו טאָן, שמועסט מען וועגן גבירה'שאַפט, וועגן די רייכע לייט, וועגן מיניסטאָרן, ביז וואַנען מ'קומט אַרויף צום קייסער. שמועסט יאָסל איינמאָל מיט אַ בעלמער אידן וועגן דעם קייסער. "אָט, למשל", זאָגט דער בעלמער צו יאָסלען, "ווי אַזוי, אַשטייגער, רעכנסטו, טרינקט אַ קייסער טיי?" "וואָס מיינסטו זיך עפּעס", זאָגט יאָסל, "אַ קייסער טרינקט טיי ווי אַ פּראָסטער מענטש? מ'מאַכט אַ לאָך אין קאָפּ צוקער, מ'גיסט אַהין אַריין די טיי, און ער זשליאָקעט פון דאָרטן. און אַשטייגער, ווערט יאָסל צעקאָכט, ווי רעכנסטו, עסט אַ קייסער לאַטקעס? ווי אַ פּראָסטער בשר ודם? עס הויבט זיך ניט אָן! מ'מאַבט אים אַ בגד פון לאַטקעס, און מ'גיסט אַריין פוטער אין איין קעשענע, פון דער רעכטער זייט, און שמאַלץ אין דער צווייטער קעשענע פון דער לינקער זייט, און דער קייסער טוט אָן דעם בגד, זעצט זיך אַנידער אויף זיין קייזער־לאַכן שטול און רייסט זיך בהרחבה שטיקלאַך פון בגד און טונקט אין וועל־כער קעשענע ער וויל און עסט. און שיך, גייט ווייטער יאָסל אַריין טיפער אין ענין, מיינסטו אַז אַ קייסער טראָגט פּראָסטע לעדערנע שיך ווי אַ פּראָס־טער בשר ודם? ער טראָגט גאָלדענע שיך, טראָגט ער. ווּעסטו דאָך פרעגן: ער קאָן זיי איינריכטן אין בלאָטע? איז דאָ אַן עצה: מען טוט אויף זיי אָן גלעזערנע שיך, איז אַי מ'זעט דאָס גאָלד, אַי זיי וועלן זיך ניט איינפּאַטשקען. וועסטו דאָך פרעגן: גלעזערנע שיך קאָנען זיך דאָך צעברעכן? ביזטו טאַקע גערעכט. טוט מען אויף זיי אָן אַ פּאָר הילצערנע שיך, און מ'מאַכט אין זיי אַ לאָך, וועט מען דורך דער לאָך זען די גלעזערנע, דורך די גלעזערנע, די גאָלדענע, איז אַי זיי וועלן זיך ניט צעברעכן און ניט איינשמוצן, אַי אַלע וועלן זען אַז דער קייסער טראָגט גאָלדענע שיך." "וואָס טויגן אָבער — כאָפּט זיך אַרויס דער אַנדער בעלמער — שיך מיט אַ לאָך?" "דאָס איז גאָרניט — ענטפערט יאָסל — פאַרשטעקט מען מיט אַ שמאַטע".

אַט אַזוי אַרומשלעפּנדיק זיך אין גאַס, איז יאָסל אַמאָל צוגעקומען צום טייך, וואו מ'האָט געבויט אַ בריק. „אַ שכל גדול" — טראַכט ביי זיך יאָסל — וואָס מ'בויט אַ בריק אין דער ברייט פון טייך, ווען זיי בויען איר אין דער לענג וואָלט געקאָסט אַ מטמון מיט געלט". שטייענדיק ביים טייך, איז אים איינגעפאַלן אַ גוואַלדאָוונע דערפינדונג. נאָך וואָס, טראַכט ער, זאָל מען גיין כאַפּן פיש אין טייך, און דערנאָך זיי קאָכן אין וואַסער, אַז מ'קאָן אונטערלייגן פייער אונטערן טייך וועט זיין געקאָכטע פיש. בשעת מעשה. האָט ער געוואָלט לויפן צו דער ווייב זיינער און אָנזאָגן איר די שמחה: עס וועט זיין פיש אויף שבת. אָבער תוך כדי דבור איז אים איינגעפאַלן, אַז ס'איז עפּעס ניט אַזוי גלאַטיק, ווייל ס'איז פּשוט: עס וועט זיין אַזויפיל יויך, אַז מ'וועט זיך ניט קאָנען אָנגעמען קיין פעפער, און אָן פעפער וואָס טויגן די פיש?

הכלל, יאָסל, אַרומשלעפּנדיק זיך אַזוי אָן אַרבעט, איז געוואָרן שוואַך אויף איין פוס, אין איין פוס איז אים אַריינגעפאַלן אַ מין רומאַטיזם. איז ער געגאַנגען צו אַ דאָקטאָר. זאָגט דער דאָקטאָר צו אים: „אייער רומאַטיזם אין פוס נעמט זיך פון עלטער". „ס'איז מיר אַ חידוש", זאָגט יאָסל, „מיין צווייטע פוס איז פון זעלבן עלטער, און דאָך איז זי נישקשה".

זיין אידענע איז אויך נעבאָך פון צרות קראַנק געוואָרן. איז יאָסל אַרומגעגאַנגען, לא עלינו, אַ צעבראָכענער מענש. „איר זייט שטאַרק באַזאָרגט, זע איך, זאָגט אים איינער אַ כעלמער, וועגן אייער פרוי'ס געזונט". „נו, געווים. וואָס איז דער וואונדער, ענטפערט יאָסל, אַ לויה קאָסט היינטיקע צייטן אַפּ אַ שטיק מיט געלד, און וואו נעמט מען דאָס?"

הכלל, צייטן זיינען געווען שלעכט. האָט ער אָוועקגעשריבן אַ בריוו זיינעם אַ ווייטן קרוב אין וואַרשע, אולי ירחם, אפשר וועט ער מיט עפּעס העלפן. האָט אים דער קרוב געשריבן, אַז אַזוי ווי ער גייט דורכפאָרן כעלם אין גיכן צוליב געשעפט, וועט ער אים באַזוכן, און זען וואָס ער קאָן טאָן. דער קרוב איז אינגיכן געקומען טאַקע און האָט איבערגעלאָזן אַ פּאָר רובל. אָבער פּאָר עטלאַכע טעג איז יאָסל אַרומגעגאַנגען מיט אַ שווער פּראָבלעם. דער קרוב האָט געטראָגן אַ שטרויענע הוט און הענטשקעס. ווי מ'איז זיך נוהג אין גרויסע שטעט. האָט יאָסל ניט געקאָנט פאַרשטיין: ממה נפשך, איז זומער איצט, פאַרוואָס טראָגט ער הענטשקעס? אלא וואָס דען, ס'איז ווינטער? טאָ פאַרוואָס טראָגט ער אַ שטרויענעם קאַפּעליוש? נאָך עטלאַכע טעג טראַכטן, איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז ס'איז טאַקע זומער, איי פאַרוואָס האָט ער געטראָגן הענטשקעס? ער איז מסתמא געקומען קיין כעלם אָנרייסן קראָפּעווע. אַ גלייכער געדאַנק.

מילא, דעם קרוב'ס עטלאַכע רובל זיינען זיך צעפלויגן מניה ובניה. וואָס־זשע טוט מען פאָרט? דער שווער וויל פון אים אפילו ניט וויסן. האָט ער זיך מישב געווען: פאַרוואָס זאָל ער ניט ווערן אַ שדכן? ס'איז אַ געשעפט וואָס מ'דאַרף אין דעם גאָרניט אַריינלייגן, און אַז דער אויבערשטער וועט העלפן וועט מען מאַכן אַ לעבן. מ'דאַרף נאָר האָבן אַביסל שכל ווי צונויפצופּאָרן אַ שידוך, און מ'דאַרף קאָנען איינ'טענה'ן אַביסל. דאָס האָרץ האָט

אים אָבער געשראָקן לכתחילה נעמען זיך אַליין צום עסק. בעסער, האָט ער געטראַכט, צולערנען זיך ביי א שדכן. האָט ער א שמועס געטאָן מיט א בעלמער שדכן, און עס איז געבליבן אַז ער, יאָסל, וועט צוזאַמענאַרבעטן מיטן שדכן. אַלץ וואָס ער, יאָסל, וועט דאַרפן טאָן, איז "צושמעלצן" אַביסל דעם עניו, אַריינוואַרפן א וואָרט וואו מ'דאַרף, און ער וועט דערפאַר קריגן א חלק פון די שדכנות־געלט. זייער פיין. האָט מען געפּאַקט א יונגגמאַן און מ'רעדט אים א שידוך. יאָסל פאַרשטייט אַן עניו. דער שדכן הויבט אָן דערציילן וועגן דער שיינקייט פון דער כלה. כאַפּט זיך יאָסל אַרויס: "שיין צו שיין איז ניט גלייך. אסתר המלכה און פאַרטיק". דער שדבן גייט ווייטער און דערציילט וועגן יחוס, וועגן רייכקייט פון דער כלה. גיט ער זיך א כאַפּ, יאָסל: "רייך? שייך זאָגן רייך. ראָטשילד איז א קבצן קעגן איר טאַטן!" צום סוף גיט דער שדכן א זאָג אַזוי זיך, כלאַחר יד: דעם אמת זאָגנדיק, האָט זי, די כלה, א שטיקעלע חסרון — איר פאַרשטייט דאָך, מיט אַלע מעלות איז שווער צו געפינען — זי האָט א שטיקעלע האָרב. כאַפּט זיך אַרויס יאָסל: "א קלייניקייט עפּעס, איך זאָג אייך א האָרב ווי א באַרג!..." נאָך דעם דאַזיקן "צושמעלצן" זיינען, ווייזט אויס, ביידע שידוכים דורכגעפאַלן, אי דער שידוך פונם בחור מיט דעם מיידל, אי דער שידוך צווישן שדכן און יאָסלען, און יאָסל בלייבט ווייטער אָן אַרבעט, און קינדער שרייען: עסן, און דאָס ווייב שילט מיט טויטע קללות.

איז זיך מישב יאָסל: פאַרוואָס טאַקע ניט אָנהויבן אַליין ריידן א פּאָר שידוכים? אַביסל פּראַקטיקע האָט ער דאָך שוין. איז גערעדט און געטאָן. ער האָט עפּעס א שמעק געטאָן אַהער, אַהין, געכאַפּט אַן עלטערן בחור, געקומען צו אים, זאָגט ער: "יענקל, וויפל איז דער שיר צו זיצן? מ'דאַרף דאָך אַמאָל חתונה האָבן?" "וואָס פעלט מיר אַזוי?" פרעגט דער בחור. "וואָס פעלט דיר?" כאַפּט זיך אַרויס יאָסל, "דו ווייסט אַפּנים ניט וואָס דיר פעלט? מען קאָן דאָס דען אויסרעכענען דעם פאַרגעניגן פון א פאַמיליען לעבן? שלעפּסט זיך אַרום איינער אַליין, ניט קיין קרוב, ניט קיין גואל, ניט קיין ווייב. ניטאָ מיט וועמען מסתמא א וואָרט אויסצורייִדן. אָט, נעם למשל, מיך אַליין, א גאַנצן טאָג איז דער קאָפּ פאַרדרייט מיט שידוכים, מ'האָוועט אַרום, מ'שמייעט, דער קאָפּ צעשפּאָלט זיך. אָבער דערפאַר, אין אָוונט, אַז איך קום אַהיים, דערלאַנגט מיין אידענע וועטשערע, דערנאָך טרינקט מען צוזאַמען א גלעזל טיי, און זי רעדט, און זי רעדט, און זי רעדט, אַז פאַר'שרפ'עט זאָל זי ווערן — גיט ער מיטאַמאָל א שפּרונג פון שטול און א זעץ איבערן טיש — אַז פאַרשטומט זאָל זי ווערן, רבונו של עולם, הויבט זי אָן צו ריידן, די ארורה, איז גאָר קיין סוף ניטאָ".

מ'דערציילט, אַז פון דעם שידוך איז אויך גאָרניט געוואָרן. האָט ער פּרובירט אַן אַנדער שידוך, געפּאַקט דעם בחור און איז מיט אים אַוועק אָנקוקן די כלה. מ'האָט פאַרבראַכט אַן אָוונט ביי דער כלה אין הויז. מ'האָט דערלאַנגט צום טיש פון כל טוב.

גייענדיק צוריק אַהיים, גיט יאָסל א זאָג צום חתן: "נו, בערל, זעסט, איך האָב דיך ניט אָפּגענאַרט, אַז זי איז א רייכע בתולה. האָסט עפּעס גע־

ווארפן אן אויג אויף די טייערע זילבערנע מכשירים אויפן טיש?" "ווער קאָן וויסן", זאָגט בערל, "איז דאָס אפשר ניט אמאָל געליען ביי איינעם פון די שכנים". "וואָס רעדסטו אזעלכע נארישקייטן", גיט זיך יאָסל א כאַפּ. "אן איינפאל פון א בחור! ווער וועט עס לייען אזעלכע פאָסקודניאקעס אזעלכע טייערע כלים? ווער וועט עס נעמען און געטרויען אזעלכע פאַדליעצעם?" מ'שמועסט אז דער שידוך איז אויך דורכגעפאלן.

אַט אזוי איז דאָס יאָסלען נעבאך ניט געגאנגען. אז עס הויבט אָן פאלן מיט דער פוטער אראָפּ, פאלט עס. זיין אידענע איז פון צרות און פון אָרימ־קייט נעבאך געוואָרן זייער בייז און נערוועז. איז אז מ'פלעגט זיך אמאָל אי־בעררייד[ן] אביסל, פלעגט זי אים אריינוואַרפן, יאָסלען, א פּאָר געזונטע פעטש. יאָסל, אָבער, פלעגט ניט נתפעל ווערן דערפון: "פּאטש, פּאטש", פלעגט ער שרייען. "ס'שטייט אָבער פאַרט "והוא ימשול בך"...

עס איז טאקע געווען איינמאָל, נאָכדעם ווי זיין אשה האָט אים אריינגע'חלק'ט א וואַזשנע פּאַרציע פעטש, און עטלאכע סטוסאקעס אין דער פּלייצע, איז יאָסל ארומגעגאנגען עטלאכע וואָכן מיט א פארבונדענער רעכטער באַק. "וואָס איז ביי אייך עפּעס פארבונדן די רעכטע באַק?" האָט אים אי־מעצער א פרעג געטאָן. "פארשטייט איר מיך", האָט יאָסל געענטפערט, "מיין ווייב, ניט פאַר קיין שום אידן געדאכט, איז א געלינקטע".

## נאאיוויטעט

ניט געקוקט אויף דעם וואָס דער אידישער וויץ איז בראשו ורובו שארף ווי א מעסער, געפינען מיר אויך אין דעם אידישן וויצן־אוצר תמימות־דיקע וויצן וועלכע קומען פון נאאיוויטעט. דער אונטערשייד פון דעם גע־ווינלאכן וויץ און דעם תמימות'דיקן איז, וואָס דער ערשטער איז געמאכט בכונה, דורך שארפזין, ווען דער לעצטער איז א רעזולטאט פון נאאיוויטעט, אָן שום כונה. דער נאאיווער מענש באנוצט זיינע געדאנקען אויף א פשוט'ן נאטירלאכן אופן. זיי קומען אָבער אמאָל ארויס וויציק. דאָס נאאיווע געפינען מיר מערסטנטייל צווישן קינדער; מיר געפינען עס אָבער אויך צווישן אומ־געבילדעטע אָדער באגרעניצטע דערוואקסענע, וועלכע מיר באטראכטן אלס קינדער בנוגע זייער אינטעלעקטועלער אנטוויקלונג.

פּראָפ. זיגמונד פרויד ברייגנט א ביישפּיל פון קינדערשער נאאיווי־טעט: א דריי־יאָריק מיידעלע איז געווען געוואוינט צו הערן פון איר אם די ווערטער "צו געזונט", יעדעס מאָל ווען זי פלעגט א ניס טאָן. איינמאָל, האָבנדיק א שלעכטן קאטער וועלכער האָט איר פאראורזאכט ווייטיקן אין ברוסט, האָט זי געזאָגט צו איר פאָטער, אָנווייזנדיק אויף איר ברוסט: "טאטע, 'צו געזונט', טוט וויי!"

(א)

צוויי אידן, תבואה־הענדלער, זיינען געקומען האָבן א דין־תורה פארן דראזשנער רב. זיי זיינען געפאָרן, טענה'ן זיי, צוזאמען אויף איין שיף און מיטגעפירט ווייץ. האָט זיך געמאכט א שפּאלט אין שיף און א טייל פונם

ווייץ האט זיך פארנעצט. טענה'ט יעדער, אז די ווייץ וואס איז פארנעצט געווארן איז יענעמס, ניט זיינע. דער רב קוקט אריין אין ספרים, קלערט און קנייטשט דעם שטערן. צום סוף גיט ער א זאג צו די סוחרים:

— רבותי, אזוי קאן מען ניט וויסן; איר וועט זיך מטריח זיין און ברייננגען די שיף אהער, וועל איך א קוק טאן, וועלן מיר זען...

(ב)

צוויי סוחרים קומען מיט א דין תורה צום דראזשנער רב.

— איך האב ביי אים געקויפט ווינטער־טכוירן — טענה'ט דער ער־שטער — און געגעבן האט ער מיר זומער־טכוירן.

— טא וואס־זשע איז דער גוואלד? — וואונדערט זיך דער רב. — זאל מען זיי האלטן ביז ווינטער, וועט עס זיין ווינטער־טכוירן.

(ג)

א כעלמער איד איז געווען קראנק. האט אים דער דאקטאר געגעבן פראשקעס. דער אפטייקער האט אים פארזאגט ער זאל נעמען די פראשקעס אין וואסער. איז דער כעלמער אוועק אין מקוה, האט זיך אויסגעטאן, און שטייענדיק אין וואסער האט ער גענומען די פראשקעס.

(ד)

א כעלמער איז אריין אין אן אפטייק נאך רפואות, האט אים דער אפטייקער געגעבן דרייערליי פילן. אט די פילן זיינען צום מאגן, דערקלערט אים דער אפטייקער; די — צום קאפ, און די — צו די נירן.

— איך וועל שוין וויסן — זאגט דער כעלמער — אבער, זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי וועלן די פילן וויסן וואוהין צו גיין?

(ה)

א רייזנדער פרעגט ביי א כעלמער באלעגאלע:

— וואס האט איר דא אין זאק?

— האבער — ענטפערט דער באלעגאלע שטיל.

— פארוואס רעדט איר אזוי שטיל? — פרעגט דער רייזנדער.

— דער פערד זאל ניט דערהערן — ענטפערט דער באלעגאלע. — ער איז נעבאך הונגעריק.

(ו)

איינמאל האט א לץ, א גאסט פון אן אנדער שטאט, א זאג געטאן צום כעלמער שמש:

— איר ווייסט? אייער ווייב איז דאך נעבאך געבליבן אן אלמנה!

דער שמש האט באלד געריסן קריעה און האט זיך געזעצט שבעה.

(ז)

איינער האט אמאל דערציילט, אז נאך אן אפעראציע אויף זיין בלינ־דער קישקע, האט ער פארלארן פופצן פונט.

רופט זיך אפ א כעלמער: "אזויפיל האט געוואויגן די קישקע?"

(ח)

בעלמער (צו זיין שערער): וואס איז די מעשה וואס איך האב קיין בארד ניט? מיין זיידע, עליו השלום, האט גראד געהאט זייער א פיינע בארד.

שערער: אפשר זענט איר געראָטן אין אייער באָבען?
בעלמער: איר זייט גערעכט. מיר איז דאָס גאָרניט איינגעפאַלן. זי האָט טאַקע קיין באָרד ניט געהאַט.

(ט)

א בעלמער קצב לויפט ארויס פון יאַטקע מיט א קצב'שן מעסער.
— וואָס לויפסטו אַזוי? — פרעגט אים א צווייטער בעלמער.
— האָסט ניט געזען דעם הונט וואָס איז אַנטלאָפן מיט א גרויס שטיק פליייש?
— נו — זאָגט דער צווייטער — דאַרפסטו עס לויפן צעשניידן? דיינקסטו אַז ער וועט עס אַזוי ניט אויפעסן?...

(י)

צוויי בעלמער שפּאַצירן. איינער טראָגט א שירעם. עס פאַנגט אָן צו רעגענען.
— עפן אויף דעם שירעם — זאָגט איינער.
— עס וועט ניט העלפן סיי ווי סיי — זאָגט דער צווייטער.
— פאַרוואָס?
— דער שירעם איז פול מיט לעכער.
— טו צו וואָס־זשע האָסטו אים מיטגענומען?
— איך האָב געמיינט עס וועט ניט רעגענען — איז געווען דער ענטפער.

(יא)

צו א בעלמער איז אַמאָל אָנגעקומען א בריוו אַז זיין פאָטער איז גע־שטאָרבן.
— ס'א ליגן! — זאָגט ער.
— פאַרוואָס? — פרעגט מען אים.
— ווייל — ענטפערט ער — עס איז ניט מיין טאַטנס כתב.

(יב)

דער ישובניק האָט פאַרגעסן ווי מ'פראַוועט דעם סדר. שיקט ער זיין ווייבל א קוק טאָן ביים שכן אין פענסטער און איבערגעבן אים ווי יענער פראַוועט דעם סדר.
ווען דאָס יונגע ווייבל איז צוגעגאַנגען צום שכנ'ס פענסטער, האָט זיך גראָד געמאַכט אַז דער שכן האָט דערלאַנגט דעם ווייב מיט דער קאָטשערע איבערן קאָפּ — די קניידלאַך זיינען געווען האַרט ווי שטיין.
קערט זי זיך שוין אום אַהיים, דאָס יונגע ווייבל, א דערשראָקענע.
— נו, יענטל? — פרעגט דער ישובניק זיין ווייב — וואָס האָסטו דאָרט געזען?
יענטל עפנט ניט דאָס מויל.
— וואָס שטומסטו? — צעשרייט ער זיך שוין אויפן קול. — דער לשון האָט דיר אָפּגענומען? פאַרוואָס דערציילסטו ניט?
דאָס ווייבל איז שטום ווי די וואַנט.

— ווערסט ניט ריידן — ווערט ער שוין א צעקאַכטער — איז דאָ אן עצה, — און ער פוילט זיך ניט, און גיט א נעם די קאַטשערע און ער דערלאַנגט איר איבער דער פּלייצע.

— אז דו ווייסט — צעוויינט זיך די ישובניצע — וואָס זשע פרעגסטו?

(יג)

דער גביר פון שטעטל האָט ליב געהאַט פראווען ליצנות מיט די יורדים. איינמאָל שטעלט ער אָפּ חיים דעם שוסטער, לייגט אים פריינטלאַך ארויף די האַנט אויף דער פּלייצע און זאָגט:

— ווייסט, חיים, כ'האָב געהערט אז דו פאַרמאָגסט שוין דיינע אייגענע וואַסערע פופציק רובל?

חיים, אביסל צעטומלט פונם כבוד וואָס דער גביר האָט אים צוגעטיילט, האָט תמימותדיק געענטפערט:

— ר' אשר־לייב, גאָט זאָל אונז העלפן אז מיר זאָלן ביידע פאַרמאָגן. וואָס עס פעלט מיר נאָך צו פופציק רובל...

(יד)

מ'דערציילט אז א אידענע איז אמאָל געקומען צו דר. זשיטלאָווסקי וועגן עפּעס א קראַנקהייט. גיט ער איר צו דערקלערן, אז ער איז ניט קיין פּשוט'ער דאָקטאָר, נאָר א דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע.

— וואָס־זשע איז דאָס פאַר א מין קריינק, די פילאָסאָפיע? — האָט די אידענע תמימותדיק א פרעג געטאָן.

(טו)

א ישיבה בחור האָט חתונה געהאַט. אין דריי חדשים ארום האָט זיין ווייב געבוירן א אינגל. האָט ער פאַרשטאַנען, דער בחור, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַטיק, כאָטש קיין גרויסער בקי אין הלכות נשים איז ער ניט געווען. פרעגט ער ביי זיינעם א פריינט וועגן דעם ענין:

— אזוי און אזוי, עפּעס האָט ער געהערט אז ס'דאַרף נעמען 9 חדשים און דאָ — 3 חדשים, און זי איז פאַרטיק.

זאָגט אים יענער:

— איך פאַרשטיי ניט וואָס דרייסטו א מוח? ס'איז דאָך א פּראָסטער חשבון: 3 חדשים האָסטו מיט איר געלעבט; 3 חדשים האָט זי מיט דיר געלעבט, און 3 חדשים האָט איר דאָך צוזאַמען געלעבט — אָט האָסטו דיר די 9 חדשים. גיי געזונטערהייט אהיים.

איז דער בחור אוועק א צופרידענער.

## ביטערקייט אונטער דער מאַסקע פון נאַאיוויטעט

אן אינטערעסאַנטער אופן פון אידישן וויץ דריקט זיך אויס אין דער פאָרם פון א ביטערן ענטפער וועלכער איז צוגעדעקט מיט דער מאַסקע פון נאַאיוויטעט. די ביטערקייט איז די קונסט פון באַהאַלטן אונזערע אייגענע חסרונות און פון אויפדעקן דעם צווייטנס שוואַכקייטן. דער וויץ פון

דעם דאָזיקן סאָרט קאָן אמאָל, מיט דער הילף פון זיין אומשולדיקער מאַסקע וואָס ער טראָגט אויף זיך, אוועקשטעלן דעם צווייטן פערזאָן אין א הילפ־לאָזער לאַגע.

(א)

אין די אַלטע צייטן אין רוסלאַנד איז געווען א מנהג, אַז פאַר א "טשינאָווניק" האָט מען גערארפט אראָפּנעמען דאָס היטל. גייט א גאָראָדאָ־וואָי איבער די גאַסן פון פּעטערבורג און באַמערקט א אידל א דערשראָקענעם, אין דרייען איינגעבויגן. פון זיין האַלטונג קאָן מען פאַרשטיין, אַז קיין "פּראַ־וואָזשיטעלסטווא" (וואוינרעכט) אין פּעטערבורג האָט ער ניט.

— העי, זשיד — גיט דער גאָראָדאָוואָי אויף אים א געשריי, אָנכאַ־פּנדיק אים פארן קאָלנער, — פון וואַנען ביזטו?

— איך בין א באַרדיטשעווער — זאָגט דער איד א דערשראָקענער, פאַרגעסנדיק בשעת מעשה אראָפּצונעמען דאָס היטל.

— און דאָס היטל? — צעקאָכט זיך דער ערל.

— דאָס היטל איז אויך פון באַרדיטשעוו — ענטפערט דער איד תמימותדיק.

(ב)

אין א קור־אָרט ערגעץ מחוץ לתחום, גייען ארום צוויי אידן און שמועסן. איינער האָט געהאַט "פּראַוואָזשיטעלסטוואָ", און דער אַנדערער האָט נעבאך געהאַט צרות ניט קיין פּראַוואָזשיטעלסטווא. מיטאמאָל דערזען זיי ווי א גאָראָדאָוואָי לאָזט זיך גלייך גיין צו זיי.

— וואָס טוט מען? — זאָגט דער ניט־כשר'ער איד צום צווייטן — איך בין אויף גרויסע צרות.

— לאָז זיך לויפן אזוי גיך ווי דו קאָנסט נאָר — מאַכט דער "כשר'ער" איד — און איך וועל דיר נאָכלויפן.

צעלאָזט דער ערשטער די קאָפּאָטע און לויפט אָן א נשמה. דער אַנ־דערער איד — נאָך אים, און דער גאָראָדאָוואָי, נאַטירלאך — נאָך זיי ביידן. נאָך א לייִנגערן געלויף, האָט דער גאָראָדאָוואָי געכאַפּט דעם כשר'ן אידן.

— וואו איז דיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ? — שרייט ער אויף אים א פאַרסאַפּעטער.

דער איד נעמט רואיק ארויס זיינע פּאַפּירן, און דער צווייטער איז דערווייל פאַרשוואונדן.

— אַז דו האָסט פּאַפּירן, וואָס זשע ביזטו געלאָפן? — פרעגט ביי אים דער ערל.

— איך טרינק וואַסער (מינעראַלע וואַסער) — זאָגט דער איד. — מוז איך לויפן יעדעס מאָל נאָכדעם ווי איך טרינק דאָס וואַסער.

— וואָס־זשע איז יענער איד אַנטלאָפן? — פרעגט ווידער דער גאָ־ראָדאָוואָי.

— ווייל ער לייִדט אויך אויפן מאָגן.

— דו אָסט דאָך אָבער געזען אַז איך יאָג דיך נאָך, פאַרוואָס זשע האָסטו זיך ניט אָפּגעשטעלט? — איז ווייטער חוקר ודורש דער גוי.

— וואָס זאָל איך וויסן ? — ענטפערט אים דער איד. — איך זע דו לויפסט, האָב איך געמיינט דו ליידסט אויך, ניט פאַר קיין מענשן געדאַכט, אויפן מאָגן, און דאַרפסט געבאך אויך לויפן.

(ג)

אין קיעוו האָט מען געכאַפּט א אידן אָן פּראַוואָזשיטעלסטווא, און כ'האָט אים געוואָלט משלח זיין. טענה'ט ער: ער איז א בעל־מלאכה. האָט ער זיך אַזוי לאַנג אַרויסגעדרייט, ביז מ'האָט אים געבראַכט פאַרן גובערנאַטאָר אליין.

— וואָס איז דיין מלאכה ? — פרעגט אים דער גובערנאַטאָר.

— איך מאַך טינט, אייער פּרעוואָסכאָדיטעלסטווא.

— טינט מאַכן — צעשרייט זיך דער גובערנאַטאָר. — דאָס קאָן איך דאָך אויך !

— נו, וואָס זשע מיינט איר — שמייכלט דער איד — מעגט איר טאַקע אויך וואוינען אין קיעוו...

(ד)

דער ישובניק איז אוועקגעפאָרן אין שטאָט פאַרקויפן אביסל זוימען. עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט און ער איז ניט צוריקגעקומען. איז זיין ווייב געלאָפן אים זוכן. געפינט זי אים אין א שענק טויט שיכור. איז זי אויף אים אָנגעפאַלן מיט טויטע קללות, און זי האָט שוין געהאַלטן די קאַטשערע אין האַנט. דער שענקער האָט דערזען אז ס'האַלט שלעכט, האָט ער דער ישובניצע מכבד געווען מיט אביסעל בראָנפן. פאַרקרימט זיך די ישובניצע פונם בראָנפן און רופט זיך אָפּ :

— פע ! — וואָס פאַר א ביטערער בראָנפן דאָס איז ! ביטער ווי גאַל!

— און וואָס האָסטו געמיינט — שרייט אויס דער ישובניק — אז איך לעק דאָ האָניק ?

(ה)

— גיט מיר א נדבה — האָט געבעטן דער קבצן ביי דער מאַדאַם.

— א מאַן מיט אַזעלכע געזונטע הענט גיב איך ניט קיין נדבות, — האָט די מאַדאַם געענטפערט, באַטראַכטנדיק דעם אָרימאַנס ידים.

— וואָס זשע האָט איר געוואָלט — האָט דער קבצן געענטפערט — אז צוליב אייערע פינף קאָפּיקעס זאָל איך זיך לאָזן אָפּהאַקן די הענט ?

(ו)

מ'האָט געכאַפּט דעם גבאי פון שול שפּאַצירנדיק מיט א פרעמדער ווייבל.

— סטייטש ! — גיט אים דער רב א פרעג — ס'איז דאָך א חרפּה און א בושה ! ווי קומט דאָס צו אייך ?

— אוי ! דער זכרון מיינער, רבי, דער זכרון ! — קלאָגט דער גבאי.

— וואָס האָט דאָס ווייבל צו טאָן מיטן זכרון ? — פרעגט דער רב.

— פאַרשטייט איר מיך, רבי — ענטפערט דער גבאי אביסל צעטומלט — איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אז מ'טאָר ניט...

(ז)

ערגעץ אין א קליין שטעטל האט מען אויף א אידענע אנטערגע־לאמר'ט אז זי האט געוואָרפן אן אויג אויפן בעדער, א גוי. האט מען גע־שמועסט וועגן איר אין שול נאָכן דאווענען.

— אזא לײדאטשקע, אזא חצופה, — כאפט זיך ארויס א איד מיט כעס, — שוין געהערט אזא מעשה?... גאר מיט א גוי? קנאפ אידן זיינען דא אין שטאט?...

(ח)

א חסיד איז אמאל געקומען צו זיין רבין באקלאָגן זיך:

— וואס טוט מען, רבי, — טענה'ט ער, — אלע רופן מיר נאר. וואו איך קער זיך און וואו איך ווענד זיך הער איך נאר איין ווארט: נאר און נאר.

דער רבי קוקט אן דעם חסיד און ענטפערט מיט א שמייכל:

— און "נאר" מיינסטו איז וואס? א נאר האט הערנער? אזא איך ווי דו איז א נאר...

(ט)

צוויי באלעגאלעס האבן זיך א גאנצן יאר געהאלטן אין איין קריגן. א סך מאל איז אויך געקומען צו פעטש. מ'האט ניט געזשאלעוועט איינער דעם אנדערן אויך א זעץ מיטן שטיוול. איז געקומען ערב יום כפור. מען איז דאך עפעס אידן אויף דער וועלט! זאט א טיאכקע געטאן אין הארצן. מען דארף איינער דעם אנדערן מחילה בעטן. איז מען אוועק אין בית־מדרש און פאר דריי מענשן האבן זיי געבעטן מחילה איינער ביי דעם אנדערן. נאכדעם זאגט איינער צום אנדערן:

— נו, יענקל, צום נייעם יאר ווינש איך דיר וואס דו ווינשט מיר.

— שא, דו הויבסט שוין ווידער אן? — האט יענקל א געשריי געטאן!

## שארפזיין און ניבול פה

כאטש אידן בכלל האבן ליב א וויץ ווי דאס לעבן, האבן אבער א סך אידן מורא פאר א וויץ. דאס קאן זיין א רעזולטאט פון צוויי סבות: אדער זיי האבן קיין חוש ניט פאר הומאר, — יעדער וויץ האט דעם עלעמענט פון דאס אומדערווארטעטע אין זיך, עפעס נייעס וואס איז געשאפן געווארן אין מוח פונם דערציילער, אדער פון דעם אריגינעלן שאפער פונם וויץ. אויב אבער דער צוהערער איז בארויבט פון דער אייגנשאפט אפצושאצן דאס אומדערוואר־טעטע, דאס שארפזיניקע, טא זאל בעסער דער דערציילער שווייגן. איך דער־צייל אמאל א אידן דעם וויץ, אז מ'האט איינעם געפרעגט וואס פאר א ברכה מ'מאכט אויף א דונער? ווען מיך האט דער דונער איינגעשלונגען, האט דער צווייטער געענטפערט, האב איך געמאכט די ברכה "הרי את מקודשת". מילא — באמערקט מיין צוהערער — איז ער דאך געווען א פשוט'ער עם־הארץ, טא וואס זשע איז כדאי וועגן אים צו דערציילן?...

א צווייטע סיבה פארוואס געוויסע מענשן האבן ניט ליב צו הערן א וויץ נעמט זיך דערפון, וואס זיי האבן מסתמא א סך מאל געהערט וויצן פון א

געוויסן סאָרט וואָס זיינען לכתחילה קינסטלאַך באַשאַפן געוואָרן אויפצורעגן די נידעריקע אינסטינקטן פון דעם מענשן, אָדער וועלכע זיינען ניט ראַפינירט; קורץ, אַזעלכע וויצן וואָס דער יסוד זייערער איז וואולגאַריטעט. דאַרף טאַקע באַמערקט ווערן, אַז יענע וויצן וואָס זיינען לכתחילה געשאַפן געוואָרן מיט דער כוונה אויסצודריקן וואולגאַריטעט דאַרפן אויסגעמידן ווערן, אָבער ניט דערפאַר ווייל אַ וויץ דאַרף זיין ריין ווי דער "טוי אויפן באַרג חרמון" און דאַרף נאָר באַהאַנדלען "הויכע מאַטעריעס". זיי דאַרפן אויסגעמידן ווערן צוליב דעם, וואָס זיי זיינען "קינסטלאַך" באַשאַפן געוואָרן און ניט אויף אַ ספּאָנטאַנעם אופן. דאָס לעבן איז זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין און אַנטהאַלט שיינענדיקע און שאָטנדיקע זייטן, און אַ וויץ וואָס איז ניט קיין געקינסטלטער נאָר אַן אויפריכטיקער פּראָדוקט פון אַ געוויסער באַטראַכטונג פון פּערזאָנען אָדער סיטואַציעס, אויב ער האָט נאָר שאַרפקייט, איז ער אינטערעסאַנט, מעג ער אַפילו ניט זיין הונדערט פּראָצענט ראַפינירט. שאַרפזיניקייט האָט אַ געוויסע שיינקייט אַן און פאַר זיך. קיין וויץ איז ניט וואולגאַר, אויב ער איז ניט קינסטלאַך געשאַפן געוואָרן פאַר אַ וואולגאַרן צוועק. אַ וויץ איז אַזוי ווי אַ ליטעראַרישע אַרבעט. אולטראַ־רעאַליסטישע באַשרייבונגען אין דער ליטעראַטור, וועמעס ציל עס איז צו געבן אַן אָפּשפּיגלונג דווקא פון וואולגאַרע זייטן פון לעבן צוליב סענסאַציע, זיינען ווערטלאָז. פאַרקערט, אַ רעאַליסטישע באַשרייבונג פון לעבן, מעג זי זיין פון אַ שאָטנדיקן ווינקל, אויב נאָר זי איז ניט געשאַפן געוואָרן בכוונה אויפצורעגן די נידעריקע אינסטינקטן, וועט באַטראַכט ווערן פאַר קונסט.

"מיר אַלע וויסן", זאָגט פרויד, "וואָס עס ווערט געמיינט מיט ניבול פּה. עס מיינט אַ בכוונה'דיקע פאַרעפנטלאַכונג פון סעקסועלע פאַקטן אָדער באַציאונגען דורך ווערטער. די דעפיניציע איז אָבער ניט בעסער ווי אַנדערע דעפיניציעס. אַ לעקטאָר איבער דער אַנאַטאָמיע פון די געשלעכטלאַכע אָרגאַנען אָדער איבער דער פיזיאָלאָגיע פון רעפּראָדוקציע, וועט ניט באַטראַכט ווערן, ניט קוקנדיק אויף דער דאָזיקער דעפיניציע, ווי אַ פּערזאָן וואָס באַנוצט זיך מיט ניבול פּה" ("וויט ענד איטס רילייישאָן טו דהי אַנקאָנשיאָוס". זייט 39).

פרויד, אין זיין אַנאַליז פון וויץ בכלל, טיילט איין וויצן אין טענדענציעזע און ניט קיין טענדענציעזע, אָדער "אומשעדלאַכע" וויצן. די טענדענציעזע וויצן טיילן זיך איין אָדער אין "פיינטלאַכע" וויצן וועלכע ווערן באַנוצט אין אינטעלעקטועלן אָנפאַל, אין סאַטירע, אָדער אין פאַרטיידיקונג, אָדער אין ניבול־פּה וויצן, וועמעס צוועק איז סעקסועלע פאַרשטעלונג. דער געשלעכטלאַכער וויץ טראָגט אין זיך אַ מין סובלימירונג פון געשלעכטלאַכער באַפרידיקונג און דערפאַר גיט ער פאַרגעניגן סיי דעם צוהערער, סיי דעם דערציילער. דער אומשעדלאַכער וויץ איז פון מיטלמעסיקער נאַטור. אַלץ וואָס ער דערוועקט אינם צוהערער איז אַ געפיל פון צופרידנהייט און אַ קליינע מאָס געלעכטער. דער טענדענציעזער וויץ ווערט כמעט שטענדיק באַגלייט מיט אַן אויסברוך פון שטאַרקן געלעכטער.

דער פּראָסטער מענש האָט דערפאַר אַזוי פיל פאַרגעניגן פון ניבול־פה. די פאַרהמעלע פאָדערונגען וואָס ווערן געמאַכט פון דעם ווייז אין אַלגע־מיין ווערן אין דעם ניבול פה ווייז ניט אָנגעווענדעט. די נאַקעטקייט פון ווייז פאַרשאַפט דעם פּראָסטן מענשן פאַרגעניגן. בלויז ביים קולטור מענשן הויבט זיך שוין אויף די פראַגע פון דער פאַרמעלער זייט פון ווייז. ניבול פה וועט באַטראַכט ווערן אין דער קולטורעלער געזעלשאַפט אלס וויציק, און וועט טאָלערירט ווערן נאָר דאַמאָלסט ווען עס איז באמת וויציק און שאַרפ־זיניק. וואָס ווינציקער ס׳ווערט בפירוש ארויסגעזאָגט און וואָס מער עס ווערט נאָר אָנגעוואוּנקען און סוגעסטירט, אַלץ האַפינירטער און שענער איז דער ווייז און אַלץ גרעסערע שאַנסן האָט ער אריינגענומען צו ווערן אין דער קולטורעלער געזעלשאַפט. דער עיקר איז אין דער כונה. אפילו אַ ווייז וואָס האָט אין זיך ניבול־פה מעג טאָלערירט ווערן ביי אַ קולטורעלן מענשן, אויב די כונה איז די שאַרפזיניקייט און ניט די וואולגאַריטעט.

”און בכלל, זאָגט דרויאַנאָוו (אין מבוא, ספר הבדיחה והחדוד), אויב יעדער מענש קאָן זיך פאַרגינען צו זיין אַ ׳פיינשמעקער׳ און פאַרביינגן זיין אויער, ניט צו הערן עפּעס וואָס שמעקט מיט נבול־פּה, קאָן זיך עס אָבער דער פאָלקלאָריסט ניט פאַרגינען. זיין אויער דאַרף זיין אָפן צו אַלץ וואָס איז צווישן פאָלק באַשאַפן געוואָרן. ׳דאָס געפעלט מיר און דאָס געפעלט מיר ניט׳ איז ניט קיין ענין פאַר דעם פאָלקלאָריסט.”

(א)

מ׳האָט געפרעגט אַ יונגן באַלעבעסל, וועמעס פרוי האָט געבאָרן אַ קינד דריי חדשים נאָך דער חתונה:

— ווי קומט עס עפעס, אַזוי שנעל דער ברית?

— דער ברית — האָט ער געענטפערט — איז אין צייט; די חתונה, פאַרשטייט איר מיך, איז געווען אַביסל צו שפּעט.

(ב)

אַ איד וואָס האָט ניט פאַר קיין שום אידן געדאַכט, געליטן אויפן מאָגן, איז געקומען קיין קאַרלסבאַד. ער שטייט אויף אינדערפרי, וויל גיין אויף מענשלאַנע באַדערפנישן, ווייסט ער ניט וואו. באַגעגנט ער אַ צווייטן אידן, וואָס ליידט אויך אויף עצירות:

— זייט מיר מוחל — פרעגט ער דעם צווייטן — איר ווייסט אפשר וואו?...

— איך וואָלט אייך געזאָגט — ענטפערט דער אַנדערער — אָבער איך ווייס אַליין ניט: איך בין ערשט צוויי וואָכן דאָ...

(נאָך דרויאַנאָוון)

(ג)

פרעגט איין איד דעם צווייטן: וואָס האָבן די חכמים געמיינט מיטן מאמר ”איזהו עשיר, כל שיש לו בית הכסא סמוך לשלחנו” — ווער ווערט אָנגערופן אַ רייכער מאַן — ווער עס האָט דעם בית הכסא נאָענט צום טיש — וואָס פאַר אַ עשירות איז דאָס? מ׳קאָן חתונה מאַכן אַ טאָכטער דערמיט?

— חתונה מאכן א טאַכטער טאָקע ניט — האָט דער צווייטער געענט־פערט — צו פאַרשטאָפּן א בעל־חוב דאָס מויל, קאָן עס אָבער צוניץ קומען...

(ד)

אין דער צייט פון דער גרויסער מלחמה האָט זיך אין א שטעטל אָפּ־געשטעלט א באטאליאָן סאָלדאטן. עס איז אַנגעפאלן א שרעק אויפן שטעטל. מיידלאך אין די כלה יאָרן. ס'איז ביטער, די מיידלאך האָבן גענומען לויפן וואוהין די אויגן טראָגן. אן עלטערע אידענע פון א יאָר זעכציק לויפט אויך מיט זיי. באגעגנט איר איינער א תושב פון שטעטל:

— חיה־דוואָשע — פרעגט ער — וואָס לויפט איר? וואָס האָט איר מורא? מ'וועט אייך אויסכאַפּן...

— איר זייט מיר א גרויסער חכם — צעקאָכט זיך די אידענע און עס טרייסלען זיך ביי איר די עטלאכע איבערגעבליבענע ציין אין מויל. — וואָס הייסט וואָס לויה איך? צווישן אזא המון סאָלדאטן איז ניט מעגלאך אז עס זאָל זיך געפינען עפּעס אן אלטער גענעראל?...

(ה)

א פרוי, ניט קיין גרויסע צנועה, איז געקומען אויף דער עלטער צום רב מתודה זיין זיך אויף אירע זינד. דער רב האָט שוין געהערט וועגן איר.

— מיין טאָכטער — זאָגט ער — פאַרגעס וואָס עס איז אמאָל געווען. פון איצט אָן דארפסטו ליב האָבן דעם "השם יתברך".

— רבי — גיט די אידענע א שפּרונג פון אָרט — אויף דער עלטער, ווייטער ליבעס!...

(ש. ערנסט)

(ו)

צוויי יונגעלייט שמועסן. זאָגט איינער:

"כ'קאָן ניט פאַרשטיין די מעשה פון יוסף מיט פּוטיפרע. פּוטיפרע, זאָגט מען דאָך, איז געווען איינע פון די שענסטע פרויען אין מצרים. איז טאָמער האָט זי א שמייכל געטאָן צו אים נעמט ער און אנטלויפט. וואָס איז ער אנטלאָפן?

— דער מדרש זאָגט — דערקלערט אים דער צווייטער — אז ראה זיו איקונין של אביו — יוסף האָט אין יענעם מאָמענט דערזען זיין טאטנס פאַט־ריארכאלישן פּנים, האָט ער ניט געקאָנט פּועל'ן ביי זיך אָפּצוטאָן א נאריש־קייט. דערפאַר איז ער אנטלאָפן.

— וואָס דארפסטו זאָגן דעם טאטנס פּנים — שמייכלט דער ערשטער.
— איך וועל דיר דערציילן אן אַנדער מעשה: איך בין נעכטן ביינאכט אריינ־געקומען אין א הויז האָב איך דערזען אין קאָרידאָר מיין טאטנס קאלאָשן — בין איך אויך אנטלאָפן וואו פעפער וואקסט.

# יעקב אין קאמף מיט עשו'ן

"אין משך פון יארן און יארהונדערטער, זאגט דר. זשיטלאווסקי, אין זיין ארבעט "אנסקי און דער סאציאל־פאליטישער פאלקלאר" (אנסקים געזאמלטע שריפטן באנד 15), וואוינען אידן אינאיינעם מיט גויאים. וואס פאר אן איינדרוק האבן זיי געמאכט איינער אויף דעם אנדערן? ווי האט זיך דער אנבליק פון גוי אפגעשפיגלט אין דעם באוואוסטזיין פון דעם איד? ווי האט זיך דער מהות פון דעם איד אפגעשפיגלט אין דער נשמה פון דעם גוי? עס זיינען פאראן איינצעלנע לעבנס־באמערקונגען וואס דער אדער יענער איד האט ארויסגעטראגן פון די גויאים, און דער אדער יענער גוי האט געוואונען פון דעם אידן. אבער אויף אזעלכע פאראיינצלטע באמערקונגען און מיינונגען קאן מען קיין סך ניט בויען. זיי זיינען צופעליקע, אומגענויע, צוגעאיילטע, און זיי האבן צו טאן מיט אן אויסנאם, ניט מיטן כלל.

"גאנץ אנדערש איז עס, ווען מען זאל די פ ס י כ א ל א ג י ש ע באציאונגען צווישן "איד" און "גוי" אויספארשן אין דעם "פאלקלאריסטישן מאטעריאל", אין די ווערטלאך, לידער, מעשיות און לעגענדעס, וואס איין צד האט באשאפן וועגן אנדערן. ווי סתירות'דיק דער מאטעריאל זאל ניט זיין... קאן מען זיכער זיין, אז אפילו אין די ווידערשפרוכן שלאגן זיך אפ אמת'ע לעבנס־זייטן, שטענדיקע כאראקטער־שטריכן. ווייל דאס צופעליקע, צוגעאיילטע, אומגענויע, און אויסנאמהאפטע האט ניט געקאנט פארבלייבן אין זכרון פון פאלק, ווייל דער סאציאל־פסיכאלאגישער אפקלויב האט געקאנט איבערלאזן נאר אזוינס, וואס איז דויערהאפט און שטענדיק, וואס איז כאראקטעריסטיש, "ווייניקסטנס אין די אויגן פון דעם פאלק".

אין דעם זעלבן ארטיקל ווייזט דר.זשיטלאווסקי אן, אז ניט נאר גראבקייט און מגושמ'דיקייט זעט דער איד אינם גוי, נאר ער האט פאר אים א גוט ווארט אויך. ער ציטירט דאס אידיש ווערטל, "אז דעם גוי'ס א ווערטל איז, להבדיל, א תורה". און ווער עס ווייס ווי גרויס עס איז די ווערטשעצונג וואס דער איד פארבינדט מיט דעם באגריף "תורה", יענער וועט מוזן מודה זיין, אז דער איד גיט אפ א גרויסן כבוד דעם גוי'ס שכל און זיין לעבנסקלוגשאפט".

האט ער טאקע, דער איד, א גוט ווארט אויך פאר זיין שכן דעם גוי: אבער ווען א איד קומט זיך צוזאמען מיט א גוי, וועט ער שטענדיק זיין אנגעגרייט מיט א שארף ווערטל, הלואי זאל מען ניט דארפן. אויסערלאך האט ער דרך ארץ פארן גוי און איז נכנע'דיק, אבער ביי זיך אין הארצן פילט ער אז ער, דער איד, וואס האט געגעבן דער וועלט די תורה, און די נביאים, און אמתה באל אחד, אז ער איז א גאנצער מאכער אויף דער וועלט; די גאנצע וועלט איז דאך כמעט באשאפן צוליב אים. — איי וואס עשו איז שטארק, רייך און רואיק? און דער איד איז נעבאך שוואך, ארים און נידערגעשלאגן? דאס קלערט דער איד, דארף מסתמא אזוי זיין. אבער אין פויסט לאכט ער פון עשו'ן. איז ער טאקע, אין זיין באציאונג צום גוי, שטענדיק דרך־ארץ'דיק. אבער ווען דער גוי באליידיקט דעם אידן אין אים, דאן שפרינגט ארויס דער

באהאלטענער פראטעסט, און אויב מיט די ידים קאן ער ניט דערלאנגען — ווייל הידים ידי עשו — דערלאנגט ער אבער מיטן קול, ווייל דאס איז דאך זיין מאכט. צע׳ממית׳ט ער, דער איד, דעם גוי, צייטנווייז, מיט א שארף ווערטל, וואס דערגרייכט אין דער פינפטער ריפ אריין. דערפון נעמט זיך וואס כמעט אין אלע וויצן וואס ווערן דערציילט וועגן אידן און גויאים, קומט דער איד ארויס דער זיגער. און אין אלע צייטן, גוטע צי שלעכטע, האט דער איד זיין שמייכל אויפן פנים, ווען ער איז אין קאמף מיטן גוי. דער שמייכל פארמירט סארקאסטישע קנייטשן אויף דעם אידנ׳ס פנים, ווען ער דארף אריינזאגן עפעס זיין באליידיקער אדער אונטערדריקער.

(א)

דער בארימטער אידישער געלערנטער דר. טוביה כהן, איז געווען דער הויף־דאקטאר ביים פראנצויזישן קעניג לודוויק דעם 18טן. האט דער קעניג איינמאל אויסגע׳מוסר׳ט דעם דאקטאר פארוואס ער בוקט זיך ניט צום קעניגס סטאטוע. — בוקן זיך פאר דער סטאטוע איז געווען דער מנהג פון אלע הויפלייט.

— איך האב זיך איינמאל פארנייגט פאר דער סטאטוע — האט טוביה כהן געענטפערט — האט זי מיר ניט געענטפערט. האב איך פארשטאנען אז עס פאסט איר ניט צו באגריסן זיך מיט א אידן...

(ב)

א איד איז געגאנגען זוכן א דירה אין א קריסטלאכער געגנט.

— מיר פארדינגען ניט קיין דירה׳ס צו אידן — האט אים איין הויז־אייגנטימער א זאג געטאן.

— אזוי? — שמייכלט דער איד — איצט פארשטיי איך שוין פארוואס יעזוס איז געבוירן געווארן אין א שטאל...

(ג)

א גלח האט אמאל געהאט א וויכוח מיט א אידן. זאגט ער צום אידן:

—איך וועל דיר פרעגן עטלאכע קשיות: ערשטנס, פארוואס זאגט איר עפעס אין אייערע תפלות "אלהי אברהם, אלהי יצחק ואלהי יעקב" און ניט "אלהי משה". פארוואס ווארפט איר עפעס ארויס משה׳ן? ער האט דאך אייך געגעבן די תורה?

— צווייטנס, איר זייט דאך עפעס גאנצע מאכער מיטן רבונו של עולם, און דער רבונו של עולם איז דאך אזוי רייך. עס שטייט דאך "לי הכסף ולי הזהב", טא פארוואס זשע זייט איר אזוי ארים, פארפאלגט און דערשלאגן בשעת די גויאים לעבט זיך אזוי גוט?

— דריטנס, פארוואס מאכט איר, אידן, חתונה אייערע טעכטער אזוי יונג?

— פערטנס, פארוואס אז מ׳גייט אריין צו אייך אין בית־המדרש, הערט מען אזעלכע קולות און גוואלדן בשעת׳ן דאווענען, ווען ביי אונז אין צערקווע איז שא, שטיל?

— פינפטנס, פארוואס מאכט איר אזעלכע גוואלדן בעת א לויה: מען קלאפט מיט די פושקעס, מ׳גוואלדעוועט. ביי אונז, צו א לויה, איז שא, שטיל?

זאָגט צו אים דער איד:

— איך וועל דיר ענטפערן על ראשון, ראשון, ועל אחרון, אחרון. דאָס וואָס מיר דערמאָנען ניט משה׳ן אין אונזערע תפלות, איז דערפאַר וואָס משה איז ב״י אונז, אידן, גאָר א קנאַפּער יחסן. א מענש האָט א גלח פאַר א שווער — וועלן מיר אים אָפּגעבן כבוד?

—איר, גויאים, זייט דייך, ווייל אייער גאָט איז געשטאָרבן, האָט איר געקראָגן א רייכע ירושה. אונזער גאָט לעבט נאָך; מיר האָבן דערווייל קיין ירושה ניט געקראָגן.

— די אורזאַך פאַרוואָס מיר מאַכן חתונה אונזערע טעכטער אַזוי יונג איז אַן אַלטע מעשה. ביי אונז איז אַמאָל פאַרזעסן אַן אַלטע מויד, האָבן מיר נעבאַך געהאַט גרויסע צרות... דאַרף מען זיך צוּאײַלן.

— מיר שרייען בשעת תפלה, ווייל אונזער גאָט איז אַן אַלטער, הערט ער ניט גוט; אייערער איז א יונגערמאַנטשיק, האָט ער א גוטע שמיעה.

— זעסטו, בנוגע די קולות און גוואַלדן ביי א אידישער לויה — ביזטו נערעכט. איך בין מסכים אַז א גויאישע לויה איז שענער, סטאַטעטשנער, און איך וואָלט בעסער וועלן זען צוואַנציק גויאישע לויות איידער איין אידישע...

(ד)

א איד און א אירלענדער האָבן אַמאָל געשמועסט צווישן זיך און מ׳האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן די גרויסע לייט וואָס יעדנס נאַציע האָט געגעבן דער וועלט. יעדערער האָט, נאַטירלאַך, געהאַלטן פאַר זיין נאַציע. האָט מען זיך געוואָטן און עס איז געבליבן, אַז פאַר יעדן גרויסן מאַן וואָס יעדער וועט דערמאָנען פון זיין פאָלק, האָט ער דאָס רעכט אַרויסצורייסן א האָר פון דעם צווייטנס באָרד. ביידע האָבן געהאַט פיינע בערדלאַך. מ׳האָט זיך אַנידערגעזעצט איינער קעגן אַנדערן און מ׳האָט אָנגעהויבן:

דער איד: ״אברהם אבינו״ — און אַרויסגעריסן א האָר פון דעם אירלענדערס באָרד.

דער אירלענדער: ״ראָבערט עמעט״ — און רייסט אַרויס א האָר ביים אידן.

דער איד: ״משה רבנו״ — און רייסט ווייטער.

דער אירלענדער: ״דען אָ׳קאָנעל״ — און רייסט אויס ביים אידן א האָר.

דער איד האָט זיך מישב געווען: עס איז ניט קיין עסק צו רייסן איינציקווייז. און גיט א זאָג: ״די צוועלף אַפּאָסטאָלן״ — און רייסט אַרויס א זשמעניע האָר ביים אירלענדער.

דער אירלענדער האָט א געשריי געטאָן פון ווייטיק און א זאָג געטאָן: ״דער אור־אַלטער אָרדען פון די היבערניער״, און אַרויסגעריסן א סך האָר ביים אידן.

דאָ האָט זיך דער איד א שטעל געטאָן, א נעם געטאָן דעם אירלענדערס בערדל און א זאָג געטאָן: ״אנשי כנסת הגדולה״.

דער אירלענדער איז געבליבן אינגאַנצן אָן א באָרד...

(ה)

א קריסט, אן אנטיסעמיט, איז א געשפרעך מיט א אידן, וועלנדיק אים א שטאך טאן, האט באמערקט:

— פארצייטן, ווען גאט האט אייך, אידן, ליב געהאט, פלעגט ער אייך שפייזן מיט מן; איצט אבער, אז איר זייט פארשאלטן פון אים, גיט ער אייך שוין מער קיין מן ניט.

— האסט א טעות — האט דער איד געענטפערט — אויך איצט שפייזט אונז דער רבש"ע מיט מן. די נפקא מינה איז נאר, וואס איצט גיט ער אונז דעם מן ניט אין דרויסן נאר אין שטוב, בכדי די חזירים זאלן דאס ניט צעטרעטן.

(ש. ביילין)

(ו)

דער גרויסער אידישער פילאסאף, משה מענדלסאן, איז אמאל אין בערלין געגאנגען שפאצירן און איז געווען פארטיפט אין רעיונות. זייענדיק פארטראכט, האט ער זיך אנגעשטויסן אן א דייטשן אפיצער. מענדלסאן האט גלייך געבעטן אנטשולדיקונג, אבער דער אפיצער איז געווען אויסער זיך פאר אויפרעגונג.

— שווין !! — האט ער אויסגעשריען מיט א גוואלדיקער רציחה.

— מענדלסאן ! — האט דער פילאסאף רואיק געענטפערט. — עס פרייט מיך זייער צו באקענען זיך מיט אייך.

(ז)

ישראל זאנגוויל ע"ה, האט שטענדיק געהאט א פארטיקן ענטפער, ווען ס'איז געווען נויטיק. איינמאל, ביי א פארוויילונג אין א לאנדאנער אריס־טאקראטישער הויז, האט אן ענגלישער יונגערמאן, וועלכער איז נאר־וואס אנגעקומען פון א רייזע איבער דער וועלט, מאנאפאליזירט דעם שמועס פונם אוונט וועגן זיינע איינדרוקן אויף דער רייזע. דער מאן איז געווען אנטיסעמי־טיש געשטימט און האט געוואלט א שטאך טאן זאנגווילן, און ווען זאנגוויל האט אים א פרעג געטאן, אויב ער, דער יונגערמאן, האט געזען עפעס וויכ־טיקעס אויף דעם אינזל טאהיטי, אויסער די שיינע פרויען, וועגן וועלכע דער חברה־מאן האט געשמועסט באריכות, האט ער געענטפערט, אז זייענדיק א ליינגערע צייט אויף דעם אינזל, האט ער ניט באמערקט אויף אים ניט קיין אידן און ניט קיין חזירים.

— אויב אזוי — האט זאנגוויל באמערקט — ווען מיר ביידע פארן אהין אוועק, וואלטן מיר זיך זיכער דארט אויסגעצייכנט.

(ח)

דער גרויסער אידישער הומאריסט סאפיר, איז אמאל געגאנגען מיט א קריסט אין גאס. וועלנדיק אריינגיין אין א גארטן, האט אים דער קריסט אויפמערקזאם געמאכט אויף א צעטל ביים אריינגאנג: "אידן און הינט פארבאטן".

— אויב אזוי, לאמיר ביידע גלייך גיין צוריק — האט סאפיר געזאגט.

(ט)

דר. מאַקס מאַנדעלשטאַם, באַרימטער אידישער פירער אין קיעוו, איז אין זיין צייט געווען איינער פון די גרעסטע אויגן־ספּעציאַליסטן אין רוסלאַנד. איינמאָל איז ער דערינגענד געבעטן געוואָרן פון א גרופּע פּראָפעסאָרן פון קיעווער אוניווערסיטעט, ער זאָל ארויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור פאַר פּראָפעסאָר אין אוניווערסיטעט. דער גאַנצער מעדיצינישער פאַקולטעט האָט פאַר אים געשטימט, אָבער דער דירעקטאָראַט, וועלכער האָט געהאַט דאָס לעצטע וואָרט, איז געווען קעגן מאַנדעלשטאַמען צוליב זיין אידישקייט.

ווען מאַנדעלשטאַם האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער אָנגעשריבן א בריוו צום דירעקטאָראַט זאָגנדיק: אזוי ווי איר זוכט ניט קיין אויגן־ספּעציאַליסט נאָר א גוי, וואָלט איך אייך געעצה'ט אָנצושטעלן אלס דעם הויפּט פון דעם אויגן־קראַנקהייטן דעפּאַרטמענט דעם שליח, וועלכער ברענגט אייך דעם דאָזיקן בריוו. ער איז אַן אויסגעצייכנטער אויוון־הייצער און א גוי.

(י)

א דייטשע אריסטאָקראַטקע איז אמאָל געקומען באזוכן דעם באַרימטן אידישן פּראָפעסאָר איזראַעל, פון בערלין. זי איז געווען זיינע א שטענדיקע פּאַציענטקע.

— וואָס מאַכט איר עפּעס, ליבע פרוי? — באַגריסט איר פּראָפעסאָר איזראַעל.

די אריסטאָקראַטקע ווערט אויסער זיך פון אויפרעגונג פון אזא פּשוטער באַגריסונג פון א אידן.

— איך בין ניט קיין "ליבע פרוי", פּראָפעסאָר — שרייט זי אויס. — איך בין א גרעפין.

— עס טוט מיר לייד — האָט איזראַעל געענטפערט — איך קאָן אייך אויסהיילן אייער נירן־קראַנקהייט, אייער גוידער, אָבער פון אייער אריסטאָקראַטישן טיטל קאָן איך אייך ליידער ניט אויסהיילן.

(יא)

אין א באַרימטער רעדע וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער רוסישער דומע וועגן דער אידישער לאַגע אין רוסלאַנד, האָט דר. שמריהו לעווין זיך געווענדעט צו זיינע קאָלעגן מיט פאָלגנדע ווערטער:

— איר זאָגט אז אייער גאָט איז א גאָט פון ליבע, און אונזערער איז א גאָט פון נקמה. לאָמיר זאָגן אז עס איז אמת. אָבער אונזער נקמה האָבן מיר צוגעשריבן צו אונזער גאָט, איז אונז גאָרנישט ניט געבליבן. אייער ליבע האָבן איר צוגעשריבן צו אייער גאָט, און אייך איז גאָרניט געבליבן...

(יב)

פריץ מאוטנער, דער דייטשער פילאָסאָף און קריטיקער, האָט געהאַט א טיפּיש־אידישן פּנים. איינמאָל איז ער געווען אין מינכען, זיינען אויף אים אָנגעפאַלן א גרופּע אנטיסעמיטישע סטודענטן:

זאָגט איינער: גוט מאָרגן, ר' אברהם.

א צווייטער: גוט מאָרגן, ר' יצחק.

א דריטער: גוט מאָרגן, ר' יעקב.

שמיכלט מאוטנער און זאגט: איר האט א טעות, מיינע פריינט. מיין נאמען איז ניט אברהם, יצחק אדער יעקב. מיין נאמען איז שאול. מיין טאטע האט מיך געשיקט אויפזוכן די אייזלען. און אט אקארשט האב איך זיי געפונען...

(ש. ערנסט)

(יג)

אידן און גויאים זיינען אמאל געפארן אין אן אייזנבאן־וואגאן. איינער פון די גויאים האט געהאלטן אין איין זידלען די אידן, שיט אויף זיי פעך און שוועבל. א איד, וואס איז געזעסן קעגנאיבער דעם גוי, האט מיטאמאל גענעבן א גענייץ.

— שא! — שריים דער ערל. — וואס האסטו אויסגעעפנט אזא מויל אויף מיר? ווילסט מיך איינשלינגען?

— חלילה — ענטפערט דער איד רואיק. — ווייסט דאך אז מיר, אידן, טארן קיין חזיר ניט עסן...

(יד)

א גלח האט אמאל געפרעגט א רב:

— רבי, איך פארשטיי ניט. איר האט א דין, אז ווען מ'זעט א רב דארף מען זיך אויפשטעלן. די וועלט זאגט אבער, אז מ'דערזעט א הונט, איז די בעסטע זאך זיך אנידערצוזעצן, כדי ניט אויפרייצן אים. איז וואס זשע טוט איר ווען איר זעטביידן, אי א רב אי א הונט צוזאמען?

— מיר זיינען דא איצט גראד אויף א אידישער גאס — האט דער רב געענטפערט — אט לאמיר זיך טאקע דורכגיין צוזאמען, וועלן מיר זען וואס אידן וועלן טאן...

(ב. פתם)

## די אידישע ביטול באציאונג צום גוי

דאס איז אלץ גערעדט געווארן, ווען דער איד איז אין דער אנוועזנהייט פונם גוי. אין זיין אפוועזנהייט אבער האט דער איד א טבע מיט א מאך מיט דער נאז, א דריי מיטן גראבן פינגער, מבטל מאכן כעפרא דארעא אלץ וואס איז גויאיש.

(א)

אין זיין ארטיקל "אנסקי און דער סאציאל פאליטישער פאלקלאר" (אנסקים געזאמלטע שריפטן באנד 15), ברייננט דר. זשיטלאווסקי די שפאסיקע רעטעניש וואס דאס אידישע פאלק פרעגט;

וואס איז עס אזוינס? עס עסט ניט, און טרינקט ניט, און שלאפט ניט, און רעדט ניט, און האט ניט קיין פאטער און האט ניט קיין מוטער, און שטארבט ניט, און איז פארט א מענש?

דער ענטפער איז: ס'איז א גוי... עס עסט ניט — עס פרעסט; עס טרינקט ניט — עס זויפט; עס שלאפט ניט — עס פאפט; עס רעדט ניט — עס

דבר׳ט; עס האָט ניט קיין פאָטער — נאָר א פּאקערעלע; ניט קיין מוטער — נאָר א מוקערעלע, און עס שטאַרבט ניט — נאָר עס פּגר׳ט.

״די גראָבע מגושמ׳דיקייט פונם ״גוי״, דעם ״בעל־גוף״, שפּיגלט זיך אָפּ אין דער דאָזיקער רעטעניש, און אויך דער אומגעהויערער ביטול מיט וועלכן דער איד קוקט אראָפּ אויף דעם גוי.״

(ב)

דער אידישער פאָלקס־וויץ אין רוסלאַנד פלעגט אַנווייזן אויף דעם אונטערשייד צווישן א אידן און א גוי. א שייגעצל ווערט געבאָרן, זאָגט דער פאָלקס־וויץ, איז גאָר ניט. נאָך א גויטשיקל געבאָרן געוואָרן. ניט קיין ברית, ניט קיין שמחה, גאָרניט. און אז ער ווערט עלטער, איז ווייטער גאָרניט. ניט קיין עברי, ניט קיין חומש, ניט קיין רש״י, ניט קיין פּרק משניות, ניט קיין בר־מצוה — א ווילדע בריאה וואַקסט עס אויס. ער גייט אין ״שקאָלע״, גייט ער. א סטראַשנע מעשה!! א סך לערנט ער זיך אויס דאָרטן, אין ״שקאָלע״. אפילו אז ער זאָל שוין זיין גאָר א וואַזשנע ״צאַצקע״, איז וואָס וועט פון אים ווערן, מסתמא א סטראַזשניק! א קליינקייט א סטראַזשניק! זאָל שוין זיין אפילו אז ער וועט ווערן א פּריסטאַוו, אָדער א איספּראַווניק, נו, איז וואָס? און אפילו אז ער וועט שוין ווערן, לאָמיר זאָגן, א גובערנאַטאָר, אָדער אפילו א מיניסטער, נו, איז וואָס? קיין קייסער וועט ער דאָך ניט ווערן!

עס ווערט אָבער געבאָרן א אידיש קינד — האָט מען א ברית, און מ׳איז זיך משמח, און שפּעטער, גייט ער אין חדר, לערנט ער תנ״ך און גמרא; ער ווערט קיין עין הרע בר־מצוה, זאָגט ער א דרשה איז מחיה צו הערן; שפּעטער האָט ער חתונה כדת משה וישראל. קאָן ער נאָך אמאָל ווערן א רב. אלא ניט? וועט ער זיין א שוחט, א בעל־קריאה, א בעל־תקיעה; אויפן לעצטן אופן קאָן ער ווערן א שמש. און זאָל די שעה ניט זיין, ער קאָן קיין לעבן ניט מאכן, קאָן ער דאָך ווערן א מלמד. אויב עס האַלט שוין, חלילה, גאָר שלעכט, קאָן ער דאָך ארומגיין איבער די הייזער. די גאַנצע וועלט איז דאָך אָפּן פאַר אים. עפּעס א קליינקייט — ער איז דאָך א איד!!...

(ג)

די וועלט זאָגט: אז מ׳דערציילט א מעשה א רוסישן פּויער לאַכט ער דריי מאָל: ערשטנס, ווען מ׳דערציילט אים; צווייטנס, ווען מ׳דערקלערט זי אים, און דריטנס, ווען ער פאַרשטייט זי. אן ענגלענדער לאַכט צוויי מאָל: ערשטנס, ווען מ׳דערציילט; צווייטנס, ווען מ׳דערקלערט אים — פאַרשטיין וועט ער סיי ווי סיי ניט.

אן אָפיצער פון דער ארמיי לאַכט נאָר איין מאָל — ווען מ׳דערציילט. ווייל ערשטנס וועט ער אייך ניט לאָזן דערקלערן אים, — און וועגן פאַרשטיין איז דאָך אָפּגערעדט.

דערציילט איר אָבער א מעשה א אידן — וועט איר סיי ווי סיי האָבן א מפּלה. ערשטנס, זאָגט ער, ער האָט׳ס שוין געהערט; צווייטנס, זאָגט ער, וואָס נעמט איר זיך אונטער דערציילן א מעשה, ווען איר קאָנט ניט דער־ציילן. לאָזט מיר דערציילן די מעשה...

(ד)

ישראל זאנגוויל, דער ענגליש־אידישער שריפטשטעלער און דראמא־טורג, האט אמאל דעפינירט א טיפישע אידישע מעשה: "א אידישע מעשה, האט ער געזאגט, איז א מעשה וואס קיין גוי קאן זי ניט פארשטיין, און וואס דער אידישער צוהערער וועט גלייך באמערקן אז ער האט זי שוין געהערט..."
(ס. פ. מענדלסאן)

(ה)

א איד האט געהאלטן ביים שטארבן. זיין פאמיליע האט זיך שוין ארומגעקליבן ארום אים, און מ'שטיקט די טרערן אין זיך. מיטאמאל זאגט ער צו זיין ווייב:

— רחל, רוף אהער דעם גלח.

רחל האט געמיינט אז ער איז אראפ פון זינען. האט זי נאך געמאכט א גרעסערע יללה.

— רחל — זאגט דער גוסס נאכאמאל — רוף דעם גלח אהער, אבער טאקע שוין, די מינוט, אז ניט וועט זיין צו שפעט.

— צוליב וואס — פרעגט זי אים מיט א הארצרייסנדער שטים — דארפסטו דעם גלח? אפשר זאל איך שיקן רופן דעם רב?

— ניין — ענטפערט דער שטארבנדער — רוף דעם גלח. איז ניט בעסער אז איך זאל זיך אפ'שמד'ן, אפזאגן ווידוי מיטן גלח, און עס וועט שטארבן א גוי, איידער א גוטער איד זאל שטארבן?

(ו)

יעקב וויינבוים, דער ראש פון זשיטאמירער ראבינער שול, האט אמאל פארהערט די תלמידים אין לשון־קודש שרייבן. האט איינער א תלמיד גע־שריבן דאס ווארט "גוי" אן א יוד — גו

— גוי איינער — שמייכלט וויינבוים — ווייסטו ניט אז א "גוי" קאן זיך ניט באגיין אן א "יוד"?

(ליפסאן)

(ז)

— כ'וואלט וועלן וויסן — פרעגט איין איד ביים צווייטן — צו וואס דארף א גוי א קאפ? אז קיין שכל האט ער ניט, קיין גמרא לערנט ער ניט, קיין יארמעלקע טראגט ער ניט און קיין תפילין לייגט ער ניט?

— א גוי דארף האבן א קאפ — האט יענער געענטפערט — כדי דער איד זאל האבן וואס צו פארדרייען...

## מינדערווערטיקייט־קאמפלעקס

ביי זיך אין דער היים האט זיך דער איד אלעמאל געפילט ווי א גאנצער יחסן. עפעס איז ער דאך אן אייניקל פון אברהם, יצחק און יעקב. דער "אתה בחרתנו" האט אים איינגעבילדעט דעם געדאנק, אז ער איז אפגעזונדערט פון דער איבעריקער מענשהייט. ניט נאר אפגעזונדערט, נאר ער שטייט טאקע העכער פון זיי. ווארום וואס פאר א ווערדע האבן די "ידי

עשו״ קעגן דער ערהאבענער תורה פון די נביאים, די חכמה פון די גאונים און דער הייליקייט פון די צדיקים? האָט ער ביי זיך אין דער היים טאַקע מבטל געמאַכט בעפּרא דארעא דעם ״ערל״. אָבער וואָס איז די פעולה פון זיין ביטול, אז ער איז פאַרט געווען שטענדיק א ״גאַסט״ ביים ״ערל״. פרעמד און אומ־געוואונשן איז דער אורח געווען ביים באלעבאָס. האָט דער אורח שטענדיק געציטערט פאַר אים. אמאָל פלעגט דער באלעבאָס אים אויך דערלאַנגען קלעפּ. האָט זיך די ״אתה בחרתנו׳אישקייט״ אוועקגערוקט אין א ווינקל. ביי זיך אין דער היים טאַקע פלעגט דער ״אתה בחרתנו״ ארויסשפּרינגען, אָבער אין דער אַנוועזנהייט פונם גוי איז דער איד געוואָרן שטיל, הכנעה׳דיק, קוים וואָס מ׳הערט אים. א איד, אין דער אַנוועזנהייט פון א גוי, ווערט באַהערשט פון אן אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס; ער איז נידעריקער ווי גראָז און שטילער פון וואַסער. פאַרקערט, צווישן זיך, צווישן אייגענע מענטשן, אחינו בני ישראל — פילט ער זיך ווי א פיש אין וואַסער, פריי און אומגעשטערט טוט ער וואָס ער וויל און רעדט וואָס ער וויל.

(א)

א איד, דערציילט מען, איז געפאָרן אין באַן, האָט ער זיך זייער באַ־קוועם איינגעמאַשטשעט, ווי ביי זיך אין דער היים: פאַנאַנדערגעשפּיליעט די קאַפּאָטע, דעם קאַמזויל, ארויפגעלייגט די פיס אויף דער באַנק, האָט זיך אויסגעשפּרייט ווי ביים טאַטן אין וויינגאָרטן, און פאַנאַנדערגעוויקלט די ציַיטונג. אינדעם קומט אריין א יונגערמאַן, מאָדערנע געקליידעט, ריין ראַ־זירט און זעט אויס ווי א קריסט. דער איד איז מיטאַמאָל געוואָרן זייער סטאַ־טעטשנע, האָט פאַרלאָרן די גאַנצע רחבות, גלייך אראָפּגענומען די פיס פון באַנק, פאַרשפּיליעט דעם קאַמזויל און האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרשפּיליען די קאַפּאָטע. מיטאַמאָל גיט אים דער יונגערמאַן א פרעג:

— ר׳ איד, איר ווייסט אפשר ווען פאַלט היינטיקס יאָר אויס יום כפּור?

איידער דער איד האָט געענטפערט, האָט ער זיך צוריק אָפּגעשפּיליעט די קאַפּאָטע מיטן קאַמזויל און זיך אויסגעצויגן רחבות׳דיק אויף דער באַנק.

## דער אידישער ביטול קאָן אמאָל טרעפן אי זיך אי יענעם

אין דער צייט פון דער גרויסער מלחמה, באַקלאָגט זיך א אידישער סאָלדאַט: ״וואָס פאַר א גוטעס קאָן מען דערוואַרטן, אז איך, זרח בן בייקל, בין דאָס די ״דאַבלעסטנע אַרמיי״, און ״ניקאָלאַיקע״ — דער גלאַוונער הויפּט קאָמאַנדיר׳?...

(ש. או—סקי)

## דעם גוי׳ס דרך ארץ פאַרן אידן

דער גוי, פון דער אנדער זייט, האָט גרויס דרך ארץ פאַר דער אידי־שער פעאיקייט אין געשעפט ענינים. אלץ וואָס דער איד טוט אין מסחר איז מסתמא גוט, טראַכט דער גוי.

(א)

אן אירלענדער איז אמאָל מיטגעגאנגען מיט זיין אידישן שכן יום טוב אין שול. ס'האָט זיך אים געוואָלט זען וואָס מ'טוט דאָרט. איז געקומען צום פארקויפן עליות. ווי דער שטייגער איז, באָט מען פרייזן און מ'שטייגט איבער איינער דעם אנדערן. ווען עס איז געקומען צום מפטיר איז געוואָרן א באָטעניש א שרעק. עס האלט שוין ביי א פינפאונצוואנציקער.

— איך גיב פופציק דאָלאר — שרייט אויס דער אירלענדער אויף זיין לשון.

גיט אים זיין שכן א צי פארן ארבל:

— ביזט משוגע — זאָגט ער צו אים — וואָס וועסטו טאָן מיט דעם?

— איך ווייס נאָך ניט וואָס איך וועל טאָן מיט דעם — ענטפערט דער אירלענדער — איך בין אָבער זיכער, אז א איד באָט א פינפאונצוואנציקער איז עס אוואדע ווערט צוויי מאָל אזויפיל...

## ווען דער גוי וויל איבערכיטרעווען דעם אידן

ווען דער גוי וויל איבערכיטרעווען דעם אידן וועט ער האָבן א מיאוסן אָפשניט. דער איד וועט אָבער אלץ בלייבן, אין זיינע אויגן, דער שווינדלער.

(א)

א איד איז געקומען צופאָרן אין א דאָרף קויפן תבואה ביי א גוי. איז געבליבן אז מ'זאָל פירן דעם חשבון אזוי: פאר יעדן זעקל תבואה וואָס מ'וועט אנשיטן און ארויספירן זאָל דער איד ארייננווארפן א צענערל (צען גראָשן) אין א שיסל. מ'וועט איבערציילן די צענערלאך וועט מען וויסן וויפל זעקלאך תבואה דער איד האָט געקויפט. מ'שיט די תבואה; דער איד ווארפט די צענערלאך. דערווייל דאָרף דער איד ארויסגיין א ווײלעטשקע, כאפט דער גוי ארויס א זשמעניע צענערלאך פון שיסל און שטופט זיי אריין אין קעשענע. מ'האָט געענדיקט שיטן די תבואה; איבערגעציילט די צענערלאך, דער איד האָט אָפגעצאָלט און איז אוועקגעפאָרן.

דערציילט ער, דער גוי, דער ווייב זיינער, די חכמה וואָס ער האָט אָפגעטאָן. ווערט זי דאָך מלא רציחה: "סטייטש, זאָגט זי, דו פערד איינער. מיר זיינען דאָן אומגליקלאך פאר יעדן צענערל האָט דאָך דער זשיד אוועקגעפירט אומזיסט א זאק תבואה!" באטראכט זיך דער פויער, פארקנייטשט זיין גויאישן שטערן, גיט א זעץ איבערן טיש און שרייט אויס:

— וואָט זשיד מאשעניק, א רוח אין זיין טאטנס טאטן אריין!

(ב)

א "פאָנקע", א רוס, וואָס האָט ארומגעטראָגן אין א מאָסקווער גאס בלינצעס צו פארקויפן, שרייט מיט קולות: "בליני גאָריאטשיע!! בליני גאָריאטשיע! (הייסע בלינצעס! הייסע בלינצעס!) דערווייל באגעגנט ער א אידן, דאָרף מען דאָך אביסל פראווען ליצנות פון דעם "קריסטוס פארקויפער". מאכט ער צום אידן מיט א שמייכל און מיט א וואונק: "ס'כרענאָם! בליני

גאריאטשיע ס׳כרענאַם!!״ (הייסע בלינצעס מיט כריין. מיט די ווערטער ס״כרענאַם״ פלעגן די רוסן אין טיף ראסיי שפּאַסן פון אידן).

דער איד גייט צו, רייסט פאַנאַנדער אויף דער העלפט איין בלינצע, דערנאָך די אנדערע, היבשע עטלאַכע שטיק, לייגט זיי אַפּ אַן אַ זייט און גייט זיך ווייטער. דער פּאָניע מאכט אַ געשריי, אַ גוואַלד: סטייטש, וואָס האָסטו מיר אויפגעבראָכן די בלינצעס און נעמסט זיי ניט! און דער איד ענטפערט קאַלטבלוטיק:

— האָסט דאָך געזאָגט מיט כריין. אָן כריין דאַרף איך זיי ניט...

(נאָך ש. ביילין)

## גויאים וועגן אידן

דער איד, ווי עס איז אויבן אָנגעוויזן געוואָרן, באַציט זיך אין זיין וויץ צום גוי מיט ביטול. צייטנווייז האָט ער אויך אַ גוט וואָרט פאַר אים. — זיינען אָבער די וויצן וועלכע ווערן געשאַפן פון גויאים וועגן אידן, מערסטנטייל ליצנות וואָס טראָגן אין זיך ניט קיין סימפּאַטישע באַציאונג צום אידן. די וויצן וועלכע דער גוי שאַפט וועגן אידן שטעלן מערסטנטייל אַרויס די אידישע שאַרפקייט און ביטערקייט אין געשעפט־ענינים, די אידישע אַגרעסיווקייט און חוצפּה׳דיקייט, פרעמדקייט פון דער קולטור פון לאַנד אין וועלכער זיי זיינען איינגעבירגערט געוואָרן; אידישע רעש׳דיקייט און רירעוודיקייט; אידישע פעאיקייט אַרויסצודרייען זיך פון אַן אומאַנגענעמער לאַגע אין וועלכער ער געפינט זיך כמעט תמיד צוליב זיין פרעמדקייט; אידישע געלט־גייציקייט.

אַזעלכע וויצן זיינען דאָס רוב ניט וויציק, ווייל זיי זיינען ניט שאַרפזיניק; זיי זיינען געשאַפן מיט דער טענדענץ אַרויסצושטעלן דעם אידן אַלס אַ קאַריקאַטור. זיי זיינען ציניש, געשמאַקלאָז, חוצפּה׳דיק און סאַרקאַסטיש. אַזעלכע וויצן קאָן מען אָפט הערן אין די וואָדעווילס, און אַ סך פון זיי ווערן געדרוקט אין פאַרשיידענע גויאישע הומאָריסטישע צייטונגען און זשורנאַלן. זיי ווערן אפילו טאָלערירט אין דער גויאישער קולטורעלער געזעלשאַפט. ניט אַלעמאָל האָבן זיי אַן אַנטיסעמיטישע טענדענץ, נאָר עס פילט זיך אַז דער גוי האָט הנאה ווען ער לאַכט אָפּ פון דעם אידן. וויצן פון דעם דאָזיקן סאָרט זיינען נאָר אויף אַזויפיל אידיש, אויף וויפל די פּערזאָנען וועלכע פיגורירן אין זיי טראָגן אידישע נעמען און רעפּרעזענטירן דעם אידן אַלס אַ קאָמישע פיגור. זיי האָבן ניט קיין אידישן אינהאַלט און דריקן ניט אויס דעם אידישן גייסט. קורץ, זיי האָבן אין זיך ניט קיין שום אידישעס חוץ גויאישע ברוטאַלע ליצנות. די פאָלגנדע וויצן האָבן געקאָנט געשאַפן ווערן נאָר פון גויאים וועגן אידן

(א)

א אידענע גייט אין מאַרק קויפן הערינג. שטייט אַ זשיד לעבן אַ פּעסל הערינג און באַט אַן צו פאַרקויפן זיי ביליק. די אידענע בייגט זיך איין, נעמט אַרויס אַ הערינג און גיט אַ שמעק:

— ר׳ חיים — זאָגט זי — דער העריננ שטינקט דאָך.
— חלילה — זאָגט דער פאַרקויפער — דער ריח איז ניט פון די העריננ, דאָס איז פון מיר...

(ב)

שותפים שמועסן צווישן זיך:
— אפשר, בערל — זאָגט איינער — זאָלן מיר אָנהויבן טאָן עפּעס ערלאַכעס. עס זיינען מיר שוין מיאוס געוואָרן די שווינדלערישע ענינים.
— כ׳האָב פיינט ריזיקאַלישע אונטערנעמונגען — האָט דער צווייטער געענטפערט.

(ג)

צוויי אידן זיינען געפאָרן אויף דער באַן. האָט געטראָפן אַן אומגליק. די באַן האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט א צווייטער באַן, און א סך פון די פּאַסאַזשירן זיינען קוים ארוים מיטן לעבן. ביידע אידן האָבן נאָכדעם גע־קראָגן קאָמפּענסאַציע פון דער באַן־פאַרוואַלטונג. איינער האָט געקראָגן צען טויזנט דאָלאַר און דער צווייטער נאָר זיבן טויזנט. איינמאָל באַגעגענען זיי זיך, פרעגט דער איד וואָס האָט געקראָגן זיבן טויזנט:
— יאַנקל, דאַכט זיך מיר זיינען ביידע גלייך געשעדיקט געוואָרן, פאַרוואָס זשע האָסטו עפּעס געקראָגן מער געלט?
— מ׳דאַרף האָבן שכל — האָט יאַנקל געענטפערט. — אין דער גאַנצער סומאַטאָכע, ווען מיר זיינען אַלע געלעגן ניט טויט, ניט לעבעדיק, האָב איך אויף שנעל א טראַכט געטאָן און דערלאַנגט מיין אידענע א זעץ מיטן שטיוול אין פּנים אריין...

(ד)

יעקב שאַפּירא האָט געהאַט א קראָם פון אַלטע סחורות. ער האָט גע־האַט אַן אייגענע אָריגינעלע סיסטעם פון אָנצייכענען די פרייזן אויף די סחורות: למשל, אויב ער האָט געוואָלט פאַרקויפן א פּאָר הויזן פאַר א דאָלאַר פלעגט ער אָנצייכענען א פינטל אויפן צעטל וואָס איז געווען צוגעשטעפּט צו די פּאָר הויזן; צוויי דאָלאַר, איז געווען צוויי פינטעלאַך. ער איז געווען ניט שטאַרק באַהאַוונט אין די שוואַרצע אותיותלאַך.
איינמאָל האָט ער געדאַרפט גיין אין באַנק און האָט איבערגעלאָזט זיין 12־יאָריגן זון, חיים, אכטונג צו געבן אויפן געשעפט, ביז ער וועט צו־ריקקומען. אין א שעה ארום קומט פאַר דער פאָלגנדער שמועס צווישן פאָ־טער און זון:
— נו, חיים, האָסט עפּעס געטאָן געשעפט?
— יע, טאַטע. איך האָב פאַרקויפט דעם ברוינעם גאַרניטור.
— פאַר וויפל?
— פאַר זעכצן דאָלאַר.
— דו ביזט משוגע, צי חסר דעה. עס איז דאָך אין דער גאַנצער קראָם ניטאָ קיין גאַרניטור פאַר אַזא הויכן פּרייז?!
— עס איז געווען אָנגעצייכנט אויף דעם פּרייז־צעטל אַזוי.
— ביזט חסר דעה?

— גיב א קוק.

דער אלטער יעקב האָט גוט אריינגעקוקט אין צעטל און פארקנייטשט דעם שטערן. פּלוצלונג איז זיין פּנים באַלויכטן געוואָרן מיט שמחה, און ער האָט אויסגעשריען:

— א דאנק דעם רבונו של עולם פאר די פּלינן...

(ה)

צו דעם גרויסן נאָט בודא זיינען געקומען רעפּרעזענטאנטן פון דריי רעליגיעס: די קאטוילישע, פּראָטעסטאנטישע און די אידישע, אָפּגעבן אים כבוד. בודא איז געווען זייער צופרידן פון דעם באזוך און האָט באמערקט צו די באזוכער, אז יעדער פון זיי קאָן ווינשן עפּעס א זאך און עס וועט פאר־ווירקלאכט ווערן.

— וואָס ווינשסטו? — האָט ער געפרעגט דעם קאטוילישן.

— גלאָריע — האָט ער געענטפערט.

— דו וועסט עס האָבן — האָט בודא געזאָגט.

— און וואָס ווילסטו? — האָט ער געפרעגט דעם פּראָטעסטאנט.

— געלט — האָט ער געענטפערט.

— דיין פארלאנג וועט דערפילט ווערן — האָט בודא געזאָגט.

— און דו? — פרעגט ער דעם אידן.

— איך וויל גיט קיין סך — האָט דער איד געענטפערט — איך וויל נאָר דו זאָלסט מיר געבן דעם פּראָטעסטאנטס אדרעס.

(ו)

אין א שטעטל אין שאָטלאנד אין פאראן א קירך וועלכע איז פריי פאר אלע רעליגיעס. "טאָ ווי זשע טיילן זיך די פארשיידענע רעליגיעס איין מיטן זונטאג?" — האָט א פרעמדער א פרעג געטאָן אן איינוואוינער פון שטעטל.

— נאָר פּשוט — האָט יענער געענטפערט. — די קאטאָליקן האָבן זייער גאָטעסדינסט גאנץ פרי. די פּראָטעסטאנטן — פון 9 אזייגער. די מע־טאָדיסטן — 11 אזייגער, און די באפּטיסטן — בייטאָג.

— און די אידן? — פרעגט אים ווייטער דער גאסט.

— די אידן — ענטפערט יענער — האָבן די מאָרטגעדזשעס אויף דער קירך...

(ז)

א אידישער קרעמער האָט געהאלטן ביים שטארבן. די פאמיליע איז געשטאנען לעבן אים. זיין ווייב האָט געשריען מיט קולות: יענקל, יענקל, האָב רחמנות, עפן די אויגן. אויף וועמען גייסטו אונז איבערלאָזן! דער־בארים זיך. גיב א קוק אויף אונז; אָט זיינען מיר אלע לעבן דיר: משה, און חיים, און סערל, און רבקה.

— אזוי גאָר? — כאפּט זיך יענקל אויף — אלע זיים איר דאָ? טאָ ווער זשע איז געבליבן אין קראָם צו ענטפערן קונים?

(ח)

כאטש די אידן האבן א גאט וואס רופט זיך מיטן נאמען "איש מלחמה", פונדעסטוועגן לעבן די אידן מיטן רבונו של עולם אויפן בעסטן אופן און ריידן זיך דורך מיט אים גאנץ אפט כדבר איש אל רעהו. אין חיים יענקלס קראם האט אויסגעבראכן א שריפה. עס איז פארגעקומען אין מיטן נאכט. עס האט זיך גראד געמאכט, האט ער זיך דערמאנט, אז די פארזיכע־רונג פון דער קראם איז אויסגעגאנגען מיט א פאר טעג פאר דער שריפה, און ער האט די פארזיכערונג ניט באנייט. אן א נשמה, נעבאך, לויפט חיים יענקל צו דער קראם. עס איז אים פינסטער געווארן אין די אויגן. א העלישער פייער. א צוזאמענגעבראכענער שטייט ער אנטקעגן דער קראם און שרייט: א, רבונו של עולם, הלואי וואלסטו מיר שוין אויפן ארט דער'הרג'עט, וואלט שוין געקומען א סוף צו די צרות!

ווי ער האט דאס ארויסגערעדט, ערשט, א ציגל פאלט אראפ פון דער צעברענטער וואנט און דערלאנגט אים א גוואלדיקן זעץ איבערן קאפ. אויף א מינוט איז ער צעטומלט געווארן. אז ער איז צו זיך געקומען האט ער א זאג געטאן: אוי, רבונו של עולם, פארשטייסט שוין טאקע גאר קיין וויץ ניט?

## ווי דער איד דרייט זיך

דאס אידישע לעבן אין גלות און דער ביטערער קאמף פאר עקזיס־טענץ האבן אוועקגעריבט ביי דעם אידן דאס גלייכגעוויכט און די רואיקייט, וועלכע זיינען די מדות פון א פאלק וואס איז איינגעווארצלט אין זיין אייגן לאנד. דער איד האלט שטענדיק אין איין ד ר י י ע ן זיך.

(א)

— ווי גייט עס עפעס, ר' חיים, אין געשעפט?

— אט, דאנקען דעם רבונו של עולם, איך האב פרנסה. מ'דרייט זיך.

— און וואס מאכט עפעס דיין ברודער, יאסל?

— ניט גוט, ר' קלמן. ער האט זיך גאר וואזשנע פארדרייט.

— נו, און דער שוואגער דיינער?

— ער איז שוין יעצט אויפן דרך. ער האט זיך אפילו געוועזן אויך פארדרייט, און געהאט גאר פיינע קאפ־דרייעניש, אבער ער האט זיך ווי עס איז ארויסגעדרייט. נו, און ביי אייך, ר' קלמן, וואס הערט זיך?

— ס'איז ניט גוט, ברודערל! מ'האלט אין איין דרייען. עס דרייט זיך אבער ניט. נאר איך האף מיט גאטס הילף אז עס וועט זיך איבערדרייען. שלמה האט מיר אנגעזעצט עטלאכע טויזנט רובל. אבער ווייסט דאך: די וועלט איז ווי א "גלגל החוזר" — א ראד וואס דרייט זיך. היינט האט ער מיר געזאגט "ישקני", מסתמא מארגן וועט זיך עס איבערדרייען, וועל איך אים זאגן דאס זעלבע...

(ב)

— זעסט מיר עפעס אויס אין דער אדמה! וואס איז מיט דיר? קראנק?

— געזונט ווי א גוי. נאָר איך האָב אָנגעזעצט.

— אָנגעזעצט? נו, דאַרף מען אזוי דאגה'ן? טאָ בינד שוין אָפּ דאָס זעקל: וויפל האָסטו איבערגעשריבן אויף דער ווייב?

— א גראָשן ניט.

— אזוי גאָר? נו, טאָ וויפל זשע אויף דער טאָכטער?

— אפילו ניט א צעבראָכענעם דרייער!

— אזוי? נו, זאָג שוין דעם אמת: אויפן איידעם?

— א קאָפּיקע ניט!

— אזוי גאָר? טאָ וואָס זשע זאָגסטו אז דו האָסט אָנגעזעצט? האָסט דאָך גאָר אָנגעלייגט מיטן קאָפּ. ברודערל!...

(ג)

א לאָדזשער סוחר, ר' פּנחס'ל, האָט, לויט נחום סאָקאָלאָוו ע"ה, דער־ציילט א ספּור המעשה וועגן זיין קריזיס לויט די סדרות פון א גאַנץ יאָר:

בראשית, באלד ביים אָנפאַנג, ווי איך האָב געעפנט דאָס געשעפט, נח, בין איך געבליבן שטיין ("נח" מאכט "נשאר חייב"). האָט מען מיר אן עצה געגעבן: לך לך, מאך פיס!!! בין איך אוועקגעלאָפן. וירא חיי שרה, ווי מיין ווייב חיי שרה האָט געזען תולדות, אז זי בלייבט מיט די קינדער אליין, און זי וועט אויסגיין... פאר הונגער, יישלח וישב, האָט זי געשיקט איך זאָל צו־ריקקומען. ווי איך בין געקומען, פרעגט זי מיר: מקץ, וואָס וועט זיין אונזער סוף? ויגש, האָב איך צו איר גענעהנט, ויחי, און מיר האָבן געלעבט צוזאַמען.

ואלה שמות, ווען איך האָב מיר איבערגעזען די נעמען פון מיינע קרע־דיטאָרן, איז מיר נעבאך געוואָרן פינסטער אין די אויגן; וארא בא, און די לייט האָבן נאָך געזען, אז איך בין צוריקגעקומען אויך, בשלח, האָבן זיי אָנ־געהויבן צו שיקן, יתרו, איך זאָל זיי אוועקגעבן וואָס מיר איז איבער־געבליבן, אז ניט — משפּטים, וועלן זיי מיך ארומיאָגן מיט פּראָצעסן. האָב איך מיך געבעטן: תרומה, איך וועל אָפּשיידן וויפל איך וועל נאָר קאָנען; תצוה כי תשא, האָבן זיי מיר געבאָטן, איך זאָל ציילן. זאָג איך: גוט, איך וועל ענק ציילן, נאָר ויקהל פקודי, לאָזט מיך, איך וויל צוזאַמענעמען די פאָר גראָשן!

ויקרא צו, האָט איינער אָנגעהויבן שרייען: מאך א געבאָט!... זאָג איך: שמיני, איך וועל אייך געבן 8 פּראָצענט! וואָס הייסט אכט פּראָצענט? תזריע, פארברענט זאָלסטו ווערן! (מלשון זרוע). מצורע, דו פּ... איינער! 8 פּראָצענט ועסטו ביטן? אחרי מות קדושים, נאָך דיין טויט וועלן מיר צייט האָבן צו זיין הייליקע, און אויף דיין ווייב און קינדער רחמנות האָבן, אָבער איצט, אמור בהר, רייד עפּעס העכערע ווערטער, ווארום אז ניט — איז בחקותי, וועלן מיר ווייטער גיין מיטן געזעץ...

ווי איך האָב געזען, אז מיט גוטסקייט איז דאָ גאָרניט צו מאכן, האָב איך אָנגעהויבן צו שרייען במדבר נשא, וואָס מיינט איר, אז איך וועל קיין סיביר אנטלויפן? שלך לך קרח, אז דו וועסט שיקן פּאָוועסטקעס, קרח, שיק פּאָוועסטקעס! אז דו ווילסט שילטן און זידלען, חקת בלק, אויף בלק'ס שטיי־גער, נו, שילט וויפל דו ווילסט! נאָר וויסן זאָלסטו, אז איך בין פּנחס, איך

קאַן מיר אויך מיין שטעטל באַשטיין; מטות מסעי, איך נעם מיר מיין שטע־קעלע און גיי מיר ווידער אוועק אין דער וועלט אריין, וואו די אויגן וועלן מיך טראָגן.

דברים, ווי די לייט האָבן געהערט, אַז איך רייד עפּעס ווערטער, ואתחנן, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צו בעטן, עקב, איך זאָל בלייבן שטיין אויף די פּיס, ראה שופטים, זיי האָבן געזען, אַז מיט די היינטיקע געריכטן איז גאָרניט צו מאַכן, כי תצא, כי תבא, אַזוי ווי זיי קומען, אַזוי גייען זיי אַוועק. נצבים, האָבן זיי מיך געלאָזט שטיין אויף די פּיס, וילך, און דאָס געשעפט גייט ווייטער.

האזינו, הערט אויס מיין עצה, אידעלאך בני־רחמנים, איר זאָלט זיך ניט פאַרקוקן אויף ר' פּנחסל'ס עזות־פּנים, נאָר לערנט אויס ליבערשט אַ שטיקל מלאכה, איר זאָלט קאָנען שרייען וזאת הברכה!



# דער וויץ מאַכט דאָס לעבן זיסער

דער איד האָט בכלל ליב צו וויצלען זיך. ניט אַלע מאָל האָט ער אַ געוויסע טענדענץ ביים וויצלען זיך. עס איז אמת אַז דער הומאָר פאַרנעמט זייער אַ חשוב'ן אָרט אין דער רעפּאַרמירונג און פאַרפאַלקאַמונג סיי פונם יחיד און סיי פונם כלל. דער הומאָר רייסט צייטנווייז אויס מיטן שורש דאָס פאַר־עלטערטע, רעפּאַרמירט און בעסערט אויס מיטן שאַרפן שטאָך, מיט דעם בליצן־געדאַנק. ער קומט ניט בלויז מיט לאָגיק; ער אַפּעלירט ניט צום מוח אַליין. ער אַפּעלירט סיי צום מוח און סיי צום געפיל. מיט דעם שאַרפן שטאָך קאָן זיך דער לאָגישסטער אַרגומענט ניט פאַרמעסטן, און דער אַפּאָנענט, צו וועמען דער וויץ איז געווענדעט, וועט זיך צייטנווייז פילן הילפלאָז ווי אַ קינד, אויב ער האָט ניט קיין וויציקן ענטפער. זיינע לאָגישע אַרגומענטן וועלן אים ניט העלפן.

דער איד וויצלט זיך דערפאַר, ווייל הומאָר מאַכט זיסער און באַ־טעמ'טער דאָס לעבן. ער גיט צו זאַלץ און פעפער. שוין פון די אַלטע צייטן האָט זיך אַרויסגעוויזן די אידישע ליבע צו הומאָר. די חכמי התלמוד האָבן אויך געהאַלטן פון הומאָר. אין גמרא שבת (ל, ע' ב') ווערט דערציילט וועגן רבה'ן אַז מקמי דפתח להו לרבנן אמר מילתא דבדיחותא ובדהי רבנן, לסוף יתיב באימתא ופתח בשמעתא: איידער רבה פלעגט אָנהויבן לער־נען פלעגט ער פאַראינטערעסירן די תלמידים מיט עפּעס הומאָריסטישעס, נאָכדעם פלעגט ער זיך נעמען צום לערנען. די חכמי התלמוד האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום וויץ אויב נאָר דער וויץ איז, נאַטירלאַך, ניט אַריבערגעגאַנגען די גרעניצן פון מאָראַליטעט און טאַקט. אמת טאַקע, זיי האָבן פיינט געהאַט קלות ראש, פריוואָליטעט. עס זיינען געווען צייטן אין דער אידישער געשיכטע, ווען וויצלען זיך און פרייען זיך איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ זינד. אין גמרא ברכות איז דאָ אַ מאמר: "אסור לאדם שימלא שחוק פיו בעולם הזה". אַ מענש טאָר אויף דער דאָזיקער וועלט ניט לאַכן. אָדער "כל המתלוצץ יסורים באין עליו" (עבודה זרה יח'). דער וואָס וויצלט זיך ברענגט אויף זיך יסורים, דאָס איז אָבער געווען כאַראַקטעריסטיש נאָר פאַר געוויסע פּעריאָדן אין דער אידישער געשיכטע: אין צייטן פון גזירות און שמד און פּורעניות. אין אַלגעמיין קאָן מען אָבער זאָגן, אַז אַזעלכע מאמרים ווי די אויבנדערמאָנטע האָבן קיין שרעק אויפן ברייטן עולם ניט אָנגעוואָרפן, און דער פאָלקס אוצר איז שטענדיק געווען פול מיט רייכן הומאָר. און לאָזט מען זיך אַראָפּ אין די טיפענישן פון פאָלק, געפינט מען דאָרט פּערל און בריליאַנטן פון הומאָר וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אָן שום כונה, נאָר פשוט ווייל זיי האָבן זיסער און אינטערעסאַנטער געמאַכט דעם לעבן. שכל הישר פירט די געזעלשאַפט צו אַקטיוויטעט און באַוועגונג. דער וויץ אָבער גיט דעם לעבן איינע פון זיינע בעסטע טעמים.

**(א)**

א איד איז אַריינגעקומען צו אַ דאָקטאָר:

— דאָקטאָר — זאָגט דער איד — וואָס טוט מען, איך ליד פון א שרעקלאכער נערוועזיטעט.

— אין וואָס דריקט זיך אוים אייער נערוועזיטעט? — פרעגט אים דער דאָקטאָר.

— איך האלט אין איין ריידן צו זיך אליין — מאכט דער פאציענט.

— דאָס מאכט ניט אוים — זאָגט דער דאָקטאָר. — וואָס איז דער אומגליק אז מ'רעדט צו זיך אליין אביסל?

— איר ווייסט אָבער ניט, דאָקטאָר, — מאכט דער איד — וואָס פאר א נודניק איך בין!"

(ב)

אין הארדישץ, מינסקער גובערניע, איז געווען א סופר סת"ם, "לייבע דער סופר" האָט ער געהייסן. איז ער געווען א גרויסער ווערטל-זאָגער. איינמאָל, ווען ער איז געווען פרייטאָג אין מרחץ, איז ער ארויף אויף דער העכ-סטער באנק, וואו די פארע איז געווען הייס, זיך לאָזן שמייסן דארטן. א שווע-רער איד איז ער געווען, האָט ער זיך אויסגעגליטשט, איז אראָפּגעפאלן און האָט זיך אביסל צעקלאפּט. זיינען צוגעלאָפן צו אים עטלאכע אידן:

— אידן — שמייכלט ער — קושט, א ספר (א סופר) איז אראָפּ-געפאלן...

(ג)

רובינשטיין האָט געמאכט א פארמעגן און באשלאָסן נעמען זיין פרוי און פארן אויף א באזוך קיין ארץ ישראל. ביים ים כנרת האָט ער געטראָפן א מאן וועלכער פלעגט אָנפירן מיט א קליין שיפל פון דעם ברעג ביז דעם ארט וואו יעזוס קריסטוס האָט, לויט דער לעגענדע, געשפּאצירט איבערן ים. רובינשטיין האָט דעם מאן באצאָלט צען דאָלאר פאר זיך מיט זיין פרוי:

— כדאי צו זען; א מערקווירדיקער אָרט.

דער מאן האָט זיי א פיר געטאָן א שטיקל שטח פון ברעג, דאן האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס שיפל און געזאָגט:

— דאָס איז דאָס אָרט אויף וועלכן יעזוס איז געגאנגען, צען דאָלאר, ביטע...

— וואָס איז דאָס? — האָט רובינשטיין א זאָג געטאָן, — כ'האָב דאָך דיר שוין באצאָלט איינמאָל.

— דאָס איז געווען נאָר פאר איין וועג — האָט דער מאן געזאָגט. צוריקוועגס איז ניט אריינגערעכנט געוואָרן.

— גאָט מיינער! — האָט רובינשטיין אויסגעשריען, כאפנדיק זיך פארן טייסטער, — ס'איז אפנים א וואונדער וואָס יעזוס איז ג ע ג א נ ג ע ן איבערן וואסער. וואָס דען? ער וועט צאָלן אזא אוצר פאָרן פארן?...

(ד)

א איד האָט באזוכט זיין פריינט'ס זומער וואוינונג. האָט אים דער פריינט איינגעלאָדן צו זען זיין גאָרטן.

— האָסט דאָך מיר געזאָגט — וואונדערט זיך דער גאַסט — אז דו האָסט אזא שיינעם גאָרטן, צום סוף איז עס גרויס ווי א געניץ.

— גרויס איז עס טאקע ניט — האט דער מכניס אורח געענטפערט — אבער זע נאר די הויד...

(ה)

אין דער צייט פון דער גרויסער מלחמה פלעגן אידן גראבן גריבער און באהאלטן דארט גאלד, זילבער, טייערע חפצים א. א. וו. פון שונא. אז ארימאן א איד שטייט אויך און גראבט א גרוב:

— ר׳ זלמן — פרעגט אים איינער — וואס גראבט איר, אייערע דימענטן און בריליאנטן וועט איר באהאלטן?

— ביי אייך איז אייער גאלד און זילבער טייער — האט ער געענטפערט — ביי מיר איז מיין ווייב טייער...

(ו)

אין א שטעטל איז געווען א סופר, האט ער געהאט אלע אייגנשאפטן וואס א סופר דארף האבן: פרומקייט, א גוטע האנט, חשק צו ארבעט, נאר איין זאך האט ער ניט געהאט: פרנסה. פרעגט אים איינמאל א בעל־הבית פון שטעטל:

— צוליב וואס, ר׳ חיים, שרייבט איר אזוי פיל, אז איר האט פון דעם קיין פרנסה ניט?

— הערט א מעשה — וויצלט זיך דער סופר — נו, און אז איך וועל ניט שרייבן, וועל איך שוין יא האבן פרנסה?

## דער אידישער אפטימיזם

דער איד איז בטבע א גרויסער אפטימיסט. דאס לעבן איז טאקע א קאמפליצירטער ענין, טראכט דער איד; מ׳מוז באגעגענען זיינע שווערקייטן יעדן טאג; גייט טאקע ניט דאס לעבן אין א גלייכער ליניע, נאר זיגזאגיש, מיט ליידן און פרייד, א טראפעלע פרייד און א ים פון ליידן. דאס הייסט אבער ניט, טראכט דער איד, אז א מענטש דארף ווערן דער קרבן פון די לעבנס קאמפליקאציעס. האט ער ניט מורא צו קוקן דעם לעבן אין פנים אריין און שמייכלען און ווערטלען זיך וועגן אים. נחום איש גמזו׳ס מאטא: "גם זו לטובה" איז כאראקטעריסטיש פאר דער אידישער אפטימיסטישער וועלט־קאנצעפציע.

מ׳דערציילט אז אליקום צונזער, דער בארימטער ווילנער בדחן און פאעט, האט אמאל, פילאסאפירנדיק וועגן לעבן און טויט, א זאג געטאן: "וואס האבן מענשן אזוי מורא פארן טויט? ווען עס וואלט געווען אדם יסודו מזהב וסופו לעפר, נו, מילא, וואלט איך אפשר פארשטאנען וואס מ׳האט אזוי מורא. דער אמת איז דאך אבער אז "אדם יסודו מעפר וסופו לעפר" — און דערווייל — צווישן אנהויב און סוף, האט מען א געלעגנהייט ארייננצוכאפן א שיין ביסל שנאפס און פארבייסן מיט לעקאך, און אמאל טאקע א גוט שטיקל קאלבאס — טא וואס־זשע איז דער רעש? וואס דערלייגט מען?"

דער איד מיטן שמייכל אויפן פנים וועט אויף דער וועלט זיך ווי עס איז אן עצה געבן מיט די אלע צרות, שלעק און פורעניות׳ן וואס טרעפן זיך און וואס וועלן זיך טרעפן עד סוף כל הדורות. אבער — פארלירט מען דעם שמייכל קאן חלילה די וועלט חרוב ווערן. דער איד איז ניט

גענאַרט ביי זיך. ער ווייס אַז מ׳קאָן ניט דערוואַרטן אַז דער וועג צום לעבן זאָל זיין אויסגעשפּרייט מיט בליענדע בלומען. ער ווייס אַז עס מוזן זיין אַ סך דערנער אויפן וועג; רערוצירט ער אָבער די אַלע שטערונגען און מאַכט פון זיי ניט קיין גרויסן ווען. די אומאַנגענעמלאַכקייטן זיינען פאַר אים ניט קיין איבערראַשונג ווייל — ער דערוואַרטעט זיי. דערפאַר איז עס גרינגער צו באַגעגענען זיי און איבערקומען זיי. האָבן טאַקע די צרות, גזירות און פּורעניות וואָס דער איד האָט געדאַרפט אויסשטיין אין גלות אין זיין לאַנ־גער פאַרוואָלקנטער געשיכטע זיין גייסט ניט דערשטיקט. דער איד איז דאַכט זיך דערשראָקן, פאַרביטערט, דערשלאָגן — מיטאַמאָל באַווייזט זיך אַ שמייכל אויף זיין פּנים.

(א)

אויפן באַן צווישן לוואָוו און ווין האָט מען געכאַפּט אַ אידן אָן אַ בילעט. ווען מען איז געקומען צו דער נעקסטער באַן־סטאַנציע האָט מען אים דערלאַנגט אין דער מחילה און אַרויסגעוואָרפן. פאַר דער צווייטער סטאַנציע האָט מען אים ווידער געכאַפּט אָן אַ בילעט — האָט מען אים ווידער מכבד געווען אין דער מחילה און ווידער אַרויסגעוואָרפן.

אַזוי האָט זיך דער ענין איבערגע׳חזר׳ט עטלאַכע מאָל. אַז מען האָט אים געכאַפּט דעם זעקסטן מאָל, פרעגט אים איינער פון די פּאַסאַזשירן:

— וואוהין פאָרט אַ איד?

— אויב דער הינטן וועט מיר דינען וועל איך, אימירטשעשעם אַנקומען קיין ווין — האָט דער אָנגעקלאַפּטער איד געענטפערט.

(ש. ערנסט)

(ב)

ביי מיר איז פאַרבליבן — האָט אַ מלמד אַמאָל געזאָגט — צו פאַרזעצן ס׳לעצטע און קויפן אַ ציג. ממה נפשך, וועט זי געבן מילך — איז דאָך אוואַדע גוט, אלא וואָס דען, זי וועט ניט געבן קיין מילך? וואָס הייסט, ווי שיקט זיך עס, זי זאָל קיין מילך ניט געבן?

(ראַווניצקי)

(ג)

אַ שניידער אַן אָרימאַן האָט גערופן צו זיך אַהיים אַן אָרימאַן פון דער גאַס אויף וועטשערע.

— פעשע — מאַכט ער צו זיין ווייב — אַנו, באַווייז זיך פאַרן גאַסט מיט דער גוטער און שיינער וועטשערע. וואָס האָסטו אַזוינס אין אַ מזל׳דיקער שעה געקאָכט?

— קדחת אין אַ טעפּעלע — רופט זיך אָפּ די ווייב פאַרביטערט.

— זעט איר שוין, מיין ליבער איד — שמייכלט דער שניידער צום אורח — און איר האָט געזאָרגט אַז מיר וועלן ניט האָבן קיין גוטע וועטשערע...

## דער ביטערער שמייכל

אָפּטמאָל אָבער איז דער שמייכל, דעם אידנס, אין אַן עת צרה, ביטער ווי גאַל.

(א)

אין א שטעטל אין רוסלאנד איז געווען א צירק. איז איינמאל ארויסגעלאפן א בער פון צירק און די פאליציאנטן האבן זיך ארויסגעלאזט זוכן אים מיט א באפעל פון פריסטאוו, אז מ'זאל אים דערשיסן אויפן ארט וואו מ'וועט אים געפינען. באגעגענען זיך צוויי אידן:

— וואוהין לויפסטו, חיים? — פרעגט אים יאסל.

— וואס הייסט? האסט גאר ניט געהערט וועגן בער וואס איז אנטלאפן פונם צירק?

— כ'האב געהערט. אבער וואוהין לויפסטו?

— ס'הייסט? מ'דארף אנטלויפן פון שטעטל!

— צוליב'ן בער?

— פארשטייסטו מיר, גוטער ברודער, אז רוסישע סטראזשניקעס לויפן שיסן איז דערווייל ביז וואס ווען דערשיסט מען א אידן, און דערנאך גיי דערווייז אז דו ביזט ניט קיין בער...

(נאך ראבניצקין)

(ב)

אן אונטערגעהערטער געשפרעך:

-- און דו מיינסט טאקע, יענקל, אז דו זעסט איינעם ארומשמאיען און ארומלויפן מאכט ער געשעפטן? ס'איז בלאטע. עס איז ניטא קיין געשעפט היינטיקע צייטן וואס מ'דערלייגט ניט צו אים; פון פארדינען איז אפגערעדט.

— וואו־זשע — פרעגט דער צווייטער — נעמסטו אויף דערלייגן?

— יעדעס מאל נעמט מען אונטער א גרעסערע אונטערנעמונג — צו פארדעקן די פריערדיקע צרות. דערווייל פאלט אביסל אראפ אויף טעגלאכע הוצאות.

— אבער עס מוז דאך אמאל קומען צו א סוף.

— הערסטו, דא ליגט דאך טאקע דער גאנצער סוד! אינמיטן העלפט גאט און מ'גיט א שטארב און א סוף, און עק.

## רעליגיעזער אפטימיזם

ביי דעם רעליגיעזן אידן נעמט זיך דער אפטימיזם פון שטארקן רעליגיעזן געפיל, פון אמונה און בטחון. זיין בטחון העלפט אים צו האלטן דעם שמייכל אויפן פנים אונטער די ערגסטע אומשטענדן. אט דער אפטימיזם האט דערוואַרימט די אידישע הערצער, איז געווען א טרייסט פאר די טרויערנדיקע און א שטארקונג פאר די שוואכע.

(א)

ר' מרדכי לעבעוויטשער, דערציילט מ. ליפסאן אין זיין בוך "די וועלט דערציילט", איז אין דער יוגנט געווען אן עני ואביון. אין שטוב איז ממש ניט געווען קיין שטיקל ברויט, און ער מיט די בני בית האבן געליטן התגער. קומט צו אים איינמאל א קרוב זיינער. גיסט אוים ר' מרדכי'ס ווייב פארן

קרוב איד ביטער הארץ: עס איז שלעכט. זי האָט שוין קיין כח ניט אריבער־צוטראָגן די צרות. זי קאָן שוין ניט צוזען דעם צער פון די קינדער, וואָס גייען אוים פאר א שטיקל ברויט — און זי וויינט זיך פאנאנדער. גייט דער קרוב אריין צו ר׳ מרדכי׳ן אין זיין חדר. זעט ער ווי ר׳ מרדכי זיצט פארטראכט און זינגט זיך אונטער א ניגון.

— ווי קאָן דאָס א מענש זיצן און זינגען בשעת די משפחה האלט אין איין וויינען? — פרעגט אים דער קרוב.

— זיי האָבן אויך וואָס צו וויינען — ענטפערט ר׳ מרדכי — מחמת זייער גאנצע האָפענונג איז אויף מיר, א בשר ודם, א חרס הנשבר. אָבער איך קוק אוים אויפן רבונו של עולם וואָס איז א כל יכל, זינגט זיך מיר...

(ב)

בעת ר׳ חיים ליב סטאָווסקער איז געווען זייער קראנק, האָט מען אראָפּ־געבראכט א פּראָפעסאָר פון ווארשע. דער פּראָפעסאָר איז געקומען, באטראכט דעם חולה און געזאָגט די שטוב־מענשן אין אנדערן חדר, אז ס׳איז ניטאָ קיין האָפענונג. פארשטייט מען דאָך ווי ס׳איז געוואָרן אין שטוב. ר׳ חיים־ליב פרעגט, וואָס דער פּראָפעסאָר האָט געזאָגט, זאָגט מען דאָך אים מן הסתם, ניט אוים. ער דערקענט אָבער אן די בני־בית, אז דער פּראָפעסאָר האָט אים אפּגעזאָגט דאָס לעבן.

— וואָס — מאכט ער צו זיי — גייט איר ארום אזוי פאר׳צער׳ט? און אז דער פּראָפעסאָר האָט מיר אָפּגעזאָגט ס׳לעבן איז וואָס? די גמרא זאָגט: ורפא ירפא, מכאן שנתנה רשות לרופא לרפאות — אז א דאָקטער האָט רשות צו היילן. האָט ער דאָך בלויז רשות אויף צו ה י י ל ן, אָבער ווער האָט אים געגעבן רשות אויף אָפּצוזאָגן דאָס לעבן?

(מ. ליפסאָן)

(ג)

א איד האָט געוואוינט בשכנות מיט א גוי. מאכט זיך איינמאָל א שרפה און ביידע הייזער גייען אוועק מיטן פייער. דער גוי גייט ארום אָן א קאָפּ און דער איד איז פריילאך און לעבעדיק, ווי עס וואָלט גאָרניט געטראָפן.

— איך פארשטיי ניט — זאָגט דער גוי צום אידן — איך גיי ארום אָן א קאָפּ און דיר, ווייזט אוים, ארט גאָר ניט דער אומגליק!

— פארשטייסטו מיך — ענטפערט דער איד — ביי דיר אין הויז איז דיין גאָט אויך פארברענט געוואָרן, מיין גאָט איז אָבער געבליבן לעבן!

(ד)

וואָס איז א אידנס גליק?
ווען ער קומט אָן צו "ברכו".

(י. ח. ראַווניצקי)

## דער איד האָט א וויץ אונטער אַלע אומשטענדן

מ׳האָט אמאָל באשטראָפט מיט שמיץ א אידישן מסור. מ׳שמייסט אים און ער לאכט:

— וואָס איז די שמחה מיט דיר? — פרעגט מען אים.
— איך פריי זיך וואָס מ׳שמייסט א אידן — ענטפערט ער.
נאָכ׳ן שמייסן זעט מען אז דער מסור וויינט. פרעגט מען אים:
— וואָס זשע וויינסטו איצט?
— פון צער — ענטפערט ער — פון דעם וואָס א איד האָט זיך געפרייט.

## א וויץ אפילו אויפן טויטן-בעט

דער איד האָט שטענדיק א ווערטל, א וויץ — אפילו ווען עס איז אים ניט גוט אויפן הארצן, און אפילו אז ער ליגט שוין אויפן טויטן־בעט.
אויף לייזער יאשינאָוועקער, דעם באַרימטן אפיקורוס, דערציילט מען, אז פארן טויט האָט ער צוגערופן זיין זון צו זיך און זאָגט אים אזוי:
— הער זיך איין. דיין עלטערער ברודער איז גע׳שמד׳ט. פארשטייסטו דאָך אז ער וועט נאָך מיר קיין קדיש ניט זאָגן. דיין שוועסטער איז דאָך פטור פון קדיש. דו ביזט מיין איינציקער קדיש. בעט איך דיך אז דו זאָלסט נאָך מיר... אויך קיין קדיש ניט זאָגן.

## גוטע מדות

דער אידישער פאָלקלאָר איז פול מיט מעשות וועגן גוטע מדות, עניוות און רחמנות, הארציקייט און נשמה ריינקייט — א רעזולטאט פון דער אידישער הומאַנישער און איידעלער וועלט־אנשויאונג.

(א)

דעם טיטל הרב, הגאון, המאור הגדול, פלעגט מען אמאָליקע צייטן און אויך היינט באנוצן שרייבנדיק צו א רב אָדער א גרויסן יחסן. ר׳ יאשע בער סאָלאָווייטשיק, בריסקער רב, האָט אמאָל געשריבן א בריוו צו א ישובניק וועלכער האָט קוים געקאָנט דורכקריכן אין עברי. האָט ער אנגעהויבן דעם בריוו: לכבוד הרב הגאון, המאור הגדול ר׳ א. א. וו. דער ישובניק האָט זיך געפילט שטארק באליידיקט. וואָס הייסט, נו, און פון א פראָסטן אידן דארף מען חוזק מאכן, מביש זיין א מענשן?
ווען דער ישובניק איז געקומען אין שטאָט, גייט ער אריין צום רב מיטן בריוו אין האנט.
— ס׳איז אמת — טענה׳ט ער צום רב — אז איך בין אן עם הארץ, א פראָסטער ישובניק. הייסט עס אז מ׳דארף חוזק מאכן פון מיר? איר ווייסט דאָך, רבי, אויפן ישוב קאָן מען זיך מיט לומדות ניט פארנעמען. וואָלט מיין טאטע ע״ה געוואוינט אין שטאָט, וואָלט איך אפשר אויך אויסגעוואקסן א למדן.
ר׳ יאשע בער איז נשתומם געוואָרן:
— איך האָב דיך מביש געווען? — פרעגט ער א פארציטערטער. — וואָס הייסט איך וועל מביש זיין א מענשן וואָס איז באשאפן געוואָרן בצלם אלקים?

דער ישובניק דערלאנגט אים דעם בריוו, און ווייזט אים אן אויף די ערשטע שורות.

— חלילה — זאגט דער רב עניוות'דיק — איך האב חס ושלום ניט געמיינט מביש זיין דיך דערמיט. מ״ר שרייבט מען אויך אזוי...

(ב)

דער צדיק ר' שמעלקע ניקעלסבורגער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה. ווען ער האט ניט געהאט קיין מזומן, פלעגט ער אוועקגעבן א זאך פון הויז. איינמאל איז אריין א איד בעטן א נדבה. קיין געלט האט ער ניט גע־האט. האט ער אויפגעמאכט א שופלאד פון קאמאד, און געפונען דארט א גאלדן רינגל מיט א דימענטל, זיין ווייב'ס צירונג. ער האט דאס רינגל אוועק־געגעבן דעם ארימאן. א פאר מינוטן שפעטער איז גראד אריינגעקומען זיין ווייב, די רביצין. זי האט דערזען דער שופלאד איז אפן, האט זי געכאפט א קוק און גלייך פארשטאנען, אז ער האט דאס רינגל אוועקגעגעבן. האט זי דאך געמאכט א גוואלד:

— סטייטש, אפגעבן אן ארימאן א רינגל וואס קאסט גאנצע פופציק גילדן... לויף שוין גיך און נעם עס אפ ביים ארימאן.

ר' שמעלקע איז באלד ארויסגעלאפן פון הויז, נאכגעיאגט דעם ארי־מאן און קוים דערכאפט אים שוין אויף א צווייטער גאס.

— מיין ליבער איד — האט ער געזאגט צום ארימאן — איר זאלט וויסן אז דאס רינגל איז א גאלדנס, מיט א דימענט. ווען איר וועט דאס האלטן ביים פארקויפן, זאלט איר זיך חלילה ניט לאזן אפנארן...

(מארגאשעס)

(ג)

אויף ר' ישראל סאלאנטער דערציילט מען, אז מ'האט ביי אים גע־פרעגט ראש השנה וועלכע פיוטים מ'קאן איבערהיפן (ס'איז אויסגעפאלן דער צווייטער טאג ראש השנה אום פרייטאג, און ווי דער מנהג איז, איז מען מקצר די פיוטים לכבוד שבת). האט ער געענטפערט, אז מ'קאן אלע פיוטים אויסלאזן, אבער מ'טאר קיין זאך ניט ארויסלאזן פון די לאנגע שטי־קער פיוט צווישן מלכיות, שופרות, זכרונות, כדי דער חזן זאל האבן א גע־לעגנהייט אביסל אפרוען זיך.

(ד)

עס האבן זיך איינמאל אריינגעריסן גנבים אינמיטן דער נאכט צו דעם באוואוסטן רבי'ן ר' וועלוועלע זבארזשער. דער צדיק איז פונקט דאמאלס ניט געשלאפן, און ליגנדיק אין בעט האט ער געהערט ווי די גנבים פאקן איין כמעט אלץ וואס עס געפינט זיך אין שטוב.

ער האט זיי ניט געשטערט. אידן האלטן, נעבאך, ביי א נידעריקער מדרגה, אז זיי מוזן ווערן נאכט גנבים, דארף מען זיי ניט שטערן און אוועק־נעמען פון זיי וואס זיי האבן דורך זייער מי שוין געקראגן. ער האט אבער באמערקט, אז זיי האבן אויך צוגענומען א סלאיקל מיט איינגעמאכץ. אז די גנבים זיינען אוועק, איז ער זיי נאכגעלאפן און א זאג געטאן:

— אידן, ברידער, האלט אייך געזונטערהייט אלעס, אבער זייט פאר־

זיכטיק, איך בעט אייך, מיט דעם איינגעמאכץ, ווייל א קראנק קינד האט געגעסן דערפון און איז טאקע געשטארבן, וויל איך ניט אז צוליב מיר זאל חלילה ארויסקומען א מכשול.

(מארגנאשעם)

(ה)

אז דער רבי ר' אלימלך פון ליזענסק האט איינמאל פארלאזן א שטעטל האט אים א היבשער עולם באגלייט. ווען דער צדיק האט דערזען דעם גרויסן עולם איז ער אראפ פון וואגן און האט זיך צוזאמענגעמישט מיטן עולם. פרעגט מען אים: "וואס מיינט דאס?"

— איך האב געזען א סך אידן, קיין עין הרע, טוען א גרויסע מצוה, באגלייטן אן אורח, האב איך פשוט ניט געקאנט אריבערטראגן איך זאל מיך ניט באטייליקן אין אזא מצוה — האט דער צדיק געענטפערט.

(ו)

עס איז פארגעקומען א קאמפיין פאר וואוילטעטיקע צוועקן אין א שטאט. איז מען געקומען צו א גרויסן גביר, וואס האט שטענדיק געגעבן ביד רחבה.

— ווייזט מיר די רשימה פון די מענשן, וועלכע נויטיקן זיך אין הילף — האט דער גביר א זאג געטאן.

— דאס טארן מיר ניט טאן — האבן געענטפערט די זאמלער.

— איך וועל אייך געבן הונדערט רובל, אבער ווייזט מיר די רשימה.

— אוממעגלאך! — האבן געענטפערט די זאמלער.

— איך וועל ביישטייערן צוויי הונדערט רובל, אויב איר ווייזט מיר די נעמען — שפארט זיך איין דער גביר.

— מיר וועלן דאס פאר קיין געלט ניט טאן — ענטפערן די זאמלער.

— אויב אזוי איז גוט — האט געענטפערט דער גביר. — איך זע אז איר זייט באגלויבטע מענשן. פארשרייבט מיר די סומע פון דריי הונדערט רובל.

(ז)

פאראן צייטן ווען א איד דארף דינען דעם רבש"ע אויך מיט שלעכטע מדות. למשל: מדבר שקר תרחק. פונדעסטוועגן איז גאר א מצוה אמאל צו זאגן א ליגן צוליב שלום ווענן. אדער כעס למשל. א שלעכטע מדה. אבער ביי נקמת ד' צבאות — קאן מען אנווענדן די מצוה פון כעס.

אדער אמונה. א איד נויטיקט זיך אין הילף, איז אויף גרויסע צרות, האט קיין פרנסה ניט, איז א מחוסר לחם אדער דארף חתונה מאכן א טאכטער א. א. וו. דאמאלסט דארף מען קיין אמונה ניט האבן און מרחה זיין דעם אידן אז דער רבש"ע וועט העלפן, ווארום פון אמונה וועט דער ארימאן ניט געהאלפן ווערן. מ'דארף אליין העלפן.

(ש. מארגנאשעם)

(ח)

אין אנסקים "דער דבוק" איז פאראן א שיינער משל דערציילט פון "משולח": עס איז געקומען צום רבי'ן א חסיד, א גביר, נאר א גרויסער קמצן.

האט דער רבי אים אָנגענומען פארן האנט, צוגעפירט צום פענסטער, און געזאָגט: "קוק". האט דער גביר אַרויסגעקוקט אויפן גאס. פרעגט אים דער רבי: "וואָס זעסטו?". ענטפערט ער: "איך זע מענשן". נעמט אים דער רבי פארן האנט און פירט אים צו צום שפּיגל און זאָגט: "קוק, וואָס זעסטו איצט?" ענטפערט דער איד: "איצט זע איך זיך". זאָגט אים דער רבי: "פארשטייסטו מיך, אין פענסטער איז גלאָז און אין שפּיגל איז גלאָז, נאָר די גלאָז פון שפּיגל איז אביסעלע באַזילבערט. און ווי באלד נאָר באַזילבערט, הערט מען אויף צו זען מענשן, און מ'הויבט אָן זען נאָר זיך".

## גאַלגען הומאָר

דער ביטערער הומאָר, וואָס ווערט אָנגערופן "דער גאַלגען הומאָר" איז, אלס א רעזולטאט פון דעם ביטערן אידישן לעבן, אויך גאַנץ שטארק פארטראָטן אין דעם אידישן וויץ. דער גאַלגען הומאָר, איז דער הומאָר וואָס שפּרודלט אין דעם מענשן, אפילו ווען דער שאַרפער שווערד ליגט שוין אים אויפן האלז. ווען מ'דערציילט אויף איינעם וועמען מ'האט געפירט צו דער תליה אין א קאַלטן רעגנדיקן פרימאָרגן, אז ער, דער פאַר'משפּט'ער, האט געבעטן א האלז-טוך, כדי ער זאָל זיך חלילה ניט פארקילן, געפינען מיר אין דער בקשה דעם העכסטן אויסדרוק פון גאַלגען הומאָר.

דער איד, דורך זיין לאַנגער פארוואָלקנטער געשיכטע, פול מיט צרות און ענויים, האט אויסגעארבעט אַט דעם ביטערן שמייכל. ער האט געלאַכט פון זיינע תלינים. דאָס האט אים געגעבן כח, לאַבנדיק פון זיינע שונאים, איבערצוטראָגן גרינגער זיינע צרות.

(א)

א איד האט אמאָל געטאָן א פארברעכן, פאר וועלכן ער איז פארמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הייגנען. א קריסט, א שונא ישראל, האט בשעת דער עקזעקוציע, זיך געוויצלט איבער דעם אידן:

— זעסטו — האט ער א זאָג געטאָן צום אידן, ווען יענער האט שוין די שטריק געהאט איבערן האלז — א איד פאַקט זיך אויך אריין אמאָל אין דער תליה.

— וואָס וואונדערסטו זיך — האט דער איד געענטפערט — איז דען די תליה נאָר פאר אייך געבויט געוואָרן?...

(ב. פּרנס)

(ב)

אן אומשולדיקער איד איז אמאָל פארמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הייגנען. איידער מ'האט דורכגעפירט די תליה, וועלכע איז פארגעקומען אויף דעם הויף פון געריכט, האט מען דעם פארמשפּטן געפרעגט וואָס איז זיין לעצטער פארלאַנג. ער האט געוואָרפן זיין בליק אויף דער מאַרמאָרנער סטאַטוע פון טהעמיס (די געטין פון גערעכטיקייט ביי די אַמאַליקע גריכן), וועלכע איז געשטאַנען אויף דעם זעלבן הויף, און געזאָגט:

— מיין לעצטער פארלאנג איז, מ'זאָל די "גערעכטיקייט" אריינגע־מען אינוועניק, אין געריכט־זאַל...

(ג)

אַז אַלטער פרומער איד, וואָס האָט ניט געהאַלטן פון דאָקטוירים, האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. די משפּחה האָט געמאַכט דעם לעצטן פאַרזוך און געבראַכט עטלאַכע דאָקטוירים אָפּצוהאַלטן א באַראַטונג, אפשר איז נאָך דאָ א מעגלאַכקייט צו ראַטעווען אים. דער זקן האָט געוואָרפן א קוק אויף די חברה דאָקטוירים און זיך אָפּגערופן מיט א שמייכל:

— קינדער, פאַרוואָס זאָלט איר ניט לאָזן אייער טאַטן שטאַרבן מיט א נאַטירלאַכן טויט, און ניט אונטער די הענט פון תלינים...

(ד)

בעת די עסטרייכישע מלכה, מאַריא טערעזאַ, האָט אַרויסגעגעבן א באַפעל אַרויסצוטרייבן אידן פון בעמען, האָבן אידן געשיקט דעם פּראַגער דיין, ר' זלמן קרוב, צום מיניסטער, זיך משתדל זיין, אַז די גזרה זאָל בטל ווערן. ר' זלמן איז געקומען צום מיניסטער און אָנגעהויבן בעטן רחמים פאַר די אידן אין בעמען און פון גרויס צער האָט זיך ר' זלמן צעוויינט אויפן קול.

— וואָס מאַכסטו אַזעלכע קולות? — פרעגט אים דער מיניסטער.

— מחמת — ענטפערט ר' זלמן — ניט איך אַליין שריי. טויזנטער אידן שרייען פון מיר אַרויס...

(מ. ל. ליפּסאָן, "די וועלט דערציילט")

(ה)

אַן אַרענדאַר וואוינט אין זיין קרעטשמע און מאַכט א געמוטשעט לעבן. מ'דאַרף צאָלן די ראַטע און עס איז ניטאָ מיט וואָס. און דער פּריץ איז א צורר. טאָמער פעלט א קערבל, הייסט ער די כלאָפּעס אַנידערלייגן דעם "זשידעק" און אַריינציִמבלען אחת ושתים ושלש.

איינמאָל זאָגט דער פּריץ צום אַרענדאַר:

— הער, מאָשקע, איך ווייס דאָך אַז דו האָסט ניט מיט וואָס צו צאָלן די ראַטע, טאָ הער זשע וואָס איך וועל דיר זאָגן: ווען עס וועט קומען די צייט צו צאָלן, גרייט צו א גוטן מאָלצייט, וועל איך דיר שיינקען די ראַטע. נאָר עס זאָל זיין כיד המלך. קיין זאַך זאָל ניט פעלן. טאָמער בעט איך עפּעס און עס וועט ניט זיין אויפן טיש, איז ווייסטו דאָך שוין: מ'וועט אַריינציִמב־לען. מסכים.

די צייט איז געקומען. מאָשקע גרייט צו א סעודה כיד המלך.

— הערינג האָסטו? — פרעגט דער פּריץ.

— ניין, פּריצ'ל — ציטערט מאָשקע — זיך ניט געריכט אַז אדוני פּריץ זאָל גאָר עסן הערינג.

— ניטאָ קיין הערינג? כלאָפּעס — באַפעלט דער פּריץ — שמייסט! צום צווייטן מאָל איז שוין געווען הערינג אויפן טיש.

— רעטשענע גרויפּן האָסטו? — פרעגט דער פּריץ.

— ניין, אדוני פריץ, זיך גאר ניט געריכט אז דו זאלסט וועלן טועם זיין אזא זאך.
— ניטא קיין רעטשענע גרויפן? אריינגעצימבלט.
צום דריטן מאל קומט ער, דער פריץ, און געפינט גאר ניט.
— קיין זאך ניט צוגעגרייט! וואס איז דאס? — פרעגט דער פריץ.
— פארוואס האסטו גארניט צוגעגרייט פאר מיר?
— יע, אדוני פריץ — שמייכלט דער ארענדאר — כ'האב דיר צו־געגרייט דעם "ישקני" אויף אריינצימבלען...

## שארפקייט אין מסחר

ווען עס האנדלט זיך וועגן עניני ממונות (געלט ענינים), דארף דער איד ניט זוכן אין קעשענע קיין גוטן ענטפער. אלס א רעזולטאט פון שטענ־דיקער דאגת פרנסה האט דער איד אויסגעארבעט א ראפינירטע ביטערקייט אין געשעפט ענינים וואס אפשר קיין אומה האט ניט איר גלייכן. דער איד אין דער מסחר וועלט איז דערגאנגען צו אזא מדרגה פון שארפקייט וואס שטייגט שוין אריבער אלע גרעניצן פון דער לאגיק.

(א)

— ווען איר האט מיר פארקויפט די קראם — באקלאגט זיך א איד
— האט איר מיר געזאגט אז זי איז א גאלד־גרוב; צום סוף לייז איך ניט קיין גראשן געלט.
— איר האט ניט פארשטאנען וואס איך האב אייך געזאגט — ענט־פערט דער באשולדיקטער. — איך האב געמיינט אז איך האב אין דער דא־זיקער קראם באגראבן מיין גאנץ גאלד...

(ב)

יענקל רובינשטיין האט געליען ביי חיים ראבינאוויטש דריי הונדערט דאלאר אויף א וועקסל. אין דריי חדשים דארף יענקל אפצאלן די געלט מיט פראצענט. די דריי חדשים זיינען אריבער, און חיים קומט צו אים מאנען די ממתקים.
— איך צאל ניט — זאגט יענקל.
— וואס הייסט דו צאלסט ניט? — מאכט חיים און נעמט ארויס דעם וועקסל און רוקט אים, יענקלען, אין פנים אריין:
— דאס איז דיין חתימה? — פרעגט ער ביי יענקלען.
— אמת, מיינע — ענטפערט יענקל.
— טא וואס־זשע הייסט דו צאלסט ניט?
— פארשטייסטו מיך — ענטפערט יענקל — ביי מיר, ווייסטו דאך, שטייט אן ערן־ווארט העכער ווי א חתימה. איך האב איינמאל געזאגט אז "איך צאל ניט", צאל איך ניט...

(ג)

א איד באגעגנט א פריינט אין גאס און בעט ביי אים א גמילות חסד, א פינפאונצוואנציקער. דער פריינט איז שטום ווי די וואנט. רעדט קיין ווארט ניט אויס.

— וואס שווייגסטו? — פרעגט דער ערשטער. — ממה נפשך, זאג יא, אדער ניין.

— פארשטייסטו מיר — שמייכלט יענער — איך האלט אז עס איז געזינטער פאר מיר איך זאל דיר שולדיק זיין אן ענטפער איידער דו מיר א פינפאונצוואנציקער.

(ד)

מ׳גייט זאמלען פאר א ציוניסטישן פאנד. קומט מען אריין צו א אידן א קרעמער:

— צו מיר קומט איר בעטן געלט — זאגט דער איד — אז יעדן טאג דערלייג איך געלט צו די ביזנעס?

— וואס הייסט יעדן טאג דערלייגט איר? פון וואס מאכט איר דען א לעבן?

— איך מאך א לעבן — ענטפערט דער איד — פון שבת. שבת האלט איך צוגעמאכט די קראם...

(ה)

א איד איז אריינגעגאנגען אין אן אריסטאקראטישן קאפע־הויז אויסטרינקען א גלעזל קאווע. אז מ׳האט אים געהייסן באצאלן פינפאונצוואנציק סענט, האט ער געמאכט קולות און גוואלדן:

— סטיימש! — האט ער גע׳טענה׳ט — איך קאן דאס זעלבע גלעזל קאווע קריגן אין אן אנדער ארט פאר צען סענט!

— אמת — דערקלערט אים דער באדינער — אבער גיט א קוק אויף די וואונדערלאכע בילדער און סקולפטורן וואס מיר האבן דא. גיט א קוק אויף די דעקאראציעס. זיי קאסטן א מטמון מיט געלט. איר צאלט די איבעריקע פאר סענט פאר דער אטמאספערע, — לערנט מיט אים דער באדינער.

דער איד האט באצאלט און מער קייןווארט ניט געזאגט. אויף מארגן איז ער ווידער געקומען, מיט איין האנט האט ער געהאלטן די אויגן פארשטעלט, מיט דער אנדערער האט ער אנידערגעלייגט צען סענט אויפן טיש:

— גיט מיר א גלעזל קאווע — האט ער געזאגט.

(ו)

רב: א מיאוסע חרפה אויף דיר, דו פושע ישראל. אום שבת טאן מסחר!

קרעמער: רבי, זאלט איר געזונט זיין, א גארניטער פון צוועלף דאלאר פארקויף איך פאר זיבן דאלאר, הייסט עס ביי אייך מסחר?

(ז)

דער בחור (צום שדכן): איך האב אייך שוין טויזנט מאל געזאגט אז איך וויל ניט איר זאלט מיר ריידן שדוכים; איך וויל חתונה האבן נאר דורך ליבע.

— דורך ליבע? — צעקאכט זיך דער שדכן — אדרבא, נו, ווער קאן נאך אזוי דורכפירן ליבע שדוכים ווי איך?

(ח)

א פוילישער פריץ האט געשיקט רופן זיין אידן, און האט אים נעבעטן קויפן פאר אים א דאכס־הונט.

— וויפל ווילט איר באצאלן פאר אים? — פרעגט אים דער איד.

— דרייסיק רובל — זאגט דער פריץ.

— פאר דרייסיק רובל, אדוני פריץ, ווילט איר קויפן א דאכס־הונט? איך בין זיכער אז אונטער פופציק איז גאר ניטא וואס צו ריידן.

— זאל זיין פופציק — זאגט דער פריץ. — אבער זע עס זאל זיין א ריכטיקער הונט.

דער איד קלייבט זיך ארויסגיין. ער בלייבט אבער שטיין ביים שוועל.

— וואס איז, מאשקע? — פרעגט אים דער פריץ.

— אדוני פריץ, — מאכט דער איד, — איר וועט מיר מוחל זיין. אבער, איידער איך גיי, זאגט מיר, וואס איז דאס א דאכס־הונט?

(ט)

א קרעמער האט טעלעגראפירט צו א גרויסן מסחר־הויז מען זאל אים גלייך ארויסשיקן א גרעסערע באשטעלונג פון סחורה. ענטפערט מען אים:

"מיר וועלן אייך ניט שיקן די סחורה ביז איר וועט ניט באצאלן פאר דער לעצטער באשטעלונג".

ענטפערט ער: "איך צי צוריק די באשטעלונג. כ'קאן אזוי לאנג ניט ווארטן"...

(י)

רובינשטיין האט געעפנט א קראם פון מאנופאקטור אין א גוטן געגנט. ער האט זיך אנגעהויבן ארויספארבעטן און עס איז אים אוועקגעגאנגען גאנץ נישקשה. אבער, ווי דער מנהג איז, ווען א איד מאכט א לעבן, זיינען קיין עין הרע פאראן א סך אויגן וואס זעען עס, און עס זיינען פאראן נאך א סך אידן וואס דארפן אויך מאכן א לעבן, און אין איין שיינעם פרימארגן האט רובינשטיין דערזען א ניי־געעפנטע קראם פון מאנופאקטור, גלייך לעבן זיין קראם, די צווייטע טיר, רעכטס. דאס וואלט נאך ניט געווען אזוי שלעכט. אבער מיט א פאר וואכן שפעטער, איז מיטאמאל אויסגעוואקסן א נייע קראם אויך פון מאנופאקטור, גלייך לעבן אים, די צווייטע טיר, לינקס. דא איז שוין געווען גרויסע צרות. דריי קראמען פון מאנופאקטור איינע לעבן דער אנדערער! עס איז ניט גוט!

אין א שיינעם פרימארגן האט דער קרעמער פון דער רעכטער זייט ארויסגעהאנגען א שילד מיט קידוש־לבנה אותיות: מיר האבן געמאכט א טעות; מיר מוזן זיך ארויסקלייבן פון דאנען. די בעסטע סחורות צו די ביליקסטע פרייזן". עטלאכע שעה שפעטער, האט זיך באוויזן אן אנדער שילד, פון דער לינקער זייט, אויך מיט קידוש־לבנה ווערטער: אויספארקויף! די בעסטע סחורות צו פאנטאסטיש־ביליקע פרייזן." רובינשטיין האט געמיינט אז ער וועט פון זינען אראפגיין. מ'האט אים געקוילעט! אבער א איד געפינט זיך אן עצה. אין א שעה ארום האט זיך באוויזן א שילד איבער דער טיר פון

זיין קראָם, פונקט אינמיטן צווישן די צוויי פריעריקע שילדן: "הויפּט אריינגאַנג צום גרויסן אויספאַרקויף".

(יא)

דער שוחט פון שטעטל פלעגט קריגן באַצאָלט פון די קצבים פון שטיק. האָט זיך אַמאָל אָנגעקליבן עטלאַכע רובל ביי איין קצב, און דער שוחט מאָנט און מאָנט, און דער קצב — ניט פון אָרט. האָט אַמאָל דער שוחט געכאַפּט דעם קצב פרייטאָג פ׳ חזון, און זאָגט צו אים:

— ר׳ יחיאל, איר זייט מיר דאָך שולדיק עטלאַכע רובל, ווען וועט איר מיר אָפּגעבן? שוין צייט דאַכט זיך!

מסתמא זאָגט אים דער קצב אַז ער האָט ניט. סטראַשעט אים אָן דער שוחט:

— ר׳ יחיאל, היינט איז פרייטאָג פ׳ חזון, אויב איר גיט מיר ניט אָפּ ביז איבעראַכטאָג פרייטאָג, פ׳ שבת נחמו, זאָל זיין פאַרפאַלן.

טראַכט זיך ר׳ יחיאל אביסל איבער, גיט אַ שמייכל און זאָגט:

— נו, גוט, אָפּגעמאַכט...

## דער איד האָט שטענדיק אַן אָנגעגרייטן תירוץ

דער אידישער מוח האָט קיינמאָל ניט גערוט. אָדער ער האָט געאַרבעט אויף אַ שווערער בלאַט גמרא מיט תוספות, מיט מהרש״א, און געזעסן מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן איבער אַ האָר־שפּאַלטנדן ענין; אָדער ער האָט געדאַרפט מאַכן אַ לעבן און ווידער געאַרבעט מיטן מוח, געזוכט המצאות, שפּיצלאַך, געדרייט, קאָמבינירט. דער איד איז דערפאַר שטענדיק גרייט אָדער מיט אַ קשיא אָדער מיט אַ תירוץ.

(א)

אַן אויפגעקומענער באַלעגאָלע האָט דורך דער קראַפט פון זיין געלט זיך משדך געווען מיטן רב פון שטעטל, וועלכער איז געווען אַ גרויסער אריימאַן. ווען עס איז געקומען צו דער חתונה טראַכט זיך דער חב: מיין מחותן איז אַ פּראָסטער איד; שטענדיק טראָגט ער גרויסע שטיוול, וועט ער זיי דאָך מסתמא צו דער חתונה אויך טראָגן. דאַרף מען אים ניט מביש זיין. האָט דער רב אָנגעטאָן אַ פּאָר גרויסע שטיוול, כדי שלא לבייש, ניט פאַרשעמען אַ מענטשן.

דער אויפגעקומענער עושר ווידער, האָט געמיינט: דער רב וועט מסתמא טראָגן ווייסע לאַנגע זאָקן און פאַנטאָפל. האָט ער זיך אויך אויסגעפּוצט מיט פאַנטאָפל און ווייסע זאָקן. האָבן זיך, כדרך הטבע, אַלע געוואונדערט, וואָס די מחותנים האָבן זיך געביטן מיט די יוצרות.

גיט מען אַ פרעג דעם רב. ענטפערט ער:

— פאַרשטייט איר מיך, איך בין אַ ר י י נ ג ע ק ר אָ כ ן איז אַ בלאָטע, מוז איך טראָגן גרויסע שטיוול; מיין מחותן, דורכן שידוך, איז אַ ר ו י ס ג ע ק ר אָ כ ן פון דער בלאָטע, קאָן ער זיך פאַרגינען צו טראָגן ווייסע זאָקן מיט פאַנטאָפל...

(ב)

א אידישער שרייבער אין ניו־יארק פלעגט טראגן א קאלנער צוויי־דריי וואכן נאכאנאנד. פרעגט אים א חבר:

— ווי גייט מען דאס א קאלנער אזא לאנגע צייט?

— פארשטייסט ניט? עס זיינען פשוט ניטא די עטלאכע סענט צו באצאלן פארן וואשן.

— עס איז דא אן עצה. מ'קערט דעם קאלנער איבער אויף דער אנ־דערער זייט.

— אזוי גאר! איך הער דעם ערשטן מאל אז א קאלנער זאל האבן ד ר י י זייטן!

(ג)

עס איז פארגעקומען א אידישע חתונה. נאך דער חופה האט דער עולם גענומען אביסל בראנפן און מ'האט זיך אנגעהויבן אביסל משמח זיין.

— נו, א גוטע נאכט, ר' יעקב — כאפט זיך ארויס איינער פון די געסט, א אידל מיט א רויט נעזל, צום בעל־הבית.

— וואס רעדט איר, איר גייט שוין אוועק? — זאגט דער בעל־הבית א פארוואונדערטער, — מיר האבן דאך ערשט אנגעהויבן!

— ווען שמועסט וועגן אוועקגיין — כאפט זיך ארויס דער אידל מיטן רויטן נעזל — איך האב אייך נאר געוואלט זאגן א גוטע נאכט, ווען איך דערקען אייך נאך, מחמת אביסל שפעטער בין איך ניט זיכער, צי איך וועל אייך דערקענען...

(ד)

א יונגערמאן האט אמאל באגעגנט אן עלטערן אידן, א זקן פון הונדערט יאר.

— זאגט מיר — פרעגט דער יונגערמאן — וואס איז די הויפט סבה פון אייער לאנג לעבן?

— די הויפט סבה — האט דער זקן געענטפערט — איז וואס איך בין קיינמאל ניט געשטארבן.

(ה)

א אידישער סאלדאט איז בשעת דער וועלט מלחמה אנטלאפן פון פראנט. דער פאלקאווניק פאר וועמען מ'האט דעם אידל געבראכט, האט אים געזידלט מיט די ערגסטע ווערטער פאר פארראטן דאס פאטערלאנד.

— איך האב דאס פאטערלאנד ניט פארראטן — האט דער איד גע־טענה'ט — איך האב ליב מיין פאטערלאנד און בין גרייט מקריב צו זיין מיין לעבן פאר דעם. איך בין אנטלאפן דערפאר וויל איך האב אזוי פיינט דעם שונא, אז איך קאן זיין פנים ניט אנקוקן.

## לעבנס-קלונשאפט

די טיפקייט פון דער לערע פון די חכמי התלמוד וועלכע האבן רעגו־לירט דאס אידישע לעבן און די פליכטן פון הארצן סיי בין אדם למקום, סיי

בין אדם לחברו, האט זיך איינגעוואָרצלט אין די אידישע מוחות פאַר דורות און דורות. אין תלמוד געפינען מיר טויזנטער קורצע, פרומע און קלוגע שפּרוכן, וועלכע האָבן אין זיך אנטהאַלטן שכל׳דיקייט און האַרציקייט, נשמה־ריינקייט, גוטסקייט, דערבאַרימדיקייט און לעבנס־קלוגהייט. דער היינטיקער איד ווייס אויך, צייטנווייז, א זאָג טאָן א ווערטל, דאכט זיך אזוי, אגב אורחא אדער כלאחר יד; עס ליגן אָבער דאָרט ווען מ׳קאָלופּעט עס פאַנאַנדער, טיפע פילאָסאָפיע, לעבנס־קלוגהייט און הויכע מאָראַלישע פּרינציפּן.

(א)

דער רבי ר׳ בונם פון פשיסכע האָט אמאָל געזאָגט: אלע אותיות פונם אלף־בית קאָן מען שרייבן אזוי גרויס און אזוי ברייט ווי מען וויל. אָבער אנדערש איז מיטן אות "יוד", ווייל, מאַכט מען אים צו לאַנג ווערט פון אים א "וואָוו" אָדער א "לאַנגענון", מאַכט מען אים צו ברייט ווערט פון אים א "דלד" אָדער עפּעס אנדערש. דער מוסר השכל איז: אויב א איד וויל בלייבן אן אמת׳ער איד, מוז ער זיך שטענדיק האַלטן ק ל י י ן און ניט וועלן ווערן צו גרויס אָדער צו ברייט, ווייל דאַמאָלסט וועט ער ווערן א ו י ס איד...

(יוסף מאַרגאָשעס)

(ב)

איינער א יונגערמאַן האָט אמאָל געפרעגט זיין רבין ר׳ שמחה בונם פון פשיסכע:

— חז"ל האָבן געזאָגט, אז "כל הבורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו (דער וואָס אנטלויפט פון כבוד, יאָגט זיך דער כבוד נאָך אים). איך וויים ביי מיר, אנטלויף איך שטענדיק פון כבוד אָבער פונדעסטוועגן זע איך ניט אז דער כבוד זאָל מיר נאָכלויפן.

— דאָס איז דערפאַר — האָט ר׳ שמחה בונם געענטפערט — אז ווען דו אנטלויפט פון כבוד, האַלסטו זיך אין איין אומקוקן אויב דער כבוד לויפט דיר שוין באַלד טאַקע נאָך. אזא אנטלויפן הייסט קיין אנטלויפן ניט...

(יוסף מאַרגאָשעס)

(ג)

אין לידער ישיבה איז געווען א בחור אן עלוי. דער גאַנצער געגנט האָט מיט אים געקלונגען. געווען א גרויסער מתמיד. האָט אמאָל א לידער בעל־הבית א פרעג געטאָן ר׳יצחק יעקב ריינעסן, דעם ראש ישיבה:

— רבי, ווי איז די מעשה, דער בחור ק ע ן דאָס טאַקע אזויפיל? עס קאָכט דאָך א וועלט מיט אים!

— כ׳וועל אייך זאָגן — שמייכלט ר׳ יצחק יעקב — ווען זאָל ער צייט האָבן צו ק ע נ ע ן, אז יומם ולילה זיצט ער און ל ע ר נ ט?

(ד)

ביים צמח־צדיק אין שטוב איז געווען אן אסיפה. דער עולם האָט זיך פאַרזעסן ביז פאַרטאָג. ניט ווייט פונם רבינ׳ס הויז האָט געוואוינט א שוס־טער, א לאַטוטניק, א קריסט. דערזעענדיק ליכט דורך די שפּאַרונעס פון די פאַרמאַכטע לאָדן, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין פענסטער און געפרעגט: "טשי ניע טרעבא פּאַטשינקי? פּאַטשינקא! פּאַטשינקא!"

דער רבי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול און האָט געזאָגט גאַנץ ערנסט צום עולם: "אידן, איר הערט, אפילו דער פּראָסטער ערל ווייס אַז מ'דאַרף האָבן תיקון. אוי, ברידער, תיקון, תיקון!

(ש. ביילין)

(ה)

א רייכן אידישן סוחר פון רוסלאַנד איז אַמאָל אויסגעקומען צוליב זיינע מסחרים צו זיין אין א קליין שטעטל פון גאַליציע. איז ער אריין צו אַן אָרטיקן שניידער און באַשטעלט א פּאָר הויזן. דער סוחר איז געווען אין שטעטל א פּאָר וואָכן און די הויזן זיינען ניט געווען פאַרטיק. אין א יאָר ארום איז אים ווידער אויסגעקומען צו זיין אין דעם זעלבן שטעטל. דאָס מאָל האָט דער שניידער געהאַט פאַרטיק פאַר אים די הויזן.

— דעם רבונו של עולם — שמייכלט דער סוחר — האָט גענומען נאָר איין וואָך צו באַשאַפן א גאַנצע וועלט, און ביי אייך האָט געדויערט א גאַנץ יאָר אויפצונייען א פּאָר הויזן.

— אמת טאַקע — ענטפערט דער שניידער — אָבער גיט, זייט מוחל, א קוק אויף דער וועלט און זעט וואָס פאַר א פּנים זי האָט, און גיט א קוק אויף די הויזן וואָס איך האָב געמאַכט...

## א איד געפינט שטענדיק אַן עצה

א איד מעג זיך זיין אין דער אומבאַהאָלפנסטער און אומאַנגענעמסטער לאַגע, וועט ער אָבער שטענדיק געפינען אַן עצה ווי אַרויסצודרייען זיך פון איר.

(א)

מ'דערציילט אַז אין די גוטע יאָרן פון דער צאַרישער הערשאַפט אין רוסלאַנד איז א איד אַריינגעפאַלן אין טייך. ביים טייך זיינען געשטאַנען צוויי זשאַנדאַרמען. ווען דער איד האָט אָנגעהויבן שרייען: "גוואַלד, ראַטעוועט", האָבן די זשאַנדאַרמען דערזען דעם איד מיט זיין בערדל, און האָבן זיך ניט הערנדיק געמאַכט: זאָל זיך דער "זשיד" דערטרינקען! דער איד זעט אַז ס'האַלט שמאָל, גיט ער א געשריי: "דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע!" (נידער מיט דער צאַרישער זעלבסטהערשונג!) ווי די זשאַנדאַרמען האָבן דאָס דערהערט, זיינען זיי גלייך אַריינגעשפּרונגען אין וואַסער, אַרויסגעשלעפּט דעם אידן און אים אָוועקגעפירט אין פּאָליציי.

(ב)

ווען לאָיד דזשאָרדזש, דערציילט מען, איז געווען אין זיין גלאָריִ, פלעגן צו זיינע רעדעס קומען טויזנטער און טויזנטער מענשן. עס פלעגט שטענדיק זיין געפּאַקט. איינער א אידל איז געווען ביי א רעדע. ער איז געקומען און האָט זיך אַנידערגעזעצט אין פראָנט צווישן די חשוב'ע ענגלישע. אין מיטןריידן גיט דער איד א געשריי צו לאָיד דזשאָרדזש'ן:

— זאָג מיר אַקאָרשט, וואָס זיינען געווען לאָרד פּאַלמערסטאָנס פאַרדינסטן פאַרן ענגלישן פאָלק?

לאַיד דזשאַרחזש איגנאָרירט דעם אויסרוף און רעדט ווייטער. אין א פּאָר מינוט ארום, דערף איך פרעגט ווייטער. ער ווערט ווייטער איגנאָרירט. אין עטלאכע מינוט ארום, דער אידל איז ווייטער דאָ מיט א געשריי. דאָס האָט שוין לאַיד דזשאָרדזש'ן אויפגערעגט, און ער האָט געבעטן אַז אויפזעער ער זאָל דעם אידל ארויסוואַרפן. ווען מ'האָט אים ארויסגעפירט, פרעגט איה איינער מאחינו בני ישראל:

— יענקל, וואָס האָסטו געוואָלט? וואָס האָסטו זיך פאַנאַנדערגע-שריען?

— פאַרשטייסטו מיך — זאָגט יענקל — איך האָב געוואָלט ארויס-גיין צוליב מענשלאכע באַדערפעניש, און דאָ איז א געפּאַקטער זאל און איך קאָן זיך ניט ארויסדראַפּען. געזען אז ס'איז שלעכט, האָב איך זיך מישב גע-ווען: זאָל מען מיך ארויסטראָגן!

(ג)

איך האָב אַמאָל געהערט פון מנחם מענדל אוסישקין פאָלגענדעס: ער איז געווען אמאָל, דערציילט אוסישקין, אין עגיפּטן. אין איינעם פון די אידישע ישיבים דאָרט האָט ער באַזוכט די תלמוד תורה, און די דירעקטאָרן האָבן אים געבעטן עפּעס אריינשרייבן אין דעם "ספר הזהב". דאָס גאָלדענע בוך פון דער תלמוד תורה, וועגן דעם איינדרוק וואָס די אינסטיטוציע האָט אויף אים געמאַכט. דער בנין, דערציילט אוסישקין, איז געווען א וואונדער-באַרער, אָבער די למודים, איבערהויפּט אין אידישקייט, זיינען געווען זייער שוואַך. איז ער געווען אין א פאַרלעגנהייט און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. שרייבן אז עס טויג ניט — פּאַסט דאָך ניט; ווידער שרייבן אז אלעס איז גוט — איז ניט ריכטיק. איז אים איינגעפאַלן אָנצושרייבן די מימרא פון פּרקי אבות: "אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו".

(ד)

אמאָל איז געווען א קייסער, א שונא ישראל. האָט ער באַפוילן, אז יעדער איד וואָס קומט אין שטאָט מוז עפּעס זאָגן. האָט ער געזאָגט א ליגן, פלעגט מען אים הייגנען; האָט ער געזאָגט אן אמת, פלעגט מען אים שיסן. איז געקומען איינמאָל א איד, און האָט דווקא יאָ געזאָגט, און האָט זיך ארויס-געדרייט פון טויט. ער האָט געזאָגט: "היינט וועט מען מיך הייגנען".

האָט מען אים גאָרניט געקאָנט טאָן. זאָל מען אים הייגנען, וועט עס הייסן אז ער האָט געזאָגט אן אמת, און פאַרן אמת קומט אים שיסן; זאָל מען אים שיסן, וועט עס הייסן אז ער האָט געזאָגט א ליגן, און פאַר א ליגן קומט אים הייגנען.

(ה)

אין דער צייט פון דער יאַפּאַנעזער מלחמה מיט רוסלאַנד, פאַר דער מוקדען שלאַכט, האָט מען געבראַכט און צעטיילט פערציק טויזנט ברוסט-פאַנצערס צווישן די רוסישע סאָלדאַטן. בעת דער שלאַכט זיינען אלע סאָל-דאַטן געפאַלן. הדריי אידן זיינען גאַנץ געבליבן. ווען מען האָט זיי געפרעגט דעם סוד, איז געווען דער ענטפער: "מיר האָבן געוואוסט אז מ'וועט דאַרפן לויפן, האָבן מיר לכתחילה אָנגעטאָן די פּאַנצערס אויפן רוקן."

(ש. אנ—סקי)

(ו)

א איד, וואָס האָט ביים לעבן געהאַט א רעפּוטאַציע אַלס א **מסור**, א לוה ואינו משלם,.א מחרחר ריב א. א. וו., איז געשטאָרבן, און מ׳האָט זיך געקליבן צו דער לויה. דער רב, וועלכער האָט אים געקענט ביים לעבן, האָט זיך ביים הספּד באַנוגנט מיט א פּאָר ווערטער וואָס זיינען געווען ניט קאַלט און ניט וואַרים, און האָט זיך געווענדעט צום עולם באַמערקנדיק, אז אויב אימעצער האָט עפּעס א גוט וואָרט וועגן דעם בר־מינן, זאָל ער דאָס זאָגן. קיינער האָט ניט געוואָלט זאָגן א וואָרט. דער רב האָט ווידער געבעטן און ווידער איז זיין בקשה געענטפערט געוואָרן מיט א שווערן שווייגן. אז די שווייגעניש איז געוואָרן צו שווער, האָט זיך ארויסגעכאַפּט איינער פון די גבאים און געזאָגט:

— רבותי, אזוי ווי מיר האָבן דאָ קיין עין הרע א גאַנץ פיינעם עולם, און קיינער האָט ניט וואָס צו זאָגן וועגן דעם בר־מינן, אפשר זאָלן מיר זיך מישב זיין וועגן דעם נייעם שוחט, וואָס מיר דאַרפן אָנשטעלן אין שטאָט?

(ז)

ר׳ נפתלי הורוויץ, דער ראָפּשיצער צדיק, איז געווען א איד א חכם. א חסיד שוטה האָט ער ניט געקאָנט סובל זיין. א קלוגער, האָט ער געזאָגט, גיט זיך שוין אַלעמאָל אן עצה, און אויך אויף יענער וועלט וועט אים ניט שווער זיין אריינצוקומען אין גן־עדן. א קלוגער, אז ער וויל אריינקומען אין גן־עדן, דאַרף ער זיך ארומדרייען ביים טיר און עטלאַכע מאָל אויפמאַכן די טיר און צומאַכן. אברהם אבינו, וועלכער געפינט זיך שטענדיק ביי דער טיר פון גן־עדן, וועט מסתמא פאַרלירן די געדולד, וועט ארויס פון די כלים און וועט אויסרופן: ״נו, אריין אָדער ארויס, דאָ שטיין קאָן מען ניט״... אָט אזוי וועט דער קלוגער זיך באַלד אריינכאַפּן אין גן־עדן אריין.

(יוסף מאַרגאָשעס)

(ח)

מ׳דערציילט אויף א פרומען אידן, אז ווען ער פלעגט אויפשטיין שבת ביימאָג פון דעם ״שנה בשבת תענוג״ און דער טשאָלנט פלעגט אָנהויבן אַר־בעטן אין אים און ער פלעגט שטאַרבן נאָך א גלעזל טיי, פלעגט ער שטענדיק געפינען אן עצה. שבת טאָר מען טאַקע ניט מאַכן דעם סאַמאָוואַר, אָבער ריידן צו זיך אַליין מעג דאָך א איד אפילו אום שבת. פלעגט ער זיך זעצן צום טיש, נעמען א ספר אין האַנט און אָנהויבן מורמלען צו זיך: ״ווען ס׳איז ניט שבת אויף דער וועלט וואָלט איך געזאָגט (אויפהויבנדיק דאָס קול) מאַגדאַלינא מאַך דעם סאַמאָוואַר!״ מאַגדאַלינא די שיקסע, פלעגט נאַטירלאַך הערן נאָר די לעצטע ווערטער. זי פלעגט גלייך מאַכן דעם סאַמאָוואַר און דער איד פלעגט אי ניט עובר זיין קיין עבירה, אי האָבן א פרישׁ גלעזל טיי.

## גוזמאַדיקייט

איינער פון די בולטסטע שטריכן פון דעם אידישן געדאַנקען־גאַנג איז גוזמא׳דיקייט. ביי קיין פאָלק אפשר דריקט זיך די גוזמא׳דיקייט ניט

אוים אזוי בולט ווי ביי אידן. אידן האָבן א טבע צו מגזם זיין. אז איר וועט גיין אין גאס און הערן א איד שרייט: גוואלד! ער האָט מיך מיט א מעסער דערקוילעט! זאָלט איר זיך ניט דערשרעקן. קיינער האָט אים ניט געקוילעט. מסתמא האָט אימעצער ביי אים פארכאפּט א פּאָר גראָשן.

(א)

א אידישער אדוואָקאַט אין וויניפּעג דערציילט מיר: עס קומט אריין צו אים אין אָפיס איינמאָל א איד מיט א לאנגער, צעפּאַטלטער באָרד, שטעלט אוים אויף אים א פּאָר אויגן, אזוי ווי דער אדוואָקאַט וואָל געהאלטן א חלף אין האנט צו שעכטן אים, און גיט א זאָג: "מר... מיר זאָלט איר אָפּטאָן אזא נבלה, מ י ר?" "ווער זייט איר", פרעגט אים דער אדוואָקאַט, "און וואָס האָט איר געוואָלט?" "וואָס הייסט", זאָגט דער איד, "איר נעמט און שיקט מיר אריין עפּעס א הויכן גוי, מיט א בלויען פּאַפּיר און מיט א געלן פּאַפּיר. כ'האָט דאָך שוין געהאלטן מ'זאָל מיך אין תפיסה ארייננזעצן!" דער אדוואָקאַט געפינט אויס אז דער בעל־דבר איז שולדיק געווען זיינעם א קליענט זיבעצן דאָלאַר, האָט ניט געוואָלט אָפּצאָלן, האָט מען אים אָנגעקלאָגט אין געריכט. און ער האָט דערהאלטן א "ריט" (אָנקלאָגע).

— שרעקט זיך ניט, ר' איד, — זאָגט אים דער אדוואָקאַט, — אז איר וועט אָפּצאָלן די זיבעצן דאָלאַר מיט די געריכט־קאָסטן, וועט אלעס זיין פיין און שיין.

דער איד גיט ווידער א קוק אויפן עורך־דין מיט א פּאָר צעשראָקענע אויגן, און רופט זיך אָפּ:

— הערט זיך איין, איך זע דאָך אז איר ווילט מיך ק ו י ל ע נ ען, טאָ האָט אייך א מעסער (ער נעמט דערוויייל ארויס א מעסערל פון קעשענע). קוילעט מיך אָפּ אָט דאָ אָ, און פאַרטיק... וואָס דאַרפט איר אָפּלייגן, וואָס?...

(ב)

א בייזע אידישע באַלעבאָסטע האָט אמאָל אויפגעוועקט איר דינסט־מיידל פיר אזייגער פאַרטאָג מיט א שטאַרקן געשריי:

— שטיי אויף, גיכער, שטיי אויף, היינט איז שוין מאָנטאָג, מאָרגן איז דינסטאָג, און איבערמאָרגן איז שוין מיטוואָך — א האלבע וואָך איז שוין אוועק און נאָך קיין סימן ארבעט ניט אָפּגעטאָן...

(ג)

א אידישער בחור'ל, דערציילט מען, האָט זיך אזוי שטאַרק פאַרקאָכט אין דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, אז ער איז אנטלאָפן פון דער היים און מיט א ברענענדיקן אידעאליזם זיך אָנגעשלאָסן אין דער רויטער ארמיי.

דעם ערשטן בריוו וואָס ער האָט געשריבן אהיים צו זיינע עלטערן האָט ער אָנגעהויבן מיט די ווערטער: "טייערע עלטערן: איך שרייב אייך דעם בריוו, האלטנדיק אין איין האנט א רעוואָלווער און אין דער צווייטער האנט א ביקס..."

(ד)

אלול־צייט שטייט א אידענע אויפן בית־עולם און וויינט אויפן קול:
"זונעלע מיינער, חכם מיינער, קדיש'ל מיינער, בעל־יועץ מיינער, די קרוין פון מיין קאָפּ, מיין פּרנסה־געבער.

— ווי אַלט איז ער געווען? — פרעגט איך א צווייטע אידענע.

— זעקס חדשים, א ווייטיק דער מאַמען — ענטפערט די אידענע.

## קאַפּוליער אַנצוהערעניש

נאָך א מעטאָדע מיט וועלכער דער אידישער וויץ באַנוצט זיך, איז וואָס מ'רופט "קאַפּוליער אַנצוהערעניש".

(א)

זרח שאַפּירא האָט איינגעלאַדן זיינעם א פריינט, כאַצקעל גרינשפּאַן, אויף א שמחה, זיין טאָכטערס צוואַנציקסטן געבורטסטאָג.

— כ'ווייס ניט צי איך וועל קאָנען קומען — האָט גרינשפּאַן געזאָגט.

— וואָס הייסט איר וועט ניט קומען? מיין טאָכטער און מיין גאַנצע פאַמיליע וועלן זיך פילן באַליידיקט. אונזער נאָענטסטער פריינט וועט ניט קומען? — פרעגט שאַפּירא באַליידיקט.

— נו, אויב אַזוי, — זאָגט גרינשפּאַן — וועל איך קומען.

— ווען איר וועט דאַרפן אריין אין הויז, גיט א זעץ מיטן פוס אין טיר, וועל איך אייך שוין אריינלאָזן — גיט צו שאַפּירא.

— מיטן פוס? — פרעגט גרינשפּאַן פאַרוואונדערט — פאַרוואָס ניט אַנקלאַפּן אויפן געוויינלאַכן אופן?

— כ'ווייס, אפשר וועלן ביידע הענט זיין פאַרנומען מיט טראָגן די מתנות... — האָט שאַפּירא געענטפערט.

(ב)

א רייכער איד האָט גענומען אן אורח צו זיך אויף שבת. עס איז געווען אויפן טיש פון כל טוב. עס האָט אויך ניט געפעלט קיין ביסל בראָנפן. דער אורח, דערזעענדיק דאָס פלעשל יי"ש, האָט אויסגעטראַכט אַזא פלאַן: טרינקען א סך פּאַסט טאַקע ניט, אָבער טונקען קאָן מען וויפל מען וויל. האָט ער גענומען ווייסע חלה און געטונקט, און אין עטלאַכע מינוט איז אין פלעשל געוואָרן א יבשה. דעם באַלעבאָס האָט דאָס פאַרדראָסן.

— איר האָט געלערנט חומש? — פרעגט ער דעם אורח.

— נו, ווי דען, וועלכער איד לערנט דאָס ניט קיין חומש? ענטפערט דער אורח.

— ווען גאָט האָט ארויסגענומען די אידן פון מצרים — פרעגט ווייטער דער באַלעבאָס — צוליב וואָס האָט דאָס גאָט געדאַרפט שפּאַלטן דעם ים? עס זיינען געווען קיין עין הרע ששים רבוא אידן, ווען זיי טונקען מיט ווייסע חלה, וואָלטן זיי געמאַכט א יבשה?

— איר זייט גערעכט — ענטפערט דער אורח. — איר האָט אָבער מסתמא פאַרגעסן אַז עס איז געווען פּסח. מיט מצה, ווי איר ווייסט, טונקט זיך ניט...

(ג)

אן אַרימער איד האָט באַזוכט זיין רייכן קרוב. דער קרוב האָט אים זייער פיין אויפגענומען. חוץ דעם איז דעם קרוב'ס הויז געווען זייער שיין און קאַמפּאַרטאַבעל, און דער אַרימער גאַסט האָט זיך געפילט גאַנץ גוט און האָט זיך ניט געאיילט אוועקצופאָרן. אַזוי זיינען אַוועק דריי וואָכן, און דער גאַסט קלערט גאָרניט וועגן פאָרן אהיים.

—איך האָב מורא, יענקל — זאָגט דער רייכער קרוב צום גאַסט איינמאָל ביי א גלעזל טיי — אַז דו וועסט מיך קיינמאָל מער ניט באַזוכן.

— וואָס רעדסטו, חיים — וואונדערט זיך יענקל — וואָס הייסט, האָסט מיר חלילה שלעכטס געטאָן? אדרבא, איך דיינק אַז שענער קאָן גאָר ניט זיין.

פאַרשטייסטו מיך — זאָגט חיים מיט א שמייכל — אַז איך זע אַז דו דיינקסט גאָרניט וועגן פאָרן אהיים, טאָ ווי זשע קענסטו מיך נאָכאַמאָל באַזוכן?

# אידישע סענסיטיוויטעט

דער איד איז זייער סענסיטיוו וועגן זיך אליין, וועגן זיין אידישקייט, וועגן זיין פאָלק. מ'קאָן זאָגן אַז דער איד איז א י ד ־ צ ע נ ט ר י ש. אַלץ אויף דער וועלט, דוכט זיך אים, דרייט זיך אַרום דעם אידן. ווען א איד הערט א נייעס, פרעגט ער גלייך: "עפּעס גוט פאַר אידן?"

(א)

אין א געוויסן אוניווערסיטעט האָט דער פּראָפעסאָר געהייסן די סטו־דענטן שרייבן אן אָפּהאַנדלונג איבער דעם העלפאַנט. זיינען דאָרט געווען אן ענגלענדער, א פראַנצויז, אן אמעריקאַנער און א איד. די טעזן זיינען אָנגע־קומען צום פּראָפעסאָר אין א שטיקל צייט אַרום, און די טעמעס זיינען געווען פאָלגנדע:

דער ענגלענדער, וועמעס פערל־קאָלאָניע איז אינדיע, האָט גענומען אלס זיין טעמע: "דער העלפאַנט־יאַגד אין אינדיע"; דער פראַנצויז וועלכער חלומ'ט שטענדיק פון ליבע, האָט אָנגעשריבן אן אָפּהאַנדלונג איבער דער טעמע: "לי'עלפאַנט ע סאַן אַמור" — דער העלפאַנט און זיינע ליבעס; דער אמעריקאַנער, דער מאַן פון "עפישענסי", האָט געשריבן וועגן "גרעסערע און בעסערע העלפאַנטן", און דער איד האָט גענומען אלס זיין טעמע: "דער העלפאַנט און דאָס אידישע פּראָבלעם"...

(ב)

ער, דער זיידע, איז ניט לאַנג אָנגעקומען פון דער אַלטער היים. איז נאָך געווען זייער גרין. האָט קיין וואָרט ענגליש ניט געקאָנט ריידן. לויפט אריין איינמאָל זיין אייניקל, א הייַ־סקול סטודענט, מיט א שמחה, א גדולה:

— גרענדפּאַ — זאָגט ער — די "דזשייענטס" האָבן געוואונען.

פרעגט אים דער זיידע:

— ווער זיינען דאָס די דזשייענטס, מיין קינד?

דערקלערט אים דאָס אייניקל דעם גאַנצן ענין פון בייסבאָל, און פאַר וואָס עס איז אים געגאַנגען אין לעבן אַז די "דזשייענטס" זאָלן האָבן דעם נצחון. אַז ער איז פּאַרטיק געוואָרן, פרעגט אים דער זיידע:

— אָבער פאַר א י ד ן איז דאָס גוט, צי ניט?

(ג)

א רוסישער איד איז געקומען צום וואָקזאַל קויפן א בילעט. ווייזט מען אים אַן ער זאָל צוגיין צום אווטאָמאַט וואָס שטייט דאָרטן, אַריינוואַרפן א מטבע. אויפן אווטאָמאַט איז געווען א שילד וואָס האָט געצייגט אַז מ'דאַרף אַריינוואַרפן א האַלבן רובל.

— עס איז דאָך ניט מער ווי א מאַשין — טראַכט דער איד — טאָ וואו שטייט עס געשריבן אין דער תורה אַז מ'דאַרף אַריינוואַרפן א האַלבן רובל? נישקשה, ס'וועט זיין גענוג א פערטעלע...

ער וואַרפט אַריין א פערטעלע, אָבער קיין בילעט גייט ניט אַרויס.

— העי — קלערט ער — ביזט טאַקע איינגעשפּאַרט, חוקא א האַלבן רובל, ניט אַנדערש? ! נו, לאָז שוין זיין ווי דו ווילסט.

ער וואַרפט אַריין דאָס צווייטע פערטעלע, און קיין בילעט איז נאָך אַלץ ניטאָ.

— נו, — ווערט שוין דער איד א צעקאָכטער — א האַלבער רובל איז אויך ווייניק פאַר דיר? אהא — מסתמא ווילסטו מיך באַשטראָפן פאַר דעם וואָס איך האָב געמאַכט פון דיר אביסל שפּאַס — און ער וואַרפט אַריין א דריט פערטעלע, אָבער קיין בילעט איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ווי ער שטייט אַזוי און קראַצט די פּאַטילניצע, גייט צו א גוי, וואַרפט אַריין א האַלבן רובל, און עס שפּרינגט אַרויס א בילעט. פרעגט ער, דער איד, דעם גוי:

— וואָס פאַר א צרה איז דאָ מיט דער מאַשין? עס קאָסט מיך שוין פינף און זיבעציק קאָפּיקעס און איך זע ניט קיין סימן פון א בילעט. — און ער דערציילט אים וואָס ער האָט געטאָן.

— ס'איז גאָר פּשוט — זאָגט דער גוי — קאָנסט מיט אַן אווטאָמאַט קיין קונצן ניט פּראָווען.

— וויים איך וואָס! — שטורעמט דער איד — אווטאָמאַט, שמאָוו־טאָמאַט! ס'איז פּשוט אַן אַנטיסעמיט, א שונא ישראל!

## אידישע ביטול באַציאונג צו פיזישער קראַפט

"ביי דער אידישער רעליגיעז געשטימטער מאַסע", זאָגט אַנסקי (געזאַ־מלטע שריפטן באַנד 15, זייט 62), "מערקט זיך א טיפער עקל צו דער פיזי־שער קראַפט, וואָס רעכנט זיך ממש פאַר "א ניט־אידישער מידה". להיפּוך די אידישע אייגנשאַפטן — א דאַרינקער, אַן איידעלער, א זיידענער, א שטילער ווי א טויב א. א. וו., ווערט אַרויסגעשטעלט אַלס סימן פון מגושמ'דיקייט און טעמפּקייט: "רויט ווי סטיאַפּקע", "געזונט ווי א גוי, ווי כאַריטאָן". דאָס פאָלקס־ווערטל איז שאַרף מבחין צווישן די כאַראַקטעריסטישע אייגנ־

שאפטן פון א איד און א גוי: "הקול קול יעקב, והידים ידי עשו (בראשית כז׳ כב׳). היט מיך גאט פאר גויאישן כח און אידישן שכל". אנסקי ברייננגט דארט דעם פאפולערן וויץ וועגן דעם "אידישן גזלן", וואס ווען ער שטעלט אפ אין וואלד א רייכן סוחר מיט דעם מורא׳דיקן געשריי: "איך בין א גזלן!" און דער צעשראקענער, האלב־טויטער סוחר פרעגט אים: גוואלד, וואס ווילט איר? ענטפערט ז׳ער איד מיט תחנונים: "שיינקט מיר א נדבה!..." און דעם וויץ וועגן א אידישן פאלק, וואס בשעת דער שלאכט רופט דער אפיצער אוים מיט א ניגון: "פלוני בן פלוני איז מען מכבד מיטן ערשטן שאס!" און פלוני בן פלוני ענטפערט: "מוחל, איך טרעט אפ!" אזעלכע וויצן כאראקטעריזירט אנסקי נים אלס אויסדרוק פון אידישער פחדנות, נאר אלס אן אויסדרוק פון דעם טיפן עקל פונם איד צום פיזישן קאמף.

נים נאר מלחמה און פיזישן קאמף בכלל האט דער איד פיינט געהאט, נאר אפילו צום ריינעם ספארט האט ער זיך תמיד באצויגן מיט א גוואלדיקן ביטול. דעם אידן איז שטענדיק פרעמד געווען די אידעאליזירונג פון פיזישער גבורה. דער אידישער ספארט איז געווען א בלאט גמרא, מיט תוספות, מיט מהרש"א. דארט האט דער איד געוויזן קונצן, מיטן מוח — אבער נים מיט די מוסקולן. א "שיינער איד" האט געהייסן נים יענער וועלכער איז פיזיש שטארק געבוים און האט אייזערנע מוסקולען, נאר דער וואס האט געקענט ווייזן חריפות אין פלפול, אין א האר־שפאלטנדן ענין.

(א)

א איד פון שניפישאק איז געקומען קיין ווארשע. באגעגנט ער דארט, אין ווארשע, א שניפישאקער אידן. פרעגט אים דער ווארשעווער:

— וואס הערט זיך אין שניפישאק?

דערציילט ער אים, דער קליינשטעטלדיקער איד, אז חיים ברוך משה׳ס איז, נים פאר קיין אידן געדאכט, געשטארבן.

— חיים ברוך משה׳ס? — באמיט זיך דער ווארשעווער צו דערמאנען: ווער דאס איז — כ׳געדיינק נים!

— וואס הייסט, דו געדיינקסט נים חיים ברוך משה׳ס? אט דער וואס האט אונטערגעהונקען אויף א פוס.

— ניין, כ׳געדיינק נים.

— וואס טוט זיך מיט דיר? חיים, דער הארבול.

— כ׳קאן זיך נים דערמאנען.

— וואס איז מיט דיר? חיים מיט דער רויטער נאז, מיט דער בעלמע אויף דער אויג?

— ניין, מיר איז פון זינען ארוים.

— ווער געדיינקט דאס נים חיים׳ען מיטן שבר?

— א, איר מיינט חיים מיטן שבר? — מאכט דער ווארשעווער. — אוואדע געדיינק איך. א שאד! א פיינער איד געווען.

(ב)

אייזיק מאיר דיק, דערציילט ליפסאן, איז אמאל געגאנגען אין ווילנע און אנגעטראפן א גוי, וואס האט זיך קוים געשלעפט. געווען איז ער קליין.

און דאר, מיט קרומע פיס, א געבויגענעם רוקן און א קראנקן פּנים. איז אייזיק מאיר דיק צו אים צוגעגאנגען און א פרעג געטאָן:

— וואָס טוסטו?

— כ׳פלעגט נעצן — האָט דער גוי געענטפערט.

— גויאישע קאָפּ. — שמייכלט דיק — ביי זיי גייט אַלץ אוועק לאיבוד. ביי אונז וואָלט דאָך אַזאַ געווען א ש ײ נ ע ר איד...

(ג)

דאָס שטעטל קאַרעליטש, דערציילט ליפּסאָן, האָט אַמאָל געזוכט א רב וועלכער זאָל זיין אי א גדול בתורה, אי א הדרת פּנים. האָבן זיי אָנגעפרעגט ביי ר׳ יאָשע בער בריסקער. האָט זיי ר׳ יאָשע בער געענטפערט אַז ער האָט פאַר זיי א שיינעם רב. זיינען צוויי קאַרעליטשער באַלעבאַטים אוועקגעפאָרן קיין בריסק. ווייזט זיי ר׳ יאָשע בער אָן אויף א יונגנמאַן, א מאָגערן, א דאַרן, מיט א קליין בערדל, זיין קאָפּאָטע צעריסן, די שיך אויסגעדרייט, דאָס היטל צעריסן — ווי ביי א ישיבה בחור, כדרך הטבע — און זאָגט זיי אַז דער יונגערמאַן איז דער רב וואָס ער, ר׳ יאָשע בער, נאַרייעט זיי.

די באַלעבאַטים שטייען געפּלעפט: אָט דער דאָזיקער אָפּגעריסענער יונגערמאַן וועט זיין קאַרעליטשער רב? און זיי דערקלערן ר׳ יאָשע בערן, אַז זיי ווילן האָבן א רב א בעל צורה, מיט א הדרת פּנים.

גיט ר׳ יאָשע בער א געשריי צום שמש און הייסט אים אוועקפירן די באַלעבאַטים אין באָינע (שלאַכט־הויז) און אָנווייזן זיי אויף בערל דעם קצב. זיינען דאָך מסתמא די באַלעבאַטים ווידער פאַרחידושט.

— איר ווילט דאָך — זאָגט זיי ר׳ יאָשע בער מיט כעס — א רב א הויכן, א געזונטן, מיט ברייטע פּלייצעס — טאָ גייט מיט מיין שמש.

די באַלעבאַטים האָבן זיך פאַרשעמט; פאַרשטאַנען דעם שטאָך.

דער יונגערמאַן איז געווען ר׳ אליה־ברוך. ער איז געוואָרן רב אין קאַרעליטש ביז מ׳האָט אים אַרויסגענומען קיין מיר.

(ד)

אַן עלטערער איד איז געגאַנגען זען א פוסבאַל שפּיל. נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער שפּיל א לײנגערע צייט, גיט ער א פרעג ביי א יונגנמאַן לעבן אים:

— זאָגט מיר, זייט אַזוי גוט, וואָס איז דער שכל פון דער שפּיל? וואָס ווילן זיי דאָ אויפטאָן?

— וואָס הייסט? — וואונדערט זיך דער יונגערמאַן, — וואָס פאַרשטייט איר ניט? דער גאַנצער שכל איז אַריינצוואַרפן די פּילקע אָדער אין ד ע ר זייט אין נעץ אַריין, אָדער אין י ע נ ע ר זייט.

— טאָ וואָס־זשע — וואונדערט זיך דער אַלטיטשקער — קריכן זיי איינער דעם אַנדערן אין די זייטן אַריין? וואָלט דען ניט געווען בעסער ווען זיי גיבן זיך אַלע צוזאַמען א נעם וואָלטן זיי די פּילקע מיט דער מינוט אַריינגעוואָרפן אהין!...

(ה)

א אידישע מאמע שרייבט צו איר זון, א סאָלדאט אין דער רוסישער ארמיי, בשעת דער גרויסער מלחמה:

"מיין טייערער יאָסעלע, וואָס האָסטו זיך אזוי פאנאנדערגעשאָסן דאַרטן? ווי האָט מען דאָס אין זיך האַרץ נעמען און שיסן מענשן? און אז א דייטש איז וואָס — איז ער קיין מענש ניט? נאָר מילא, ס'איז דאָך א מלחמה, מסתמא דאַרף מען אזוי. אָבער ארבעט ניט אזוי שווער, מיין זון, שלאָג זיך ניט ארויס פון די כחות. שיסט א דייטש — זעץ זיך אנידער און רו אָפּ. טרינק א גלעזל טיי, דערנאָך וועסטו ווייטער שיסן. נישקשה, וועסט זיך נאָך אנשיסן..."

## זעלבסט-קריטיק

זיגמונד פרויד ווייזט אָן, אז אידן צייכענען זיך אויס מיט וויצן וועלכע האָבן צו טאָן מיט זעלבסט־קריטיק. קיין פאָלק, זאָגט פרויד, לאַכט ניט אזויפיל אויס זיינע אייגענע חסרונות, ווי דער איד טוט עס. א איד, ווען עס קומט צו א וויץ, וועט ער ניט שאָנעווען זיך אליין, זיין אייגענע פערזאָן, אָדער זיין סביבה, אָדער דאָס פאָלק אלס א גאנצעס. אידן שאַפן מעשות וועגן זייערע אייגענע שוואַכקייטן אָדער פארקריפלטקייטן. די מעשות וועלכע גויאים שאַפן וועגן די אידישע חסרונות זיינען מערסטנטייל א מין ברוטאַלע ליצנות, וואו דער וויץ ווערט געראַטעוועט דורך דעם, וואָס דער איד ווערט רעפּרעזענטירט אלס א קאָמישע פיגור צו דעם פרעמדן. די אידישע וויצן פון זעלבסט־קריטיק אָבער זיינען ניט קיין ברוטאַלע ליצנות. זיי ווערן ניט געשאַפן מיטן צוועק צו באַליידיקן. דער זעלבסט־קריטיקירנדער אידישער וויץ איז א גוטמוטיקער, א שמייכלענדיקער. דער איד לאַכט אויס אלעם און אלעמען. ער שוינט קיינעם ניט. אפילו משה רבנו'ן אליין האָט דער אידישער וויץ ניט געשוינט.

אין מדרש תנחומא געפינען מיר אן אינטערעסאנטע סאטירע קעגן משה רבנו. "אלה פקודי המשכן". משה האָט געוויזן די בני־ישראל א חשבון פון דעם גאָלד און זילבער און קופער וואָס איז געזאמלט געוואָרן פאַרן משכן. פרעגט דער מדרש: צוליב וואָס האָט דאָס משה געדאַרפט ווייזן א חשבון? האָט מען אים דען ניט געטרויט? משה רבנו איז דאָך געווען באַגלויבט ביים רבונו של עולם אליין, ווייל עס שטייט געשריבן "בכל ביתי נאמן הוא" (במדבר יב, יז).

און דער מדרש ענטפערט: עס זיינען געווען לצים וואָס האָבן זיך געוויצלט איבער משה'ן און האָבן אים באַרעדט. "והביטו אחרי משה עד באו האהלה" (שמות לג, ח) — מ'פלעגט זיך צוקוקן צו משה'ן ווען ער פלעגט אריינגיין אין אהל און איינער צום אנדערן פלעגט באמערקן: ראה צווארו, ראה שוקיו! אוכל משלנו, שותה משלנו — גיט נאָר א קוק וואָס פאַר א פעטן קאַרק משה האָט: און וואָס איז דער וואונדער? אז א מענש עסט און טרינקט אונזעריקעס! וחבירו משיבו: ריקה, אדם שנתמנה על מלאכת המשכן על ככרי כסף ועל ככרי זהב... מה אתה רוצה שלא יהא עשיר? פלעגט אן אנדערער זיך אָפּ־

דופן: שוטה, וואָס פאַרשטייסטו ניט? א מענש וואָס האָט דעם אויפזיכט איבער דער ארבעט פון משכן — אויף אזויפיל גאָלד און זילבער — איז א וואונדער וואָס ער איז אזא עושר?

דער וויץ איז א בייסנדער. ער איז שאַרפזיניק אָבער אויך גוטמוטיק. ער האָט ניט די כונה צו באַליידיקן, ווייל אנדערש וואָלט מען זיך ניט דער־לויבט צו מאַכן אזעלכע באַמערקונגען וועגן משה רבנו, אב לנביאים. אין דעם אידישן לאַכן פון זיך אליין איז ניטאָ קיין גיפט, עס גיט אונז אן עסטע־טישן פאַרגעניגן. עס איז א געזונטער געלעכטער.

דער אידישער וויץ, כאָטש ער שאַנעוועט קיינעם ניט, טראָגט אָבער אין זיך קערנער פון טאָלעראַנץ, וועלכע זיינען די יסודות פון חבר׳שאַפט און פריינטשאַפט. דער ציניקער קאָן לעבן אליין; ער דאַרף קיינעם ניט. דער הו־מאָריסט זוכט אלעמאָל חבר׳שאַפט. דער פאַנאַטיקער, דער וואָס האַלט אז יקוב הדין את ההר, איז באַרויבט פון הומאָר, ווייל ער האָט ניט די אייגנשאַפט אָפצוווענדן זיך כאָטש אויף איין מאָמענט פון דעם קאָנווענציאָנעלן, אָנגע־נומענעם דרך פון לעבן. די וועלט פון דעם ציניקער און פאַנאַטיקער איז א גרויע, א מאָנאָטאָנע, א ניכטערע. די וועלט פונם הומאָריסט איז א פאַרשיידנ־פאַרביקע, א לעבעדיקע. דער איד איז בטבע א רעוואָלוציאָנער, א פרייהייט־זוכער, האָט פיינט צו טרעטן אויף אַלטע, אויסגעטראָטענע קאָנסערוואַטיווע וועגן. און אזוי איז ער אויך אין זיין הומאָר. ״לאַכן״, זאָגט בעל מחשבות. ״הייסט קאָנען קוקן אויף זיך און אויף דער וועלט, מיט די אויגן פון א זייטיקן מענשן, ד. ה., זיך באַפרייען פון זיך, פון חומר, און זען גאַנץ וועלטל מיט די אויגן פון א ניי געבאָרענעם״... ״דעריבער איז דאָס לאַכן אזוי געזונט, און א מענש וואָס לאַכט פילט זיך אזוי גליקלאַך פון גאַנצן האַרצן. דאָס לאַכט אין אים די נשמה וואָס האָט זיך אָפגעריסן פון שווערן חומר, שוועבט איבער די מענשן און זייערע מעשים ווי א לוסטיקער פויגל״. דעם אידנס געלעכטער איז א פרייער, אפילו ווען ער לאַכט פון זיך אליין.

(א)

א איד האָט אמאָל געזען א פוילישן אָפיצער אַראָפּפאַלנדיק פון א פערד. לאַכט ער זיך פאַנאַנדער, דער איד.

— וואָס לאַכסטו? — פרעגט אים דער אָפיצער.

— כ׳האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן — זאָגט דער איד — קוקנדיק ווי דו ביזט אַראָפּגעפאַלן פון פערד.

— נו, אדרבה, — זאָגט דער אָפיצער, — פּרואוו זיך זעצן אויף דעם פערד, וועסטו זען אויב דו וועסט ניט אַראָפּפאַלן.

— איך וועל ניט אַראָפּפאַלן — שמייכלט דער איד.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך וועל לכתחילה ניט ארויפגיין אויף אים.

(ב)

ר׳ יהודה סאַטמאַרער פלעגט זייער שטאַרק מוסרן דעם עולם, אז אידן זיינען ניט פרום, גיבן ניט קיין צדקה א. א. וו. איינמאָל האָט ער גע־

האלטן א פייערדיקע דרשה, געגאסן פעך און שוועבל. אינמיטן שטעלט ער זיך אפ און זאגט צום עולם:

— מיינט ניט, רבותי, אז איך זאג עס אלץ פאר אייך. באמת האב איך עס גערעדט צו זיך אליין, און מיין עס מיך. נאר היות ווי איך ווייס, אז איר זייט ניט בעסער פאר מיר, זאג איך עס אייך אביסל העכער, כדי איר זאלט אויך הערן...

(מ. ליפסאן).

(ג)

א חסידישער יונגערמאן איז אמאל געקומען צו ר' משה קאברינער. איז אים שווער געווען צוצוקומען צום רבי'ן. ווען ער האט געוואלט אריינגיין, האט אים דער גבאי ניט צוגעלאזן: "ער, זאל געזונט זיין, עסט... ער, זאל געזונט זיין, שלאפט"... — פלעגט אים דער שמש כסדר ענטפערן. אויף מארגן איז ער צו אים צוגעקומען.

— פארוואס — פרעגט אים ר' משה — ביזטו נעכטן ניט געווען ביי מיר?

— מ'האט מיך ניט צוגעלאזן — ענטפערט דער יונגער חסיד. — ווען כ'האב געוואלט אריינגיין, האט דער רבי, זאל געזונט זיין, אדער געגעסן אדער געשלאפן.

— דו האסט מיר געזאגט דעם אמת — קרעכצט ר' משה. — מיין גאנצע טועכץ איז, אדער כ'עס, אדער כ'שלאף...

(מ. ליפסאן).

## ספעציפיש אידישע וויצן

אידן האבן געוואוינט אין א סך לענדער, געגאנגען אויף אלע וועגן, אייביקע וואנדערער און וואגלער זיינען זיי. געקומען אין בארירונג מיט א סך קולטורן, און מסתמא האבן זיי א סך פרעמדע מעשות פאראידישט, אסימילירט אין זייער אייגענעם וויצן־אוצר. אבער אפילו יענע מעשות האבן אויך, אין דעם פראצעס פון פאראידישט ווערן, געקראגן דעם אידישן חן און דעם אידישן טעם. עס זיינען אבער דא וויצן, וואס זיינען מתחלת ברייתם אידישע. זיי זיינען געבארן געווארן אידיש. אזעלכע וויצן וועלן א נעם טאן יעדן אידן. אפילו אזעלכע וועלכע האבן זיך דערוויטערט פון אידישקייט. אמאל פלעגט מען זאגן, אז אויב איינער וויל אויסגעפינען צי עס געפינען זיך אידן ארום, זאל ער אנהויבן זאגן מיט דעם ימים נוראים'דיקן ניגון "יתגדל"; אויב עס געפינט זיך דארט ערגעץ א איד, וועט ער גלייך געווים אונטערכאפן דעם "ויתקדש". דאס זעלבע קאן געזאגט ווערן וועגן אן אמת'ן אידישן וויץ. דער גרעסטער אסימילאטאר, אז ער וועט דערהערן א באַ'טעמ'טן אידישן וויץ — וועט ארויסשפרינגען פון אים דער אמת'ער איד. איך האב געזען אידן וואס אפילו "געפילטע פיש" וועט אין זיי ניט ארויסרופן קיין אידישקייט. נאר צוויי זאכן יא: א פאגראם אויף אידן און אידישע וויצן. דאס זיינען ספעציפישע אידישע וויצן, וועלכע זיינען א פראדוקט פון אידישן באוואוסטזיין,

האָבן אין זיך דעם אידישן קנייטש, דעם אידישן קרעכץ, די אידישע נעראנקען קאָנסטרוקציע, און לייענען מיר אזעלכע וויצן, אנטפּלעקט זיך אין זיי פאַר אונז דעם אידנס ארט לעבן און דיינקען אין א גרעסערער מאָס, ווי די דיקסטע ביכער וועגן אידישער כאראקטעריסטיק קאָנען אונז געבן. אין אזעלכע וויצן זעען מיר זיך אליין ווי אין א שפּיגל.

(א)

ווען רבי י. מ. זלאָטניק, פלאָצקער רב ז"ל (א ברודער צו הרב י. ל. זלאָטניק), איז נאָך געווען רב אין א קליינער שטעטל זאקראָטשין, האָבן זיך די קצבים פון שטעטל פארנומען אז איינער פון זיי, א רייכער קצב, זאָל ווערן דאָזאר (פּרנס) אין שטעטל, און האָבן זיך באַרימט אז איצט וועלן שוין די שוחטים מוזן מורא האָבן פאַר זיי. דער רייכער קצב איז טאקע דערווײילט געוואָרן אלס פּרנס.

אויף מאָרגן האָט דער רב גענומען זיין שטעקן, גערופן דעם שמש און איז ארויסגעגאנגען באקוקן די יאטקעס. אין עטלאכע טעג שפּעטער האָט דער רב גוזר געווען כל המינים חומרות, וואָס דאָס שטעטל האָט ניט געהערט פון זיי פון ימים קדמונים. איז דאָך מסתמא געוואָרן א גוואלדיקע מחלוקת. דעם רב האָט מען אָבער ניט געקאָנט רירן.

דער רב האָט געהאַט א רייכן ברודער, קלמן. איז קלמן געקומען פאַר א באזוך צום רב. גראָד האָט זיך געמאַכט אז אויף דער באַן האָט זיך קלמן באגעגנט מיטן נייעם דאָזאר און יענער האָט זיך פאַר אים ס'הארץ אָפּגערעדט.

נאָך וועטשערע, פרעגט ער, קלמן, זיין ברודער, דעם רב: וואָס איז די מעשה? דער דאזאר טענה'ט אז ער וויל לעבן בשלום מיטן רב; פארקערט גאָר, ער האָט גאָר געהאַט בדעה צו געבן אים א הוספה, און דאָ גייט דער רב און טוט אים גאָר להכעיס.

גייט צו דער רב צו קלמנ'ען, נעמט אים אָן פאַר די לאָצן, און זאָגט אים:

— הער זיך איין, קלמן: דו ביזט קיין עין הרע רייך, האָסט א דאָרף, האָסט א מיל, האָסט קיין עין הרע גוטע קינדער. איך האָב דאָס אלץ ניט (דער רב האָט דאמאָלסט ניט געהאַט קיין קינדער). איין זאַך נאָר פאַרמאָג איך: איך נעפעל ניט כאצקל קצב. ווילסטו דאָס ביי מיר אויך צונעמען?

(ב)

צוויי אידן זייען אמאָל געקומען צו א דאָקטאָר. אריינגייענדיק אינם וואַרט־צימער האָט דער דאָקטאָר דערהערט ווי איינער פון זיי האָט נעגעבן א טיפן קרעכץ.

— וואָס טוט אייך וויי? — פרעגט דער דאָקטאָר דעם קרעכצער.

— איך בין ברוך השם געזונט — ענטפערט ער. — דאָס איז מיין ברודער דער קראַנקער.

— טאָ וואָס־זשע קרעכצט איר אזוי? — וואונדערט זיך דער דאָקטאָר.

— דאָס איז גלאַט אזוי — א אידישער קרעכץ — ענטפערט יער איד.

(ג)

א משומד, דערציילט מען, האָט זיך אמאָל באקלאָגט, אז ניט גע־קוקט אויף דעם וואָס ער וויל פון זיך ארויסרייסן איינגאנצן זיין אידישקייט,

גיים עס נים. פון א סך זאכן אידישע האָט ער זיך שוין אָפּגעוויינט, האָט ער צוגעגעבן, ער האָט נאָך אָבער אַלץ ליב געהאַקטע הערינג מיט ציבעלע און ער האָט נאָך אַלץ מורא פֿאַר הינט.

(ד)

א אידענע איז אמאָל געקומען צום רב באַקלאָגן זיך, אז דער מאַן האַלט איר אין איין שילטן מיט טויטע קללות. איך, גיט זי צו, ענטפער אים קיינמאָל קיין וואָרט ניט אויף דעם, ווייל ביי מיר, זאָגט זי, האָב איך ליב עס זאָל זיין שא, שטיל.

דער רב האָט איר באַרואיקט, ער וועט שיקן דעם שמש און פאַרזאָגן דעם מאַן, אז פון איצט אָן און ווייטער זאָל ער חלילה ניט מוציא מן הפה זיין קיין קללה — ווייל אין א אידישער שטוב טאָר, חלילה, קיין קללה ניט געהערט ווערן.

— נו, גוט, — פּאַטאַקעוועט אים, דעם רב, די אידענע — פון איצט אָן, רבי, טאָמער הויבט ער זיך אָן, דער שיינער מאַן מיינער, א ניכפּה זאָל אים פאַרצאַפּלען, צו שילטן, מעג ער אפילו א כפרה ווערן, ער מעג אפילו אויסגעקויקלט ווערן, עס זאָל אים אָנקומען, רבונו של עולם, אז ער זאָל ניט קאָנען שטיין, ניט ליגן און ניט זיצן, און ער זאָל אפילו קראַפּירן, וועל איך אים קיין וואָרט ניט ענטפערן.

(ה)

א אידישע מאַמע שפּאַצירט מיט איר קינד אין גאַס. דאָס קינד הויבט אָן צו ניסן. "א געזונט דיר אין קעפּעלע", זאָגט זי האַרציק צו אים. דאָס קינד ניסט א צווייטן מאָל: "שטאַרק זאָלסטו זיין, נשמה מיינע", זאָגט די מאַמע ווייטער מיט טיפער ליבע. ער ניסט א דריטן מאָל: "צו געזונט, מיין טייער קינד" — זאָגט זי ווייטער. דאָס קינד גיט אָבער א ניס דעם פערטן מאָל: "גיי שוין אין ד'ערד אריין — גיט זי מיטאַמאָל א געשריי. — איך זע דו האָסט שוין א קאַטער, ניט געדאַכט זאָלסטו ווערן!"

(ו)

א איד, א חלוש, איז געקומען צו א רופא. באַטראַכט ער אים, דער רופא, און רופט זיך אָפּ:

— ר' זלמן, איר זייט נאָך, קיין עין הרע, גאַנץ פיין, אויף אַלע עלטערע אידן געזאָגט געוואָרן, גלויבט מיר, מיט אייער געזונט־צושטאַנד, קיין עין הרע, וועט איר נאָך באַגראָבן אייער ווייב, אייערע קינדער און אייער גאַנצע משפּחה.

— אוי, דאָקטאָר — קרעכצט דער איד. — איר מאַכט פון מיר ליצנות, דאָקטאָר. איר זאָגט דאָס מיר מסתמא גלאַט אזוי, אָנצוטאָן מיר א נחת רוח...

(ז)

א יונגערמאַן האָט געוואָלט אריינגיין ראש־השנה אין אן אמעריקאַנער אידישער שול. ווי דער מנהג איז, שטייט דאָרט א פּאָליסמאַן און פאָדערט פון אים א בילעט.

— איך וויל נאָר אריינגיין אויף איין מינוט — זאָגט דער יונגערמאַן. — איך וויל נאָר עפּעס זאָגן מיין פרוי.

גיט דער פּאַליסמאַן א פרעג דעם שמש, דער שמש מעסט אָפּ דעם יונגנמאַן פון אויבן אַראָפּ.

— ווען איך וויים — מאַכט ער — אַז דו ווילסט טאַקע עפּעס זאָגן דיין ווייב, וואָלט איך דיר אַריינגעלאָזן, אָבער דו גנב איינער, איך פאַרשטיי נאָך דיר נאָך, אַז דו ווילסט דערווייל אַריינכאַפּן א ברכו מיט א קדושה'לע...

(ח)

א איד שער אָפּיצער האָט ברייטלאַך געשפּאַצירט אין בערלין. אויפן גאַס גייט פאַרביי א אידישער סאָלדאַט און באַגריסט אים ניט.

— העי! — גיט ער געשריי צו אים — זעסט ניט אַז איך בין אַן אָפיצער? וואו איז דיין סאַלוט!

— הערט, יונגערמאַן — זאָגט דער סאָלדאַט צו אים, — זאָגט מיר דעם אמת, קיין אַנדערע דאגות האָט איר טאַקע ניט?...

(ט)

אַן אַפּיקורס איז געקומען צו א רב בעטן א תשובה.

— פון וואָס, רבי — פרעגט ער — זאָל איך אָנהויבן?

דער רב גיט א קוק אויפן נפש, און זאָגט:

שמד זיך, דאָס איז די ערשטע זאַך.

וואָס הייסט? — פרעגט דער אַפּיקורס פאַרוואונדערט.

— פאַרשטייסטו מיך — זאָגט דער רב — דערווייל ביזטו ערגער ווי גע'שמד'ט... און דערנאָך וועלן מיר זען.

(י)

אַן אַמעריקאַנער יונגערמאַן איז געקומען זען זיינע עלטערן אין א קליין שטעטל אין דער ליטע. ביינאַכט, ווען דער בחור איז אַנטשלאָפן געוואָרן, איז אַריין די מאַמע צו אים אין צימער און אָנגעהויבן נישטערן אין זיינע פּעקלאַך. זי האָט דאָרט ניט געפונען ניט קיין ארבע כנפות, ניט קיין תפילין, ניט קיין סידור.

— מיין זון — זאָגט זי צו אים מיט א טיפן קרעכץ, אויף מאָרגן אינדערפרי ביים פרישטיק — וואָס איז פון דיר געוואָרן דאָרט אין דיין אַמעריטשקע? ווי צו מיינע שונאים. קיין ארבע כנפות טראָגסטו ניט, קיין תפילין לייגסטו ניט, אפשר ביזטו שוין ניט גע'מל'ט אויך!

(יא)

צוויי ברידער זיינען זיי געווען. גאַנץ פיינע בחורים. נאָר זיי פלעגן זיך שטענדיק האַלטן אין איין קריגן. איינער איז געווען א קאָמוניסט, דער צווייטער א ציוניסט. פלעגן זיי זיך כסדר האַלטן ביי די העלזער.

— ווי קאָנען גאָר אַזעלכע חברה זיצן ביי איין טיש? — האָט אַמאָל איינער א פרעג געטאָן דעם אַלטן טאַטן זייערן.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט דער טאַטע — ביים עסן אייניקן זיי זיך. פרעסן, פרעסן זיי ביידע, די פאַרכעס, ווי גויאים, אַן היטלען.

(יב)

מ'איז געקומען צום רב און מ'האָט אים דערציילט, אַז א איד פון שטעטל האָט זיך גע'שמד'ט.

— שקר וכזב — האָט דער רב אויסגעשריען — א איד שמד'ט זיך ניט!

# דער פֿאָלקס־לץ

1. הערשל אסטראָפּאָליער
2. מאָטקע חב"ד

.1

# הערשל אסטראָפּאָליער

הערשל אסטראָפּאָליער איז, לויט חיים בלאך, געווען אן אור־אייניקל פון דעם באקאנטן מקובל ר' שמשון פון אסטראָפּאָליע. הערשל אליין האָט אויך געהאט א גרויסע נייגונג צו קבלה און מ'האָט אויף אים געלייגט גרויסע האָפענונגען אז ער וועט זיין א גדול בישראל.

אָבער הערשל איז געוואָרן א וויצלער, כאָטש ער האָט געהאט א מיסטישע נאטור. מענשן וועלכע האָבן אים געקאָנט פלעגן זאָגן, אז ער האָט געהאט צוויי נשמות, איינע א פרומע, די צווייטע — א שעלמישע. אָבער די פרומע נשמה האָט געהאט די אויבערהאנט.

אונטער זיינע קוילנשווארצע געלאָקטע האָר און לאנגער באָרד, וואָס האָבן ארומגערינגלט זיין קאָפּ, האָט זיך געפּינעו א נשמה פאר וועלכער די מענשן פון זיין צייט האָבן קיין פארשטענדעניש ניט געהאט. מ'האָט אים געמאכט פאר א שוחט — וואָס איז געווען פולשטענדיק קעגן זיין נאטור.

מ'וויים אז דער באקאנטער רבי, רבי ברוך טולטשינער, אָדער ברוך מעדזשיבאָזשער, אן אייניקל פון בעש"ט, וואָס לויט דער הסידישער טראדיציע איז ער געווען נוטה צו עצבות און מרה שחורה, אָבער לויט דובנאָוון "האָט ער פיינט געהאט צו בלייבן איינער אליין און צו פארטיפן זיך אין דער תורה" — האָט אראָפּגעבראכט צו זיך הערשעלע אסטראָפּאָליער וועלכער איז געווען "אין דעם צדיק'ס הויף א מין 'לץ' " אָדער "הויף־נאר", ווי ביי די פארצייטיקע מלכים, וואָס זיין עובדה איז געווען "צו מאכן פריילאך דעם האר און זיינע געסט".

"דער רבי האָט שטארק געהאלטן פון די תענוגים פון דער וועלט און האָט זיך געפירט מעשה פּוילישער פריץ אָדער ביסקופּ. פלעגט פאָרן אין א קארעטע געשפּאנט מיט ברענענדיקע פערד, האָט געוואוינט אין א פיינער הויז, ארומגערינגלט מיט גבאים און משרתים, און פלעגט מאכן סעודות און הוליאנקעס כלומרשט לשם מצווה".

אָט ביי די דאָזיקע הוליאנקעס פלעגט דאָס הערשעלע פריילאך מאכן דעם רבי'ן מיט די חסידים, און ער איז געוואָרן דער ליבלינג פון טויזנטער חסידים וועלכע פלעגן קומען קיין מעדזשיבאָזש הערן דעם רבינס תורה. הערשל פלעגט מיט זיי טרייבן ליצנות און פלעגט זיי זידלען — אלעס אויף א גוטמוטיקן אופן, אין גייסט פון פאָלקס־פריינטשאפט, ניט מיינענדיק קיין שלעכטס. צייטנווייז פלעגט דער חבי. רבי ברוכ'ל, אליין זיין דער ציל פון הערשלס איראָנישע און סארקאסטישע באמערקונגען.

דובנאָוו שרייבט: "הערשעלע האָט ניט נאָר פריילאך געמאכט דעם רבי'ן, ער פלעגט אויך מיט א משל און א מעשה'לע אמאָל זאָגן אים מוסר און אנווייזן אויף זיין שלעכטן אויפפיר. איינמאָל האָט ר' ברוך געפונען זיך

אזוי באַליידיקט פון דעם קלוגן לצ'ס קלאָרע אָנצוהערענישן, אז ער האָט גע־הייסן זיינע שיכורע חסידים אַראָפּוואַרפן אים פון אַלע טרעפּ. זיי האָבן עס געטאָן, און דער אומגליקלאַכער לץ איז געפאַלן און צעבראָכן אַלע ביינער. א צייט לאַנג איז ער נאָכדעם געלעגן קראַנק, ביז ער איז געשטאָרבן".

(א)

צו שלש סעודות, ביי ר' ברוכ'ל מעדזשיבאָזשער ביים טיש, קומט אַריין בייקל חקרן, וועלכער איז געווען א שטיקל אפּיקורוס.

— עסט און טרינקט — זאָגט בייקל — עס איז היינט אַן עת רצון ביי דער נשמה יתירה.

— פאַרוואָס זשע עסטו ניט מיט אונז? — פרעגט אים הערשל.

— חלילה — ענטפערט בייקל — איך האָב נאָר איין נשמה.

— אָבער די איינע איז דאָך אויך א נשמה יתרה ביי דיר — ענטפערט הערשל אויפן אָרט.

(ב)

— ר' הערשל, זאָגט אים א איד — מ'זאָגט אויף אייך אַז איר זייט א נאַר.

— מאַלע וואָס מען זאָגט — ענטפערט הערשל אויפן אָרט — אָט זאָגט מען אויף דיר אַז דו ביזט א קלוגער...

(ג)

אויף א ברית מילה. אנטקעגן הערשלען, ביים אַנדער זייט טיש, זיצט בייקל חקרן. רופט ער זיך אָפּ צו הערשלען:

— זאָג מיר, הערשל, ווי ווייט איז פון דיר ביז צום נאַרישן אייזל?

— ניט ווייט — ענטפערט הערשל. — נאָר דער שטח פון טיש.

(ד)

הערשל איז געווען א שטיקל דאָקטאָר. רופט מען אים צו א חולה. הערשל זעט דעם חולה'ס האַנט איז באַדעקט מיט רויטע פלעקן. זאָגט ער:

— דער חולה וועט מוזן שטאַרבן. ער האָט זיך פאַרזאַראַזיעט פון פאַר'עיפּוש'טע בהמות.

— וואָס רעדט איר? — זאָגט דעם חולה'ס ווייב — די פלעקן ביי אים זיינען פון פאַרב. מיין מאַן איז א פאַרבער.

— אויב אַזוי — זאָגט הערשל — איז ער גליקלאַך וואָס ער איז א פאַרבער, אַניט וואָלט איך אים אָפּגעזאָגט דאָס לעבן.

(ה)

מ'פרעגט הערשלען: וואָס איז נוצלאַכער אויף דער וועלט, די זון צי די לבנה?

אוואַדע די לבנה — ענטפערט הערשל — ווייל די זון שיינט דאָך נאָר בייטאָג, ווען עס איז סיי ווי סיי ליכטיק.

(ו)

— פאַרוואָס האָט מען אדם הראשון אַרויסגעטריבן פון גן־עדן? — פרעגט מען הערשלען.

— מסתמא האָט ער ניט געצאָלט קיין דירה־געלט — ענטפערט ער.

(ז)

— פארוואָס קומט ניט משיח אזוי לאנג? — האָט מען אים איינמאָל געפרעגט.

— כדי דער יין המשומר זאָל ווערן אלט, וועט ער זיין בעסער צום טרינקען — איז געווען הערשל'ס ענטפער.

(ח)

— ווי קומט עס וואָס פון ראש חודש אלול הויבט אָן קיל צו ווערן? — פרעגט מען הערשלען.

— מחמת מ'בלאָזט שופר, און פון דעם בלאָזן הויבט אָן טרייבן א קיל ווינטל.

(ט)

— אויף וואָס דאַרף א מענש אויערן? — פרעגט מען הערשלען.

— די היטל זאָל ניט אראָפּפאלן איבער די אויגן — שמייכלט הערשל.

(י)

— איז עס אמת, הערשל, אז דו שלאָגסט דיין ווייב מיטן שטעקן און זי דיר מיט א קאָטשערע?

— ניט שטענדיק — ענטפערט הערשל. — עס טרעפט אמאָל אז מיר בייטן זיך מיט די כלים...

(יא)

א חסיד לויפט אריין צום רבי'ן, ר' ברוכ'ל מעדזשיבאָזשער:

— רבי! — שרייט ער — כייקל חקרן לאכט פון אייך אָפּ.

— טרייב אים ארויס! — שרייט הערשל.

— ער שטייט דאָך אָבער אין דרויסן.

— נו, טאָ נעם אים אריין און טרייב אים ארויס — געפינט הערשל אן עצה.

(יב)

אמאָל האָט זיך א ישובניק באקלאָגט פאר הערשלען אז עס זיינען דאָ ביי אים א סך מייז.

— לייג אוועק שטיקלאך אפיקומן ביי יעדער ווינקל — עצה'ט הערשל.

— פון וואנען ווייסן די מייז אז נאָכן אפיקומן טאָר מען מער ניט עסן? — פרעגט דער ישובניק.

— זיי האָבן ביי מיר אויפגעגעסן א שלחן ערוך — ענטפערט הערשל — ווייסן זיי אלע דינים.

(יג)

הערשל'ס דירה האָט אמאָל געברענט. שטייט הערשל און לאכט. פרעגט מען אים: "וואָס פרייסטו זיך?"

— איך האָב נקמה אויף די וואנצן — ענטפערט הערשל.

(יד)

ער איז געגאנגען אין מרחץ. קומט ער צוריק אָן א העמד אויף זיך. פרעגט אים זיין ווייב:

— וואו איז דאָס העמד?

— איינער האָט זיך מיט מיר פאַרביטן — זאָגט ער.
— טאָ וואו זשע איז דאָס פאַרביטענע העמד? — פרעגט אים די ווייב.
— יענער, ווייזט אויס, האָט פאַרגעסן אַנידערצולייגן דאָס פאַרביטענע האָט ער מיטגענומען מיינע מיט זיינער — ענטפערט הערשל.

(טו)

— הערשל, פאַרוואָס גייט איר אין אַזאַ צעריסענער קאַפּאָטע? — פרעגט מען אים.
— איך האָב דוקא נאָך אַ קאַפּאָטע — ענטפערט הערשל.
— פאַרוואָס זשע טוט איר זי ניט אָן?
— ווייל יענע איז נאָך ערגער צעריסן פון דער — ענטפערט ער.

(טז)

הערשל זוכט אַ מנין אויף קדיש זאָגן, און דוקא בשעת אַ יאַריד, אַלע זיינען פאַרנומען. הויבט ער אָן שרייען: גוואַלד! אידן! ראַטעוועט!... באַלד איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ פולע שטוב מיט מענטשן. גיט הערשל באַלד אַ געשריי: יתגדל ויתקדש...

(יז)

איך האָב קיינמאָל קיין דאגה ניט מיט קיין פור — פלעגט ער זאָגן. קוים גיי איך נאָר אַרויס פון שטאָט — קומט מיר באַלד אַ פור אַנטקעגן...

(יח)

הערשל באַגעגנט אַ פּריץ, און נעמט ניט אַראָפּ דאָס היטל.
— ס'קאַנט זשידיק! — פרעגט דער פּריץ מיט רציחה.
— אסטראָפּאָלסקי — זאָגט הערשל.
— אַ שאַפּקאָ?
— טאָקזשע אסטראָפּאָלסקי — ענטפערט הערשל רואיק.

(יט)

איינמאָל פרעגט הערשל רבי ברוכ'לען:
— רבי, וואָס זאָל מען היינט קאָכן וועטשערע?
— פון מיינעטוועגן זאָל מען קאָכן שפּענער — זאָגט ר' ברוכ'ל.
— וואָס זשע זאָל מען קאָכן פון דעם עולמ'ס וועגן? — פרעגט הערשל שמייכלענדיק.

(כ)

הערשל, אַ גרויסער קבצן, האָט איינמאָל געבראַכט אַן אורח אויף וועטשערע. זיין ווייב האָט דערזען דעם אורח, האָט זי גענומען מאַכן קולות: קבצן איינער! אַליין האָט דאָס ניט וואָס צו עסן, ברענגט דאָס נאָך אורחים! דער אורח נעבאָך האָט זיך געפילט פאַרלאָרן.
— נישקשה, רבי איד — מאַכט הערשל. — לאָז אייך ניט אַרן וואָס די אַרורה רעדט. איר טוט אייך אייערס: נעמט דעם זאַק און לייגט זיך שלאָפן.

(כא)

מ'האָט איינמאָל געפרעגט הערשלען אַ מיינונג וועגן אַ חתן, וועלכער האָט זיך געהייסן געבן אַ סך נדן. האָט ער דערויף געענטפערט:

— עס קומט אים א סך נדן. איך קאָן דעם בחור. היינטיקע צייטן קאָסטן פערד און חזירים טייער. היינט אז דער בחור איז א חזיר איינער אין דער מדינה, א פערד וואָס זיין גלייכן איז ניטאָ און דערצו נאָך א חתן — טאָ וואָס זשע איז פאַראַן וואָס צו ריידן?

(כב)

הערשל לויפט צו אין גאַס צו אַן אומבאַקאַנטן מענטשן:
— וואָס מאַכט איר, ר' טודרוס?
— איר האָט א טעות — זאָגט יענער — איך הייס גאָר יענקל, און איך קען אייך גאָר ניט.
— אך — וואונדערט זיך הערל — וואָס די צייט קאָן מאַכן? אפילו דער נאָמען אייערער האָט זיך שוין אויך געביטן.

(כג)

הערשל האָט געזען א יונגנמאַן וואַשן דעם קאָפּ מיט בראָנפן.
— וואָס מיינט דאָס? — פרעגט אים הערשל.
— עס איז א סגולה די האָר זאָלן וואַקסן בעסער — זאָגט יענער.
— לאָך זיך אויס — זאָגט הערשל — ווען עס זאָל זיין אמת, וואָלט ביי מיר אין גאָרגל אויסגעוואַקסן א לאַנגע באָרד.

(כד)

הערשל איז ניט געווען אין אסטראָפּאָליע פאַר א שטיקל צייט. דערנאָך האָט ער זיך באַוויזן. דערציילט ער דעם עולם, אז ער איז געווען אין לאָנדאָן. עס זיינען דאָרטן גרויסע טומאַנען, זאָגט ער. איינמאָל וויל איך אָפּווישן די נאָז, האָב איך א פרעמדן מענטשן אָפּגעווישט דעם שטערן. וויל ער מיר דערלאַנגען אין באַק, דערלאַנגט ער גאָר זיך אליין. אזא פינסטערניש איז דאָרטן!

(כה)

ער איז אריין עפּעס עסן אין א קרעטשמע. דערלאַנגט מען פיש. די פיש "שמעקן" צו אביסל. רעדט ער מיט די פיש, אראָפּבייגנדיק דעם קאָפּ צום טעלער.
— וואָס טוט איר? — פרעגט דער באַלעבאָס.
— איך שמועס מיט די פיש. מיינער א פעטער האָט זיך ניט לאַנג דערטרונקען, וויל איך אויסגעפינען ביי זיי עפּעס וועגן אים.
— וואָס זשע האָבן זיי אייך געזאָגט?
— זיי זיינען שוין לאַנג פון וואַסער, ווייסן זיי ניט — האָט הערשל געענטפערט.

(כו)

איינמאָל זיינען ביינאַכט אריין גנבים צו הערשלען אין הויז. זיין ווייב האָט דערהערט, וועקט זי אים שטילערהייט.
— שווייג שטיל — זאָגט הערשל — עס פלאַמט מיר אזוי אויך דאָס פּנים וואָס זיי האָבן געבאַד ניט וואָס צו נעמען. און איר אַרט עס גאָרניט!

(כז)

איינמאל קומט הערשל בענטשן גומל.

— וואס האט מיט דיר געטראפן? — פרעגט מען אים.

— איך בין געגאנגען ביים טייך, האב איך געזען ווי די וועשערן האט געקלאפט מיין העמד. ווען איך בין אין העמד, וואלט פון מיר קיין זכר ניט געבליבן — שמייכלט הערשל.

(כח)

איינמאל ביי א סעודה ביים רבי'ן, האבן אלע חסידים געגעסן און הערשל ניט, ווייל ער האט ניט געהאט קיין לעפל. זאגט צו אים דער רבי: "גיב א הוסט וועט מען דיר דערלאנגען א לעפל". מיט א פאר מעג שפעטער, איז דער רבי געגאנגען אויף נקיות און הערשל איז געשטאנען אין דרויסן. הערט ער ווי דער רבי גיט א הוסט, זאגט הערשל: רבי, איר ווילט א לעפל?...

(כט)

ער איז אמאל געווען ביי א גביר, ווייזט אים דער גביר אז זיינע דירות זיינען זייער שיין אויסגעמאלט.

— ביי מיר איז פיל שענער געמאלן — זאגט הערשל.

— וואס מיינסטו? — פרעגט אים דער גביר.

— פארשטייט איר — זאגט הערשל — ביי מיר איז געמאלן, אז איך האב קיין ברויט ניט אין שטוב.

ער האט געקראגן א פיינע נדבה.

(ל)

— אידן — האט הערשל אמאל אן עצה געגעבן — איר זאלט קיין מאל אויפן דאך קיין ארבעס ניט לייגן.

— פארוואס?

— ווייל זיי קאנען זיך אראפקייקלען — האט ער געענטפערט.

(לא)

ער האט זיך אמאל געטראפן אין גאס מיט א גביר. בעט אים דער גביר, אז ער, הערשל, זאל עפעס זאגן א וויץ. רופט זיך אפ הערשל אויפן ארט:

— עס גייט א רעגן און איך האב ניט קיין שירעם, געהאנגען זאלן ווערן אלע גבירים...

— וואו איז דא דער וויץ? — פרעגט דער גביר.

— איך מיין עס טאקע אן א וויץ — ענטפערט הערשל.

(לב)

הערשל, א גרויסער ארימאן, גייט אין גאס, צווישן די קרעמערקעס, זעט ער ביי איינער רינט פון נאז. שטעלט ער זיך אפ און גיט א זאג:

— האט איר א נאזטיכל צו פארקויפן?

— אוואדע!

— נעמט זשע א טיכל, און ווישט אייך אפ, זייט מוחל, די נאז — באמערקט הערשל.

(לג)

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, און ביי הערשלען איז ניט גע־וועןָ קיין שייטל האָלץ אין הויז.

— רבי — זאָגט הערשל צו ר׳ ברוכ׳לען — דער פראָסט איז אַ גרוי־סער נואף.

— וואָס מיינסטו ?

— געכטן — זאָגט הערשל — גייט מיין ווייב אין מאַרק, ערשט, דער פראָסט, דער מחוצף, לויפט נאָך איר נאָך. לויפט זי אריין אין שטוב — ער נאָך איר. וויל איך כאַפּן אַ שייטל האָלץ און דערלאַנגען אים אין קאָפּ — ערשט עס איז ניטאָ קיין שייטל האָלץ אין הויז.

דער רבי האָט געהייסן אריינפירן אַ פורל האָלץ צו הערשלען.

(לד)

הערשל פרעגט אַמאָל דעם רבי׳ן :

— רבי, וואָס איז דער חלוק פון רזין ביז רזין דרזין ?

— אדרבא — זאָגט דער רבי — זאָג דו דעם חלוק.

— רזין, הייסט — זאָגט הערשל — אַז איר ווייסט און איך ווייס ניט די תורה וואָס איר זאָגט; רזין דרזין — אַז מיר ווייסן ביידע ניט.

(לה)

רבי ברוכ׳ל פרעגט אים אַמאָל :

— פאַרוואָס גייסטו אַזוי גיך אויס שמונה־עשרה ?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט הערשל — איר זייט אַ רייכער איד. איר האָט אַ סך זילבער און גאָלד, רעכנט איר דאָס אַלץ איבער בשעת שמונה־עשרה, געדויערט עס. אָבער איך האָב נאָר אַ ווייב און אַ ציג, באַרעכן איך זיך איין מאָל: ווייב ציג, ציג ווייב, און אויסגעשטאַנען שמונה עשרה, און פאַרטיק.

(לו)

מ׳דערציילט, אַז ווען הערשל האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן, האָט ער געזאָגט צו די חברה קדישא: אידן, ווען איר וועט טראָגן מיין מיטה, זאָלט איר מיך חלילה ניט אָנגעמען פאַר די פּאַכוועס, ווייל איך בין אַ קיצלדיקער...

(לז)

איידער ער איז געשטאָרבן האָט ער געבעטן זיין ווייב זי זאָל זיך אַנטאָן יום־טוב׳דיק און אויספּוצן זיך זייער שיין.

— פאַרוואָס ? — פרעגט זי אים טרויעריק.

— ווייל ווען דער מלאך המות וועט מיך קומען נעמען, וועט ער דיך דערזען, וועסטו אים געפעלן ווערן, וועט ער אפשר דיך צונעמען.

(לח)

הערשל איז אַמאָל איינגעלאַדן געוואָרן אויף אַ התונה. איז ער געקו־מען אין זיין אַלטער צעריסענער קאַפּאָטע. די משרתים האָבן אים אָוועקגע־זעצט אין אַ ווינקל, ביים סוף טיש, און מ׳האָט אים געגעבן ש׳הי פּה׳י. האָט האָט עס אים פאַרדראָסן. גייט ער אַוועק אהיים און טוט אָן זיין נייע קאַפּאָטע און קומט צוריק. האָט מען אים שוין אוועקגעזעצט צווישן די חשובע לייט.

דערלאנגט מען עסן. ווען מ׳דערלאנגט אים די יויך, כאפט ער אביסל יויך און גיסט אויף דער קאפאטע.

— הערשל — פרעגט מען אים — וואס טוט איר?

— פארשטייט איר מיך — שמייכלט הערשל — דא אין דעם הויז ווייזט אויס איז א מנהג, אז מ׳גיט עסן ניט דעם מענטשן, נאר דער קאפאטע; נו, דארף דאך די קאפאטע הנאה האבן פון אביסל יויך...

(לט)

א רייכער חסיד האט זיך אמאל אפגערופן צו הערשלען:

— הערשל, זאג מיר א ליגן אומגעטראכט קריגסטו ביי מיר א רובל.

— איר האט דאך ערשט געזאגט, אז איר וועט מיר געבן צוויי! — האט הערשל גלייך געענטפערט.

(מ)

א קארגער גביר האט חתונה געמאכט א טאכטער. הערשלען האט זיך געוואלט זיין אויף דער חתונה. מ׳האט אים אבער ניט גערופן. קומט ער ניט־געבעטענערהייט צו דער חופה־וועטשערע און זאגט צו דער כלה׳ס פאטער:

— איך וויל אייך פרעגן א וויכטיקע זאך.

— וואס ווילט איר? — פרעגט אים דער מחותן.

— איך מוז אייך דאס זאגן אונטער פיר אויגן.

נעמט ער, דער גביר, הערשלען אריין אין א חדר מיוחד.

— וואס איז ווערט א דימענט ווי אן איי די גרויס? — פרעגט הערשל.

דער מחותן מיינט אז עס האנדלט זיך וועגן א גרויסן דימענט, וויל ער אויף דער מינוט ניט ענטפערן.

— איצט — זאגט ער — האב איך קיין צייט ניט. נאך דער וועטשערע וועלן מיר ריידן.

הערשל איז דערווייל פארבליבן און אריינגעכאפט א גוטע וועטשערע. נאך דער וועטשערע זאגט צו אים דער מחותן:

— נו, ר׳ איד, וואו איז אייער דימענט, לאמיך אים אנקוקן.

— וואסער דימענט? — פרעגט הערשל.

— ס׳הייסט? איר האט דאך מיך געפרעגט — וואונדערט זיך דער מחותן.

— די מעשה איז אזוי — ענטפערט הערשל — איך האב געדיינקט. טאמער מאכט זיך אמאל אז איך וועל געפינען אזא דימענט, האב איך געוואלט וויסן וויפל עס וועט ווערט זיין...

## 2

## מאטקע חב״ד

מאטקע חב״ד, פאפולערער פאלקס וויצלער, האט געלעבט אין ווילנע אין דער צווייטער העלפט פון פאריקן יארהונדערט. ער איז געווען א סארווער אויף חתונות און געלעבט דערפון וואס ער פלעגט זאגן וויצן. א. ליטוויז

שרייבט: "מאָטקע איז געווען א מייסטער אויף ווערטלאַך און המצאות׳דיקע מעשה׳לאַך. זיינע ווערטלאַך און מעשות איז נים אַלעמאָל באַקוועם צו דרוקן, ווי זיי זיינען אַרויס פון זיין מויל, און דאָך קאָן מען ניט זאָגן אַז זיינע וויצן זיינען ביליק אָדער ציניש. אין דער נאַקעטקייט פון זיין וויץ ליגט א מין קינדערשע תמימות".

זייער פיל וויצן זיינען פאַרבונדן מיט זיין נאָמען. עס איז אָבער שווער אויסצוגעפינען וועלכע זיינען באמת געשאַפן געוואָרן פונם פאָפּולערן ווילנער און וועלכע ווערן נאָר צוגעשריבן צו אים — כאָטש זיי קומען פון פאָלקס מויל אָדער זיינען געשאַפן געוואָרן פון אַנדערע ווילנער.

(א)

מאָטקע האָט אַמאָל געגומען אַן אורח אויף וועטשערע. א קבצן איז ער געווען א גרויסער; האָט אַליין ניט געהאַט וואָס צו עסן. דער אורח וואַשט זיך און זעצט זיך צום טיש. דערלאַנגט אים מאָטקע א קעסטל שוועבעלאַך:

— רייבט און שווייגט! — מאַכט ער צום אורח.

(ב)

מאָטקע חב"ד האָט אַמאָל געזאָגט: איך וועל אייך דערציילן דעם סוד פאַרוואָס עס געפינט זיך אַן אייביקע בלאָטע אַנטקעגן דעם הויז פון פייטל טראַצקי, דעם ווילנער שטאָט גבאי. די חכמים דערציילן אַזוי, אַז דער רבונו של עולם האָט געוויזן אדם הראשונ׳ען "דור דור ודורשיו, דור דור ופרנסיו" ד. ה. די פירער אין שטאָט — גבאים פון יעדער שטאָט! ווען אדם הראשון האָט דערזען אַז אין אַזאַ שטאָט ווי ווילנע איז שטאָט־גבאי פייטל טראַצקי, האָט ער א שפּיי געטאָן און אויסגעשריען: טפו זאָל עס ווערן, אַזאַ עיר ואם בישראל וועט דאָס זיין אין די הענט פון אַזאַ שטאָט־גבאי! און אדם הראשונס א שפּיי איז עפּעס ניט אַבי א שפּיי! דער דאָזיקער שפּיי איז גראָד געפאַלן אַנטקעגן פייטלס שטוב און דערפון איז געוואָרן א בלאָטע וואָס טריקנט זיך קיינמאָל ניט אויס.

(ג)

מאָטקע חב"ד האָט באַגעגנט א פריינט און האָט זיך שטאַרק באַקלאָגט פאַר אים אויף זיינע צרות.

— מיין ווייב — זאָגט מאָטקע — איז געפערלאַך קראַנק.

— וואָס איז מיט איר? — פרעגט אים דער פריינט.

— זי האָט זיך א ביס געטאָן דעם צונג נעבעכן.

— א ביס געטאָן דעם צונג? — וואונדערט זיך דער פריינט. — וואָס איז דאָ אַזוי די סכנה?

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט מאָטקע — מיין ווייב׳ס צונג איז אָנגעפילט מיט סם־המות...

(ד)

מאָטקע איז אַמאָל געווען אויף א באַזוך ביי א ווילנער גביר. אַרויס־גייענדיק האָט ער זיך א גליטש געטאָן און איז אַראָפּגעפאַלן פון אַלע טרעפּ. מסתמא איז מען גלייך אַרויס א קוק טאָן וואָס עס איז געשען. ערשט, מאָט־קע שטייט זיך א רואיקער אונטער די טרעפּ.

— וואָס האָט דאָ אַזאַ קלאַפּ געטאָן? — פרעגט מען אים.
— גאַרניט — זאָגט מאָטקע — מיין פוטער איז אַרונטערגעפאַלן פון די טרעפּ.
— טאָ וואָס זשע האָט עס אַזאַ קלאַפּ געטאָן? — פרעגט מען אים ווייטער.
— דאָס איז מחמת איך בין געלעגן אין פוטער — ענטפערט מאָטקע.

(ה)

אויף אַ נגידישער חתונה האָט מען אַמאָל געבעטן מאָטקע חב״ד ער זאָל זאָגן עפּעס אַ המצאה. מאָטקע קלערט ניט קיין סך און גיט אַ זאָג:
— ויסעו מסכות ויחנו ברפידים, געהאַנגען זאָלן ווערן אַלע מינסקער נגידים.
— וואָס איז דאָס פאַר אַ המצאה? — פרעגט מען אים.
— איך מיין עס טאַקע אָן המצאות — האָט מאָטקע געענטפערט.

(ו)

מאָטקע האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ ווילנער גביר:
— אויב איר ווילט לעבן אייביק, פאָרט אַרויס קיין בוטרימאַנץ (אַן אָרים קליין שטעטל ניט ווייט פון ווילנע).
— וואָס עפּעס קיין בוטרימאַנץ? — פרעגט דער גביר מאָטקען.
— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט מאָטקע — זינט די וועלט שטייט איז נאָך קיין רייכער איד אין בוטרימאַנץ ניט געשטאָרבן...

(ז)

אַז אַ גוי עסט הערינג, ווילט זיך אַ אידן פרעגן דריי קשיות. ערשטנס: ער וויקט אויס דעם הערינג און דערנאָך טרינקט ער אויס די וואַסער; צווייטנס: ער נעמט אַראָפּ דאָס הייטל און דערנאָך עסט ער עס אויף; דריטנס: ער צעשניידט דעם הערינג אויף קליינע שטיקלאַך און דערנאָך עסט ער צוויי, דריי שטיקלאַך מיטאַמאָל. און איך — פלעגט מאָטקע זאָגן—פרעג ניין קשיות.
— וואָס זיינען די ניין קשיות? — פרעגט מען אים.
— איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַ גוי זאָל אויפעסן ווייניקער ווי דריי הערינג — האָט מאָטקע געענטפערט.

(ח)

מאָטקע האָט אַמאָל אָנגעשלאָגן דאָס ווייב. ״ס'שאַדט ניט״, פלעגט ער זאָגן, ״אַמאָל אָנשלאָגן אַ ווייב״. איז זי געקומען צו קהל מסורן. שיקט קהל רופן מאָטקען און מ'פרעגט ביי אים:
— מאָטקע, וואָס הייסט עפּעס שלאָגן אַ ווייב?
— פאַרשטייט איר מיך — שמייכלט מאָטקע — אַז זי איז אַ זייגערקע בין איך אַ זייגער, און אַ זייגער אַז עס קומט די שעה, שלאָגט ער.
— אָבער פאַרוואָס — פרעגט מען אים — האָסטו איר געשלאָגן אונטער די אויגן?
— אונטער די אויגן — זאָגט מאָטקע — מעג איך אפילו דעם רב אויך שלאָגן!

(ט)

מאַטקע איז אַמאָל אַריין צו אַ גביר בעטן אַ נדבה.

— זייט געזונט — זאָגט ער אים — אַזוי ווי איך פֿאָר אַפּ פֿון שטאָט, מאַ גיט מיר אַ נדבה.

דער גביר האָט געענטפֿערט אַז ער האָט גראָד איצט ניט קיין קליינ־געלט. גייט ער אַוועק, מאַטקע. אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער ווידער אַריין.

— ר' חיים — זאָגט ער — איך האָב זיך מישב געווען אַז איך וועל אָפּלייגן מיין נסיעה אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אַלזאָ, זייט מיר שוין ניט געזונט...

(י)

מאַטקע האָט אַמאָל געגעסן מיטאָג ביים ווילנער גביר אַפּאַטאָוו. מאַטל פֿלעגט שטענדיק פֿאַרוויילן דעם גביר ביים עסן מיט זיינע מעשות. דאָס מאָל האָט אַפּאַטאָוו ניט געוואָלט הערן מאַטקעס מעשות און אים פֿאַרווערט צו ריידן ביים עסן. אַ לאַנגע צייט האָט זיך מאַטקע איינגעהאַלטן. פּלוצלונג באַפּט ער זיך אַרויס: ער וויל עפּעס זאָגן! אַפּאַטאָוו האָט ניט געלאָזן. נאָכן עסן פֿרעגט אַפּאַטאָוו ביי מאַטקען:

— נו, מאַטקע, איצט זאָג, וואָס האָסטו געוואָלט זאָגן?

— איך האָב אייך געוואָלט זאָגן — מאַכט מאַטקע — אַז ביי אייך אין עסן איז אַריינגעפֿאַלן אַ פֿליג, איר האָט זי שוין געווים אויפֿגעגעסן.

(יא)

ערב יום טוב איז מאַטקע אַמאָל געזעסן ביי זיינעם אַ שכן אַ שניידער און זיך אָפּגערוט. דער שניידער איז געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט און האָט שטאַרק געהאָרעוועט. איז אַריינגעקומען אַ קונה. פֿרעגט ער מאַטקען:

— וואָס טוסטו דאָ, מאַטקע?

— זעסט דאָך, איך העלף אים — ענטפֿערט מאַטקע. — ער איז אַזוי פֿאַרנומען, אַז ער האָט קיין מינוט צייט ניט אויף אָפּצורוען. רו איך מיך אויס פֿאַר אים.

(יב)

מאַטקען האָט אַמאָל אויסגעפֿעלט עטלאַבע קערבלאַך אויף דירה־געלט. גייט ער אַוועק צו וועלוול ליבערמאַן, אַ ווילנער גביר, וועלכער האָט ליב געהאַט מאַטקעס ווערטלאַך. גראָד זיינען געווען געסט ביים גביר.

— ווען איר גיט מיר — ווענדעט זיך מאַטקע צום גביר — פֿינף קערבלאַך, וויַיז איך אייך אַ קונץ: איך שלעפּ אַראָפּ די זון אַהער אויפֿן טיש.

דער גביר האָט אים געגעבן פֿינף רובל. שטעלט ער זיך, מאַטקע, אויפֿן טיש, הייסט דערלאַנגען אַ קאַטשערע. ער מעסט מיט דער קאַטשערע אַהער, אַהין. ביי דער זון האַלט ער נאָך דערווייל ניט.

— נו, — קיבעצט דער גביר אונטער מאַטקען, — עפּעס גייט עס צו שווערלאַך!

— זייט מוחל, רבי וועלף — ענטפֿערט מאַטקע — גאָט אייך די קאַטשערע און טשעפּעט מיט איר נאָר אָן די זון, וועל איך זי שוין אַראָפּשלעפּן.

(יג)

אין מאַטקעס צייטן האָט געלעבט אין ווילנע א איד א גביר, א תקיף, אידל אַפּאַטאַוו. פלעגן ווילנער אידן ציטערן פאַר אים. איינמאָל האָט אידל געפּאַדערט אין קהל־שטיבל א זאַך וואָס קהל האָט ניך געקאָנט נאָכגעבן.

— וואָס וועט ווילנע זאָגן דערויף? — האָט אימעצער אויסגעשריען.

— ווילנע? — האָט אידל אויסגעשריען — וואָס הער איך ווילנע! זאָל מיך גאַנץ ווילנע...

האָבן זיך ווילנער אידן מישב געווען און באַשלאָסן, אז פאַר אזא גראָבקייט דאַרף מען אידלען אַפּטאָן א שפּיצל. האָט מען זיך א נעם געטאָן צו מאַטקען. מאַטקע וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן פאַר א דרייערל. אויף מאָרגן, אידל אַפּאַטאַוו האַלט אין דעם נאָכמיטאָגדיקן שלאָף — מאַטקע קומט צולויפן א פאַרסאַפּעטער:

— גיכער! — שרייט ער — ר' אידל! וואו איז ר' אידל? איך מוז אים זען, אָבער טאַקע שוין, די מינוט!

די שטוביקע ווילן גאָרניט הערן און זען. ס'הייסט? אויפוועקן אידלען? ס'איז דאָך סכנות נפשות! אָבער מאַטקע שרייט אין איין קול: קיין שום תירוץ. ס'איז סכנות נפשות. א קהל'שער ענין. אן ענין פון טויט און לעבן. הכלל, מ'האָט אים אויפגעוועקט.

— וואָסי? הא, וואָס! — רייבט זיך אַפּאַטאַוו די אויגן.

— ר' אידל — סאַפּעט מאַטקע -- ר' אידל, קהל האָט מיך געשיקט... סכנות נפשות!

— נו, רעדט שוין ווערטער, וואָס איז? — ברומט דער תקיף ווי א צערייצטער לייב.

— קהל — זאָגט מאַטקע — האָט מיך געשיקט, אנטקעגן דעם וואָס איר האָט נעכטן א פּאַטש געטאָן אויפן טיש און געזאָגט אז גאַנץ ווילנע זאָל אייך... וויים קהל ניט ווי איר האָט געמיינט: מיט סניפּישאָק, צי אַז סניפּישאָק...

(נאָך א. ליטוויו)

◆◆◆◆

דער אמת'ער, גאָט־געבענשטער, פון גאָט־אינספּירירטער קינסטלער, שרייבט ניט גלאַט אין דער וועלט אריין; ער שרייבט ווען "די מוזע ווערט שוואַנגער ביי אים", ווי דוד פרישמאַן ע"ה האָט אַמאָל געזאָגט. ער שרייבט ווען דער פונק פון רבונו של עולם וואָס געפינט זיך אין אים וויל זיך פאַנאַנדערברענען, רייסט זיך צו באַשאַפונג, צו אַ בריאת־העולם, און ווען דער פונק הערט אויף צו גליִען, אָדער וויל זיך מער ניט פאַנאַנדערפלאַקערן — שרייבט ער מער ניט, דער אמת'ער קינסטלער.

מ'האָט אַמאָל געפרעגט ביאַליקן, דעם פאַרשטאָרבענעם נאַציאָנאַלן אידישן דיכטער, פאַרוואָס ער שרייבט אַזוי ווייניק. "איך האָב מיין גאַנצן לעבן פיינט געהאַט נאָכמאַכונגען און איך וויל יעצט אויך ניט נאָכמאַכן ביאַליקן", — האָט ביאַליק געענטפערט. פון ביאַליקס ענטפער קאָן מען זען דעם אמת'ן קינסטלער; דער קינסטלער וועמעס יעדע שורה האָט געאָטעמט מיט לעבן, און ער האָט ניט געשריבן ווען ער האָט דערפילט אַז ער דאַרף זיך אומקערן צו די אַלטע, אַמאָליקע מקורות.

שרייבן איז אַ קונסט. און זיכער איז דער אמת'ער, גאָט־געבענשטער שרייבער, געבאָרן געוואָרן מיט דעם פונק פון יצירה אין זיך. אָבער אפילו אָט דער פונק מוז אויך האָבן אַנטוויקלונג. און דער שרייבער ליידט דורך אַ סך געבורט־ווייטיקן, ביז וואַנען זיין שאַפונג איז רייף, און האָט בכח אָנצורירן דעם לייענערס האַרץ. מענדעלע מוכר ספרים ז"ל האָט ניט געגלויבט אין "פּאַרטיקע" טאַלאַנטן. "פּאַרטיקע" טאַלאַנטן, האָט ער געזאָגט, זיינען "קעל־בערנע" טאַלאַנטן. "אַ קעלבל, זאָגט מענדעלע, שטעלט זיך אויף די פיס, אינם זעלבן טאָג ווען עס ווערט געבאָרן.

אַ מענש מוז אַרומקריכן חדשים לאַנג אויף אַלע פיר. און ביז וואַנען אַ מענשישער וועזן לערנט זיך אויס גיין, דערנאָך לויפן, דערנאָך טאַנצן, גייען יאָרן אַריבער. פונקט דאָס זעלבע פּאַסירט מיט אַן אמת'ן, מיט אַ "מענשישן טאַלאַנט".

אַז אַ נייער שרייבער וואָס שרייבט אַן אַ "זאַך", טראָגט זיך מיט דעם אַרום ביז וואַנען ער ווערט נתגלה, איז אַלעמען באַקאַנט. די יסורים און ציטערניש און האַרץ־קלאַפּעניש, וואָס עס קומט אים אויס דורכצולעבן, זיינען מסתמא נאָר אים אַליין, דעם שרייבער, באַקאַנט. עס טרעפט אַמאָל, אַז דער שרייבער פילט, אַז ער האָט אַ קרובה'שאַפט מיט דעם שאַפנדן גייסט און לייגט, דאַכט זיך, אריין זיין גאַנצע נשמה אין זיין שאַפונג, דערשלאָפט ניט קיין נעכט, קריגט גרויע האָר אויפן קאָפּ, און קוים דערלעבט — ער איז שוין אַרויס אין דרוק, — קומט דער קריטיקער און לייגט אים אַוועק אויפן טיש — און קוילעט אים אַוועק.

אַ יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צו פּרץ הירשביין מיט אַ דראַמע וואָס ער האָט אָנגעשריבן. ער האָט זי איבערגעלאָזט ביי הירשביינען און געבעטן דעם לעצטן ער זאָל זי איבערלייענען און אַרויסזאָגן זיין מיינונג. אין עטלאַכע טעג אַרום, דער יונגערמאַן איז דאָ.

— געלייענט די דראַמע? — פרעגט ער הירשביינען.

— געלייענט — זאָגט הירשביין.

— נו, וואָס זאָגט איר?
— איך זאָג — ענטפערט הירשביין — שרייבט ווייטער. אַט זאָגט מען אויף מיר אויך אז איך קאָן ניט שרייבן, פונדעסטוועגן שרייב איך.
צו נעאָרג בעתאָרד שאָו, דערציילט מען, האָט אַמאָל א פרוי, א שרייבערן, צוגעשיקט איר אָפּגעדרוקט בוך און געבעטן אים ארויסזאָגן זיין מיינונג. שאָו האָט איר צוגעשיקט דאָס בוך ענטפערנדיק אז עס טויג אויף כפּרות. די פרוי האָט באַמערקט אז דער קריטיקער האָט אפילו ניט דורכגעלייענט דעם גאַנצן בוך, נאָר די ערשטע בלעטלאַך זיינען געווען אויפגעשניטן.
— ווי האָט איר געקאָנט — שרייבט זי אים מיט כעס — ארויסזאָגן א מיינונג, ווען איך זע אז אַלץ וואָס איר האָט געלייענט זיינען די ערשטע פּאָר בלעטלאַך?
— מיין ליבע פרוי — ענטפערט איר שאָו — איז עס נויטיק פאַר מיר אויפצועסן דאָס גאַנצע איי, ווען ביים ערשטן ביסן געפין איך אויס, אז עס איז ניט פריש?...

* * *

דער פּאָעט וואָס גייט ארום און קוויטשעט מיטן שטערן, איז שטענדיק פאַר׳חלומ׳ט און זוכט אינספּיראַציע, וויל זיך משדך זיין מיט דער מוזע און די מוזע נעבאַך דרייט זיך פון אים ארויס און וויל זיין פּנים ניט אָנקוקן, האָט אויך אַפּט אָפּגעשניטענע יאָרן פון דעם משורר בחסד עליון, אזוי אז ער דאַרף נעבאַך נעמען דעם גאַנצן פּעקל כתבים, אין וועלכע עס ליגט דער מאַרך פון זיינע ביינער און דאָס בלוט פון זיין האַרץ, און מאַכן מיט זיי בורא מאורי האש.
אין תל אביב האָט געוואוינט ביאַליקס א יונגט פריינט, וועלכער האָט געהאַט די פּאַרטרעטערשאַפט פון די חיפה׳ר מילן אין תל אביב. דער איד האָט ליב געהאַט אונטערצוזינגדיקן מיט א העברייאיש לידל. פלעגט ער פון צייט צו צייט ברייננגען ביאַליקן ״די פרוכט פון זיין פען״, כדי ארויסצוקריגן פון ביאַליק׳ן זיין מיינונג. פלעגט אים ביאַליק ענטפערן: ״וואַרט ביז עס וועט קומען פאַר דיר די צייט נתגלה צו ווערן. לעת עתה פאַרנעם זיך ווייטער מיט באַקן מצות״...
ניט נאָר דער קאַליקע האָט א ביטערע מערכה, אפילו דער גוטער שרייבער, דער אידישער, האָט ביים אידישן לייענער־עולם אויך ניט קיין בעסערע מערכה.
א באַרימטער אידישער שרייבער האָט באַזוכט צום ערשטן מאָל א שטאָט וואו ער איז איינגעלאַדן געוואָרן צו האַלטן א רעדע. דער קבלת־פּנים קאָמיטעט האָט אים ארומגעפירט ווייזן די מערקווירדיקייטן פון שטאָט. מען האָט אים, נאַטירלאַך, אויך געוויזן די ביבליאָטעק. דער ביבליאָטעקאַר האָט אים מיט גרויס העפלאַכקייט געוויזן אַלע אָפּטיילונגען פון דער ביבליאָטעק, און האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג. ״מיר האָבן אַלע אייערע ביכער״, קאָמפּלימענירט אים דער ביבליאָטעקאַר. ״אָט, זעט איר — האָט ער מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף דער לאַנגער שורה פון דעם שרייבערס ביכער — אָט זיינען אַלע דאָ, קיין איין בוך פעלט ניט״... דער שרייבער האָט ביטער א שמייכל געטאָן.

שרייבער צווישן זיך זיינען פונקט ווי פשוט'ע ־מענשן. עס עקזיסטירט קנאה און שנאה צווישן זיי פונקט ווי צווישן אנדערע שטערבלאכע. מ'האט ליב איינער דעם אנדערן ארייַנשטעקן א "גובערנאטאר אין זייט" עס זאל דער־לאנגען ביז דער פינפטער ריפ.

דער קריטיקער האט באגעגנט דעם דראמאטורג און האט אים א פרעג געטאן:

— זאגט מיר, איז דאס אייער פיעסע וואס איך האב געזען אין טע־אטער היינטיקע וואך?

— ניין — ענטפערט דער דראמאטורג — איך האב לעצטנס ניט געשריבן קיין נייע זאכן.

— אזוי גאר? — וואונדערט זיך דער קריטיקער — וואס זשע איז די מעשה וואס עס קלעפט זיך דארט ניט א ווארט צו א ווארט?

און ניט נאר דער קריטיקער, א פראכטער בשר ודם וועט אויך אמאל מאכן ליצנות פון שרייבער.

— פון היינט אן און ווייטער — האט דער דאקטאר געזאגט צום פא־ציענט, א שרייבער און א פאעט, — טארט איר ניט מאן קיין קאפ־ארבעט. אייערע נערוון זיינען שטארק צעשרויפט און איר מוזט אויסמיידן יעדע אר־בעט וואס האט צו טאן מיטן מוח.

— אבער וואס זאל איך טאן מיט מיינע פאעמען, סקיצן, ניט פארענ־דיקטע ארבעטן? — פרעגט אים דער פאציענט.

— א — ענטפערט דער דאקטאר — דאס מאכט ניט אויס. מיט דעם קאנט איר אנגיין ווייטער...

(א)

דער אדעסער חזן ראזומני האט אמאל געפרעגט ביי מענדעלע מוכר ספרים, ז"ל, פארוואס ער רופט זיך "מענדעלע מוכר ספרים" און ניט "מענ־דעלע כותב ספרים" (וואס שרייבט ביכער), וואס וואלט זיכער געווען פאסי־קער פאר אים.

אויף דעם האט מענדעלע געענטפערט: "איצט איז די מאדע צו רופן זיך מיט נעמען בלשון סגי נהור, פארקערט. למשל: דער שרייבער א. ב. גאטלאבער איז, ווי באוואוסט, געווען א גרויסער אפיקורוס, און ער האט זיך גערופן "גאטלאבער". איר זייט א חזן, ווייסט איר דאך וואס די וועלט זאגט אויף אייך, חזנים, און דאך רופט איר זיך "ראזומני" (אין רוסיש — א קלו־גער). דער רוסישער מיניסטער וואס דארף האבן א מיניסטערשן קאפ, רופט זיך גאר "דורנאוואָ" (אין רוסיש — א שוטה). אט דערפאר רוף איך זיך "מוכר ספרים" און ניט "כותב ספרים".

(ב)

ביי א שפאציר מיט זיינעם א באקאנטן האט זיך מענדעלע באקלאגט אז ער איז שוין מיד פון גיין.

— זיידע — האט אים יענער א פרעג געטאן פארוואונדערט — איר זייט דאך שוין באלד א "בן שמונים" און ביי אונז איז דאך געשריבן "בן שמונים לגבורה"...

— יאָ, מיין פריינט — האָט מענדעלע געענטפערט — די "שמונים" זיינען שוין באַלד דאָ אַלע, אָבער פון די "גבורות" הער איך נאָך גאָרניט...

(ג)

ש. אַנסקי דערציילט אין זיינע שריפטן: ווען מ'האָט אַמאָל דער־ציילט מענדעלע מוכר ספרים אַז ביאַליק האָט אין אַדעס געלייענט אַ פאָר־טראָג "הלכה און אגדה" אויף רוסיש (עס איז ניט דערלויבט געווען צו לייע־נען אין אידיש), האָט מענדעלע באַמערקט פאָלגנדעס:

"ביז אַהער איז געווען אַ גרויסע שפּאַרעניש דורך וועלכער נאָז־לאָך דאַרף אַ איד אָטעמען. איינע האָבן געהאַלטן אַז נאָר דורך דער לינקער נאָז־לאָך. אַנדערע, ווידער — לאַ, דוקא דורך דער רעכטער. איינע — דוקא העב־רייאיש, אַנדערע — נאָר אידיש. אַז מענשן קאָנען און דאַרפן אָטעמען דורךביידע נאָז־לעכער — ווילן זיי ניט פאַרשטיין. וואָס־זשע טוט גאָט? קומט פאָניע מיט דער נאַהייקע און זאָגט, אַז אַ איד דאַרף כלל ניט אָטעמען. ער פאַרשטאָפּט ביידע נאָז־לעכער און אַ סוף. מיינט איר דאָך אַז איר זייט שוין פּאַרטיק? ניין. אַ איד גיט זיך אַן עצה, ער הויבט אָן אָטעמען דורכן גראָבן פינגער: אויף בערדיטשעווער רוסיש..."

(ד)

זלמן שניאור דערציילט ("פון דעם זיידנס קוואַל"): מענדעלע מוכר ספרים האָט געהאַלטן אינמיטן דער אַרבעט. קלאַפּט מען אָן אין טיר: אַ איד מוז אים זייער נויטיק האָבן. מענדעלע איז אַרויסגעגאַנגען:

— וואָס וועט איר זאָגן גוטעס? — פרעגט ער דעם אידן.

— איך בין דאָ אין אָדעס אונטערוועגנס — דערקלערט אים דער גאַסט — איך בין אייערער אַ טרייער לעזער, אַ חסיד אייערער, האָב איך זייער, זייער געוואָלט אייך אָנקוקן.

— אַזוי — שמייכלט מענדעלע — אָנקוקן!

מענדעלע האָט זיך גענומען דרייען אַרום זיך אַליין:

— אָט, ביטע — שמייכלט ער — קוקט מיך אָן פון פאָרנט; אַצינד, זייט מוחל, פון דער רעכטער זייט. פאַרטיק? און אָט האָט איר מיך פון הינטן, שוין? איצטער, איך בעט אייך, די לינקע, די לינקע זייט. באַפרידיקט?

(ה)

בן עמי דערציילט: איינמאָל איז ער, בן עמי, אוועקגעגאַנגען פון מענדעלען מנחם אבל זיין זיינעם אַן אַלטן באַקאַנטן לערער, ביי וועמען ס'דאָס ווייב איז געשטאָרבן. ווען בן עמי איז צוריקגעקומען, מאַכט מענדעלע צו אים:

— נו, דער אבל האָט א י י ך אביסל מנחם געווען?

(ו)

דערציילט זלמן שניאור: צווישן די וואָס האָבן מענדעלען אויסגע־שלאָסן פון דער אָדעסער גרופּע "חובבי שפת עבר", איז אויך געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער עסקן פראַנקפעלד. ער איז געווען דער הויפּט אָנ־פירער אין דער "קאַמפּאַניע" קעגן מענדעלען. איינמאָל איז דוד פרישמאַן ע"ה געקומען באַזוכן מענדעלען:

— ווי געפעלט אייך, פרישמאַן, — הויבט מענדעלע אָן, פונקט ווי זיי וואָלטן שוין פון פריער אָן געהאַלטן אין שמועסן, — אַזאַ מעשה? נעמט ראָטשילד! דאַכט זיך ראָטשילד, ווער קאָן זיך פאַרגלייכן מיט אים? איז ראָטשילד האָט אפילו ניט קיין איינציקן פ' אין זיין פאַמיליע. נעמט פאַריז! אַזאַ כרך גדול ווי פּאַריז. איין פּ. און ניט אַ פּיי, נאָר אַ פּ. און אַזאַ איד ווי פּפראַנקפפעלד קאָן זיך פאַרגינען צוויי פּייען. וואָס זאָגט איר, וואָס אַן אַדעסער איד קאָן זיך פאַרגינען?

(ז)

מענדעלע האָט פיינט געהאַט צו ריידן העברייאיש מיט דער ספּרדי־שער אויסשפּראַך. איינמאָל איז צו אים געקומען אַ יונגערמאַן, אַ לערער, און אָנגעהויבן שמועסן מיט אים וועגן ליטעראַרישע ענינים, אויף דער הברה ספרדית. ווערט מענדעלע אין כעס און גייט און ברייגנט אים אריין אַ גלאָז טיי. ווען דער יונגערמאַן האָט אָנגעהויבן טרינקען, פרעגט אים מענדעלע:

— מה כבודו עושה?

— אני שותה (שאָטע) — האָט ער געענטפערט.

— כן— ענטפערט מענדעלע — "שוטה" גדול...

(ח)

איידער אחד העם האָט אָפּגעדרוקט זיין אַרטיקל "משה", וואָס האָט שפּעטער געמאַכט אַ גרויסן רושם אין די העברייאישע ליטעראַרישע קרייזן, האָט ער אים פריער פאָרגעלייענט פאַר אַ קלענערן עולם אין דעם אַדעסער קלוב "בעסיעדאַ". צווישן עולם זיינען געווען אַנוועזנד עטלאַכע אידישע גדולים, צווישן זיי אויך מענדעלע מוכר ספרים און שמעון דובנאָוו..

נאָך דער לעקציע, גיט דובנאָוו אַ פרעג מענדעלען:

— נו, וואָס זאָגט איר אויף אחד העמ'ס משה?

— אין דער תורה שטייט — ענטפערט מענדעלע — "ולא ידע איש את קבורתו". קיינער ווייס ניט וואו משה'ס קבורה איז. איצטער ווייסן מיר שוין. די קבורה איז פאָרגעקומען היינט אַוונט אין קלוב "בעסיעדאַ". דער קברן איז געווען "אחד העם"...

(ט)

בן־עמי, ע"ה, איז אַמאָל געזעסן ביי מענדעלען. האָט אימעצער אָנ־געקלאַפּט אין טיר אויף אַ מאָדנעם אופן. וויל בן־עמי גיין עפענען די טיר.

— ששש! — מאַכט צו אים מענדעלע שטילערהייט. — עפן ניט. דער יונגערמאַן דאַרט איז אַ גרויסער נודניק.

— אָבער פון וואַנען ווייסט איר אַז דאָס איז ער? — וואונדערט זיך בן־עמי.

—איך האָב אים געזאָגט — ענטפערט מענדעלע — אַז איך נעם ניט אויף קיין סך באַזוכער, נאָר איינציקע, און די דאָזיקע דאַרפן אָנקלאַפּן אין טיר אויף דעם דאָזיקן מאָדנעם אופן...

(י)

ש. אַנסקי דערציילט, אַז אין 1909 איז י. ל. פּרץ איינגעלאַדן גע־וואָרן פון אַ ראַדיקאַלער גרופּע צו קומען קיין פּעטערבורג האַלטן אַ פאָרלעזונג.

דער זאל איז געווען געפּאקט. נאָר א גרויסער טייל פון פּובליקום איז באַשטאַ־נען פון אזעלכע וואָס זיינען געקומען זען פּרצ'ן און ניט הערן אים. געווען ניט ווייניק אזעלכע, וואָס האָבן ניט פאַרשטאַנען אָדער קוים פאַרשטאַנען אידיש.

פּרץ האָט געלייענט זיינע ווערק מייסטערהאַפט, אָבער פאַר דער גרויסער פאַרזאַמלונג איז זיין שטים געווען צו שוואַך, און די אינטאָנאַציע ניט גענוג שאַרף. די ערשטע צען מינוט איז געווען שטיל; נאָכדעם האָט דער עולם אָנגעהויבן שמועסן צווישן זיך שטילערהייט; ביסלאַכווייז האָט מען אָנגעהויבן אַרויסגיין פון זאל, אזוי אז ווען פּרץ האָט געענדיקט פאַרלעזן, איז דער פריער אָנגעפּאַקטער זאל געווען האַלב פּוסט.

אנסקי דערציילט, אז בעת דעם אנטראַקט איז אים געווען שווער צו באַגעגענען זיך מיט פּרצ'ן. ער האָט זיך געשעמט פאַר דער אויפפירונג פונם עולם. פּרץ האָט אים אָבער דערזען, אנסקין, דורכגעשלאָגן זיך דורך דעם עולם און מיט א "שטיפערישן" געלעכטער, מיט דעם טאָן פון א זיגער, א זאָג געטאָן:

— אדרבה, ווער וועט נאָך קאָנען אזוי גיך און גוט צעטרייבן פון זאל אזא עולם, הא? דאָס איז דאָך א קונסט!

(יא)

י. ד. בערקאָוויטש דערציילט: איינמאָל האָט שלום עליכם געהאַט א פאַרלעזונג אין א פּראָווינציעלער שטאָט אין אמעריקע. ביים קבלת פּנים, אין טעאַטער, איז דער פאָרזיצער ארויס מיט א רעדע וועגן דעם גאַסט. שלום עליכם האָט זיך צוגעהערט. ס'איז אים אָבער געווען קשה וואָס דער פאָרזיצער האַלט אין איין לויבן די "קליאַטשע", וואָס האָט באַרימט געמאַכט דעם גאַסט איבער דער גאַנצער וועלט. באַלד איז אים אָבער די זאַך פאַרענטפערט גע־וואָרן. דער פאָרזיצער האָט פאַרענדיקט די רעדע מיט די פאָלגנדע ווערטער:

— איצט האָב איך די ערע אייך פאָרצושטעלן אונזער גרויסן גאַסט פון יוראָפּ, דעם מחבר פון דער באַרימטער "קליאַטשע", שלום אש עליכם אבראַמאָוויטש!

(יב)

נאָך שלום עליכמ'ס א פאַרלעזונג, דערציילט י. ד. בערקאָוויטש, איז צו אים צוגעקומען א געוויסער ניו־יאָרקער לאָיער (אדוואָקאַט) און האָט זיך אָפּגערופן מיט א פּראָטעזשירנדיקער ברייטקייט, האַלטנדיק די הענט אין די הויזן־קעשענעס:

— וועל, מיסטער שלום עליכם, איך מוז אייך געבן א קאָמפּלימענט. איר האָט עס געמאַכט אָלרייט, ניט ערגער פון אונזער מיסטער זאַנגוויל. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך פון א אידישן שרייבער אזעלכע פיינע דזשאָוקס געהערט אין אונזער אייגענעם זשאַרגאָן.

שלום עליכם האָט אָפּגעמאָסטן דעם בעל־דברים פון קאָפּ ביז די פיס און האָט א זאָג געטאָן:

— וועל, איך מוז אייך אויך קאָמפּלימענטירן. דאָס ערשטע מאָל זע איך א ניו־יאָרקער לאָיער מיט די הענט אין זיינע אייגענע קעשענעס...

(יג)

א געוויסער זשורנאַליסט, דערציילט י. ד. בערקאָוויטש, האָט איינמאָל געטראָפֿן שלום עליכמ'ען לייענענדיק א ביכל מיט פּאַבלען פֿון ה. הירש, אונטערן נאָמען: "הונדערט טראָפּן טינט". האָט מען זיך צערעדט וועגן די פּאַבלען. דער זשורנאַליסט האָט זיי מבטל געמאַכט בעפֿרא דאַרעא.

— איר זייט עפּעס א מבין אויף גוטע פּאַבלען? — פֿרעגט אים שלום עליכם, — ווייל איך אייך באַלד ווייזן מיינע א פּאַבל.

און שלום עליכם נעמט דאָס ביכל, גייט ארויס אין צווייטן צימער, שרייבט דאָרט אראָפּ איינע פֿון די הונדערט פּאַבלען און טראָגט זי ארויס צום זשורנאַליסט. יענער לייענט און ווערט ממש נתפּעל.

— נו? — פֿרעגט אים שלום עליכם.

ס'אַן אנטיק! — זאָגט יענער. — וואָס פֿאַר א פּאַרגלייך?

— זאָלט איר טאַקע וויסן — מאַכט שלום עליכם — אז די פּאַבל איז ניט מיינע. דאָס האָב איך אראָפּגעשריבן איינע פֿון דעם דאָזיקן ביכל.

— וואַרט, לאָמיר נאָר א קוק טאָן — כאַפּט יענער דאָס פּאַפּיר און לייענט ווידער. — לכתחילה, זאָגט ער, האָב איך טאַקע געמיינט אז דאָס איז ניט קיין שלעכטע סחורה. אָבער איצט זע איך טאַקע אז עס איז ניט דאָס! ווייס איך וואָס! ווי קומט צו אייך אזא זאַך?

— זאָלט איר טאַקע וויסן — שמייכלט שלום עליכם — אז די פּאַבל איז פּאַרט מיינע.

דער זשורנאַליסט איז שוין גאָר צעטומלט געוואָרן.

(יד)

נ. ב. לינדער דערציילט: ווען שלום עליכם איז געווען אין אמעריקע האָט ער, לינדער, איינמאָל באַגלייט אים אויף א שפּאַציר. איז צוגעקומען צו זיי א יונגערמאַן וואָס האָט געקאָנט שלום עליכמ'ען — א האַלב־אמעריקאַניזירטער רוסישער אינטעליגענט. דערציילט ער שלום עליכמ'ען וועגן די נייסטע שאַפֿונגען אין דער אמעריקאַנער ליטעראַטור, און שטעלט זיך אָפּ ספּעציעל אויף מענקענען און זיין איינפֿלוס אויף די אינגערע ליטעראַרישע קרעפֿטן אין אמעריקע.

שלום עליכם וויל וויסן מער וועגן מענקענען, דערציילט ער אים, דער יונגערמאַן, אלץ וואָס ער ווייס וועגן אים, און אגב־אורחא באַמערקט ער, אז מענקען איז באַקאַנט אלס א פֿרויען־האַסער.

— מסתמא געהאַט א ווייב א שלאַק — זאָגט שלום עליכם.

— ניין — מאַכט דער יונגערמאַן — ער האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט.

— אזוי? — פֿרעגט ווידער שלום עליכם — אן אלטער בחור? איז ער אמאָל געווען פֿאַר'קנס'ט? געהאַט א כלה?

— דאָס קאָן איך אויך באַשטימט ניט זאָגן — מאַכט דער בחור, אביסל צעטומלט פֿון זיין אייגענער עם־הארצות בנוגע מענקענען.

— האָט ער געהאַט א געליבטע? — פֿרעגט ווייטער שלום עליכם.

— דאָס ווייס איך אויך ניט — איז זיך מודה דער יונגערמאַן.

— האָט ער אַ שוועסטער? שוועגער נס? — פרעגט ווייטער שלום עליכם.

דער יונגערמאַן ענטפערט אַז, דעם אמת זאָגנדיק, ווייסט ער וועגן זיין משפחה גאָרניט, נאָר אויב שלום עליכם וויל וויסן, קאָן ער דאָס אויסגעפינען פאַר אים.

— גוט, גוט — שמייכלט שלום עליכם — פרעגט אייך נאָך למען השם. און אגב אורחא, ווערט געוואָר צי האָט ער געהאַט, לכל הפּחות, אַ מאַמע!

(טו)

ווען שלום עליכם איז געווען אין ניו יאָרק, האָט ער איינמאָל, איבערגייענדיק אויף בראָדוויי פון איין זייט גאַס אויף דער אַנדערער, באַגעגנט אַ פריינט.

— וואָס מאַכט איר, הער שלום עליכם? — באַגריסט אים יענער.

— אָט, מ׳ראַטעוועט זיך, — ענטפערט שלום עליכם.

(טז)

ווען ביאַליק איז אָנגעקומען קיין ארץ ישראל און אויפגעעפנט זיין ביכער-פאַרלאַג, האָט ער געמוזט אָנקומען צו גמילות-חסדים. געווען פאַרייִנגט אין געלט. האָט ער געליען פּופּציק דאָלאַר ביי אַ תל-אביבער רייכן אידן. אַז מ׳האָט אָנגעהויבן דרוקן די ביכער, איז דער איד געקומען צולויפן צו ביאַליקן: ער וויל זיין געלט.

— איך קאָן אייך איצט ניט געבן — זאָגט ביאַליק. — איר וועט מוזן צוואַרטן אַביסל. מ׳דאַרף צאָלן שרייבער, זעצער א. א. וו.

— ס׳הייסט, — וואונדערט זיך דער איד, — איר דאַרפט צאָלן שרייבער? מ׳דערציילט דאָך מיר אַז איר גיט אַרויס זאַכן פון איינעם ר׳ שלמה אבן גבירול, און עפּעס אַ אבן עזרא, וואָס זיינען שוין לאַנג געשטאָרבן?

— אמת — ענטפערט ביאַליק — אָבער ס׳זיינען דאָך געבליבן אַלמנות און יתומים, קאָן מען דאָך זיי ניט לאָזן שטאַרבן פון הונגער!

— אויב אזוי — ווערט דער מלוה ווייכער — איז אַנדערש. אַלמנות און יתומים איז שוין גאָר אַן אַנדער געשיכטע...

(יז)

מ׳האָט אַמאָל געפרעגט ביאַליק׳ן, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן העברייאיש און אידיש? האָט ביאַליק געענטפערט:

— דער אונטערשייד איז אין דעם, וואָס העברייאיש ר ע ד ט מען, און אידיש ר ע ד ט ז י ך.

(יח)

ווי באַקאַנט, איז ביאַליק׳ס נאָמען פאָרגעשלאָגן געוואָרן איינמאָל אַלס קאַנדידאַט צו באַקומען דעם נאָבל-פּריז פאַר ליטעראַטור. ער האָט אים אָבער ניט באַקומען. איז איינמאָל געקומען צו רייד וועגן דעם איז אַ געשפּרעך און מ׳האָט אַ פרעג געטאָן ביאַליקן וועגן דעם ענין. האָט ביאַליק באַמערקט:

— עס איז מיר ליבער וואָס איך האָב ניט באַקומען. איצט זאָגן אַלע: פאַרוואָס האָט ביאַליק ניט באַקומען דעם נאָבל פּריז?! קיינער האָט אים

אזוי ניט פארדינט ווי ביאליק! ווען איך באקום אים אבער יא, וואלטן די זעלבע מענשן געזאגט: אויך מיר א קונץ צו קריגן דעם נאבל פריז! וואס דארפט איר מער? אפילו א ביאליק האט אים שוין!

(יט)

ציוניסטישע טוער, ווי באוואוסט, ווערן אין אמעריקע שטענדיק גע־ערט מיט באנקעטן, וואו מ'עסט, נאטירלאך, הינער. האט ביאליק, בשעת ער איז געווען אין אמעריקע, באמערקט, אז דער אמעריקאנער ציוניזם האלט זיך אויף "הינערשע פיסלאך"...

(כ)

אין א זומערדיקן הייסן טאג האט ביאליק ע"ה געשפאצירט מיט א פריינט. רעדט מען אויף אידיש.

— פארוואס ניט העברייאיש? — פרעגט אים דער פריינט.

— ס'איז צו הייס — האט ביאליק געענטפערט.

(כא)

איינמאל, האט ביאליק דערציילט, איז ער געווען מיט אן אלטן העב־רייאישן משכיל אין מאסקווע און באזוכט דארט א קונסט־היסטארישן מוזיי. דער משכיל האט זיך פאראינטערעסירט מיט יעדער קלייניקייט. פארווילט זיך ביאליקן אביסל חוזק מאכן פונם משכיל. ווייזט אים ביאליק אן אויף א שווערד וואס איז געהאנגען אויף דער וואנט.

— אט דאס איז בלעמ'ס שווערד, מיט וועלכן ער האט געוואלט דער'הרג'ענען דעם אייזל — וויצלט זיך ביאליק.

— וואו שטייט דען אין דער תורה — פרעגט אים דער משכיל — אז בלעם האט געהאט א שווערד?

— ס'הייסט — שמייכלט ביאליק — עס שטייט דאך אז בלעם האט געזאגט: "לו יש חרב בידי, כי עתה הרגתיך" (בלק כב, ל) — דאס האט ער געמיינט אט דעם שווערד.

(כב)

ווען ביאליק, ז"ל, איז געווען אין די פאראייניקטע שטאטן, איז אמאל געקומען צו רייד צווישן פריינט וועגן די אמעריקאנער "הימל־קראצער". האט ביאליק באמערקט:

— איר מיינט דאך מסתמא אז נאר אין ניו־יארק האט איר הימל־קראצער? מיר האבן, ברוך השם, הימל קראצער אויך אין תל־אביב.

— אין תל־אביב, הימל־קראצער? — שטעלט מען אויף אים אוים אויגן.

— יע, יע, מיינע פריינט — האט ביאליק געענטפערט. — מיר האבן א הימל אין תל־אביב, און מיר האבן אויך קראצער. אי, האבן מיר אידן וואס קראצן זיך!

(כג)

ווען ביאליק איז געווען אין די פאראייניקטע שטאטן, האט מען אין א גרויסער שטאט געמאכט פאר אים א באנקעט. דער פארזיצער, א רייכער איד, האט אים פארגעשטעלט אלס דעם גרעסטן חכם, דעם גרעסטן פרא־

פּעסאַר, דעם גרעסטן זשעני און דעם גרעסטן פּאָעט פון דעם איצטיקן דור. ווען עס איז געקומען צו דערמאָנען דעם נאָמען ביאַליק׳ס, ווענדעט ער זיך צו ביאַליקן: "ווהאט איז יור נעים?" (ווי הייסט איר, אייגנטלאך?)

(כד)

ח. נ. ביאַליק איז אַמאָל געזעסן אין זשיטאָמיר אין בית־מדרש און אַריינגעקוקט אין אַן אַלטן ספר. אין יענער צייט איז שוין ביאַליק געווען צו־ריקגעקומען פון וואָלאָזשינער ישיבה און איז שוין ניט געווען פון די שטענ־דיקע זיצער אין בית־מדרש. האָט זיך טאַקע דער עולם אין בית־מדרש גע־חירוש׳ט.

איינער, אַן עלטערער איד, איז געווען טשיקאַווע, גייט ער צו צו ביאַליקן, כאַפּט אַ קוק אין ספר און גיט אים אַ פרעג:

— חיים־נחמן, וואָס קוקסטו דאָ?

— וואָס איך זע דאָ, וועט איר ניט זען, — האָט ביאַליק געענטפערט.

(מ. ליפּסאָן)

(כה)

ביאַליק איז אין ארץ־ישראל אַמאָל אַריין צו איינעם אַ סוחר דורכ־שמועסן זיך וועגן עפּעס אַן ענין פון מסחר. הויבט ביאַליק אָן דעם שמועס אין אידיש.

— היתכן, מר ביאַליק — מאַכט יענער — איר זאָלט נים ריידן קיין לשון־קודש?

— אדרבה — שמייכלט ביאַליק — אויב איר האָט צ י י ט וועלן מיר ריידן לשון־קודש...

(מ. ליפּסאָן)

(כו)

ווען רבי י. ל. זלאָטניק (יהודה עלזעט), באַרימטער פאָלקלאָריסט און ציוניסטישער פירער, האָט געהאַלטן זיין ערשטע ציוניסטישע דרשה אין זיין שטעטל גאָמבין — האָט זיך געטאָן הושך אין די חסידים שטיבלאך. שומו שמים: דער רב איז געוואָרן אַ ציוניסט.

איין חסיד איז אויפגעשפּרונגען און געזאָגט: "איר וועט זען! גע־דיינקט מיינע ווערטער: ער וועט נאָך אינגאַנצן אַרויסגיין לתרבות רעה. פאַר־שרייבט וואָס איך זאָג אייך: ער וועט נאָך אַמאָל גיין אין גלעזל שיך אויך!" (ביי חסידים איז דאָס געווען דאָס ערגסטע וואָס די פאַנטאַזיע האָט געקאָנט אויסמאָלן).

מיט עטלאכע יאָר צוריק, זייענדיק אין פּאַריז מיט פריינט, פאָרנדיק צו אַ ציוניסטישן קאָנגרעס, איז רבי זלאָטניק מיט זיי פאַרבייגעגאַנגען אַ געשעפט וואו האָט געהאַט זעלטן שיינע זומער־שיך פאַר ביליקע פּרייזן. אַלע זיינען אַריינגעגאַנגען קויפן די זומער שיך, און רבי זלאָטניק בתוכם. רבי זלאָטניק האָט אויסגעקליבן אַ פּאָר גלעזל שיך. פּלוצלונג האָט ער חרטה גע־האַט און האָט צוריקגעגעבן די שיך, וואָס ער האָט ערשט געהאַט אויסגעקליבן מיט שמחה. מסתמא פרעגן דאָך אים די פריינט: וואָס איז די מעשה? האָט זיי רבי זלאָטניק דערציילט דעם אַלטן אינצידענט:

— איך וויל יענעם חסיד'ל ניט מאכן פאר קיין נביא — האט רבי זלאטניק צוגעגעבן.

(כז)

מרדכי ספעקטאר האט ליב געהאט גוטע מאכלים. ער פלעגט זאגן: "עס איז ניט קיין קונץ אנצושטאפן זיך דעם מאגן. מ'דארף קאנען מאכן א שמחה'לע פון דער אכילה, א פארגעניגן, א חדוה, א יום־טוב'ל און א נחת אין די ביינער. עסט דען א מענש בלויז צוליב דעם מאגן? א הונט עסט אזוי!" (מ. קאפלאן).

דערציילט יואל מאסטבוים, אז דוד פרישמאן האט אים אמאל גע־שילדערט א נאכט, ווען ער, פרישמאן, איז געזעסן מיט ספעקטארן און ספעקטאר האט אים דערציילט פון כל־ערליי פאסירונגען אין לעבן.

יעדע פאסירונג מיט ספעקטארן האט געמוזט כולל זיין אין זיך עפעס פון עסן. פלוצלונג דערציילט ער א מעשה אין וועלכער עס ווערט לחלוטין ניט דערמאנט קיין עסן. זיצט ער, פרישמאן, און ווארט, און עס קלאפט אים דאס הארץ. אין דער אמת'ן! ספעקטאר דערציילט א מעשה און עס זאלן גאר ניט דערמאנט ווערן קיין פעטע "געגזענע לעבערלאך" און קיין "מאמעליגע" און קיין "רייז מיט ראזשינקעס" וואס צעשמעלצן זיך אויף דער צונג? אבער גאר צום סוף כאפט זיך ארויס ספעקטאר:

— טייערער פרישמאן — לאכט ער — האב איך דאמאלסט געטרונ־קען! אבער געטרונקען!

— נו, אבי כאטש געטרונקען — שמייכלט פרישמאן איראניש, און עס איז אים גרינגער געווארן אויפן הארצן.

(כח)

אין דער צייט פון דער רוסיש־יאפאנעזישער מלחמה האט אימעצער אמאל אנגעזאגט ספעקטארן די נייעס, אז פארט־ארטור איז געפאלן.

— וואס איז דער חידוש — האט ספעקטאר באמערקט — אז מענשן האבן אזא לאנגע צייט ניט געהאט וואס צו עסן?

(כט)

מרדכי ספעקטאר איז געווען א איד וואס האט ליב געהאט אפצועסן א גוטן מאלצייט און נאך מיטאג פלעגט ער זיך נוהג זיין, כאפן א דרעמל. איינמאל, נאך מיטאג, איז צו אים געקומען א יונגערמאן מיט א "זאך" פאר מבינות. האט זיך ספעקטאר געזעצט אויף א ווייכן שטול און געבעטן דעם יונגנמאן פארצולייענען פאר אים זיין "זאך". דער בחור האט זיך פאנאנדערגעלייענט מיט ברען, האט זיך אזוי פארטיפט אין ענין, אז ער האט גארניט באמערקט אז „ספעקטאר איז אנטשלאפן געווארן. ווען ספעק־טאר האט אבער אנגעהויבן כראפען, האט שוין דעם יונגנמאן פארדראסן די מעשה. וועקט ער אים אויף:

— הער ספעקטאר — מאכט ער מיט כעס — היתכן? ווי קאנט איר ארויסזאגן א מיינונג וועגן מיין חבור אז איר שלאפט גאר?

משובעט זיך ספעקטאר אויף און גיט א זאג:

— יונגערמאַן, וואָס איז די פּעולה פון לייענען? עס איז דאָך אײנס פון די בײדע: האָט איר טאַלאַנט, האָט איר, אַלאַ וואָס דען, איר האָט ניט, וועט דאָך דאָס לייענען ניט העלפן.

(ל)

א יונגער פּאָעט איז אַמאָל געקומען צו ספּעקטאָרן מיט א ביכל פּאָעזיע. געווען איז עס נאָכמיטאָג, און ספּעקטאָר, זיצנדיק אויף דער קאַנאַפּע און אויסהערנדיק די "פּאָעזיע" וואָס האָט אונטערגעשלאָגן אונטערן האַרצן, איז נעבאָך אַנטשלאָפן געוואָרן. דער יונגערמאַן רייסט זיך אָפּ א ווײלעטשקע פון זיינע כתבים. ער זעט, דער קריטיקער שלאָפט גאָר. וועקט ער אים אויף:

— ווי קאָנט איר — זאָגט ער אביסל ברוגז'דיק — אַרויסזאָגן א מיינונג וועגן מיין פּאָעזיע, אז איר שלאָפט גאָר?

— שלאָף איז א מיינונג — האָט ספּעקטאָר געענטפערט.

(לא)

שמריהו לעווין, ע"ה, פלעגט זאָגן: אונזער שטעטל איז אזוי אָרים, אז טאָמער וויל שוין א איד אויסטוישן א הונדערטער, לאָזט זיך אויס... אז ער האָט גאָר קיין הונדערטער ניט.

(לב)

ווען דר. שמריהו לעווין איז געווען א דעפּוטאַט אין דער רוסישער דומע האָט אים אַמאָל א רב א פרעג געטאָן צי ער דאַוונט. האָט דר. לעווין געענטפערט אז ניין. פרעגט אים דער רב: היתכן? ענטפערט לעווין אז עס איז א בפירוש'ער פּסוק אז ער דאַרף ניט דאַוונען. עס שטייט "לא המתים יהללו יה, ולא כל יורדי דומה" (דומע).

(לג)

"דער איניציאַטאָר פון ביאַליסטאָקער פּאָגראָם איז א נ א נ י ם — אָבער אין פּאָליציי־דעפּאַרטמענט פון פּעטערבורג ווייסט מען זייער גוט ווער ער איז", האָט שמריהו לעווין באַמערקט אין איינער פון זיינע רעדעס אין דער רוסישער גאָסודאַרסטווענער דומע.

סטאָליפּין איז דערביי געזעסן אין א לאָזשע.

(לד)

— אין ארץ־ישראל — האָט זיך שמריהו לעווין אַמאָל געוויצלט — איז דאָ איין פּיאַסטער מיט א לאָך, און דער גאַנצער ישוב האַנדלט מיט אים.

(לה)

א צווייטן מאָל האָט ער באַמערקט, אז ארץ־ישראל איז א געבענטשט לאַנד. ניטאָ דאָרט קיין דאגות פרנסה.

— וואָס הייסט? — פרעגט מען אים

— פּשוט — האָט ער געענטפערט — ווייל דאָס דאגה'ן העלפט ניט.

(לו)

— אין ארץ ישראל — האָט לעווין געזאָגט ביי אן אנדער געלעגנהייט — מאַכן מיר גרויס פּאַרשריט אויף אַלע געביטן. מיר האָבן שוין אפילו איי־גענע פערד־גנבים. אַלץ וואָס פעלט אונז — איז פערד...

(לז)

דר. שמריהו לעווין איז געווען באפריינדעט מיט דעם באקאנטן פאר־שטארבענעם פילאנטראפ דזשוליוס ראזענוואלד. איינמאל דערציילט אים ראזענוואלד די גרויסע וואונדער פון זיין נייער זומער־היים, ניט ווייט פון שיקאגא, וואס ער האט א נאמען געגעבן "תל אביב".

— עס וואלט געווען א סך בעסער — רופט זיך אפ שמריהו לעווין — ווען איר בויט א זומער־היים אין תל־אביב און רופט עס אן "שיקאגא".

(לח)

יהואש, ע"ה, פלעגט דערציילן, אז זיינע פארזיצער ביי פארזאמלונגען פלעגן נעבאך האבן גוואלדיקע צרות ביים פארשטעלן אים. מ'פלעגט אים שטענדיק צעקאליעטשען זיין נאמען. אמאל איז עס געווען יוויאיש, אמאל, ווידער, יאיש, און אמאל יהויאאיש, איינמאל איז גאר געווארן "יאעטשניק". האט ער אפגעמאכט ביי זיך: ער פלעגט ווארטן ביזן סוף פון דער פארערדע. ווען ער פלעגט דערהערן אז אט, אט גייט דער פארזיצער דערמאנען זיין נא־מען, פלעגט ער זיך אויפשטעלן און אריינשושקען דעם פארזיצער אין אויער: "מיין נאמען איז יהואש!"

(לט)

דוד פרישמאן, דער פארשטארבענער העברייאיש־אידישער שריפט־שטעלער, איז אמאל געווען אין א אידישן טעאטער אין ווארשע. מ'האט גע־שפילט "געלט, ליבע און שאנדע". ארויסגייענדיק פון טעאטער האט ער באמערקט:

— איך האב געזען אז דער טעאטער איז האלב־ליידיק, איז דאך א סימן אז קיין געלט איז ניטא; די ליבע — פאסט מער פאר חיות ווי פאר מענטשן; דאס איינציקע וואס מ'האט יא געקאנט זען — איז שאנדע.

(מ)

צו דוד פרישמאנען פלעגט גאנץ אפט אריינקומען עפעס א יונגערמאן, א בחור א משכיל, און פלעגט אפזיצן שעה'ן לאנג ריידן נאריש־קייטן און מבטל מאכן פרישמאנען פון זיין ארבעט. האט פרישמאן געטראכט: ווי ווערט מען פטור פון אים? איינמאל, שמועסנדיק, איז געקומען צו רייד וועגן פילאלאגיע. הויבט פרישמאן אן באווייזן אז פילאלאגיע האט קיין שום ווערט ניט.

— אט נעמט, למשל, דאס ווארט "אויף ווידערזען" — זאגט פריש־מאן. — מענטשן זאגן איינער דעם אנדערן "אויף ווידערזען" מיט א שמייכל, און מיינען זיי גאר: "כ'זאל דיין פנים מער ניט אנקוקן".

און פרישמאן הויבט זיך אויף, גיט דעם בחור'ל די האנט און זאגט:

— אויף ווידערזען.

דאס בחור'ל איז שוין מער ניט געקומען צו אים.

(מא)

דער פארשטארבענער אידישער שרייבער ליטוואק האט איינמאל אד־רעסירט א פארזאמלונג אין א קלענערן ישוב אין די פאראייניקטע שטאטן. דער פארזיצער, ביים פארשטעלן דעם רעדנער, האט דערציילט וועגן זיינע

גרויסע אויפטואונגען, האט אויפגעוויזן אז "ביי איצטיקער צייט איז ער דער גרעסטער חכם פון דור" א. א. וו. און איצט, חברים און חבר'טעס — מאכט דער פארזיצער — וועל איך אייך בעטן איר זאלט זיך אלע אויפשטע־לן אין אנדיינק פון גענאסע ליטוואק...

(מב)

מ. דילאן, ע"ה, דער אידישער פאעט, איז געווען א פארטראכטער און צעשטרייטער מענש. ער האט, דערציילט מען, ניט ליב געהאט קיין פרויען און ביי יעדער געלעגנהייט געהאט עטוואס אויסצוזעצן קעגן זיי. איינמאל, אין א געשפרעך מיט פריינט, האט ער זיך פאנאנדערגע'טענה'ט אז פרויען זיינען ניט דאנקבאר, ניט ארנטלאך א. א. וו. האט אימעצער פון די אנוועזנדע געפרואווט פארטיידיקן די פרוי און אנווייזן דילאנען אויף זיין טעות.

— שא, ווייסטו וואס — רייסט אים דילאן איבער — איך וועל דיר ווייזן א פאקט, א לעבעדיקן ביישפיל. נעם, למשל, לעאנארא דוזע און ד'אנונ־ציא. ווי באוואוסט האט ד'אנונציא געלעבט מיט איר אויף א ניט־לעגיטימען אופן יארן לאנג, האט אפילו קינדער מיט איר געהאט. צום סוף גייט ער און שרייבט אן א בוך וואו ער האט איר פארשווארצט דאס פנים, באשריבן אין די טונקלסטע פארבן א. א. וו.

— נו — כאפט זיך ארויס יענער — טא וואס־זשע פירסטו אוים? עס ווייזט דאך פונקט פארקערט, אז מענער זיינען ברוטאל און אומארנטלאך.

— א, אנטשולדיקט — פארוויטלט זיך דילאן — כ'האב געוואלט דערציילן אן אנדער מעשה....

(מג)

אויף דעם פארשטארבענעם דר. נחמן סירקין דערציילט מען, אז ביי זיינער א רעדע איז עפעס איינער א יונגערמאן אנטשלאפן געווארן און גענו־מען שטארק כראפען. ער איז געזעסן אין דער ערשטער רייע. כאפט זיך אראפ סירקין פון דער בינע אינמיטן פון דער רעדע, און גיט אים א שאקל:

— יונגערמאן, יונגערמאן — וועקט אים סירקין אויף. — דיינקט איר ס'איז באקוועם צו שלאפן אין די בגדים?...

(מד)

בגי דער יובילייפייערונג פון דר. חיים זשיטלאווסקי, דערציילט מען, האבן ביי איין באנקעט גערעדט פארשטייער פון פארשיידענע פארטייען אויף דער אידישער גאס. יעדן פארשטייער איז געגעבן געווארן דאס ווארט און יעדער רעדנער האט זיך געפלייסט צו ווייזן אז דר. זשיטלאווסקי איז אז אנהיינגער פון זיין פארטיי, והראיה, דר. זשיטלאווסקי האט געשריבן אדער געטאן אזוי און אזוי, איז דאך א סימן אז ער איז מסכים מיט די פרינציפן פון דער פארטיי וועלכע ער, דער רעדנער, רעפרעזענטירט.

זשיטלאווסקי, דערציילט מען, האט אין זיין ענטפער זיי דערציילט די אלטע מעשה מיט יענעם מגיד, וואס האט געהאלטן א דרשה שבת אין א קליין שטעטל. דער מגיד איז געווען א יונגערמאן מיט א קורץ בערדל. די דרשה איז אבער געווען א לאנגע. אנטקעגן אים איז געזעסן א אידל און האט ניט אראפגענומען די אויגן פונם מגיד אפילו אויף א סעקונדע און האט גע־

האלטן אין איין שאקלען מיטן קאפ; אמאל פלעגט דאס שאקלען מיטן קאפ אויסדריקן יע; הסכמה, הייסט עס; און אמאל ווידער: ניין — ווידערשפרעכונג. האט דאס דעם מגיד פאראינטריגירט, און נאך דער דרשה גיט ער א פרעג דעם אידל וואס ער האט געמיינט מיט זיין שאקלען מיטן קאפ אמאל אויף יע און אמאל אויף ניין.

— ביי מיר — האט דאס אידל געענטפערט — איז אנומלט פארפאלן געווארן א באק. דער באק איז געווען זייער א פיינער באק און האט געהאט א בערדל פונקט ווי אייערע. איז ווען איך האב זיך צוגעקוקט צו אייך האט זיך מיר לכתחילה גערוכט אז דאס זייט איר טאקע, מיין באק, הייסט עס: שפעטער, ווידער, האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז מיין באקס בערדל איז געווען לייגגער, און איך ווייס נאך יעצט אויך ניט וואו איך בין אין דער וועלט מיט אייך.

— מיינע פריינט — האט דר. זשיטלאָווסקי געענדיקט זיינע באמערקונגען — יעדער איינער פון אייך האט אין מיר געוואלט דערקענען זיין באק. איך בין אבער ניט קיין באק, רבותי.

(מה)

מ'דערציילט אויך, אז ביי יענעם באנקעט איז געווען אנוועזנד דער גרויסער דיכטער און שריפטשטעלער, אברהם רייזען. אויסהערנדיק די רעדעס פון די פארשיידענע פארשטייער פון פארטייען און זשיטלאָווסקיס ענטפער, האט ער באמערקט, אז דאס דערמאנט אים די געשיכטע מיט יענעם מלמד וואס האט ניט געוואוסט דעם טייטש פון "עקודים נקודים וברודים" אין חומש; און ווען די תלמידים זיינען צוגעשטאנען צו אים און געפאדערט דעם טייטש, האט ער זיי געענטפערט, אז ער מוז זיך מודה זיין: דעם ריכטיקן טייטש ווייס ער נישט. ער ווייסט נאר איין זאך: אז יעקב אבינו איז דערפון רייך געווארן.

— אזוי איז מיט דר. זשיטלאָווסקין — האט רייזען געזאגט. — איך ווייס ניט צו וועלכער פארטיי ער באלאנגט, איך ווייס נאר איין זאך: אז דאס אידישע קולטורעלע און געזעלשאפטלאכע לעבן איז פון אים זייער רייך געווארן.

(מו)

דר. חיים זשיטלאָווסקי האט אמאל באזוכט א פראווינץ שטעטל אין די פאראייניקטע שטאטן, וואו ער האט געהאלטן א לעקציע איבער איינער פון זיינע פילאסאפישע טעמעס. איידער ער האט אנגעפאנגען זיין לעקציע, האט אים דער פארזיצער פארגעשטעלט אזוי:

— איך האבע די גרויסע כבוד פארצושטעלן פאר דעם חשובע פארזאמלונג אונזער גראוסע דערגראכעניש וואס מיר האבן דערגראכט צו האבען ביי אונז דעם... דעם... (עס האט אים, דעם פארזיצער, מיטאמאל אויסגעפעלט אן אדיעקטיוו, אבער ער האט אים פארט געפאקט) דעם "זאגענאנטן" דר. זשיטעלאָווסקי.

(מז)

ש. אנ—סקי דערציילט, אז אויף א געוויסער פארזאמלונג, וואו זשיטלאָווסקי איז ארויסגעטראָטן אפּאָנירן פּלעכאנאָוון, האָט א צווייטער רעדנער גאנץ אומגעלונגען געפּרואווט שטיצן זשיטלאָווסקיס מיינונג. זשיטלאָווסקי האָט זיך צוגעהערט און האָט אנסקין א זאָג געטאָן אויפן אויער:

— מיר וועלן זיגן! נאראָנים גייען שוין אריבער אויף אונזער זייט...

(מח)

מ'דערציילט, אז דר. שמריהו לעווין און דר. חיים זשיטלאָווסקי האָבן אמאָל געשמועסט וועגן דער שפּראַכן־פראגע ביי אידן. האָט לעווין באנוצט דעם אלטן ארגומענט, אז העברייאיש איז די גביר'טע און אידיש איז די שפחה.

— ס'א דאגה — זאָגט זשיטלאָווסקי — זאָל זיין א שפחה, אבי א ש י י נ ע.

(מט)

אברהם רייזען, דערציילט מען, איז אמאָל צוגעפאָרן מיט א "טעקסי" צום "פאָרווערטס" און אריינגעכאַפּט זיך אין אָפיס.

— גרינפעלד — זאָגט ער צום קאסיר — גיב מיר א פינפערל.

— איר האָט דאך שוין אָפּגענומען האָנאָראר -- וואונדערט זיך גרינפעלד — אין פאָראויס פאר די קומענדיקע פיר וואָכן, טאָ וואס־זשע ווילט איר ווייטער?

— איך דארף באצאָלן פינף דאָלער פאר א טעקסי — דערקלערט אים רייזען.

— ווי פארגינט זיך דאָס א מענש — וואונדערט זיך יענער — אויסצוגעבן פינף דאָלער אויף א טעקסי?

— פארשטייסטו מיך — שמייכלט רייזען — כ'האָב ניט געהאַט קיין פינף סענט פאר דעם עלעווייטער, טאָ וואס האָב איך זיך געקאָנט העלפן?

(נ)

א אידישער שרייבער אין ניו יאָרק האָט זיך אמאָל געוועדעט צו א אידן וועגן א הלואה פון צוויי הונדערט דאָלאר.

— אויף וואס דארפט איר צוויי הונדערט דאָלאר? — פרעגט אים דער איד.

— צו ראטעווען אברהם רייזען'ס אלע העלדן פון זייערע טראגעדיעס — האָט דער שרייבער געענטפערט.

(נא)

אברהם רייזען איז אמאָל געפאָרן פון ניו־יאָרק קיין טרענטאָן, ניו דזשוירזי. זיצט ער פארטיפט אין א בוך. אוף איינער פון די סטאנציעס איז אריינגעלאָפן א אינגל אין וואַגאָן און האָט אויסגערופן זיינע סחורות:

— קאליפאָרניע אָראנדזשעס! קאליפאָרניע אָראנדזשעס!

— אוי וואוּ! — וואונדערט זיך רייזען, אָפּרייסנדיק זיך פון בוך — וואו האָבן מיר שוין אָנגעשפּארט אזש קיין קאליפאָרניע?!

(נב)

**דר. יהודה קויפמאן, דער גרויסער אידישער געלערנטער,** איז, ווי באַוואוסט, א גרויסער פאַרערער פון חסידות. צייטנווייז פאַלט ער אריין אין חסידישער התלהבות. דאַמאָלסט דערציילט ער גלענצנדע חסידישע מעשות, און זינגט חסידישע נגונים. נאָך זיינער א לעקציע, ווען זיינע צאָלרייכע פאַרערער, וואו ער זאָל ניט קומען, גייען ארום מיט אים טרינקען א גלעזל טיי, ווייסט מען שוין אז קיין חסידישע נגנים אונטער דער אָנפירונג פון חשוב'ן דאָקטאָר, וועלן ניט פעלן. אין די פאַרשיידענע אידישע ישובים פון מערב קאַנאַדע זינגען אידן "דר. קויפמאַנס נגונים".

אין איין שטעטל אין מערב קאַנאַדע, וואָס איז אמאָל באַזוכט געוואָרן פון חיים גרינבערג, שריפטשטעלער און אָראַטאָר, זיינען אידן, נאָך גרינבערגס לעקציע, צוגעשטאַנען צו אים ער זאָל עפּעס זינגען.

— כ'קען ניט זינגען — בעט זיך ביי זיי גרינבערג.

— סטייטש — שטייען אידן צו אים צו — ווען דר. קויפמאַן איז ביי אונז דאָ ניט לאַנג געווען, האָט ער אונז באמת משמח געווען מיט זיין זינגען. זינגט איר אויך עפּעס.

— פאַרשטייט איר — שמייכלט גרינבערג — צווישן מיר און דר. קויפמאַן איז פאַראַן אן אָפּמאַך: איך שרייב די מוזיק פאַר אים, און ער זינגט...

(נג)

ס'איז פאַראַן אין שיקאַגאָ א איד, האָט ער ליב אריינצוקוקן אין די שווארצע פינטעלאַך, א איד א למדן, און די גרעסטע הנאה אין לעבן איז ביי אים כאַפּן יענעם ביי א טעות. איינמאָל, נאָכדעם ווי חיים גרינבערג האָט געענדיקט זיין לעקציע אויף א היסטאָרישער טעמע, איז צו אים צוגעגאַנגען יענער איד, אָפּגעגעבן אים שלום עליכם און זאָגט צו אים אזוי:

— הער גרינבערג, אייער לעקציע איז געווען טיף, באַלערנד, אויסגעצייכנט, אָבער פון דר. יהודה קויפמאַנס לעקציעס, מוז איך אייך זאָגן דעם אמת, האָב איך מער הנאה.

— עס פרייט מיך זייער צו הערן, אז איר האָט הנאה פון דר. קויפמאַנס לעקציעס — שמייכלט גרינבערג. — אוודאי איז ער א גלענצנדער לעקטאָר. כ'וואָלט אָבער וועלן וויסן, וואו ליגט דער חסרון פון מיינע לעקציעס?

— כ'וועל אייך דערקלערן — זאָגט דער איד. — איך האָב הנאה פון כאַפּן יענעם ביי א טעות. איז ווען איך דערוויס זיך אז דר. קויפמאַן קומט קיין שיקאַגאָ אויף א סעריע לעקציעס איבער אידישער געשיכטע, און די נעמען פון די תקופות ווערן אָנגעגעבן, זעץ איך זיך אוועק און לערן איבער די געשיכטע מיט קאָפּ, — צייט האָב איך, גאָט צו דאַנקען, מיינע קינדער, קיין עין הרע, האַלטן מיך אויס. דר. קויפמאַן האָט ליב אָנצוגעבן פּינקטלאַכע דאַטן. איז טאָמער מאַכט ער אמאָל א טעות, לויף איך צו צו אים. למשל: "סטייטש, ד"ר, איר האָט געזאָגט אז ר' סעדיה גאון האָט באַקומען אן איינלאַדונג פון ריש גלותא אין בבל צו ווערן דער גאון פון ישיבה אין סורא אין

דעם און דעם יאָר, און איך האָב נאָר געזען ביי דעם און דעם, אַז עס איז נאָר געווען אין אַן אַנדער יאָר". אַט דאָמאָלסט האָב איך הנאה. ס'איז ביי מיר אַזאַ טבע. מינו אייך, הער גרינבערג, בין איך אָבער אויף גרויסע צרות. איר האָט אַ טבע ניט אַנצוגעבן דעם פּינקטלאַכן דאַטום. איר זאָגט, למשל, "אין ערשטן העלפט פון זיבעצענטן יאָרהונדערט", "אין צווייטן העלפט פון נײַנ־צענטן יאָרהונדערט", אָדער "איז די אַכציקער יאָרן". הײַנט גיי כאַפּ אייך ביי אַ טעות! בין איך טאַקע אויף גרויסע צרות, און דערפאַר האָב איך ליב דר. קויפמאַנס לעקציעס בעסער.

(נד)

יואל ענטין איז ציטנוויז פּאָרטראַכט, מפוזר נפש, אַרײַנגעטאָן אין מחשבות. אײנמאָל, דערציילט מען, איז אים אויסגעקומען צו זיין דער רע־גיסטראַר פון אַ נײַ־געגרינדעטער אידישער שול אין ניו־יאָרק. קומט צוגייז אַ מיידעלע רעגיסטרירן זיך.

— וואָס איז דיין נאָמען? — פרעגט איר ענטין, און קוקט אין בוך אַרײַן.

— חנה.

— און דיין צווייטער נאָמען?

— ענטין.

— ווי אַלט ביזטו?

— נײַן יאָר.

— וואו וואוינסטו?

גיט זי אים דעם אַדרעס.

— וואָס טוט דיין טאַטע?

— אַ אידישער שרייבער.

— אַ אידישער שרייבער? ענטין? — טראַכט ביי זיך ענטין, און גיט אַ קוק אויף 'עם מיידעלע. — אוי! מיין חנה'לע! — גיט ער אַ געשריי און וואונדערט זיך פון זיין אייגענער צעשטרייטקייט. דאָס איז געווען זיין אייגענע טאָכטער.

(נה)

יואל ענטין פאָרט אין באַן פון ניו־יאָרק אין אַ דערבייאיקן שטעטל האַלטן אַ לעקציע. קוקט ער אַרײַן אין אַ צייטונג און איז פאַרטיפט אין מחשבות. קומט צו דער קאָנדוקטאָר און בעט דעם בילעט. ענטין, אַ צעטומל־טער, זוכט אין אַלע קעשענעס און קאָן ניט געפינען. דער קאָנדוקטאָר לאָזט אים אָפּ אויף אַ ווײַלע און קומט צוריק. ענטין זוכט און נישטערט, שטייט אַ הילפלאָזער און קאָן ניט געפינען. דערווייל באַמערקן עס אַ פּאָר אידן.

— ר' איד — זאָגן זיי צו אים — ממה נפשך, איר האָט ניט קיין בילעט, ווערט מען, חלילה, צווישן אידן ניט פאַרפאַלן. זאָגט אונז וואוהין פאָרט איר, וועט מען זיך שוין אַן עצה געבן.

— הערט איר, מיינע טייערע אידן — זאָגט ענטין אַ פאַרצווייפלטער — ווען איך וויים וואוהין איך פאָר וואָלט נאָר געווען אַ האַלבע צרה. די צרה איז אָבער וואָס איך האָב פאַרגעסן וואוהין איך פאָר!

(נו)

יואל ענטין האָט אמאָל באַשלאָסן דורכצופירן א סעריע קאָנצערטן לטובת דעם אידישן סעמינאַר. האָט ער זיך געווענדעט צו א באַרימטן אידישן קינסטלער און האָט אים פאָרגעשלאָגן דעם פּלאַן. מסתמא פרעגט דאָך אים יענער ווי, און וואָס, און ווי אַזוי, און מכח די באַדינגונגען.

— מיר וועלן דאָס מאַכן פיפטי־פיפטי — זאָגט ענטין.

— **איך דיינק אז ס׳איז א פּלאַן — האָט דער קינסטלער געזאָגט.**

— איך מיין פיפטי בחנם, און פיפטי בחצי חנם — האָט ענטין צו־געגעבן.

(נז)

יואל ענטין איז אמאָל איינגעלאַדן געוואָרן פון אידישן עולם אין א שטעטל ניט ווייט פון ניו יאָרק צו קומען אהין אויף א לעקציע. אַלעס איז אָראַנזשירט געוואָרן. דער עולם איז געקומען. ענטין איז ניטאָ. ניטאָ—ניטאָ. איז דער עולם אוועק אַן אנטוישטער. צומאָרגנס קומט אריין א איד אין צענטראַל אָפיס פון אידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד מיט א רציחה: סטייטש, אַזאַ סקאַנדאַל! ס׳האָט אונז אָפּגעקאָסט זיבעצן דאָלאַר מיט 50 סענט, און צום סוף קומט ער ניט!

אין דעם קומט אריין יואל ענטין. פרעגט מען אים דאָך מסתמא, פאַרוואָס ער איז ניט געקומען. דערציילט ער, ער איז אָנגעקומען אין דעם שטעטל, קיינער האָט אים ניט באַגעגנט. ער האָט ניט געוואוסט וואו צו גיין, איז ער געפאָרן צוריק.

— אוי — שרייט אויס דער איד. — איך וואָלט שווערן אז איך האָב דעם אידן געזען אַראָפּגייענדיק פון באַן.

— נו? — פרעגט מען אים — פאַרוואָס זשע האָט איר אים ניט אויפגענומען?

— וואָס זאָל איך וויסן? — שרייט דער איד — עס גייט אראָפּ א איד מיט א קינד אויף איין האַנט, מיט א צווייט קינד ביי דער צווייטער האַנט, מיט קלומעקלאַך, מיט פעקלאַך, און עפּעס א אידענע שלעפּט זיך אים נאָך. זאָל איך וויסן אז דאָס איז דער רעדנער?

ווייזט זיך אַרויס אז דער גוטהאַרציקער ענטין האָט געהאָלפן א פרעמ־דער אידענע מיט קליינע קינדערלאַך אַרויספּעקלען זיך פון באַן.

(נח)

יואל ענטין איז געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון דעם אַמאָליקן טעגלאַכן פועלי־ציון אָרגאַן "די צייט". די צייטונג האָט גע־ליטן פון פינאַנציעלע שוועריקייטן. עס איז איינמאָל דערגאַנגען אַזוי ווייט, אז מ׳האָט געהאַלטן ביים פאַרמאַכן די צייטונג. ביי א פאַרזאַמלונג פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער איז אָנגעוויזן געוואָרן, אז מ׳קאָן ווייטער ניט אָנ־גיין מיט דער ארבעט, אז די צירקולאַציע פון דער צייטונג איז זייער א קליי־נע א. א. וו. לכן מוז מען איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן א כוח און אויפהערן אַרויסצוגעבן „י״ צייטונג.

— אזוי גאר? — כאפּט זיך ארויס יואל ענטין — א קליינע ציר־קולאַציע? נו, איז וואָס? איז אז מ׳וועט צומאַכן די צייטונג, וועט די ציר־קולאַציע פאַרגרעסערט ווערן?...

(נט)

יואל ענטין, זייענדיק אין ווינניפּעג, האָט באַזוכט זיינעם א פריינט. פאַרן אוועקגיין טוט ענטין אַן איין קאַלאַש און לאָזט זיך גיין.

— און וואָס איז מכח דעם צווייטן קאַלאַש? — פרעגט אים דער פריינט.

— אַ — כאַפּט זיך ענטין — כ׳האָב גאָרניט געוואוסט, אַז אין וויני־פּעג דאַרף מען האָבןביידע קאַלאַשן...

(ס)

דער רעדאַקטאָר פון דער אַמאָליקער ניו־יאָרקער טעגלאַכער צייטונג "די וואַרהייט", האָט געהאַט צו מאַכן להיות גאַנץ אָפט, אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער פלעגט כמעט שטענדיק פּילן בגילופנ׳דיק, פלעגט ער זיינע עדיטאָריעלס צושטעלן אין צייט.

איינמאָל אָבער, האָט ער זיך פאַרשפּעטיקט מיט זיין לייט־אַרטיקל. אַלעס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער רעדאַקציע צוליב דעם. צום סוף, אין ערך א האַלבע שעה איידער די צייטונג האָט געדאַרפט גיין צום דרוק, האָט מען, נאָך א לאַנגער זוכעניש, געפונען דעם רעדאַקטאָר אין א סאַלון אין א זייער פאַרשנאַשקעטן צושטאַנד. דער פאַרוואַלטער האָט אים גאַנץ גוט אויס־גע׳מוסרט און געפרעגט אויב ער האָט פאַרטיק זיין לייט־אַרטיקל.

— יע — ענטפערט דער רעדאַקטאָר — דו ברייננג מיר נאָר אהער היינטיקן..... — אָנגעבנדיק דעם נאָמען פון אַן אנדער טעגלאַכער אידישער צייטונג.

ווען מ׳האָט אים געבראַכט די צייטונג, האָט ער גלייך אויפגעמישט די עדיטאָריעלע זייט, האָט עפּעס אָנגעצייכנט אונטער דעם לייט־אַרטיקל, און דערלאַנגענדיק די צייטונג צום פאַרוואַלטער, האָט ער באַמערקט:

— דאָס איז מיין לייט־אַרטיקל פאַר דער מאָרגנדיקער צייטונג.

ער האָט אונטערגעשריבן אונטער יענעם עדיטאָריעל פאָלגענדעס: זעט איר, מיינע טייערע לעזער? אויף אזא אופן שרייבט מען לייט־אַרטיקלען אין..... מאָרגן וועט איר זען ווי מ׳שרייבט לייט־אַרטיקלען אין "די וואַר־הייט!"

(סא)

יעקב גאָרדינ׳ס א לאַנדסמאַן, א בעל־מלאכה, וועלכער איז געווען ערשט א פּאָר יאָר אין אמעריקע, האָט איינמאָל באַגעגנט גאָרדינען אין גאַס אין ניו־יאָרק.

— וואָס מאַכסטו, יעקב? — פרעגט דער לאַנדסמאַן גאָרדינען.

— אָט, מ׳מאַכט א לעבן — ענטפערט גאָרדאָן. און וואָס מאַכסטו?

— איך בין אויף גרויסע צרות — באַקלאָגט זיך דער לאַנדסמאַן. — זאָג מיר, יעקב, — פרעגט ער ווייטער גאָרדינען — פון וואָס מאַכסטו א לעבן?

— פון שרייבן — ענטפערט גאָרדין.

— אזוי? — וואונדערט זיך דאָס אידל — פון שרייבן גאָר? הערסט א מעשה, מיר איז גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאלן נעמען זיך צו דער פרנסה...

(סב)

שאול ראַסקין, דער אידישער קינסטלער און שריפטשטעלער, דער־ציילט: ווען ער איז געווען אין ארץ־ישראל האָט ער באזוכט די קונסט־שולע "בצלאל". פראָפ. באָריס שאַץ, ע"ה, האָט אים ארומגעפירט ווייזן די קונסט־ארבעטן. צווישן די פארשיידענע מערקווירדיקייטן אינעם בצלאל־מוזיי האָט ער אים באוויזן א קאָלעקציע פון אנטיקן־חלפים — באנוצט פון מוהלים אין אַלטע צייטן אין פארשיידענע לענדער. צווישן די חלפים האָט ראַסקין באַ־מערקט א האַק. האָט ראַסקין א פרעג געטאָן שאַצ'ן:

— ווי קומט א האַק צווישן חלפים?

— דאָס פלעגט מען באנוצן פאר גרים — האָט שאַץ געענטפערט.

(סג)

ש. ראַסקין האָט געהאט אן אויסשטעלונג פון זיינע ארבעטן אין ניו־יאָרק. אום יום־כפור, ווען די אויסשטעלונג איז געווען פאַרמאַכט, האָבן זיך אריינגעכאַפּט גנבים און צוגעגנב'עט פיר טייערע בילדער. ווען ראַסקין איז אויף מאָרגן געקומען און דערזען אז מ'האָט אים באַ'גנב'עט, און נאָך דערצו פיר פון די טייערסטע בילדער, האָט ער זיך, נאַטירלאַך, זייער געערגערט. אָבער צו דער זעלבער צייט האָט ער זיך געטרייסט מיט דעם פאַקט, וואָס מענטשן הויבן אָן מער און מער אָפּצושאַצן קונסט.

— זעט איר — האָט ער באמערקט — ווי מענטשן זיינען זיך מוסר־נפש פאַר קונסט, אז זיי זיינען אַזש גרייט צו באַגיין א גנבה אום יום־כפור צוליב איר...

(סד)

דער פאַרשטאָרבענער שריפטשטעלער, עקאָנאָמיסט און קולטור־היס־טאָריקער א. ש. זאַקס, האָט אמאָל, זונטאָג נאָכמיטאָג, געהאַלטן פאר א פּראָ־לעטארישן עולם א לעקציע וועגן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. ער האָט באַרירט מאַרקסיסטישע טעאָריעס. די טעמע איז געווען א טיף־וויסנשאַפטלאַכע און אין זאַל איז געווען גאַנץ וואַרים. א טייל פון די צוהערער האָבן גענומען דרעמלען, און א געוויסער טייל האָט אָנגעהויבן כראָפּען. האָט זאַקס, ע"ה, געבעטן דעם פּאָרזיצער, ער זאָל מאַכן אָרדענונג אין זאַל, ווייל ס'איז אים שווער צו אַנטוויקלען זיינע געדאַנקען אונטער אַזעלכע אומשטענדן. דער פּאָרזיצער האָט געמאַכט אַן איבעררייס, מיט דער באַמערקונג: "חברות און חברים, די וועלכע ווילן שלאָפן זאָלן אַזוי גוט זיין און גיין אַהיים, ווענט דער חשוב'ער רעדנער קאָנען אָנגיין מיט דער לעקציע".

כאַפּט זיך ארויס איינער א פּראָלעטאַריער, און הויבט אָן שרייען: "מר. טשערמאַן, וואָס איז דאָס פאַר א העזה, ארויסטרייבן מענטשן פון א לעק־ציע. מיר זיינען פּראָלעטאַריער, האָרעפּאַשנע מענטשן. מ'האָרעוועט זיך אָן א גאַנצע וואָך. עס קומט זונטאָג און מ'וויל ביי א לעקציע כאַפּן א דרעמל, טרייבט מען גאָר ארויס! וואָס איז דאָס! וואו זיינען מיר איצט — ביי פּאָניע גנב, אָדער אין דער פרייער אמעריקע?

(סה)

שמואל יוסף פין, ע"ה, געלערנטער און פילאָלאָג, האָט פיינט געהאַט מענשן וואָס האָבן באַנוצט "הויכע" ווערטער אין ריידן אָדער שרייבן. ספּע־ציעל האָט ער פיינט געהאַט די יעניקע וועלכע האָבן באַנוצט אַ סך "איזמען".

איינער אַ יונגערמאַן פלעגט קומען גאַנץ אָפט צו פינען און לאַנגע שעה'ן פלעגט ער פינען פאַרקלאָפּן דעם מוח מיט "איזמען". "איזם" אַהער, "איזם"אַהין — עס איז אים מיאוס און מאוס געוואָרן.

איינמאָל באַגעגנט פין דעם בחור אויף דער גאַס. עס איז געווען אַ רעגנדיקער האַרבסט־טאָג, און דער יונגערמאַן האָט ניט געטראָגן קיין קאַלאָשן.

— וואו זיינען אייערע קאַלאָשן? — פרעגט אים פין.

— פאַרגעסן — זאָגט דער יונגערמאַן.

— אַ שאָד — שמייכלט פין — איר ווייסט, האַרבסטיזם אָן קאַלאָ־שיזם איז פונקט ווי שבתיזם אָן קוגעליזם.

(סו)

יעקב מארק, אין זיין בוך "גדולים פון אונזער צייט", דערציילט, אַז ר' אייזל סלאָנימער האָט אַמאָל געפרעגט שמואל יוסף פין, איז אַ שפּאַס, פאַרוואָס ער רופט זיך פין און ניט פיין, באַמערקנדיק דערביי, אַז מסתמא איז די סבה דערפון וואָס עס פעלט אים דער "פּינטל יוד".

— באמת האָב איך געהייסן פיין, מיט צוויי יוד'ן — האָט שמואל יוסף פין געענטפערט — נאָר פון רחמנות וועגן האָב איך איין יוד אָוועקגע־ליען "אברהם דובער הכהן לעבענזאָהן". אַ איד האָט אַ נאָמען פון דריי־און־צוואַנציק אותיות, און האָט ניט קיין איין יוד.

(סז)

שמואל יוסף פין האָט געהאַט אַ ציגעלניע, האָט אים ר' אייזל סלאָנימער אַמאָל אַ זאָג געטאָן: "האָסט אַפּנים פאַרביטן די יוצרות: אַנשטאָט וואָס דיינע ציגל האָבן געדאַרפט זיין האַרט און דיין לשון ווייך, איז גאָר ביי דיר פונקט פאַרקערט — דיינע ציגל זיינען ווייך, און דיין לשון — האַרט...

(יעקב מארק)

(סח)

דר. אייסוראָוויטש, וועלכער האָט אָנגעפירט פאַר יאָרן דעם קאַמפּיין פאַרן "אָרט" אין אַמעריקע און קאַנאַדע, דערציילט:

אין אַן אַמעריקאַנער שטאָט האָט מען אָנגעפירט אַ אידישן קאַמפּיין פאַר זייער אַ וויכטיקן צוועק. איז אין דער שטאָט געווען אַ רייכער איד, באַקאַנט פאַר אַ גרויסן דבר אחר, וואָס פלעגט קיינמאָל קיין פּרוטה ניט געבן פאַר קהל'שע צוועקן. דער שליח, וועלכער איז געקומען אין די אינטער־רעסן פונם קאַמפּיין, האָט זיך גלייך דערוואוסט וועגן דעם אידן. פונדעסטוועגן איז ער צו אים צוגעגאַנגען, אולי ירחם — אפשר וועט ער איינברעכן אָט דעם שטיינערנעם אידן. צו זיין איבערראַשונג האָט דער איד גלייך אַרויסגע־נומען דאָס טשעק־ביכל און אויסגעמאַכט אַ טשעק אויף אַ גאַנצן הונדערטער. דער שליח האָט זיינע אייגענע אויגן ניט געגלויבט. ער לויפט גלייך מיטן טשעק צום קאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט גלייך אָנערקענט דעם שליח אַלס

דעם גרעסטן געלט־זאמלער אויף דער וועלט.

מ׳גיט זיך א כאפ צום טשעק — ער איז ניט אונטערגעשריבן. נו, קלערט מען, א קלייניקייט. פארגעסן מסתמא. לויפט מען שוין צום אידן מיטן טשעק, מאכט דער איד:

— ווען איך גיב, וויל איך ניט האבן מיין נאמען אויף דעם. איך האלט פון דער אלטער אידישער מידה — איך גיב נאר "מתן בסתר".

(סט)

דר. אייסוראוויטש דערציילט אויך די פאלגנדע מעשה:

אין איין שטאט האט ער דורכגעפירט דעם קאמפיין פאר "ארט". איז אויך דארט געווען א איד א גרויסער דאלעד אלעף, וואס האט אויף זיין לעבן ניט געגעבן קיין פרוטה פאר קהל׳שע צוועקן. האט מען אים שוין גע־קאנט, דעם תנא ברא און מ׳איז צו אים ניט געגאנגען. ביים באנקעט, וואס איז איינגעארדנט געווארן לכבוד דעם שליח און לכבוד דעם קאמפיין, — מ׳גיט א קוק, דער בחור איז דא. זיינען אלע נשתומם געווארן. נאך מער איז מען פארוואונדערט געווארן ווען דער איד, צווישן אנדערע רעדנער, בעט ביים פארזיצער אווארט.

— רבותי — מאכט דער איד — איר ווייסט דאך אז איך בין ניט קיין געבער, איך גיב קיינמאל ניט. אבער דאס מאל, צוהערנדיק זיך צום חשוב׳ן רעדנער, און אויסהערנדיק דעם רעפארט פון די צרות און פורעניות וואס עס קומט אויס אונזערע ברידער אויף יענער זייט ים אויסצושטיין — מוז איך אייך זאגן דעם אמת, אז איך האב געהאט א גרויסן קאמף מיט זיך אליין, ביז יואנען איך האב באשלאסן — ניט צו געבן.

(ע)

ה. רויזנבלאט, דער אידישער לירִיקער, איז אמאל געקומען אין א קליינעם אידישן ישוב אין מערב קאנאדע. ווען א אידישער פאעט קומט אין א פארווארפן ווינקל, איז עס, נאטירלאך, א גרויסע שמחה און א יום־טוב. קינד און קייט זיינען געקומען אים זען און הערן א אידיש ווארט.

איינער א אידל איז אריינגעקומען באגעגענען דעם גאסט מיט אן אויסערגעוויינלאכער שמחה:

— א! — האט ער אויסגעשריען רייבנדיק די הענט פון שמחה — אזא חשוב׳ער גאסט! אזא אנגעלייגטער גאסט! מיליאנען איז דאס ווערט...

דער איד דערלאנגט דעם גאסט א ברייטן שלום־עליכם, און מיטאמאל ווערט ער בלייך פון שרעק, און שרייט אויס:

— אבער וואס איז געווארן פון אייער שיינער באָרד?

ווייזט זיך ארויס, אז דער איד האט געמיינט אז ער רעדט צו יאסעלע ראזענבלאט ע״ה, דעם באריםטן חזן.

(עא)

ה. רויזנבלאט איז אמאל ארויסגעפארן איבער די שטאטן און קאנאדע אין די אינטערעסן פון דעם אידישן לערער־סעמינאר. אין איין שטעטל איז ער אריינגעקומען צו א אידן, וועלכער איז געווען אביסל טויבלאך.

— וואס זאגט איר עפעס גוטס? — פרעגט דער איד ביי רויזנבלאט׳ן.

— איך בין געקומען אין די אינטערעסן פון דעם אידישן סעמינאר — ענטפערט רויזנבלאט.

— דעם אידישן וואס? — פרעגט דער איד און רוקט צו זיין רעכטן אויער צו רויזנבלאטן.

— דער אידישער סעמינאר — שרייט שוין רויזנבלאט אויפן קול.

— אַ, פאר א כעמעטערי — מאכט דער איד — אוואדע דארף מען געבן. א וויכטיקער צוועק. און האט גלייך געגעבן זייןביישטייערונג.

(עב)

א מעשה שהיה: נאך סאקאלאוו׳ס טויט האט מען אין א שטעטל איינגעאָרדנט א אזכרה נאך אים. באגעגנט איינער אן אלטער ציוניסט א צווייטן אידן אין גאס, און באמערקט:

— היינט אוונט האבן מיר א אזכרה נאך סאקאלאוון אין תלמוד תורה זאל. פארגעסט ניט צו קומען.

— ער איז שוין דא אין שטעטל? — האט יענער געפרעגט.

(עג)

צוויי העברייאישע שרייבער האבן אמאל געשפאצירט אין תל־אביב שבת נאכמיטאג. זאגט איינער:

— קום, לאמיר גיין שפאצירן הינטערן שטאט, וועלן מיר קאנען טאן צוויי עבירות צוזאמען.

— וואס מיינסטו? — פרעגט דער אנדערער.

— מיר וועלן קאנען רויכערן א סיגארעטל און גלייכצייטיק ריידן אידיש.

(עד)

דר. שמעון בערנפעלד, דער בארימטער היסטאריקער, האט אמאל געזאגט א שארף ווערטל: אפילו, האט ער באמערקט, יענע גויאישע וויסנשאפט־לייט, וועלכע האלטן אז יעזוס קריסטוס איז גאר א מיטאס און האט קיין מאל ניט געלעבט — אפילו זיי האלטן אז די אידן האבן אים געקרייציקט.

(עה)

א אידישע פרוי האט זיך באקאנט מיט פראפעסאר אלבערט איינשטיין ביי א באנקעט.

— וואס איז אייער מיינונג, הער פראפעסאר — האט זי אים א פרעג געטאן — וועגן דעם אונטערשייד פון צייט און אייביקייט?

— מאדאם — האט איינשטיין געענטפערט — ווען איך זאל אפילו אוועקגעבן די גאנצע צייט אייך עס צו דערקלערן, וועט עס מוזן דויערן אן אייביקייט ביז איר וועט עס אנהויבן צו פארשטיין.

(עו)

ווען מ׳האט געפרעגט פראפעסאר איינשטיין זיין מיינונג וועגן אמעריקע, האט ער געענטפערט:

— אמעריקע איז זייער א קאלירפול לאנד. איר האט דא א קאנגלאמעראציע פון אלע פארבן. די אימיגראנטן זיינען גרין. די פרעסע — געל.

די טעג זיינען גרוי. עס עקזיסטירט א שטענדיקע מלחמה צווישן די ווייסע און די שווארצע, און די נעזער ביי די פּראָהיבישאָן חסידים זיינען רויט.
(עז)

— איר האָט דאָס אליין געשריבן דעם שיר, אָדער אימעצער אנדערש?
— האָט זיך רעדאקטאָר געפרעגט דעם יונגן משורר.
— איך האָב עס אליין געשריבן — האָט דער משורר געענטפערט.
— אויב אזוי — מאכט דער רעדאקטאָר — קומט אייך א שלום־עליכם. דאָס זייט איר, הייסט עס, דער משורר יהודה־ליב גאָרדאָן און איך האָב אלץ געמיינט אז איר זייט נאָך געשטאָרבן אין 1892.



1

# מגידים

דער דרשן, דער מגיד און דער מטיף האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דעם אידישן לעבן. זיי האָבן באַנוצט אַלס זייערע אינסטרומענטן אין ריידן אַמאָל פּלפּול און אַמאָל דרוש.

אין די אַלטע צייטן, אין די צייט פֿון תלמוד, האָבן פּלפּול און דרוש דאָמינירט די וועלט פֿון אידישן דיינקען. זיי זיינען געווען די הויפּט מעטאָדן מיט וועלכע די אידישע געלערנטע האָבן זיך באַנוצט. פּלפּלין מיינט פּעפּער. דער אידישער תלמודישער וויכוח איז געווען שאַרף ווי פּעפּער. מ׳האָט געהאַלטן דעם וואָס האָט אַרויסגעוויזן מער קונצן אין פּלפּול פֿאַר אַ שאַרפֿן מוח, אַן ״עוקר הרים״, וואָס קאָן צונויפּפֿירן אַ באַרג מיט אַ באַרג. אין מסכת סופרים שטייט: נמשלה התורה למלה והמשנה לפלפלין. די תורה איז געגליכן צו זאַלץ און די משנה צו פּעפּער. דער תלמוד האָט געדאַרפט צופּאַסן די געזעצן פֿון תורת משה צום נייעם לעבן. דאָס האָט געפֿאָדערט טיפֿע אינטערפּרעטאַציע, דורך רמזים און כללים — דורך פּלפּול און דרוש.

צייטנווייז פֿלעגט דער פּלפּול ניט דינען אינגאַנצן דעם צוועק פֿון אַרויסדרינגען נייע דינים. פֿלעגט ער אָפּגעווענדעט ווערן פֿון זיין אוטיליטאַרישן צוועק און באַנוצט ווערן נאָר אויף צוציען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די תלמידים.

דער מדרש איז געווען אַ צווייטער וויכטיקער אינסטרומענט אין אידישן דיינקען. אין דער הלכה ווי אין דער אגדה האָט מען זיך אָן דעם דרוש ניט געריירט פֿון אָרט. די פּרושים האָבן זיך שוין באַנוצט מיט דער מעטאָדע. אין קעגנזאַץ צו די צדוקים, וואָס האָבן געלערנט די תורה על פּי פּשט. די צדוקים האָבן געטייטשט ״עין תחת עין״ — פּשוטו כמשמעו: אַן אויג פֿאַר אַן אויג. די פּרושים האָבן גע׳דרשנ׳ט דעם פּסוק לויט דעם גייסט פֿון דער תורה: עין תחת עין — געלט־אָפּצאָל פֿאַר אַן (אויסגעהאַקט) אויג.

רבי שמעון העמסוני האָט גע׳דרשנ׳ט אַלע ״את״ן פֿון דער תורה. דער דרוש האָט געהאָלפֿן צופּאַסן די הלכה צו די נייע באַדינגונגען פֿון לעבן, ניט האַלטנדיק זיך ביים פֿיקסירטן וואָרט. צייטנווייז איז אָבער דער דרוש לחלוטין אַרויס פֿון די גרעניצן פֿון לאָגישן דיינקען, און איז באַנוצט געוואָרן בלויז אַלס גייסטיקע גימנאַסטיק.

אין דער אגדה, וואו די אימאַגינאַציע האָט געהאַט אַ ברייט פֿעלד, האָט דער דרוש אויפֿגעטאָן וואונדער. די אגדה האָט זיך פֿריי סומך געווען אויף דעם וואָרט פֿון דער ביבל און דערקלערט עס דורך משלים, זאָגן, עטישע און היסטאָרישע באַמערקונגען. אויסער אינטעלעקטועלער גימנאַסטיק איז די אגדה אויך געווען אַן אינסטרומענט פֿאַרן עמאָציאָנעלן אויסלעבן זיך.

״די הלכה״, זאָגט גוסטאַוו קאַרפּעלעס, ״האָט געדאַרפֿט באַאַרבעטן דאָס געטלאַכע געזעץ אין אַלע ריכטונגען, כדי עס זאָל פֿעסט און אומבאַשעדלאַך קאָנען ביישטיין אַנטקעגן אַלע שטורעמס פֿון דער צייט און פֿעסט־

שטעלן עס ביז אין זיינע לעצטע קאנסעקווענצן, ניט דאגה׳ענדיק וועגן דער נויט און דער פיין פון דער קעגנוואַרט.

אָבער די שיינע און הויכע אויפגאַבע פון דער אגדה איז געווען צו טרייסטן און צו וועקן דאָס ליידנדיקע פאָלק, וואָס האַלט ביים גייסטיקן און קערפּערלאַכן אונטערגאַנג; צו מוסר׳ן און לערנען עס, פון דער שטראַלנדיקער פאַרגאַנגענהייט אָנצוזאָגן אים די משיחישע צוקונפט... דעריבער האָט מען זייער ריכטיק פאַרגליכן די הלכה צו אַן אייזערנער פעסטונג פון פאָלק ישראל פאַר וועלכער יעדער איינציקער מיטגליד פון דעם שטאַם איז גרייט געווען איינצושטעלן זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, בעת די אגדה ווייזט זיך פאַר דעם פאַרוואונדערטן בליק, ווי אַ לאַבירינט פון בלומען־אַלייען אינוועניק צווישן די דאָזיקע מויערן״.

אין דער מיטלאַלטערלאַכער אידישער געטאָ זיינען, ווייזט אויס, ווי־דער דער פּלפּול און דער דרוש געווען דער איינציקער גייסטיקער פאַרגעניגן וואָס אידן האָבן געהאַט אין דער געטאָאישער פינסטערניש. אין פילאָסאָפישע ענינים האָט מען זיך ניט געטאָרט אַריינלאָזן, האָבן זיי אויסגענוצט זייער גייסטיקע ענערגיע אין פּלפּוליסטיק.

געוויסע פּלפּוליסטן זיינען אַוועק צו ווייט מיט זייער מעטאָדע. עס ווערט דערציילט וועגן ר׳ יעקב פּאָלאַק (געשט. 1532), וואָס האָט ליב געהאַט צו פאַרפּלאָנטערן עפּעס אַן ענין אין דער גמרא און דערנאָך אים אַליין פאַנאַנ־דערפּלאָנטערן, אַזאַ מעשה: איינמאָל האָבן די תלמידים פון זיין ישיבה אויסגעריסן עטלאַכע דפים פון דער מסכת וועלכע ער האָט דאַמאָלסט געלערנט מיט זיי. ר׳ יעקב האָט גאָרניט באַמערקט דעם איבעררייס פונם ענין און מיט זיין פאַרשפּיצטער פּלפּוליסטיק האָט ער צוזאַמענגעבונדן  די צוויי ענינים אויף אַ קונציקן אופן, כאָטש זיי זיינען געווען ווייט איינער פון אַנדערן ווי מזרח פון מערב (בית־יהודה—רי״ב לעווינזאָהן).

אין די נייע צייטן האָט דרשנות אויך פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אינם אידישן לעבן. עס זיינען געווען באַרימטע מגידים, וואָס, שטיצנדיק זיך אויף דער אַלטער טראַדיציע, פלעגן זיי בויען גאַנצע בנינים פון דרוש אויף פּסוקים פון די כתבי הקודש מיט משלים פון לעבעדיקן לעבן; דער דובנער מגיד, דער קעלמער מגיד (ר׳ משה יצחק בר׳ נח דרשן), ר׳ חיים צדק רומשעשקער, ר׳ ישראל מינסקער, ר׳ זונדל קאַמעניצער א.א.וו.

דער מגיד האָט געגעבן דעם אידן גייסטיקן פאַרגעניגן. ער איז געווען אַ מורה דרך, אַ וועג־ווייזער. קיין סך לאָגיק איז אין דעם מגיד׳ס דרשות ניט געווען. ער פלעגט זיך ניט אָפּהאַלטן פון פאַרדרייען אַ פּסוק ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט; פרעגן אַ קשיה וואָס איז גאָר קיין קשיה ניט, אַבי נאָר ער האָט פאַר איר געהאַט אַ גוטן תירוץ אָדער ער האָט געקאָנט צופּאַסן צו איר אַ שיינעם דרוש.

די דרשות האָבן זיך אָבער אויסגעצייכנט מיט אַ סך אימאַגינאַציע. אַז דער מגיד פלעגט מאָלן דעם גן־עדן — פלעגן זיך ביי זיינע צוהער־ער אָנ־צינדן די אויגן פון נחת. פלעגט ער מאָלן דעם גיהנום — פלעגן זיי בלייבן פאַר׳חלש׳טע פון שרעק.

די השכלה עפּאָכע האָט געשאַפן דעם טיפּ פון ממיך — א קאָמבי־נאַציע פון אַרטאַדאָקסישער געלערזאַמקייט און גלויבן מיט א געוויסן רעס־פּעקט פאַר נייע שטרעמונגען.

***

די אַלע דרשנים, מגידים און מטיפים האָבן א סך געווירקט אויף דעם גאַנג פונם אידישן לעבן. די בעסערע פון זיי האָבן געהאַט טיפע ידיעות אין אידישקייט, טיפן גלויבן, און פלעגן צייטנווייז אַריינפירן זייערע צוהע־רער אין א וועלט פון שיינקייט און גלאַנץ. געוועזן אויך אַזעלכע וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַראַטאָרישער קראַפט — אויסער זייער טיפער אי־מאַגינאַציע. דער עולם פלעגט שלינגען זייערע ווערטער, פלעגט אַרויסגיין פון בית־מדרש אָן אָפּגעפרישטער, אן אויפגעמונטערטער, אן אָפּטימיסטישער. א סך פון זיי זיינען געווען אויך לעבעדיקעביישפּילן פאַר זייערע צוהערער מיט זייער מוסטערהאַפטן, ערהאַבענעם לעבן, מיט זייערע גוטע מדות. אויב דער מגיד האָט נאָך צו די אַלע מעלות אויך געהאַט א פייערדיקן טעמפּעראַמענט און קינסטלערישע שילדערונגס־קראַפט, פלעגט ער אויסאיבן א גוואַל־דיקן איינפלוס אויף זיין עולם.

**(א)**

דער גרויסער שינעווער צדיק, ר' יחזקאל האַלבערשטאַם, דערציילט יוסף מאַרגאָשעס, האָט ניט געהאַלטן פון זאָגן דברי־תורה פאַר א גרויסן עולם. זיינע מקורבים האָבן אים געפרעגט די אורזאַך דערפון.

— די גמרא זאָגט — האָט ר' יחזקאל געענטפערט — אַז א נביא וואָס זאָגט נביאות וואָס ער האָט ניט געהערט פון הימל, איז מיתתו בידי אדם — וועט ער געטויט ווערן דורך מענטשן; אָבער א נביא וואָס זאָגט נ י ט וואָס מ'האָט אים געהייסן זאָגן פון הימל, איז מיתתו בידי שמים — וועט ער גע־טויט ווערן פון גאָט.

— ווייס איך ניט וואָס צו טאָן — האָט ר' יחזקאל ווייטער געזאָגט. — עס איז ניט גוט יאָ זאָגן, און עס איז ניט גוט ניט זאָגן. גלויב איך אָבער, אַז בעסער איז ניט זאָגן. ווי האָט דוד המלך געזאָגט: נפלה נאָ ביד ד' וביד אָדם אל אפולה — בעסער אַריינפאַלן אין די הענט פון גאָט איידער אין די הענט פון א מענטשן.

**(ב)**

א מגיד האָט געהאַלטן א דרשה. האָט ער געפרעגט א קשיה: פאַרוואָס איז עס וואָס אַמאָליקע יאָרן פלעגט מען רופן א באַראַטונג פון מענטשן אַן "אסיפה", א "מועצה", און היינט רופט מען עס גאָר "זיצונג"? דער תירוץ איז — האָט דער מגיד ווייטער געזאָגט — רבותי, וואָס אַמאָליקע יאָרן פלעגן מענטשן באַנוצן די קעפּ ביי א באַראַטונג, היינטיקע צייטן אָבער, בעוונותינו הרבים, באַנוצט מען ניט די קעפּ. דערפאַר רופט מען עס "זיצונג"..

**(ג)**

דער זעלבער מגיד האָט ווידער באַמערקט אין זיין דרשה: פאַרוואָס טראָגן פרומע אידן אין א יאַרמעלקע אין א הוטל אויפן קאָפּ, און די "מאָדערנע" גייען אום אינגאַנצן בגילוי הראש? דער תירוץ איז — זאָגט דער מגיד — איר

האָט געזען אַ סלאַיקל וואָרעניש: דעקט מען עס איין ווי עס דאַרף צו זיין, ווייל עס אַנטהאַלט אין זיך אַ טייערע זאַך; אַ פּאַמעניצע אָבער — לאָזט מען אָפּן...

(ד)

אינמיטן דער דרשה פּונם מגיד האָט זיך דערהערט פּלוצלונג אַ שטאַרקער כראַפּען פון אַ אידן וואָס האָט איינגעשלאָפן. ער איז געווען פון יענע מגידים, וואָס האָבן בכח איינצושלעפערן זייערע צוהערער.

— שמש! — גיט דער מגיד אַ געשריי — וועקט אויף דעם אידן און הייסט אים אַרויסגיין פון בית־מדרש.

— רבי — ענטפערט דער שמש, אַביסל אויפגערעגט פון דעם מגיד'ס העזה — וואָס שיקט איר עפּעס מיך אויפצוּוועקן אים? איר האָט אים דאָך איינגעשלעפערט, איז ניט מער ווי רעכט איז זאָלט איר אים אויפוועקן.

(ה)

נחום סאָקאָלאָוו, ז"ל, דערציילט: ער האָט אַמאָל געהערט דעם קעלמער מגיד ווי ער האָט געמאָלן דעם גיהנום. "איר גלויבט דאָך ניט", האָט זיך דער מגיד צעשריען, "אַז ס'איז דאָ אַ גיהנום, שקצים, אפּיקורסים, וועל איך אייך ווייזן! מאַפּוטשקע (אברהם מאפו ז"ל) האָט אויך ניט געגלויבט, האָט מען אים נאָכן טויט גענומען אהינצו — און דער מגיד האָט זיך פאַנאַנדערגעזונגען: גרויס איז דער גיהנום ווי די גאַנצע וועלט, און אַ מיליאָן קעסלען זיינען דאָרט פאַראַן, און גאַנצע וועלדער ברענען אונטער די קעסלען... באַפּט מען מאַפּוטשקען און מ'טונקט אים אין אין אוקראָפּ". דער מגיד האָט זיך נאָך מער פאַנאַנדערגעזונגען און האָט דראַמאַטיזירט די סצענע פון מאַפּוטשקעס יסורים און נאָכגעמאַכט זיינע שרעקלאַכע געשרייען און צום סוף האָט ער אויסגעפירט מיט אַ קנאַק: "נו, שקצים, שוין זשע איז ניטאָ קיין גיהנום?!"

ווען דער מגיד איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער בימה, איז סאָקאָלאָוו'ס אַן עלטערער חבר, אַ שאַרפער משכיל, צוגעגאַנגען צום מגיד און דערלאַנגט אים די האַנט: "שלום עליכם, קעלמער מגיד, האָט ער אַ זאָג געטאָן — זאָגט מיר, ווי לאַנג זייט איר שוין פון גיהנום?...

(ו)

— הערט, רבותי, — האָט דער מגיד אָנגעהויבן זיין דרשה מיט אַ ניגון. — מיר אידן זיינען געגליכן צו פערד. עס זיינען דאָ, רבותי, דרייערליי סאָרטן פערד. ס'איז דאָ אַ פערד, וואָס ווען מ'הייסט אים גיין, גייט ער. — דאָס איז אַ גוטער פערד, רבותי. עס איז אָבער דאָ אַ צווייטער סאָרט פערד, רבותי — ער וועט ניט גיין, סיידן מ'וועט אים אונטערשמייסן — דאָס איז אַ נישקשה'דיק פערד. עס איז אָבער דאָ אַ פערד, רבותי, וואָס קיין שמייסן העלפט אים אויך ניט — דאָס איז שוין גאָר קיין פערד ניט, רבותי.

— דאָס איז אַ משל — צעגיסט זיך דער מגיד מיט אַ ניגון — אַנטקעגן אחינו בני ישראל. ווען אַ איד שטייט אויף אין דער פרי, גיסט אָפּ נעגל־וואַסער און לויפט גלייך אַוועק אין בית־מדרש דאַוונען מיט כוונה און אַ צעבראָכן הארץ — דאָס איז אַ גוטער פערד, רבותי. ווען אַ איד אָבער שטייט אויף אין דער פרי, און פרעסט בריער אָפּ אָנבייסן ווי אַ גוי, נאָכדעם גייט ער

ערשט דאווגען, און מאכט דעם דאווגען כאפ־לאפ, אבי אפגעדאוונט — דאס איז א נישקשה׳דיק פערד. אבער, מיינע ליבע אידן, ווען איינער שטייט אויף און עסט זיך אן, רחמנא לצלן, מיט טרפות, און פארגעסט גאר אז מ׳דארף לייגן תפילין — דאס איז שוין גאר קיין פערד ניט, רבותי.

(ז)

א מגיד איז אמאל געקומען צום רב מיט א טענה: א באלעבאס פון שטאט האט אים באליידיקט; מביש געווען א מגיד.

— וואס האט ער אזוינס געטאן? — פרעגט דער רב.

— ער האט מיך אנגערופן גוי, רבי — זאגט דער מגיד.

— אפשר ביזטו טאקע א גוי? — שמייכלט דער רב.

— וואס הייסט, רבי? — וואונדערט זיך דער מגיד, — ווען איז זאל זיין א גוי, ווי וואלט איך געקאנט זיין א מגיד?

— דאס איז קיין ראיה **ניט** — שמייכלט דער רב. — אט וועל איך דיר ווייזן אז אין מצרים זיינען געווען ביי אידן גויאישע מגידים. עס שטייט אין חומש: "ויאמר ליוסף הנה אביך חולה (מ׳האט אנגעזאגט יוסף׳ן אז זיין פאטער איז קראנק). מאכט רש״י: "אחד מן המגידים". נו, לייגט זיך דאס אויפן שכל, אז איין איד זאל אנזאגן דעם צווייטן אזא שלעכטע בשורה? נאר דער תירוץ איז — דער מאן וואס האט אנגעזאגט יוסף׳ן די שלעכטע בשורה, איז געווען א גויאישער מגיד...

(נאך ב. פרנס)

(ח)

א נגיד האט אמאל גענומען אן אורח אויף שבת, א מגיד. זייער פיין פון זיין זייט. אבער אז דער אורח זאל זיצן מיט אים צוזאמען ביים טיש איז פאר דעם נגיד געווען שוין אביסל צופיל. האט דער אורח געגעסן אין קיך. שבת־צונאכט, ווען דער אורח האט זיך געקליבן אוועקצוגיין, זאגט דער נגיד צו אים:

— כ׳האב געהערט איר זייט א מגיד, זאגט עפעס פארן אוועקגיין.

— איך וועל אייך דערציילן א מעשה — זאגט דער מגיד. — א הונט האט אמאל געפונען א פעל פון א בער. האט ער זיך אנגעטאן אין דער פעל און איז אוועק באזוכן דעם וואלף. דער וואלף קוקט אויף אים, און זעט אז עפעס איז דא ניט גלאט. איז ער אוועק פרעגן דעם לייב אן עצה. אזוי און אזוי דערציילט ער אים: עפעס דער אויסזען איז ווי פון א בער, אבער דוכטן דוכט זיך אז ער איז באמת א הונט. האט אים דער לייב געגעבן אן עצה: מאך פארן אורח, זאגט דער לייב, א סעודה, ורעסטו אויסגעפינען: וועט ער עסן מיט אלעמען ביים טיש, איז ער א בער, טאמער עסט ער אליין, אפגעזונדערט פון אלעמען, זאלסטו וויסן אז ער איז א כלב...

(ט)

יעקב מארק, אין זיין בוך "גדולים פון אונזער צייט", דערציילט וועגן דעם קעלמער מגיד (ר׳ משה יצחק דרשן), אז אים איז אמאל אויסגעקומען צו זיין א זומער אין דובעלן (א באד־ארט לעבן ריגע). אויף שבת פלעגן אהין ארויספארן ריגער אידן צו זייערע פאמיליעס, וועלכע פלעגן דארט פארברייג־

נען דעם זומער. האָט דער מגיד באַמערקט, אַז די ריגער שבת׳דיקע אורחים קומען אין שול דאַווגען אָן טליתים, פּוילנדיק זיך מיטנעמען זיי פון שטאָט. האָט ער אַמאָל אַ זאָג געטאָן אין זיינער אַ דרשה:

— זייענדיק אין ריגע איז מיר אַמאָל אויסגעקומען אַריינצוגיין ערב שבת צו איינעם אַ באַלעבאָס. ער, דער באַלעבאָס, איז ניט געווען אין דער היים; ער איז אַוועקגעפאָרן קיין דובעלן, זאָגט מען מיר. אַרויסגייענדיק הער איך עפּעס אַ מאָדנעם געוויין אין אַ זייטיקן צימער. קיינער ניטאָ, נאָר אַ טלית־זעקל מיט אַ טלית הייגנט אויף דער וואַנט, און דער געוויין הערט זיך טאַקע פון טלית־זעקל. פרעג איך אים: טלית׳ל, וואָס וויינסטו? ענטפערט ער: סטייטש, ווי זאָל איך ניט וויינען, אַוועקפאָרנדיק קיין דובעלן האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך די גאָלד און זילבער פון שטוב, נאָר מיך איינעם אַליין איבערגעלאָזן. זיי רואיק, טלית׳ל, האָב איך אים געטרייסט, עס וועט אַמאָל קומען אַ צייט, אַז דער באַלעבאָס וועט מאַכן אַ ווייטערע נסיעה וועט ער שוין דאַמאָלסט אַלעם איבערלאָזן, דאָס גאָלד און דאָס זילבער, און זיין גאַנצן רכוש, נאָר דיך אַליין, טלית׳ל, וועט ער מיטנעמען...

(י)

דער מגיד האָט געהאַלטן אַ לאַנגע דרשה שבת נאָכמיטאָג. עס איז געווען אַ גוואַלדיקע היץ אין שול, און דער מגיד האָט זיך אַריינגעלאָזן אין טיפע ענינים, געפלאָכטן אַ מדרש מיט אַ מדרש, געבונדן אַ סוגיא מיט אַ סוגיא און ער האָט אַריינגעצויגן די דרשה ביז אַרום מעריב צייט — אַ שעה דריי־פיר. איינער, אַ משכיל, האָט זיך מישב געווען, אַז עס איז אַ גוטע געלעגנהייט בשעת דער דרשה צו כאַפּן אַ דרעמל. האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויפן שטענדער און האָט זיך גאַנץ פיין אויסגעשלאָפן. אויף מאָרגן באַגעגנט ער דעם מגיד אין גאַס.

— שלום עליכם, מגיד — מאַכט ער צו אים. — אַ פיינע דרשה האָט איר נעכטן געהאַלטן. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפן.

— אַזוי? — פילט זיך דער מגיד געשמייכלט — איך בין זייער צופרידן, רבי קרוב, וואָס מיין דרשה האָט אויף אייך אַזוי געווירקט איז זאָלט ניט קאָנען שלאָפן.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת — ענטפערט דער משכיל — די דרשה, ווי די דרשה, נאָר איך האָב שוין אַזאַ טבע — שלאָף איך זיך אויס בייטאָג, קאָן איך ביינאַכט קיין אויג ניט צומאַכן...

(יא)

אַ פרעמדער איד איז אַריין שבת אין שול דאַווגען מנחה. אין פּאָליש באַגעגנט ער אַ צווייטן אידן.

— ווי לאַנג דרשנ׳ט שוין דער מגיד? — פרעגט דער פרעמדער.

— איך רעכן אַ יאָר פינף, זעקס. — ענטפערט יענער.

— אויב אַזוי גלויב איך — זאָגט דער פרעמדער איד — אַז ער וועט שוין באַלד ענדיקן.

(יב)

דער מגיד האָט זיך אזוי פאַרפּלאָנטערט אין דער דרשה, אז ער האָט בשום אופן ניט געקאָנט ארויסקריכן פון איר. אָט דאכט זיך האלט ער שוין ביי ענדיקן, און הויבט אָן גאר פון אָנהויב. דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן ביסלאכווייז פאנאנדערגיין. דער מגיד האָט זיך ערשט אריינגעלאָזן אין א טיפן עניין און מיט צוגעמאכטע אויגן און מיטן טלית איבערן קאָפּ האָט ער אָנגעהויבן באשרייבן די פארגעניגנס פונם גן־עדן או די צרות און ענויים פונם גיהנום. ער האָט אזוי לאנג געגן־עדנ׳ט און גע׳גיהונמ׳ט ביז וואנען עס איז קיין נפש ניט געבליבן אין שול.

דער שמש, בטבע א געדולדיקער איד, איז שוין אויך ארויס פון געדולד.

— רבי מגיד — גייט ער צו צו אים — אָט דאָ האָט איר דעם שליסל, ווען איר וועט פארענדיקן די דרשה, זייט מוחל, פארשליסט די שול.

(יג)

דער ראיעצער מגיד איז אמאָל געפאָרן אויף דער באן און באמערקט צוויי מאָדערנע אידישע ראבינער פארברייננגענדיק מיט א פרוי, און שטארק אריינגעטאָן אין שכ׳ועס.

— איר ווייסט — מאכט דער מגיד צו די ראבינער — איך דיינק אז איר זענט נאָך גרעסער אין צדקות פון רבנו גרשום.

— וואָס מיינט איר ? — פרעגן זיי אים.

— פארשטייט איך מיך — ענטפערט דער מגיד — אמאָליקע צייטן האָט א איד געמעגט חתונה האָבן מיט צוויי ווייבער, אָדער אפילו מיט מער פון צוויי. האָט רבנו גרשום מתקן געווען, אז מער ווי מיט איינער טאָר מען ניט. איר, זע איך, זייט נאָך גרעסערע מחמירים: איינע איז גענוג פאר אייך ביידן.

(דראָיאנאָוו)

(יד)

דער קעלמער מגיד איז אמאָל געקומען אין א שטאָט. איידער ער איז ארויף אויף דער בימה דרשנ׳ען, האָט ער באמערקט צווישן עולם א אידן, א גלות. דער גלות האָט אים דערלאנגט א שלום־עליכם. גיט ער א פרעג איינעם פון די באלעבאטים: ״ווער איז דער יונגערמאַן ?״ דערציילט ער אים, דער באלעבאָס, אז ער איז א הפקר־יונג, אראָפּ אינגאנצן פון דרך־הישר. דערצו איז ער נאָך א גרויסער דבר־אחר, גיט ניט א פרוטה אויף צדקה, און איז בכלל א מענש א בזוי.

הויבט אָן דער קעלמער זיין דרשה: רבותי, איך בין אמאָל גע־גאנגען אין וועג, באגעגנט מיך אן אָקס און זאָגט מיר, שלום עליכם, קעלמער מגיד. פרעג איך אים: דו אָקס, וואָס ביזטו פאר א מחותן אָפּגעבן מיר שלום עליכם ? ענטפערט דער אָקס: איך בין יאָ א שטיקל מחותן מיט דיר, דו עסט מיין פלייש. נו, אביסל איז ער גערעכט. איך גיי ווייטער, באגעגנט מיך א קו און זאָגט מיר: גוט מאָרגן. איך פרעג איר אויך, וואָס פאר א מחותן זי איז מיט מיר. ענטפערט זי: דו טרינקסט מיין מילך. נו, אויך א שטיקל טענה.

דער באָק, וואָס האָט מיך שפּעטער באַגעגנט מיט א שלום עליכם, האָט גע־טענה׳ט, אַז ער האָט א באָרד, און איך האָב אויך א באָרד. נו, אפשר איז דאָס אויך א שטיקל טענה. דערנאָך גיי איך ווייטער און איך טרעף אָן א דבר־אחר. אהא! ער איז אויך דאָ: שלום עליכם, מאַכט ער, קעלמער מגיד. דאָ בין איך שוין ארויס פון די כלים, און איך האָב אים געזאָגט: דו דבר־אחר איינער, דיין פליש עס איך ניט, דיין מילך טרינק איך ניט און קיין באָרד האָסטו אויך ניט, טאָ וואָס פאַר א מחותן ביזטו מיט מיר דערלאַנגען מיר שלום עליכם?

(טו)

א מגיד האָט געהאַלטן אין ריידן, און ער האָט געוויזן סימנים אַז ער הויבט זיך ערשט אָן צו פאַנאַנדערפלאַקערן אין זיין דרשה. נאָכדעם ווי ער האָט שוין אָפּגערעדט א שעה דריי. גייט צו צו אים דער גבאי און ווייזט אים דעם זייגער.

— דער זייגער — ענטפערט דער מגיד — געפעלט מיר, נאָר דער ווייזער טויג ניט.

(טז)

דער מגיד האָט מער ניט געקאָנט ווי איין דרשה. די דרשה איז גע־ווען אָנגעשריבן און ער פלעגט איר שטענדיק האַלטן ביי זיך אין סורדוט, אין בוזים קעשענע. ווען ער פלעגט זיך אוועקשטעלן אויף דער בימה, פלעגט ער, איינגעוויקלענדיק זיך אין טלית, אומבאַמערקט פאַרן עולם ארויסנעמען די דרשה, אנידערלייגן זי אויפן שטענדער און אָנהויבן דרש׳נען. זיין טבע איז געווען אָנהויבן די דרשה מיט א פסוק פון דער סדרה פון דער וואָך, און גלייך אריינפאַרן אין דער געשריבענער דרשה.

איינמאָל שטעלט ער זיך אנידער און הויבט אָן מיט א ניגון: חיינטי־קע סדרה זאָגט: "וימת תרח" — תרח איז געשטאָרבן. און רוקט גלייך אריין די האַנט אין בוזים־קעשענע — א דונער האָט אים איינגעשלאָגן, ניטאָ די דרשה... פאַרלירט ער זיך ניט און האַלט אָן פאַסאָן: תרח איז געשטאָרבן — מסתמא, רבותי, איז געווען א סבה דערצו. א מענש וועט זיך ניט אני־דערלייגן און שטאַרבן גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין; מסתמא איז ער געווען א חולה מסוכן, אָדער, אפשר — צעלאָזט ער זיך אויפן ניגון — האָט אויסגעבראָכן, רחמנא לצלן, א מגפה — און ער זוכט דערווייל אין די אנדער־רע קעשענעס פון סורדוט. דער שטערן שוויצט ביי אים און די הענט טרייס־לען זיך, אָבער ער האַלט אין איין זוכן. איין האָפענונג איז נאָך דאָ — די הינטערשטע קעשענע, אפשר האָט זיך די דרשה דאָרט פאַרוואַלגערט, און ער קריכט אריין אהין, און ציט ווייטער דעם ניגון: א רחמנות, זאָגט ער, אויף זיין אַלמנה און די אָרימע יתומימ׳לאַך וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. די לעצטע אינסטאַנץ — די הינטערשטע קעשענע — א בראָך איז אים! איז אויך א ליידיקע. שלעכט. הכלל, רבותי — ציט דער מגיד ווייטער דעם ניגון, און די פיס האַקן זיך אים אונטער — תרח, ניט פאַר אייך געדאַכט, ניט פאַר קיין שום אידן געדאַכט, איז געשטאָרבן, איז ניט מער ווי רעכט מיר זאָלן אַלע גיין צו דער לויה...

## (יז)

א מגיד איז געשטאנען שבת אויפן בעלעמער אין בית־מדרש אין א קליין שטעטל און געהאלטן א הייסע דרשה. ווי געווינלאך, האט ער אנגעהויבן מיט א משל וועגן א בן מלך און א בת מלכה. איז די בת מלכה, ניט פאר קיין שום אידן געדאכט, קראנק געווארן, אבער אזוי קראנק, אז מען האט איר ניט געקענט ראטעווען.

נו, ס׳איז דאך עפעס א בת מלכה, וועט מען שווייגן? און מ׳האט גערופן — צעקאכט זיך דער מגיד מיט א ניגון — די גרויסע לייב דאקטוירים, און זיי האבן איר געגעבן די שטארקסטע מעדיצינען. שלעכט, רבותי, עס העלפט ניט. די בת מלכה גייט איין פון טאג צו טאג. האט מען געשיקט נאך די גרעסטע דאקטוירים־ספעציאליסטן אין לאנד און זיי האבן געמאכט אן אפעראציע, און עס העלפט ניט, רבותי. די בת מלכה גייט אוים ווי א ליכט. דער טאטע אירער, דער מלך, גייט שיעור פון מוח ניט אראפ. האט ער געהייסן שיקן רופן די אפשפרעכער. האבן די אפשפרעכער געמאכט אלערליי אפשפרעכונגען און געגעבן איר פארשיידענע קרייטיכער — שלעכט, רבותי, די בת מלכה איז געפערלאך. האט מען געשיקט אין אנדערע מדינות און מען האט געבראכט די לייב־דאקטוירים פון די גרעסטע מלכים אין דער וועלט. זיי האבן אויסגעפרובירט אלערליי אפעראציעס, מ׳האט איר געשניטן אדערן, געצאפט בלוט — שלעכט, רבותי, קיין שום עצה ניטא.

מיטאמאל רייסט איבער דעם מגיד׳ס לעצטע ווערטער דאס קוויטשעדיקע שטימעלע פונם שטעטלדיקן פעלדשער.

— אנו, מגיד, זאגט מיר אקארשט, און ביטער־זאלץ האט מען איר געגעבן, דער בת־מלכה?

## (יח)

מ׳דערציילט פונם דובנער מגיד, אז ווען ער איז געווען ראש־השנה צום ערשטן מאל אין בערלין, האט ער דערזען אז דער בעל־תקיעה איז א גלות. איז ער א פארציטערטער געווארן. סטייטש, א ״געסקראבעטע מארדע״ זאל בלאזן שופר אין דעם יום־הדין, ווען א פיש אין וואסער ציטערט. האט ער געבעטן מ׳זאל אים דערלויבן עפעס זאגן פאר תקיעת שופר. האט ער נאטירלאך, אנגעהויבן מיט א משל:

געווען א סטאדע שעפסן, פלעגט א וואלף אנפאלן אויף זיי גאנץ אפט. האט דער פאסטוך געקראגן א באק מיט גרויסע הערנער. ווען דער באק פלעגט א טרייסל טאן מיט דער בארד און מיט די הערנער, פלעגט זיך דער וואלף דערשרעקן און אנטלויפן. אט אזוי האט דער באק געהיט די סטאדע. ויהי היום, דער באק איז פארלארן געגאנגען. וואס טוט מען איצט? האט דער פאסטוך גענומען זיין הונט און האט אים אנגעטאן הערנער, דער וואלף זאל מיינען אז דאס איז דער באק. כך הוה: דער וואלף, צו׳גנב׳ענענדיק זיך צו דער סטאדע האט דערזען די הערנער, און געמאכט א ״ויברח״. דעם צווייטן מאל, אבער, האט זיך רבי וועלוול גענומען צוקוקן צום באק מיט די הערנער: וואס איז דאס? — טראכט רבי וועלוול. — איז דאס א באק,

וואו זשע איז זיין באַרד? אַלאַ וואָס? דאָס איז גאָר א הונט, היינט ווי קומט א הונט צום האָרן!

(יט)

— עס שטייט אין פסוק — האָט זיך א מגיד אמאָל צעלאָזט מיטן ניגון — אתם נצבים היום כלכם לפני ד' אלהיכם ראשיכם, שבטיכם, זקניכם ומלכיכם. האָבן דען אידן געהאַט מלכים אין יענער צייט?

רופט זיך אָפּ איינער פון עולם:

—אָבער, רבי מגיד, דאָס וואָרט ומלכיכם שטייט דאָך גאָר ניט אין פסוק.

— אמת — זאָגט דער מגיד — דאָס איז טאַקע אויך ניט קיין שלעכ־טער תירוץ אויף דער קשיא, ס'איז אָבער פאַראַן דערויף נאָך א בעסערער תירוץ — צעלאָזט ער זיך ווייטער מיטן נגון — נאָך א שכל'דיקערער און א שאַרפּערער. טאָ הערט־זשע, רבותי...

(ראַווניצקי)

(כ)

אן אפּיקורוס האָט אמאָל געפּראָוועט ליצנות מיט דעם מגיד וואָס איז אָנגעקומען אין שטעטל:

— ווי איז דער דין — גיט ער א פרעג דעם מגיד — אז מ'עסט חזיר אום יום כפור, דאַרף מען זיך וואַשן, אָדער ניט?

— יונגערמאַן — ענטפערט אים דער מגיד געמיטלאַך — פאַר אייער שאלה זייט איר ווערט א מיליאָן רובל.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט אים דער אַפּיקורוס.

— איך וועל אייך געבן צו פאַרשטיין — זאָגט אים דער מגיד. — למשל, ניין אידן וואוינען אין א דאָרף. עס איז דאָ א יאָרצייט, און מ'מוז האָבן א מנין. ניטאָ קיין צענטער אויף א רפואה. איז טאַקע שלעכט. העלפט גאָט און עס קומט צופאָרן אן אורח. קאָן מען דען אָפּשאַצן וויפל דער איד איז ווערט? שווערע טויזנטער...

— נעמען מיר א צווייטן משל: אידן שטייען יום כפור אין שול אוים־בעטן א גוט יאָר. מיטאמאָל גיט זיך א צינד אָן דער פּרוכת פון די גרויסע ליכט. דער פייער כאַפּט זיך אריין אין ארון קודש... ספרי תורות. און דאָ איז יום כפור. מיטאמאָל כאַפּט זיך אריין אומגעריכטע־הייט דער שבת־גוי און לעשט אוים דעם פייער. קאָן מען דען אָפּשאַצן וויפל דאָס איז ווערט?... שווערע טויזנטער!

— און לאָמיר נעמען א דריטן משל: טאַטע־מאַמע האָבן א בן־יחיד, א זיידענער יונגערמאַנטשיק, א ישיבה־בחור, גייט ווערן א רב. און דאָ רוקט זיך אָן דער פּריזיוו. פאַניע הייסט גיין. מ'לויפט זוכן פּראָטעקציע — עס העלפט ניט. איז טאַקע נעבאַך טאַטע־מאַמע פינסטער און ביטער. מיטאמאָל העלפט דער רבונו של עולם, און ביים בחור באַווייזט זיך א שטיקל פאַרד... היינט וויפל איז דאָס ווערט? מ'קאָן עס דען אָפּשאַצן?...

— איצט, שטעל זיך פאָר, יונגערמאַן — ענדיקט דער מגיד — וויפל דו ביזט ווערט, אז א איד ביזטו, א גוי ביזטו אויך און נאָך א גרויסער פאַרד דערצו...

(כא)

א ליטווישער סוחר איז אמאָל, צוליב מסחר, געקומען אין א דייטשער שטאָט. שבת איז ער געגאַנגען אין טעמפּל מתפלל זיין. דערווייל האָט ער גע־האַט א געלעגנהייט צו הערן דעם ראַבינער פרײדיקן איבער דער סדרה פון דער וואָך. נאָך דער דרשה פרעגט אים איינער, ווי איז אים די דרשה געפעלן געוואָרן. "כפתור ופרח" — האָט דער ליטוואַק געענטפערט. "די הדרשה האָט מיר פאַרענטפערט אן אַלטע פראַגע: אין קהלת שטייט (פרק ג): עת לבכות ועת לשחק. אין מענטשנס לעבן איז דאָ א צייט פאַר טרויער און א צייט פאַר פרייד. וואָס איז דער מיטלוועג? דער נאָרמאַלער צושטאַנד. ווייטער: עת לאהב ועת לשנא — א צייט צו ליבן און א צייט צו האַסן. וואָס איז דער מיטעלער וועג? גלייכגילטיקייט. איך האָב אָבער קיינמאָל ניט געקאָנט אויס־געפינען דעם מיטעלן וועג פון "עת לחשות ועת לדבר" — א צייט צום שווייגן און א צייט צום ריידן. היינט האָב איך אים אויסגעפונען: דער מי־טעלער וועג פון ריידן און שווייגן איז: פרײדיקן.

(נאָך חיים בלאָך)

(כב)

דער קעלמער מגיד האָט געהאַלטן א דרשה אין א שטאָט, וואו די ווייבער זיינען געווען שטאַרק פאַרשייט: גייען אין אייגענע האָר, היטן ניט אידישלאַך אָפּ די ווייבערשע מצוות, קאַרגן אין צדקה געבן, שפּאַצירן אין גאַס, רחמנא לצלן, מיט פרעמדע מאַנסבילן, ריידן אויף היינטיקן לשון, יאָגן זיך נאָך פוסטע מאָדעס, קריכן אין אַריסטאָקראַטיע, פאַרלאָזן די אידישע צניעות א. א. וו.

אין זיין דרשה האָט דער מגיד דערציילט מיט א וויינענדיקן קול, אין א מינאָר־געזאַנג, א שרעקלאַכע געשיכטע וואָס איז פאַרלאָפן דאָ ניט לאַנג אין א אידישער שטאָט: ס'איז געשטאָרבן א אידענע, וואָס איז געווען, רחמנא לצלן, שטאַרק פאַרשייט. האָט מען זי אַוועקגעפירט אויפן הייליקן אָרט, אַראָפּגעלאָזט אין קבר, אָבער די ערד האָט זי ניט צוגענומען. איז מען אַוועק־געלאָפן צום רבין פרעגן: רבי, וואָס טוט מען? האָט דער רב געהייסן, מ'זאָל איר אַרויסוואַרפן פאַר די הינט. האָט מען טאַקע — דערציילט ווייטער דער מגיד — אזוי געטאָן, אָבער די הינט האָבן זי ניט צעריסן. איז מען ווידער געלאָפן צום רב. האָט דער רב געהייסן מ'זאָל איר אַרויסוואַרפן פאַר חזירים. אָבער אפילו די חזירים האָבן איר ניט צעריסן, רבותי, אזוי זינדיק איז זי גע־ווען. אָבער איר, ווייבלאַך — האָט זיך דער מגיד געווענדעט צו די ווייבער — איר זייט, ווי איך האָב געהערט, גוטע און פרומע ווייבער, זייט רואיק, די ערד וועט אייך טאַקע נעמען, הינט וועלן אייך בייסן, חזירים וועלן אייך רייסן!

(נאָך ש. ביילין).

(כג)

דער קעלמער מגיד, וועלכער האָט שטאַרק געקעמפט אין די פופציקער און זעכציקער יאָרן קעגן וועלטלאַכער בילדונג ביי אידן אין רוסלאַנד, און באַזונדערס קעגן די "שקאָלעס", וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט געגרינדעט מיט דעם הסכם פון די משכילים, האָט זיך דערוואוסט, אז אין רעמשיצע האָט

זיך געעפנט א אידישע "שקאָלע", און אז די אַרטיקע אידישע משכילים זיינען דערפון זייער צופרידן. לויפט ער, דער מגיד, אוועק קיין רעטשיצע, און האלט דאָרט אין דער גרויסער שול א פייערדיקע דרשה קעגן די "שקאָלעס".

אין זיין פּאָררעדע האָט ער, אויף זיין געוויינלאכן שטייגער, אין א מעלאנכאָלישן מינאָר־טאָן, געזאָגט: דער פּסוק דערציילט אונז: ויתרוצצו הבנים בקרבה. פרעגט רש"י: מה היא רציצה? וואָס באדייט רציצה! רש"י ווייסט ניט; איך אָבער ווייס יאָ: רציצה — רעטשיצע, דאָס איז א שטאָט פון אפּיקורסים, וואָס מאכן, רחמנא לצלן, "שקאָלעס".

(כד)

דער דובנער מגיד איז אמאָל געווען אין קאָנסטאַנטינאָוו. האָבן אים איין מאָל באגעגנט, ווי ער גייט ביינאכט איינער אליין, א קאָמפּאַניע אַרטיקע אפּיקורסים משכילים.

— רבי — זאָגן זיי אים — ס'איז דאָך א בפירושע גמרא: אל יצא תלמיד־חכם יחידי בלילה מפני המזיקין (א תלמיד חכם דאַרף ניט גיין איינער אליין ביי דער נאַכט אויס מורא פאַר די מזיקים).

אויף דעם האָט דער דובנער געענטפערט: קאָנסטאַנטינאָווער מזיקים האַלטן מיך ניט פאַר א חכם.

2

## רעדנער

רעדנער, וועלכע קאָנען באַצויבערן דעם עולם און אָנהאַלטן זיין אויפמערקזאַמקייט פאַר א לייַנגערער צייט, זיינען אויף דער וועלט פאַראַן זייער ווייניק. ריידן איז א וואונדערבאַרער אינסטרומענט ווען עס ווערט באַנוצט אויף א קלוגן, קאָנסטרוקטיוון אופן. דער גוטער רעדנער ווייס וואָס ער רעדט, פילט וואָס ער זאָגט, זאָגט נאָר וואָס מ'דאַרף, וויקלט איין זיינע געדאַנקען אין פּשוט'ע, צוגענגלאַכע צום עולם ווערטער — ווייל אויב דער געדאַנק איז קלאָר ווי קרישטאָל, קאָן מען אים אויסדריקן אין די פּשוט'סטע ווערטער — גיט צו א הומאָריסטישן קנייטש צום ריידן, דער עולם זאָל זיך ניט לאַנגווייליקן, און, דער עיקר — ווען ער איז פאַרטיק מיט דעם וואָס ער האָט געוואָלט אָדער געדאַרפט זאָגן — עס איז דאָך עפּעס דאָ יושר און מענשלאַכקייט אויף דער וועלט — שטעלט ער זיך אָפּ.

עס זיינען אָבער פאַראַן רעדנער, וואָס אויסער דעם וואָס עס פעלן זיי די אויבנדערמאָנטע יסודות פון גוטן ריידן, ווייסן זיי נעבאָך ניט וואו און ווען מ'דאַרף זיך אָפּשטעלן. הויבן זיי אָן ריידן, גיסן זיך די ווערטער ווי פון א קוואַל. צייטנווייז צעשטורעמט זיך דער קוואַל און פאַלט מיט א רעש פון דעם ניאַגאַרא וואַסער־פאַל, און פּונקט ווי דער דאָזיקער וואַסער־פאַל, קאָנען זיי זיך אויך ניט אָפּשטעלן.

מען דערציילט א מעשה וועגן יענעם מגיד וואָס האָט געהאַלטן א דרשה אין א הייסן זומערדיקן שבת נאָכמיטאָג. גייט א איד דאַוונען מנחה,

באַגעגנט ער אַ אידן וואָס איז אַקאַרשט אַרויס פון בית־מדרש. "האָט דער מגיד שוין געענדיקט זיין דרשה?" — פרעגט דער ערשטער ביים צווייטן. "ער האָט שוין לאַנג געענדיקט" — ענטפערט דער צווייטער — "נאָר ער קאָן זיך בשום אופן ניט אָפּשטעלן".

אַזעלכע רעדנער זיינען באַוואוסט אַלס "נודניקעס". אַ נודניק איז שווער צו דעפינירן. די בעסטע דעפיניציע איז אפשר די פאָלגנדע: אַ נודניק איז אַ חברה־מאַן וואָס ווען מ'פרעגט אים: וואָס מאַכסטו? שטעלט ער זיך אַוועק אויף אַ האַלבער שעה און דערציילט די גאַנצע מעשה. דאָס איז אַ דע־פיניציע פון אַ נודניק בכלל. אַ רעדנער־נודניק האָט אַמאָל איינער דעפינירט אַזוי: ער איז געגליכן צו אַ מצה: אָן זאַלץ, אָן שמאַלץ, אָן פעפער, האָט קיין שום טעם ניט, און ס'קנאַקט...

נודניקעס זיינען אַ מכה שלא כתובה בתורה. זיי זיינען אַלעמאָל געווען. אומעטום, בכל אומה ולשון, און מסתמא וועלן זיי עקזיסטירן עד סוף כל הדורות.

אַ דיכטער האָט אַמאָל אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז מיטן פּראָגרעס פון ציוויליזאַציע און אויסבעסערונגען פון מאָדערנעם לעבן, וועט אויך אויס־געפונען ווערן אַ מעטאָדע דורך וועלכער מ'וועט קאָנען פטור ווערן פון נוד־ניקעס. ווארום עס איז ניט יושר'דיק, זאָגט ער, אַז אַ מאַן זאָל באַ־שטראָפט ווערן פאַר גנב'ענען אַ נאָז־טיכל און זאָל אַרומגיין פראַנק און פריי און ניט באַשטראָפט ווערן פאַר אַוועק'גנב'ענען אונזער ווערטפולע צייט, אונ־זער געדולד, אונזער געמיט, ווי אויך די לעבעדיקע, פּרוכטבאַרע געדאַנקען וועלכע וואָלטן מסתמא געבוירן געוואָרן אין אונזער מוח אין דער צייט וואָס ס'איז אַזוי אומברחמנות'דיק אַוועקגערויבט געוואָרן פון אונז דורך דעם נודניק.

אַן אַנדער שרייבער גיט אַן עצה: איר זאָלט קיינמאָל קיינעם ניט האַלטן פאַר דער האַנט אָדער פאַרן קנעפל. אויב איר ווילט יענער זאָל אייך אויס־הערן, ווייל ממה נפשך: האָט איר עפעס וואָס צו זאָגן, וועט ער אייך אויס־הערן אָן דעם קנעפל; אַלא ניט — וועט דאָס האַלטן פון קנעפל ניט העלפן — בעסער האַלט די צונג...

זאָלן זיך דערוויל די רעדנער ניט דערשרעקן און מיינען אַז מיר ווילן זיי, חלילה, צומאַכן דאָס מויל איינגאַנצן. מ'איז דאָך מער ניט ווי אַ מענש. ס'קומט אַמאָל אויס עפּעס צו זאָגן — מהיכי תיתי. וואָס מיינט איר? מיר זיינען דאָס טאַקע אַזעלכע גזלנים אויף אַ וואָרט? אָט, למשל, האַלטן אַ סך מענשן, אַז אַ געשפּרעך אָדער אַ רעדע דאַרף זיין ווי אַ שיינער פּערסישער טעפּיך, די וואונדערשיינע פיגורן און געשטאַלטן פון וועלכן מ'קאָן נאָר זען דאַמאָלסט, ווען מ'שפּרייט אים פאַנאַנדער און ניט בעת ער איז צונויפגע־וויקלט און איינגעצויגן.

דאָס איז אָבער גערעדט געוואָרן, ווען דער רעדנער האָט עפּעס וואָס צו זאָגן און ער קאָן טאַקע פאַרשאַפן מיט זיין רייכן אַ נחת רוח דעם צוהערע־— וואָס טרעפט זייער זעלטן. וואָס מיר זוכן אין אַ רעדנער איז אמת'דיקעס און נייעס. אין מערסטנטייל פון די געוויינלאַכע רעדעס — ווען מיר קאַלופּען

זיי פאנאנדער, געפינען מיר גאר אויס, אז וואס עס איז געווען אמת אין ריידן — איז ניט ניי, און וואס עס איז געווען ניי, איז ניט אמת'דיק.

עס זיינען פאראן רעדנער, יחידי סגולה, וואס אין קורצע ווערטער זאגן זיי ארויס געדאנקען, וואס זיינען "נוקבים ויורדים עד התהום", דער־גרייכן דאס הארץ און די נשמה און לאזן איבער אויף זיי טיפע שפורן. דאס איז א רעזולטאט פון נייע געדאנקען, אריגינעלע, דורכגעווייטיקטע, דברים היוצאים מן הלב, וואס ניט נאר זיי "שיינען" נאר זיי ווארימען טאקע, ווייל זיי זיינען רייך אין אינהאלט, האבן שפייז פארן געדאנק, און דרינגען אריין אין אונזער הארץ. דאס זיינען רעדעס פון אמת'ע קינסטלער וואס האבן אין זיך דעם פונק פון יצירה און זיינען זיך משתתף אין מעשי־בראשית. די ווער־טער קומען ארויס ניט פון מויל, פון דער געשליפענער צונג, נאר פון קאפ און פון הארצן דורך אינטואיציע, דורך רוח הקודש. אבער אזעלכע רעדנער זיינען פאראן זייער ווייניק.

אז צוויי מאל פינף איז צען, איז אן אמת וואס קאן געזאגט ווערן אין א פאר געציילטע ווערטער. וויפל מאל אבער קומט אונז אויס צו הערן אט דעם אקסיאמאטישן אמת אויסגעדריקט אויף דעם פאלגענדן אופן: רבותי. איך האב די זיכערקייט אייך צו דערקלערן אן קיין שום מורא פאר ווידער־שפרעכונג פון אימעצן פון די אנוועזנדע דא אין זאל — ווייל יעדע זאך וואס האט אונטער זיך דעם פונדאמענטאלן יסוד פון אוניווערסאלן אמת, האט קיין מאל ניט מורא פאר ווידערשפרעכונג — און איך בין זיכער אז דער אמת פון מיינע ווערטער וועט דערגרייכן ניט נאר דעם חשוב'ן עולם דא אין זאל, נאר אויך די טויזנטער וועלכע זיינען דא ניטא — אז אויב מיר זאלן נעמען דעם ציפער 5 און מיר וועלן אים פארגרעסערן אויף נאך א מאל דורך א מאטעמא־טישן פראצעס, וואס איז באוואוסט צו דעם גרעסטן מאטעמאטיקער פון דער וועלט — לאמיר זאגן, איינשטיין — און אויך צום קינד וואס האט ערשט אנ־געהויבן גיין אין חדר — אלס כפל, אדער דורך אן אנדער מאטעמאטישן פרא־צעס, וואס איז אויך אין דער זעלבער מאס באוואוסט צו אלעמען אלס חבור — וועט פון דער אויבנדערמאנטער סומע פון פינף דורך אן אוניווערסאלן אייביקן אמת, וואס איז נאך קיינמאל ניט אפגעלייקנט געווארן, און, איך בין זיכער, וועט ניט אפגעלייקנט ווערן עד סוף כל הדורות, ווי לאנג הימל און ערד וועלן עקזיסטירן — געשאפן ווערן א שפאגל נייע סומע וועלכע רופט זיך צען. צען — רבותי, און מער ניט ווי צען פון איין זייט, און פון דער אנדערער זייט וועט עס, פארזיכער איך אייך, און איר וועט מיר מודה זיין אז עס איז אמת, ניט זיין ווייניקער פון צען.

די איינציקע מעלה פון דעם נודניק איז אפשר זיין פעאיקייט איינצו־שלעפערן מענשן וועלכע ליידן פון שלאפלאזיקייט, אבער דאס גיט אים ניט די בארעכטיקונג צו פארנודיען די גרעסטע טיילן פון דער מענשהייט.

אין דרום אפריקע, ווערט דערציילט, איז פאראן א שבט וואס האט א גוטע מעטאדע צו פארצוימען רעדנער. די מעטאדע האט אויך געדארפט איינגעפירט ווערן אין דער ציוויליזירטער וועלט. לאנגע דרשות, האלט דער דאזיקער שבט, זיינען ניט געזונט ניט פארן עולם און ניט פארן רעדנער אליין.

כדי צו באשיצןביירן, עקזיסטירט ביי דעם דאָזיקן שבט א ניט־געשריבענער געזעץ, אַז א רעדנער מוז שטיין אויף איין פוס ווען ער אַדרעסירט אַן עולם. ווערט ער מיד און מוז זיך שטעלן אויף דער צווייטער — איז א סוף און עק צו דער דרשה. מ'האָט די מעטאָדע געדאַרפט איינפירן ביי אונז, ציוויליזירטע מענטשן, ווארום איינס פון די ביידע — אָדער די עקשנים־רעדנער וואָלטן, לא עלינו, געבליבן מיט שוואַכע פיס, אָדער זיי וואָלטן ביי אונז, ביים עולם, ניט אוועקגערויבט אונזער ווערטפולע צייט.

* * *

אין דער אַלטער היים האָט דער עולם ליב געהאַט צו וויצלען זיך וועגן דעם מגיד מיט זיינע לאַנגע דרשות. אין אַמעריקע איז דער טיפּ פון מגיד פאַרשוואונדן און זיין אָרט האָט פאַרנומען דער ראַבאַי. אַנשטאָט דער דרשה האָבן מיר דעם "סערמאָן" בלע"ז. אַנשטאָט דער לאַנגער בכבוד־יקער באָרד פונם מגיד, וואָס פלעגט אַראָפּשיינען פון דער בימה, האָבן מיר די קיילאַכדיקע גלאַט ראַזירטע צורה פון א ראַבאַי, וואָס צייטנווייז, טראָץ זיין אינטעליגענץ און הויכער בילדונג, זעט ער אויס ווי א געוויינלאַכער ביזנעס מאַן אָדער ווי א דערפאָלגרייכער פאַרזיכערונגס־אַגענט.

אַנשטאָט דעם גיהנום און גן־עדן וואָס זיינען געווען די פּאָפּולערסטע טעמעס ביי אמאָליקע מגידים, האָט דעם מאָדערנעם ראַבאַי'ס "סערמאָן" צו טאָן מיט לאָקאַלער, נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, אָדער מיט ליטעראַטור צוגעזאָלצן און צוגעפעפערט מיט מאָדערנער אידישקייט. ער האָט גרויסע מעלות, דער מאָדערנער אַמעריקאַנער ראַבאַי. ער איז א קולטור־מענטש, געבילדעט, אינטעליגענט. ער האָט שוין פאַרגעסן די אַמאָליקע טענ־דענצן פאַר אַסימילאַציע, ער איז מער צוגעבונדן צו די נאַציאָנאַליסטישע שטרעמונגען אין דער אידישער גאַס און האָט אַן אינטערעס פאַר אידישער פּאָלקסטימלאַכקייט.

אָבער בנוגע די ניין מאָס רייד מאַכט דער וויץ ניט קיין גרויסן חלוק צווישן דער מגידישער דרשה און דעם ראַבאַישן סערמאָן.

(א)

א רעדנער האָט געהאַלטן א דרשה און געשאָטן מיט מליצה. דאָס מענטשלאַכע לעבן, — האָט ער זיך צעלאָזט מיט מליצות — איז געגליכן צו א שיף וואָס ווערט אַרומגעכאַפּט פון א שטורעם און ער לאָזט איר ניט אָפּ, און די כוואַליעס שטורעמען די שיף, און די זעגל זיינען האַלב צעריסן, און דער שטורעם־ווינט טרייבט די שיף אויף גרויסע פעלזן א. א. וו.

— לאָז מען שוין אַרונטערלאָזן דעם אַנקער — כאַפּט זיך אַרויס איי־נער פון די צוהערער, וועמען עס האָט אונטערגעקערט אונטערן לעפעלע — און זאָל זיין א סוף צו דער דרשה.

(ב)

א באַרימטער אידישער רעדנער האָט געדאַרפט האַלטן א לעקציע וועגן "נאַראָנים". דער פּאַרזיצער, הומאָריסטיש געשטימט, האָט דעם רעד־נער פאָרגעשטעלט אַזוי: "מיר גייען יעצט הערן א לעקציע וועגן נאַראָנים

פון איינעם (אונטערברעכונג פון גרויס געלעכטער) פון אונזערע קלינסטע מענשן".

דער רעדנער, ווידער, האט אנגעהויבן זיין לעקציע אזוי: רבותי, איך בין אפילו ניט האלב אזוי נאריש ווי דער פארזיצער (אונטערברעכונג און גרויס געלעכטער) האט מיך געוואלט פארשטעלן פאר אייך...

(ג)

א באריממטער רעדנער וועלכער איז איינגעלאדן געווארן אויף א פאָ־ליטישער פארזאמלונג, האט, לויט דעם פראגראם, געזאלט זיין צווישן די ערשטע רעדנער. צוליב טעכנישע סבות האט אים דער פארזיצער איינגעלאדן צו ריידן גאר צום סוף. "יעצט, האט דער פארזיצער אים פארגעשטעלט, וועלן מיר הערן דעם אדרעס פון דעם חשוב'ן רעדנער הער..."

— מיין אדרעס — האט דער רעדנער געזאגט אביסל אויפגערעגט — איז 1228 בראדוויי, ניו־יארק, און איך ווינש אייך אלעמען א גוטע נאכט.

(ד)

א פאליטישער קאמפיינער האט געהאלטן א רעדע. די רעדע איז א סך מאל איבערגעריסן געווארן פון איינעם פון די צוהערער מיט געשרייען: "ליגנער". נאך עטלאכע איבעררייסונגען, האט זיך דער רעדנער אפגעשטעלט, האט זיך געווענדעט צום טומל־מאכער און געזאגט:

— וואלט ניט געווען בעסער ווען דער חשוב'ער איבעררייסער זאגט אונז זיין נאמען אנשטאט זיין פראפעסיע, וואלטן מיר געהאט די געלעגנהייט צו באקענען זיך מיט אים...

(ה)

א באוואוסטער אידישער לעקטאר האט געהאלטן א רעדע אין א קליין שטעטל. נאך דער לעקציע גייט צו אים צו א יונגערמאן, וועלכער האט געהאט די שוואכקייט פון באנוצן זיך אין געשפרעכן מיט "הויכע" ווערטער, דער־לאנגט דעם לעקטאר א שלום עליכם מיט א יישר כח, און באמערקט:

— איר ווייסט, אייער לעקציע האט געהאט א סך גראוויטאציע?

— גראוויטאציע? — שטעלט אויף אים דער לעקטאר אויס א פאר אויגן — וואס מיינט איר?

— כ'מיין — דערקלערט אים דער יונגערמאן — אייערע רייד זיי־נען געווען זייער געוויכטיק.

(ו)

א רעדנער האט געגעבן א רעפעראט וועגן איינשטיינס "רעלאטיווי־טעט" טעאריע, און האט זיך ספעציעל אפגעשטעלט אויף די באגריפן "צייט" און "אייביקייט". "קיין מענש", האט דער רעדנער געזאגט, "קאן זיך ניט פארשטעלן וואס דאס איז אזוינס "אייביקייט".

— ווען דער הער רעדנער — האט זיך ארויסגעכאפט א צוהערער, א א איד, לעבן וועמען עס איז געזעסן א גרויסע געזונטע אידענע — וואלט גע־דארפט לעבן מיט מיין אשה דרייסיק יאר נאכאנאנד, וואלט ער ניט געהאט קיין שוועריקייט אויסצוגעפינען וואס איז אזוינס "אייביקייט".

(ז)

א רעדנער האָט אדרעסירט א גרעסערן עולם. דער פאָרזיצער איז גע־וועזן א יונגעמאַן, ריין ראזירט. אויף דער בינע זיינען געזעסן עטלאכע פּראָ־מינענטע פּערזאָנען. אינמיטן דער רעדע האָט מען דעם פאָרזיצער אוועקגע־רופן צום טעלעפאָן. האָט דער פאָרזיצער געבעטן איינעם פון די פּראָמינענטע לייט, אן עלטערער מענש מיט א שניי־ווייסער באָרד, צו פארנעמען זיין פּלאַץ אלס פאָרזיצער ביז ער וועט צוריקקומען. דער רעדנער, זייענדיק פארטאָן אין זיין דרשה, האָט עס ניט באמערקט. מיטאמאָל גיט זיך דער רעדנער א קער צום פאָרזיצער, און די האָר אויפן קאָפּ האָבן זיך אים געשטעלט קאַפּויער.

— רבותי — ווענדעט ער זיך צום עולם, ארויסנעמענדיק דעם זייגער — איך ווייס אז איך האָב א טבע צו ריידן לאנג, אָבער האָב איך טאקע באמת אזוי לאנג גערעדט ביז עס איז ביים יונגן פאָרזיצער אויסגעוואקסן א באָרד און גרוי געוואָרן?

(ח)

— דיינקט איר — האָט דער רעדנער געפרעגט איינעם פון די צוהער־רער — אז איך האָב אריינגעלייגט גענוג פייער אין מיין רעדע?

— מיין מיינונג איז — האָט יענער געענטפערט — אז עס וואָלט געווען פיל בעסער, ווען איר לייגט אריין אייער רעדע אין פייער...

(ט)

איינער האָט אמאָל געפרעגט א רעדנער, וואָס פאר א רושם דיינקט ער, דער רעדנער, זיין דרשה האָט געמאכט אויפן עולם.

— מיין רעדע — האָט דער רעדנער געענטפערט — איז געווען באַ־רואיקנדיק, רירנדיק און צופרידנשטעלנד.

— פארוואָס דיינקט איר אזוי? — פרעגט אים יענער.

— פארשטייסטו מיך — זאָגט דער רעדנער — בארואיקנדיק: ווייל א האלבער עולם איז אנטשלאָפן געוואָרן; רירנדיק: ווייל א האלבער עולם פון דער ניט שלאָפנדיקער העלפט האָבן זיך גענומען רירן און באוועגן ביז וואנען זיי האָבן זיך שטילערהייט ארויסגערוקט פון זאל, און, צופרידנשטע־לנד: ווייל מ'האָט מיך פון יענער דרשה אָן קיינמאָל ניט איינגעלאַדן צו ריידן דאָרט נאָכאמאָל.

(י)

אינמיטן דער לעקציע איז עפּעס דעם לעקטאָר קאלט געוואָרן. האָט ער זיך געווענדעט צו איינעם פון די צוהערער:

— זייט אזוי גוט און מאכט צו דאָס פענסטער.

— זאָל עס בלייבן אָפן — האָט זיך ארויסגעכאַפּט איינער פון עולם — איך בין געוואוינט צו שלאָפן ביי אָפענע פענסטער.

(יא)

נאָכדעם ווי דער הויפּט־רעדנער אויף דער מאסן־פארזאמלונג האָט אָפּגערעדט און דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן צו פאנאנדערגיין, איז צוגע־גאנגען דער צווייטער רעדנער, וועלכער איז געווען אויפן פּראגראם, צום פאָר־זיצער, און האָט באמערקט:

— איך וועל בעסער ניט ריידן. איך גלויב אז דער עולם דערוואַרט מיך ניט.

— פּאַרקערט — האָט דער פּאַרזיצער געזאָגט — זיי דערוואַרטן אייך יאָ, איר זעט ניט ווי זיי צעלויפן זיך?

(יב)

דער פּאַרזיצער האָט, חלילה, קיין שלעכטס ניט געמיינט, נאָר ארויסגעקומען איז זיין באַמערקונג זייער אומגעלומפּערט.

— רבותי — האָט ער געזאָגט, פּאַרשטעלנדיק דעם רעדנער — איך גלויב אַז דער חשוב'ער רעדנער איז פאַר דעם גרעסטן טייל פון אייך אומבאַקאַנט, אָבער איך קאָן אייך אינפאָרמירן, אז איך האָב אים געהערט מיט עטלאַכע מאָנאַטן צוריק, און איך פאַרזיכער אייך, אז ווען ער וועט פּ אַ ר ט י ק ווערן מיט זיין רעדע וועט איר אַלע זיין העכסט צופרידן...

(יג)

א רעדנער האָט געדאַרפט ריידן אויף דער טעמע "ישעיהו הנביא". האָט דער פּאַרזיצער, ביים פאַרשטעלן דעם רעדנער, אָפּגערעדט א האַלבע שעה וועגן דעם ענין. רופט זיך אָפּ דער רעדנער: "אזוי ווי דער פּאַרזיצער האָט אייך שוין אַלעס געזאָגט וואָס עס קאָן געזאָגט ווערן וועגן "ישעיהו הנביא", וועל איך ריידן וועגן "ירמיהו הנביא".

(יד)

א באַרימטער רעדנער איז אראָפּגעבראַכט געוואָרן אין א שטעטל צו אַדרעסירן דעם אָרטיקן ליטעראַרישן קלוב. נאָך דער רעדע האָט דער סעקרעטאַר פון קלוב דערלאַנגט דעם רעדנער א טשעק פאַר פופציק דאָלאַר. דער רעדנער האָט זיך אַנטזאָגט צו נעמען דאָס געלט. ער האָט פאָרגעשלאָגן עס אוועקצוגעבן אויף וואָלטעטיקע צוועקן.

— קאָנען מיר דאָס געלט אוועקשייניקען צו דעם ספּעציעלן פאָנד פון קלוב? — האָט דער סעקרעטאַר געפרעגט העפלאַך.

— מיטן גרעסטן פאַרגעניגן — האָט דער רעדנער געענטפערט. — וואָס איז דאָס פאַר א פאָנד?

— צו דערמעגלאָכן אונז ברייינגען בעסערע רעדנער איבעראַיאָר — איז געווען דער ענטפער.

(טו)

א באַרימטער רעדנער האָט אמאָל געזאָגט, אַז יעדעס מאָל וואָס ער האַלט א רעדע, האַלט ער באמת פיר רעדעס. די ערשטע איז די רעדע וועלכע ער גרייט צו. דאָס איז א נישקשה'דיקע רעדע. די צווייטע — די וועלכע ער האַלט פאַרן עולם, און וועלכע טויג, פאַרשטייט זיך, אויף כפּרות. די דריטע — די רעדע וועלכע ער מאַכט צוריקגייענדיק אהיים, ווען ער באַטראַכט די גוטע געדאַנקען וועלכע ער האָט פאַרפעלט און די נאַרישקייטן וואָס ער האָט ניט געדאַרפט זאָגן. די פערטע — איז די רעדע וועלכע ווערט צומאַרגנס באַריכטעט אין די צייטונגען, און וועלכע האָט קיין שום שייכות ניט מיט דער וועלכע ער האָט פאַרן עולם געהאַלטן.

(טז)

א רעדנער האָט אדרעסירט א קאָנפערענץ. א געוויסע באהויפּטונג וואָס ער האָט געמאכט אין זיין רעדע איז אומברחמנות'דיק געטאדלט געוואָרן פון איינעם פון די דעלעגאטן, א מיטגליד פון דער אָפּאָזיציע.

— אזא באהויפּטונג — שרייט יענער — האָב איך כל זמן איך לעב ניט געהערט.

— מיין ליבער הער — האָט דער רעדנער געענטפערט — איך וועל ניט דערלויבן אז אייער עם־הארצות, ווי גרויס זי זאָל ניט זיין, זאָל קריטיקירן מיין וויסן, ווי קליין עס זאָל ניט זיין.

(יז)

דער רעדנער האָט אָפּגענודיעט דעם עולם מיט הילפלאָזער מליצה אנדערהאלבן שעה, און ער האָט גאָרניט געוויזן קיין סימנים, אז זיין רעדע גייט זיך באלד ענדיקן. פארקערט, ער האָט זיך ערשט פאנאנדערגעפלאקערט און אָנגעהויבן גאָר א־בעראַנייס. איינער פון די צוהערער איז אנדערמלט געוואָרן און אָנגעהויבן כראָפּען. דעם פאָרזיצערס קלאַפּ מיטן האמער האָט אים אויפגעוועקט. אָבער באלד איז ער ווידער אנטשלאָפן געוואָרן און אָנגע־הויבן כראָפּען. דאָס מאָל האָט שוין דער פאָרזיצער געגעבן אזא זעץ איבערן טיש, אז די ווענט האָבן א ציטער געטאָן.

— וואָס קלאַפּט איר איבערן טיש? — האָט דער קרבן, אויפכאַפּנדיק זיך א געשריי געטאָן. — דערלאנגט דעם רעדנער מיטן האמער איבערן קאָפּ, וועט זיין א סוף צו די צרות.

(יח)

א ראבאי האָט אמאָל באזוכט זיינען א חבר פון דער זעלבער פּראָפע־סיע, און האָט אים געטראָפן ארבעטנדיק שווער און ביטער אויף נאָטיצן. דער שוויס האָט אים גערונען פון שטערן און מ'האָט געקאָנט זען אז די ארבעט קומט אים אָן שווער ווי קריעת ים־סוף.

— וואָס שוויצסטו אזוי? — פרעגט אים דער ערשטער.

— איך שרייב נאָטיצן פאר מיין "סערמאָן".

— איך וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געטאָן — עצה'ט אים דער ערשטער.

— זאָלסט וויסן זיין, אז ווען דו שרייבסט נאָטיצן, שטייט דער שטן הינטער דיין פּלייצע און היט; ער ווייס יעדעס וואָרט וואָס דו גייסט זאָגן. ביים סער־מאָן שטייט ער הינטער דיר אויף דער בימה און צעמישט דיר דיינע רעיונות.

— איך שרייב קיינמאָל ניט קיין נאָטיצן — האָט ער ווייטער געזאָגט.

— דערפאר, אז איך שטעל זיך האלטן א סערמאָן איז מיר גוט, ווייל ניט איך און ניט דער שטן אליין ווייסן וואָס איך גיי זאָגן.

(יט)

אן אמעריקאנער איד, ניט קיין גרויסער למדן און ניט קיין איבערגע־שפּיצטער, איז געווען פאָרזיצער אויף א באנקעט לכבוד א חשוב'ן גאסט. ווען מ'איז פארטיק געוואָרן מיטן מאָלצייט און מ'האָט סערווירט די קאַווע, הויבט זיך אויף דער פאָרזיצער און גיט א זאָג:

— מיינע דאמען און הערן, ווילט איר זיך נאך אביסל אונטערהאלטן, אדער זאל איך גלייך ארויסרופן דעם רעדנער?

(כ)

א ראבאי פון א רעפארמירטן טעמפל, א דאקטאר פון פילאסאפיע, א הויך־געבילדעטער מענש, פלעגט באנוצן "הויכע" וויסנשאפטלאכע ווערטער אין זיינע "סערמאנס", וואס פלעגן פאלן איבער די קעפ פון זיין געמיינדע ווי דונער־שלעג, און נאך זיינעם א סערמאן פלעגט די געמיינדע גיין אהיים א פריטשמעליעטע און א צעטומלטע. איז איינמאל געקומען צו אים א דעלע־גאציע, אין נאמען פון דער געמיינדע, און געבעטן אים, דעם ראבאי, אז יעדעס מאל וואס ער באנוצט א וויסנשאפטלאך ווארט, זאל דער ראבאי זיין אזוי גוט און דערקלערן עס.

דעם קומענדיקן פרייטאג אוונט איז אים, דעם ראבאי, אויסגעקומען צו באנוצן דאס ווארט "היפערבאלע" (גוזמא).

— איך וועל אייך דערקלערן בדרך משל — זאגט דער ראבאי — וואס עס מיינט. ווען איך וואלט, למשל, געזאגט, אז די גאנצע "קאנגרעגיישאן" שלאפט איצט, וואלט דאס געווען א היפערבאלע. ווען איך זאג אבער אז נאר א האלבע קאנגרעגיישאן שלאפט איצט, איז עס ניט קיין היפערבאלע, נאר דער אמת'ער אמת.

(כא)

א ראבאי אין א רעפארמירטן טעמפל האט אמאל געהאלטן א דרשה, סערמאן בלע"ז, פרייטאג אוונט. א גרופע פון יונגע חברה, זיצנדיק אויף די הינטער־שטע ביינק, האבן געמאכט א גרויס טומל. דאס האט דעם ראבאי דע־נערווירט. א שטיקל צייט האט ער עס איגנארירט, אבער ווען דער טומל איז געווארן אלץ שטארקער, האט ער איבערגעריסן די דרשה און געזאגט אויפן קול: "אפשר איז א סברא, אז איר, יונגע אפיקורסים דארט, זאלט אויפהערן פלירטעווען מיט די מיידלאך און געבן מיר א געלעגנהייט?

(כב)

א ראבאי האט אמאל באמערקט צו איינער פון די פרויען פון זיין קאנגרעגיישאן, אז איר מאן האט זיך אויפגעהויבן אינמיטן פון דעם סערמאן און איז ארויס פון טעמפל.

— וואס איז מיט אים דער מער? — פרעגט דער ראבאי אביסל אויפגערעגט.

— מיין מאן, ניט פאר אייך געדאכט — האט מיסעס ליוויי געענט־פערט — גייט אין שלאף.

(כג)

דער פארזיצער האט פארענדיקט זיין רעדע לכבוד דעם פראמינענטן בירגער פון שטאט: רבותי, האט ער דראמאטיש געצויגן זיינע ווערטער, אונ־זער חשוב'ער און אלטער פריינט, מיסטער זאלמאנאוויץ, האט געלעבט מיט אונז אין משך פון פערציק יאר. ער האט א סך אויפגעטאן פאר אונזער גע־מיינדע. ער לעבט מיט אונז אויך איצט, און ווי ער זאגט, האפט ער נאך צו

לעבן מיט אונז א סך, א סך יאָרן. רבותי, אלעס וואָס איך קאָן צוגעבן איז, אַז מיר קוקן אַלע אַרויס מיט האָפענונג אויף צו מקבר זיין אים ביי אונז.

(כד)

דער ראבאי האָט געהאלטן א לאנגע דרשה וועגן די אידישע נביאים. ער האָט זיי איינגעטיילט אין גרויסע און קליינע נביאים. האָט זיך ספּעציעל אָפּגעשטעלט אויף א שעה צייט וועגן דעם גרעסטן און געניאַלסטן פון די העברייאישע נביאים, ישעיהו בן אמוץ, און נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגערעדט צוויי מיט א האלבער שעה וועגן די גרויסע נביאים, האָט ער אויסגערופן מיט פּאַטאָס: „יעצט לאָמיר זען וואָס פאר א פּלאַץ מיר קאָנען געבן דעם נביא חבקוק".

— איך וועל אים געבן מיין פּלאַץ — כאַפּט זיך אַרויס איינער פון די צוהערער, וואָס האָט שוין געהאלטן ביי כאַפּן א דרעמל. — איך גלויב עס איז שוין צייט פאר מיר צו גיין אהיים.

(כה)

א איד א לץ האָט אמאָל געשיקט רופן דעם ראבאי אין מיטן נאכט. דער ראבאי איז גלייך געקומען.

— האלט עס חלילה אזוי שלעכט מיט דיר, וואָס דו דאַרפסט שוין זאָגן ווידוי? — פרעגט דער ראבאי. — גאָרניט געהערט זאָלסט, חלילה, זיין קראַנק.

— ניין — שמייכלט דער לץ — איך בין גאָט צו דאנקען געזונט, נאָר איך בין זייער נערוועז. כ'קאָן ניט שלאָפן.

— טאָ וואָס זשע קאָן איך טאָן פאר דיר? — פרעגט אים דער ראבאי. — האָסט בעסער געדאַרפט רופן א דאָקטער.

— פאַרשטייט איר מיך, ראבאי, — ענטפערט דער לץ — אין טעמפּל שלאָף איך זיך אויס גוט יעדעס מאָל ווען איר האלט א דרשה, אפשר וואָלט איר מיר געטאָן א טובה און האלטן יעצט א שטיקל דרשה...

(כו)

א אידישער קאָמוניסט האָט געהאלטן א קאַמפּיין רעדע פאר א פּראָ־לעטאַרישן עולם. „די קאַפּיטאַליסטן, די בלוט־זויגער", האָט ער זיך צעשריען, „פאַרכאַפּן אַלעס. טויזנטער מענשן שטאַרבן אין די גאַסן פון הונגער און א הייפעלע באנדיטן באָדן זיך אין לוקסוס, ווערן משוגע פאר גוטס; אפילו ווינ־טער עסן זיי פּאַזיעמקעס מיט סמעטענע. און מיר, פּראָלעטאַריער, ציען אויס די פיס פאר הונגער. וועט איר אָבער האָבן שכל און שטימען פאר אונזערע קאַנדידאַטן, וועט איר אַלע עסן פּאַזיעמקעס מיט סמעטענע".

— איך האָב אָבער ניט ליב קיין פּאַזיעמקעס מיט סמעטענע — האָט אויסגעשריען א אידענע.

— איר וועט מוזן עסן! — האָט דער רעדנער דראַמאַטיש אויסגע־שריען — צי איר האָט עס ליב, צי ניט.

(כז)

א באַרימטער אידישער רעדנער, א גרויסער געלערנטער אין חכמת ישראל, איז געקומען אין א קליין שטעטל אין אמעריקע האלטן א לעקציע.

אריינקומענדיק אין זאל האט ער באמערקט א מודעה מיט קידוש לבנה אותיות: "זונטאג דעם דריטן דעצעמבער וועט מיט גרויס פאראד און אויף א העכסט אימפאזאנטן אופן גראפלט ווערן דאס אויסגעצייטע קישעלע וואס מיסעס העלאיז פינקלשטיין האט מנדב געווען פאר דער תלמוד תורה. עס וועט זיין אן אוונט פון העכסטן פארגעניגן". אתטן איז געווען אנאנסירט מיט קליינ־טשינקע אותיות׳לאך: "עס וועט אויך ריידן דאקטאר..." (אנגעבנדיק דעם נאמען פונם בארימטן לעקטאר).

(כח)

א ראבאי האט אמאל געזאגט צו זיינעם א באקאנטן דאקטאר:

— דו ווייסט דעם חילוק צווישן מיר און דיר? דו, אז דו זאגסט אפ, ווערט א געוויין, און איך — אז איך זאג אפ ווערן אלע מלא שמחה...

(כט)

א אידישער רעדנער האט אמאל געהאלטן זייער א לאנגע רעדע, איז פארקראכן אין א בלאטע און בשום אופן ניט געקאנט ארויסקריכן פון איר. דער עולם איז געווארן אומרואיק. איז אים איינגעפאלן א המצאה, ווי צו מאכן א סוף פון דער דרשה.

— רבותי — האט ער געזאגט — איר ווייסט דאך מסתמא די אריטמעטאלישע רעטעניש: ווער איז גליקלאכער, דער וואס האט א מיליאן דאלער, אדער דער וואס האט ניין טעכטער? דער ענטפער איז: דער וואס האט ניין טעכטער — ווייל מער וויל ער ניט. רבותי, איך גלויב אז איר זייט אין דער לאגע פונם פאטער פון די ניין טעכטער: מער ווילט איר שוין ניט.

(ל)

א פארזיצער ביי א באנקעט, פארשטעלנדיק דעם גאסט־רעדנער, האט זיך גע׳חכמה׳ט אויפן חשבון פונם רעדנער:

— אונזער חשוב׳ער רעדנער — האט ער באמערקט — איז געגליכן צו אן אווטאמאט. מ׳ווארפט אין אים אריין א מאלצייט, קומט צוריק א רעדע.

דער גאסט־רעדנער האט אנגעהויבן זיין רעדע מיט דער באמערקונג:

— רבותי, דער חשוב׳ער פארזיצער, גלויב איך, קאן אויך צוגעגליכן ווערן צו אן אווטאמאט. ער ווארפט אריין א רעדע אין עולם און דער מאלצייט הויבט אן גיין צוריק...

(לא)

איך האב אמאל בייגעוואוינט א באנקעט אין א תלמוד תורה, וואס איז געגעבן געווארן לכבוד דעם שלום וואס איז געשאפן געווארן צווישן די דירעקטארן פונם אנשטאלט און די לערער — וועלכע האבן זיך פריער גע־ריסן און געקריגט פאר א לייגגערער צייט. דאס איז געווען די רעדע פון איי־נעם פון די דירעקטארן, א "למדן" א איד:

— רבותי — האט ער געזאגט — לײדים און דזשענטלמען. מיר זיי־נען זיך יעצט אלע צוזאמענגעקומען, ווייל עס איז געווארן שלום צווישן די דירעקטארן און די לערער. איז דאס טאקע זייער א גוטע זאך, ווייל אוואו עס איז דא שלום איז דא אחדות און הארמאני, אבער וואו עס איז ניטא קיין שלום איז ניטא ניט קיין אחדות און ניט קיין הארמאני. ווידער פארקערט, וואו עס

איז דאָ הארמאָני איז דאָ אחדות און עס איז דאָ שלום ושלוה. בשעת די לעד־
דער האָבן זיך ארומגעריסן מיט דער "באָרד", איז ניט געווען קיין שלום,
ממילא איז ניט געווען ניט קיין אחדות, ניט קיין הארמאָני. אָבער יעצט, אז
עס איז דאָ הארמאָני צווישן די לערער מיט דער "באָרד", וועט אם ירצה השם
זיין צווישן זיי אי שלום, אי שלוה, אי אחדות, אי הארמאָני. און דאָס וועט
זיין א גוטע זאך פארן חנוך הבנים, ווייל וואו עס איז ניטאָ קיין שלום און
אחדות און קיין הארמאָני, קאָן דער חנוך ניט זיין גוט, אָבער אוואו עס איז
פאראן הארמאָני און שלום ושלוה, און עס איז דאָ אחדות צווישן אלעמען,
וועט אם ירצה השם דער חנוך זיין גוט און מיר וועלן אלע לעבן בעזרת השם
יתברך אין שלום און אין אחדות און אין הארמאָני...



# אָן תּורה

1. עם־הארצות אין דער אלטער היים
2. עם־הארצות אין דער גאָלדענער מדינה

.1

# עם־הארצות אין דער אלטער היים

שוין פון אלטע צייטן האט דער איד געהאט גרויס דרך־ארץ פארן תלמיד־חכם. תורה לערנען איז געווען דער אויסדרוק פון בעסטער מענשלאכקייט. תורה איז געווען ביי אידן די בעסטע סחורה. אין מדרש תנחומא איז פאראן א שיין מעשה'לע וועגן א געלערנטן, וועלכער איז געפארן אויף א שיף מיט א סך סוחרים. די סוחרים האבן דעם געלערנטן געפרעגט: "וואו איז דיין סחורה?" "מיין סחורה איז פיל טייערער פון אייערער", האט ער געענטפערט. האבן די סוחרים געמאכט ליצנות פון אים, ווייל זיי האבן געזוכט און ניט געפונען זיין סחורה אויף דער שיף. שפעטער זיינען ים־רויבער אנגעפאלן אויף דער שיף און צוגענומען ביי די סוחרים אלץ וואס זיי האבן געהאט, אפילו זייערע קליידער. ווען די שיף איז אנגעקומען צו דער יבשה, זיינען די סוחרים אראפ פון שיף בעירום ובחסר כל. דער געלערנטער אבער איז אריין אין בית מדרש און האט זיך אוועקגעזעצט לערנען. מ'האט זיך איינגיכן דערוואוסט אין שטאט אז ער איז א גרויסער געלערנטער, און מ'האט אים גלייך מיט אלעם באזארגט. די סוחרים האבן זיך ביי אים דאן געבעטן, ער זאל פאר זיי עפעס טאן. "זעט איר", האט דער געלערנטער צו זיי געזאגט, "אז מיין סחורה איז טייערער פון אייערער. מיין סחורה איז געבליבן גאנץ".

די אלטע אידישע שריפטן זיינען אנגעפילט מיט שפרוכן וואס דריקן אויס גרויס כבוד צו דעם תלמיד חכם און גרינגשעצונג צו דעם עם־הארץ. ווי ווערט וואס אידן האבן צוגעשריבן צו געלערנזאמקייט. ווען ר' יוחנן בן זכאי האט געזען אז אידן מוזן פארלירן זייער פאליטישן באדן, האט ער זיך געבעטן ביי טיטוס'ן ער זאל אים דערלויבן צו גרינדן אין יבנה א צענטער פאר אידישער קולטור, ווייל ר' יוחנן האט פארשטאנען, אז כל־זמן אידן וועלן האבן א קולטור צענטער וועלן אידן און אידישקייט עקזיסטירן. דורך דער גאנצער אידישער געשיכטע מערקט זיך אן דער דראנג פאר געלערנזאמקייט; א פראסטער, ניט געלערנטער מענש, האבן אידן געהאלטן, קאן גאר קיין גוטער מענש ניט זיין. ולא עם הארץ חסיד. עטישקייט, מאראליטעט, האבן אידן געהאלטן, זיינען אויך א רעזולטאט פון קענען, פון לערנען, פון וויסן; און ראפינירטקייט און שיינע מאניערן, האט דער איד געזאגט, קאן האבן נאר דער תלמיד חכם. דער גראבער יונג, דורך דעם וואס ער קאן ניט קיין תורה, איז פון אלץ בארויבט.

דער ספר איז ביים אידן פון תמיד אן געווען דאס וויכטיקסטע אין זיין לעבן, דאס בעסטע, דאס שענסטע, דאס ערהאבנסטע, דאס אידעאלסטע. א אידיש הויז אן א ספר איז גארניט באטראכט געווארן אלס א אידיש הויז. עס איז געווען א הויז אן נשמה, אן לעבן. לויט די השגות פון המון זיינען בייזע רוחות ארומגעקראכן אין אזא הויז. ביים למדן האט מען שטענדיק געקאנט געפינען א ש"ס, שאלות ותשובות א. א. וו. אפילו דער פראסטער איד, דער

ניט געלערנטער, האָט אויך געהאַט אביסל ספרים אין הויז; אויב ניט א גאנג משניות'ן, איז כאָטש חומשים, סדורים, מחזורים.

דער ספר האָט אלעמאָל געגעבן דעם אידן רוחניות'דיקע שלמות וואָס איז ביי אים באטראַכט געוואָרן אלס דאָס העכסטע צו וואָס א מענש קאָן דערגרייכן; להיפוך צו די אומות העולם, ביי וועמען די מאטעריעלע און פיזישע מאכט איז אידעאליזירט געוואָרן. האָט דער איד דורכן ספר געלערנט גייסטיקע און מאָראלישע פולקאָמענהייט. דער עם־הארץ איז גאָר ניט באַטראכט געוואָרן פון דער געזעלשאפט אלס א גלייכבארעכטיקטער מיטגליד פון דער געמיינדע.

א שטיקל תקומה האָט דער עם הארץ געקראָגן פון דעם אָנהויב פון דער חסידישער באוועגונג, וואָס האָט אים אריינגענומען אין דער געזעלשאַפט, און ניט געקוקט אויף אים פון אויבן אראָפּ. פארן מתנגד אָבער איז דער עם הארץ נאָך אלץ געווען אן אומגעבעטענער גאסט. האָבן זיך ביי אידן געשאפן א סך וויצן אויפן חשבון פון עם־הארץ. דער עם־הארץ אליין האָט אויך אויף זיין עם־הארצישן שטייגער געשאפן א טייל פון פאָלקס־וויץ. דער אידישער פאָלקלאָר איז אָנגעפּאקט מיט וויצן געשאפענע אָדער פונם עם־הארץ אליין, אָדער פונם תלמיד חכם, אויפן חשבון פונם עם־הארץ.

(א)

א אידישער סוחר איז אמאָל געפאָרן קיין דייטשלאנד צוליב מסחר. קומענדיק צוריק אין זיין שטעטל אין ליטע, דערציילט ער אין בית־מדרש נאָכן דאַוונען די וואונדער פון דייטשלאַנד.

— און וואָס פאַר א מין פאָלק זיינען די דייטשן? — פרעגט אים איינער.

— וואָס איז פאראן וואָס צו ריידן — ענטפערט ער — א וואזשנע פאָלק. קלוגע, דורכגעטריבענע ערלים זיינען זיי! נאָר דאָס לשון זייערס קוילעט זיי אוועק. זיי האָבן גענומען אונזער לשון און עס אזוי קונציק פארדרייט, אז אסור אויב מ'קאָן עס דערקענען.

(ב)

א רב איז אמאָל געקומען צו איינעם א שניידער מבקר חולה זיין. זיצט ער און קוקט אויפן חולה ערנסט און פארטראכט.

— רבי — זאָגט דער שניידער — וואָס קוקט איר אויף מיר אזוי ערנסט און מעסט מיך אָפּ? נעמט איר יעצט א מאָס אויפן הספד?

(ג)

מ'האָט אמאָל א פרעג געטאָן א "למדן" א איד, וואָס מיינען די ראשי תיבות "סמוט" און "אטלס", וואָס זיינען געווען אָנגעשריבן אויפן "עמוד" אין שול.

— וואָס הייסט — ענטפערט ער — איר ווייסט גאָר ניט? יעדער חדר־אינגל וועט אייך זאָגן. "סמוט" (סור מרע ועשה טוב) מיינט: שנים מקרא ואחד תרגום, און "אטלס" (אך טוב לישראל סלה) מיינט: אל תשליכנו לעת זקנה...

(ד)

א ישובניק האט געדארפט חתונה מאכן א טאכטער. איז ער אוועק־געפארן אין א גרעסערער שטאט און איז אוועק צום ראש ישיבה, און האט אים געבעטן ער זאל אים אויסקלייבן א בחור א לערנער פאר אן איידים. דער ראש־ישיבה האט אים פארגעשטעלט א פיינעם בחור, א למדן, און דער ישובניק האט אים אריינגענומען צו זיך אין וואגן און מ'פארט אהיים. פארנ־דיק טראכט ביי זיך דער ישובניק, אז מ'דארף דעם בחור א טאפ טאן ווי האלט ער אין לערנען.

— זאג מיר נאר, בחור'ל, — רופט זיך אפ דער ישובניק, — דו ביזט דאך עפעס באהאוונט אין די קליינע אותיות, טא ווי זשע זאגט מען דינסטאג אויף לשון קודש?

— יום שלישי — ענטפערט דער בחור.

פארקירעוועט ער, דער ישובניק, דאס פערד, און פארט גלייך צוריק צום ראש ישיבה. דער ראש־ישיבה איז פארוואונדערט: וואס האט געטראפן?, פרעגט ער. און דער ישובניק צעקאכט זיך:

— דער בחור איז אן עם־הארץ — זאגט ער. — אין סדור שטייט: "משען ומיטוואך (ומבטח) לצדיקים". אויב משען שטייט פאר מיטוואך, מיינט מען מיט דעם דינסטאג, און ער האקט מיר גאר א טשייניק מיט שלישי...

(ה)

צו א ישובניק זיינען געקומען געסט. די ישוב'ניצע, א גוטמוטיקע אי־דענע, האט זיי אויפגענומען זייער פיין, און געגעבן כיבוד לרוב. אבער ס'האט זיך איר אלץ אויסגעדאכט אז ס'איז ניט גענוג.

— מיינע טייערע געסט — האט זי געזאגט — איר ווייסט דאך, איך בין א פראסטע אידענע, איך ווייס ניט ווי אייך צוצונעמען. זאל אייך דער אויבערשטער בעסער צונעמען...

(ו)

א ישובניק האט חתונה געמאכט זיינעם א זון. אונטער דער חופה האט ער אים געגעבן א ברכה: "מיין זון", זאגט ער אים מיט טרערן אין די אויגן, "זאל דער אויבערשטער געבן איך זאל דיך דארפן אויף כפרות, און דו זאלסט מיך דארפן אויף כפרות, ווען מירביידע זיין גליקלאך.

(ז)

א ישובניק איז געקומען אין שטאט אויף יום טוב. א בעל־כים איז ער געווען, האט ער זיך געדרונגען א שטאט אין מזרח, און האט געזאגט תהילים גאנץ געשמאק, און כדי דער עולם זאל וויסן וואס ער קאן, האט ער געזאגט אויפן קול, מ'זאל הערן: "יומם השמש לא יאבעבא וירח בלילה". מסתמא איז דאך געווארן א געלעכטער. "וואס איז דער געלעכטער?" פרעגט ער. ענטפערט מען אים: "ס'שטייט דאך 'יככה' ניט 'יאבעבא'". דאס האט אים שוין פארדראסן דעם תלמיד חכם, און ער האט זיי, די פיינע באלעבאטים, אריינגעזאגט:

— הער־ט זיך איין — זאגט ער — אידן, איך האב באצאלט פאר מיין שטאט מיט מזומן געלט. איר ווילט זיך פאר אייער געלט יאקעקען, קאנט איר

דאָס טאָן געזונטערהייט, איך וויל זיך יאבעבען פאַר מיין געלט; דאָס איז מיין שטאָט און מיין סדור, און איך וועל יאבעבען וויפל איך וויל.

(ח)

צוויי ישובניקעס שמועסן צווישן זיך:

— איך פארשטיי ניט — זאָגט איינער — היינטיקע סדרה. עס שטייט "ויאחנו בני ישראל מן העבודה הקשה, — ויצעקו אל ד׳", די בני ישראל האָבן אָפּגערוט פון דער שווערער אַרבעט האָבן זיי געשריען צו גאָט. ווי קלעפּט זיך דאָס? שרייען צו גאָט, שרייט מען, ווען מ׳אַרבעט שווער, אָבער ניט ווען מ׳רוט אָפּ.

— הערסטו — זאָגט דער אַנדערער — דאָס איז דאָך טאַקע דער גאַנצער שכל. ווען מ׳אַרבעט, פאַרגעסט מען די צרות, אָבער אַז מ׳רוט זיך אָפּ, דערפילט מען ערשט דעם ווייטיק אין די ביינער, ברודערקע.

(ט)

— פאַרוואָס עסט מען צום סדר אַן איי? — האָט אַמאָל אַ איד אַ פרעג געטאָן אַ צווייטן אידן.

— מיר איז אַ חידוש אויף דיר — האָט דער צווייטער געענטפערט.

— דו זאָלסט ניט וויסן אַזאַ זאַך. עס שטייט ביצת (בצאת) ישראל ממצרים

— די איי וואָס די אידן האָבן געגעסן אין מצרים...

(י)

מ׳האָט אַמאָל אַ פרעג געטאָן אַן אַלטן כהן, וואָס פאַר אַ כוונות האָט ער ביים דוכענען.

— איך ווייס ניט וואָס פאַר אַ כוונות די אַנדערע כהנים האָבן ביים דוכענען — האָט ער געענטפערט. — איך האָב אָבער איין כונה: מיט יאָרן צוריק האָט מען ביי מיר ביים דוכענען צוגע׳גנב׳עט מיינע שטיוול פון פּאַליש. פון דאַמאָלסט אָן איז מיין איינציקע כונה, מ׳זאָל ביי מיר ניט אַוועק׳גנב׳ענען די שטיוול.

(יא)

אַ פּראָסטער איד האָט געהאַט אַ געראָטענעם בן־יחיד. האָט ער אים אַריינגעגעבן אין אַ ישיבה לערנען. דאָס בחור׳ל איז אויסגעוואַקסן גאָר אַ צאַצקע, קורץ, ער איז געוואָרן אַ רב. און מ׳האָט אים צוגענומען פאַר אַ רב טאַקע אין זיין טאַטנס שטעטל. דער טאַטע פלעגט, נאַטירלאַך, זיצן לעבן זיין זון, דעם רב, ביים מזרח. אַז דער פּאָטער פלעגט אָנהויבן זאָגן עברי, און דוקאַ אויפן קול, פלעגן זיך דעם זון שטעלן די האָר אויפן קאָפּ קאַפּויער, און דאָס פנים פלעגט אים פאַרפּלאָמט ווערן פון חרפּה. איינמאָל, פאַרן דאַוונען, גיט דער זון אַ זאָג צום טאַטן:

— טאַטע, איך וואָלט דיך בעטן זאָלסט דאַוונען שטילערהייט, ווייל עס מאַכט זיך אַמאָל אַז דו מאַכסט אַ טעות אין דער עברי.

— גוט, מיין זון. — איז דער טאַטע מסכים הכנעה׳דיק.

אין מיטן דאַוונען, ערשט, דער טאַטע צעלאָזט זיך אויפן קול: השכלת במלוצות כמו אבן במים זים (השלכת במצולות כמו אבן במים עזים). קאָן זיך דער זון ניט איינהאַלטן און גיט אים אַ זאָג שטילערהייט:

— טאטע, וואָס האָב איך דיך געבעטן?

—ע, מיין זון — ברוגז'ט ער זיך, דער טאטע — מילא וואו איך קאָן נים, ביזטו גערעכט, אָבער דאָרט וואו איך קאָן טאָר איך אויך ניט דאַווגען אויפן קול?

(יב)

מ'האָט א ישובניק מכבד געוועזן אמאָל אין שול מיט הגבה, האָט ער זיך דערשראָקן. טאָמער דאַרף מען מאַכן א ברכה, האָט ער געענטפערט אַז ער איז היינזעריק, קאָן ער ניט גיין צו הגבה...

(יג)

— איך וואָלט ניט געביטן "כל ישראל" פאַר איין "ברכי נפשי" — האָט אמאָל א ישובניק געזאָגט צום רב. — ווען איך ווער פּטור פון "כל ישראל" וואָלט מיר געוואָרן א ליכט אין די אויגן.

— ליידאַק, יונגאַטש, פושע ישראל! — האָט זיך דער רב צעבייזערט — ווי וואַגסטו דאָס מוציא מן הפה זיין אַזעלכע רייד?!

— פאַרשטייט איר מיך, רבי — האָט דער ישובניק געענטפערט, — ווינטער, ווען מען זאָגט "ברכי נפשי", איז מיר א ליכט אין די אויגן. ס'איז דאָ קאַרטאָפל אין קעלער, זויערע קרויט, אוגערקעס. מ'פילט זיך ביי זיך שטייפער. ווען אָבער מ'זאָגט "כל ישראל" זומער צייט, איז שלעכט, רבינקע, שלעכט!

(יד)

א ישובניק איז געקומען אין שטאָט. גייט ער אריין צום רב.

— שוין לאַנג ניט געווען ביי מיר — מאַכט דער רב. — מאַכט זיך גאַר ניט אמאָל עפּעס א שאלה?

—די מעשה דערפון איז אַזוי, רבי — מאַכט דער ישובניק. — איך האָב ביי מיר צוויי גוטע פּוסקים, צוויי כלבים. איינער א שוואַרצער, און איינער א געלער. מאַכט זיך אַז מ'געפינט א נאָדל אין פּופּיק, וואַרף איך אַרויס דאָס עוף פאַר די הינט. עסן זיי אויף, איז א סימן אַז ס'איז טריף; אלא ניט — איז עס כשר. די צרה איז אָבער — פאַרענדיקט ער — וואָס דער שוואַרצער כלב איז א גרויסער מחמיר, פּונקט, להבדיל, ווי מ'זאָגט אויף אייך, רבי.

(טו)

איינמאָל, האָט דער ראָפּשיצער צדיק דערציילט, האָט א דאָרפס־איד אפּגעראַטעוועט די אידן פון א מגפה, ווען ס'איז אַרויס א גזר דין מן השמים, אַז א סך ווייבער זאָלן אין דעם יאָר שטאַרבן. ערב יום כפור איז געקומען אין שטאָט אריין א דאָרפס־איד, א פּראָסטאַק, און געוואָלט דאַווגען ביים עמוד מנחה. ווען עס איז געקומען צו דער הויכער שמונה עשרה, איז אַנשטאָט צו זאָגן: "ברוך אתה ד' מברך השנים", האָט ער געזאָגט "מברך הנשים". האָט דער רבונו של עולם זיך צוגעהערט צו זיין תפלה, און אראָפּגענומען דעם גזר דין.

(טז)

א ישובניק האָט אמאָל געבראַכט זיין זון, א געזונטן בחור, צו ביאַליקן... דעם באַרימטן העברייאישן פּאָעט, און א זאָג געטאָן:

— דאָ האָט איר מיין זון מיט פופציק רובל. נעמט אים צו אויף דריי יאָר און לערנט אים אויס זיין א שרייבער ווי איר זייט. מ'זאָגט אז איר זייט א גוטער בעל־מלאכה. איצט גיט מיר ארויס א קוויטאנציע און זייט מיר געזונט.

(יז)

א ישובניק איז געקומען אין א שטאָט. בין מנחה למעריב. אין בית־מדרש שמועסן אידן וועגן "חכמת הדקדוק". מ'קאָלופּעט אויס שווערע ווער־טער און מ'וויל כאַפּן איינער דעם אנדערן אין עם־הארצות. דער ישובניק וואָס האָט זיך געהאלטן פאר א שטיקל למדן, האָט אויך אריינגעוואָרפן א וואָרט.

— דקדוק — מאכט ער — איז א גרויסער ענין. מיט דקדוק קאָנט איר איבערקערן א וועלט. זעט וואָס פון איין וואָרט קאָן ווערן: "שמע" איז דער טייטש "הער". מאכט איר דערפון "שמעני" — מיינט דאָס שוין "הער מיך", און "ישמעאל" ווערט גאָר מיטאמאָל א טערק מיט א רויטער היטל.

(יח)

א ישובניק איז געקומען אין נאָענטן שטעטל פרעגן דעם רב א שאלה: עס זיינען ביי אים געשטאַנען אויף דער פאָדלאָגע עטלאכע טעפּ מיט מילך. איז געקומען דער הונט און האָט אָנגעהויבן זופן פון איין טאָפּ. וויל ער וויסן צי די איבעריקע מילך איז כשר צי ניט.

דער רב קוקט אָן דעם מגושמ'דיקן אידן וואָס איז געפאָרן א פופצן וויאָרסט צוליב דער וויכטיקער שאלה, און פּראָוואוט פּראווען אביסל ליצנות מיטן ישובניק:

— זאָגט מיר — שמייכלט דער רב — איז עס עפּעס א גרויסער הונט?

— ווי זאָל איך אייך פאַרשטעלן — זאָגט דער ישובניק. — עס איז א גאַנץ גרויסער כלב. ווען ער שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס, האָב איך מורא אז ער איז גרעסער פון אייך.

(יט)

א ישובניק האָט נעבאך געהאַט גרויסע צרות מיט זיין בנ'אָק. האָט אויסגעבראָכט אוצרות אויף מלמדים, און דעם קידוש האָט מען אים ניט געקאָנט אויסלערנען. פלעגט קומען צום קידוש — איז כאָטש גיב אים א מכה, דעם תנא ברא — עס גייט ניט! האָט ער געדונגען א נייעם מלמד, און יענער האָט אים פארזיכערט אז ער וועט אים, דעם בנ'אָק, אריינהאַקן דעם קידוש אין קאָפּ. דער נייער מלמד האָט זיך אָן עצה געגעבן און האָט איינגע'חזר'ט מיטן תלמיד חכם דעם קידוש אויף פאָלגענדן אופן: יום — איז איוואן; השישי — איז סטעפּאן; ויכלו — האווריליע; השמים — יורקע א. א. וו., לויט די נעמען פון די גויאים אין דאָרף, אָנהויבנדיק פון דער ערשטע כאטע. עס איז אוועק א גאַנג. דער בחור האקט דעם קידוש אז ס'איז א מחיה.

איינמאָל איז גראָד געקומען צופאָרן עפּעס א רב צום ישובניק און געהאלטן שבת ביי אים.

— איר וועט הערן — זאָגט דער ישובניק צום רב ערב שבת — וואָס פאר א קידוש מיין בחור'ל וועט היינט אנידערלייגן. ס'איז מחיה נפשות!

מ׳זעצט זיך צום טיש, און דער תנא ברא הויבט אן: "יום ויכלו השמים"...

— וואס איז געווארן מיטן הששי, פאר׳שרפ׳עט זאלסטו ווערן! ! — שרייט אוים דער טאטע.

— סטעפאן איז דאך גע׳פגר׳ט — ענטפערט דער בנ׳אק.

(כ)

א ישובניק איז געקומען צופארן אין א גרויסער שטאט און האט זיך געדונגען א צימער אין א האטעל. איידער ער איז געגאנגען שלאפן, האט ער א פרעג געטאן דעם האטעל דינער וועגן דער צייט פון עסן.

— מיר האבן פרישטיק — האט דער דינער געענטפערט — פון זיבן ביז עלף; ווארמעס, פון עלף ביז דריי און וועטשערע, פון זעקס ביז אכט.

— אזוי גאר? — זאגט דער ישובניק פארוואונדערט. — איך וויים גאר ניט ווען איך וועל האבן צייט צו זען די שטאט און עפעס טאן פאר זיך...

(כא)

א קרעטשמער איז געקומען אויף יום כפור אין שטאט. אין שול, ערב יום כפור, הערט ער ווי דער שמש רופט אוים: דברים שבצנעה, אסור . . . ווייסט ער דאך ניט וואס דאס מיינט. גיט ער א פרעג א אידישן יונגמאן, וואס איז געשטאנען לעבן אים:

— וואס האט דער שמש אויסגערופן?

— דער שמש — זאגט דער יונגערמאן — האט אויסגערופן, אז יום כפור טאר מען ניט האלטן אפן קיין קרעטשמע.

כאפט ער זיך, דער ישובניק, ארויף אויף דער בימה, גיט א פאטש און זאגט:

— רבותי, אויף דעם וואס דער שמש האט אויסגערופן, האלט איך א גויה...

(כב)

אליין איז ער געווען א פראסטער איד, אבער א בחור׳ל זיינעם האט ער אוועקגעשיקט אין ישיבה. געווען א געראטן בחור׳ל. איז דער ישיבה בחור געקומען צופארן אויף פסח אהיים. זאגנדיק די הגדה, כאפט זיך ארוים דער טאטע אויפן קול: "תרח אווע, אברהם וואווע (תרח אבי אברהם ואבי נחור.)

— וואס פאר א אווע, וואס פאר א וואווע? — כאפט זיך ארוים דער זון פארוואונדערט.

— ע, שלמה׳קע — שטראפט אים דער טאטע — מילא וואו איך קאן ניט, מיש איך זיך ניט. האסט מיך אמאל געזען נעמען א גמרא אין האנט? די הגדה, אבער, מיין זון, האב איך מער מאל געזאגט פאר דיר. די הגדה זאגן — לאז מיר...

(כג)

א פראסטער איד האט אמאל געבעטן א צווייטן חתמ׳ענען פאר אים זיין נאמען.

— האק אריין אן אלף.

— גוט.

— שטעל אריין א בית.
— געשטעלט.
— פלעבט אריין א לאנגענון.
— אנגעשריבן.
— פאר אריין אן עין.
— גוט.
— נו, האסטו יונה?

(כד)

א ישובניק האט אמאל געבראכט זיין בנ'אק צום רב פון דעם דערביי־איקן שטעטל, און זאגט צו אים:

— רבי, איך וואלט וועלן איר זאלט א טאפ טאן דעם דופק ביי מיין זון, צי ער קאן עפעס אין די שווארצע פינטעלאך. ער האט מיר גענוג אפגע־קאסט. צי יכול'ט ער, צי ניט, ווייס איך ניט. גיט אים א נעם, רבי, אויפן צימבל.

גיט דער רבי א פרעג דעם יונגן ישובניק:

— וואס קאנסטו, מיין זון?

— איך קאן דעם גאנצן סדור — ענטפערט דער יונגער למדן.

גיט אים, דער רבי, דעם בר־מצוה בחור, א קניפ אין בעקל:

— הלואי — זאגט ער — זאלן מיינע זין ניט זיין ערגער פון דיר.

—רבי — גיט דער טאטע א שפרונג פון שמחת — ער קאן דאס טאקע אזויפיל, וואס איר ווינשט זיך מיט אים אויף אייערע זין?

— אז מיינע זין וועלן קאנען מער פון זייער טאטן, וועל איך אוודע זיין צופרידן — האט דער רב געענטפערט.

(כה)

א ישובניק איז געקומען צופארן אין שטאט הערן א חזן. דער חזן האט זיך פאנאנדער־געזונגען ביים "עזרת אבותינו" און האט זיך ספּעציעל אפגעשטעלט ביים "ודברך ישים על לבו". דאס ווארט ישים האט ער געדרייט און געדרייט מיט תחנונים און מיט א וויינענדיקן קול.

— איך פיל אים מיט — רופט זיך אפ דער ישובניק צו א צווייטן מיתפלל, ארויסלאזנדיק א טרער.

— פארוואס? — פרעגט אים יענער.

— ווייל איך בין אויך א יתום — האט דער ישובניק געענטפערט.

(כו)

א ישובניק, אן עם הארץ, זאגנדיק הלל, האט אזוי איינגעזעצט די ווערטער פון "הים ראה וינס, הירדן יסב לאחור": "הים ראה וינס הירדן". כיסתמא האבן אידן אין בית מדרש דערהערט, און מ'טוט אים נאכן דאוונען א פרעג, פון וואנען נעמט ער אזא מין איינזעץ — הים ראה וינס הירדן? און ווידער, אויב דער ים האט דערזען, וואס זשע איז דער ירדן אנטלאפן?

— הערט איר — ענטפערט דער ישובניק. — עס שטייט דאך טאקע: הירדן יסב לאחור, דער ירדן האט ניט געדארפט אנטלויפן — האט ער זיך טאקע אומגעקערט צוריק.

(כז)

עמי־הארצים האבן זיך אפגעטיילט פון די לומדים אין שטעטל און געמאכט א מנין פאר זיך. האבן זיי פארשריבן א תקנה אין פנקס: קיין שום למדן טאר זיך ניט געפינען אין זייער מנין. איינמאל, ביי קריאת־התורה — פרשה קורח — האט איינער פון זייערע באלעבאטים געפונען א גרייז אין דער ספר תורה. דארטן איז געשטאנען קורח מיט א קוף, און אין דער הגהה שטייט גאר מיט א כף (כורך). איז געווארן א רעש, א געפילדער, חברה זיינען גלייך צוגעלאפן צום ספר, אימעצער האט דערווייל געפונען א הגדה — יא, ס'איז אמת, „כורך" מיט א כף.

האט מען זיך א נעם געטאן צום „למדן" און מ'האט אים גלייך ארויס־געווארפן פון שול: ביזטו א למדן — האבן זיי אלע געשריען — איז ארויס פון אונזער מנין.

(כח)

א ישובניק האט גענומען אן אײדים, א זיידענעם יונגנמאן, א למדן. איינמאל זאגט דער אײדים צום שווער:

— היינט האבן מיר יום טוב.

— וואס פאר א יום טוב אויף דיין קאפ, אין מיטן מיטוואך? — פרעגט אים דער שווער:

— היינט איז חמשה עשר בשבט — מאכט דער אײדים.

— וואס־זשע איז דאס פאר א יום טוב? — פרעגט ווידער דער שווער.

— ראש השנה לאילנות — דער יום טוב פוןביימער.

— אזוי גאר? — וואונדערט זיך דער שווער. — ביימער האבן אויך יום טוב? דאס איז ביי מיר א נייעס. ביימער זאלן האבן ראש השנה?

ווערט ער טשיקאווע צו זען ווי די ביימער פראווען ראש השנה. האט ער אנגעטאן דעם פעלץ און איז אוועק אין וואלד אריין. געקומען אין וואלד זעט ער, עס איז טאקע אמת. די ביימער שטייען אנגעטאן אין שניי־ווייסע קיטלען און זיי זאגן שמונה־עשרה, שאקלענדיק זיך דערביי. דער ווינט האט א בלאז געטאן, און עס האט א פייף געטאן. טראכט דער ישובניק: דאס בלאזט מען שופר. איינער פון די ביימער איז געווען גאר א גרויסער, א הויכער, מיט ברייטע צווייגן. טראכט ער זיך: דאס איז מסתמא דער חזן. אינדעם נייט פארביי א פויערטע און פארטשעפעט זיך מיטן קליידל אן די צווייגן פון דעם גרויסן בוים. ווען דער ישובניק איז צוריקגעקומען אהיים, פרעגט אים דער אײדים וואס ער האט געזען אין וואלד, ענטפערט ער:

— זיי פראווען יום טוב ווי מענשן. אלע ביימער האבן געדאוונט ווי רבנים. נאר דער חזן איז מיר גארניט געפעלן געווארן. ער טשעפעט זיך מיט גויעס...

(עמנואל אלשוואנגער)

(כט)

א קבצן איז אמאל געקומען צו א רייכן אידן, אן עם הארץ, בעטן א נדבה. דער גביר האט אים אנטזאגט.

— ווייסט איר פון דער גמרא: "לית עתירא מחזירא ולית עניא מכלבא?" — פרעגט אים דער קבצן.

— ניין — מאכט דער עושר.

— אויב אזוי — זאָגט דער קבצן — וועל איך עס אייך דערקלערן: ס'מיינט, ס'איז ניטאָ קיין גרעסערער עושר פונם חזיר, וואָס געפינט אומעטום זיין פרנסה, און ניטאָ קיין גרעסערער אָרימאַן פונם כלב, וואָס מוטשעט זיך נעבאך און זוכט לאנג ביז ער געפינט א ביין. און טאקע מחמת דעם כאַפּט ער, דער כלב, שטענדיק אָן דעם חזיר ביים אויער. ער רוימט אים אריין א סוד: ברודערקע, ממה נפשך, ביזטו שוין יאָ אזא עושר, וואָס זשע ביזטו אזא חזיר?

— זיי זיבן יאָר א חזיר וועסטו אויך זיין אן עושר — ענטפערט דער חזיר.

(ל)

א ישובניק איז זייער געפעלן געוואָרן דעם מגידס דרשה, וואָס ער האָט געהערט אין שול.

— איי, איי — האָט ער דערציילט מיט התפעלות — איי, איז דאָס א מגיד! ער האָט דאָן געזאָגט אַזעלכע ריכטיקע ווערטער, אז בולבע איז טייער און קיין פרנסה איז ניטאָ...

(לא)

א ישובניק האָט מורא געהאט צו זאָגן חד גדיא פסח צום סדר. די גאנצע מעשה, האָט ער געזאָגט, איז מיר עפּעס ניט גלאַטיק. נאָך האלבע נאַכט פאַרקויפט מען א ציג, און אינגאנצן פאר צווי גילדן, ווער וויים צי זי איז נים קיין גע'גנב'עטע?

(לב)

א ישובניק האָט זיך אמאָל דערוואוסט, אז ראש חודש דארף מען זאָגן "האלב הלל". האָט ער אָפּגעמאָסטן מיט א שטריקל אויפן סדור א העלפט פון "הלל" און האָט עס אָפּגעזאָגט.

(לג)

א ישובניק איז געקומען אין שטאָט מיט זיין געשפּאַן. ער האָט גע־דאַרפט אריינגיין אין א קראָם עפּעס קויפן. ווענדעט ער זיך צו א פאַרביי־גייענדיקן פאַרשוין:

— זייט אזוי גוט, ר' איד, גיט אכטונג א ווײַלע אויף מיין פערד און וואָגן.

— וואָס הייסט איך זאָל אכטונג געבן אויף אייער פערד? — בעס'ט זיך יענער. — איר קאָנט מיך גאָר ניט? איך בין דאָך א באַרימטער עסקן בצרכי צבור (געזעלשאפטלאכער טוער).

— עס מאכט ניט אויס — האָט דער ישובניק געענטפערט. — פונ־דעסטוועגן גלויב איך אז איך קאָן אייך אָנטרויען מיין פערד.

(לד)

ווען די באַנען זיינען דערפונדן געוואָרן, איז דאָס געווען א גרויסער קלאַפּ פאר די באלעגאָלעס. שמועסן עטלאכע באלעגאָלעס צווישן זיך וועגן דעם ענין באַנען.

— איך גלויב — זאָגט איינער — אַז דער גאַנצער ענין איז עפּעס אַן אויסגעטראַכטער. וואָס הייסט אַ באַן וועט גיין אָן פערד?

— זי גייט אָבער פאָרט — זאָגן די אַנדערע.

— איך וועל שוין אויסגעפינען — זאָגט דער סקעפּטיקער.

גייט ער אוועק צום שרייבער פון שטעטל. דער שרייבער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז די קראַפט פון דער פאַרע מאַכט די רעדער זיי זאָלן זיך דרייען, און די רעדער דרייען זיך אויף רעלסן, און אַזוי אַרבעט עס. דער באַלעגאָלע שטייט אַ צעטומלטער און קראַצט זיך אין דער פּאַטילניצע:

— יאָ — זאָגט ער — אָבער איר האָט מיר נאָך אַלץ ניט געזאָגט, וואו די פערד זיינען צוגעטשעפּעט...

(לה)

ווען די באַנען זיינען דערפונדן געוואָרן, האָבן די באַלעגאָלעס פון שטעטל געהאַט וואָס צו ריידן. איינער פון זיי האָט בשום אופן ניט געגלויבט:

— וואָס דערציילט איר מיר מעשיות — האָט ער געזאָגט — וואָס הייסט אַ באַן וועט גיין אָן פערד? קיין נסים זיינען יעצט ניטאָ אויף דער וועלט! אַמאָל זיינען געווען נסים!

דער גביר פון שטעטל האָט גענומען דעם באַלעגאָלע אויף זיינע הוצאות צו דער באַן, וויזן אים ווי אַזוי זי גייט אָן פערד. זיי זיינען אָנגעקומען צו דער סטאַנציע ווען די באַן האָט זיך אויף עטלאַכע מינוטן אָפּגעשטעלט.

— נו? — פרעגט אים דער גביר.

— וואָס נוקעט איר — זאָגט דער באַלעגאָלע. — איך זאָג אייך זיי וועלן איר קיינמאָל ניט רירן פון אָרט אָן פערד.

ווי זיי שמועסן אַזוי, האָט זי די באַן אַ ריר געטאָן און אין אַ פּאָר מינוטן פאַרשוואונדן אין אַ וואָלקן פון רויך. איז דער באַלעגאָלע געבליבן שטיין אַ געליימטער.

— ר' חיים — זאָגט ער צום גביר — זיי וועלן איר קיין מאָל ניט קאָנען אָפּשטעלן...

(לו)

אַ באַלעגאָלע האָט זיך אַמאָל באַרימט, אַז אים איז קלאָרער דער וועג פון זיין שטעטל ביז מינסק, מער ווי אַ איד איז קלאָר אין אשרי.

— ווי קאָן דאָס זיין? — פרעגט מען אים. — אשרי זאָגט מען הדריי מאָל אַ טאָג, און דו פאָרסט נאָר צוויי מאָל אַ וואָך.

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט דער באַלעגאָלע — נעמט אפילו דעם רב אליין — קאָן ער זאָגן אשרי אויף צוריק? איך פאָר אָבער הין און צוריק...

(לז)

— נאָך וועמען האָט איר יאָרצייט? — האָט אַ איד אַ פרעג געטאָן אין בית מדרש ראובעלע דעם באַלעגאָלע.

— נאָך דער מאַמען זאָל געזונט זיין — האָט ראובעלע געענטפערט.

(לח)

דער רב איז געפאָרן מיטן באַלעגאָלע אין א דערבייאיקן שטעטל.

— וואו איז אייער בולאַנער? — פרעגט אים דער רב.

— איי, רבי — זאָגט ער — וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר? דער בולאַנער האָט מיר אויסגעריסן א שטיק הארץ. עס איז עפּעס געווען א פערד, מיינט איר — א מלאך איז דאָס געווען, ניט קיין פערד! דאָס איז געווען א לאָבן ברויט, איז דאָס געווען. ער האָט דאָך מיר אַלע מיינע טעכטער חתונה געמאַכט און געקומען פיינע איידימס. האָט ער גענומען. גאָט אַליין האָט מיר צוגעשיקט דעם בולאַנעם.

— נו, נו — פרעגט ווייטער דער רב — וואָס זשע האָט זיך מיט אים געטראָפן?

— פאַרשטייט איר מיך, רבי — ענטפערט דער באַלעגאָלע — ער איז נעבאָך אַלט געוואָרן. פלעגט מען דאַרפן אַרויפגיין אויף באַרג — פלעגט ער גיין פונקט ווי א רב׳לע. איי, קלער איך מיר, דו פראַוועסט מיר רבנישע שטיק. וועל איך פטור ווערן פון דיר. האָב איך געקויפט דעם — דער איז שוין ניט פון די כלי־קודש. אז איך הייס גיין — גייט ער, און פראַוועט ניט קיין רבנות.

(לט)

דער שטאָטישער באַלעגאָלע האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויף א מינוט אין בית־מדרש אָפּדאַווענען. די פּאַסאַזשירן וואַרטן דערווייל, — זאָלן זיי וואַרטן. ראַובעלע דער באַלעגאָלע דאַרף אָפּטאָן זיין חוב צו גאָט איידער ער לאָזט זיך אַרויס אין וועג. איילנדיק זיך האָט ער פאַרגעסן מיטנעמען זיינע תפילין. ער זעט עס ליגן א פּאָר תפילין אויפן טיש, גיט ער זיי א כאַפּ, און פאַרקאַטשעט דעם אַרבל. קומט צו דער שמש:

— ראַובעלע — זאָגט ער — דאָס זיינען רבנו תם׳ס תפילין.

— נישקשה, ביז וואַנען רבנו תם וועט זיך איספראַווען, וועל איך שוין האָבן אָפּגעדאַוונט און מאַכן א שטיק וועג — האָט ראַובעלע געענטפערט.

(מ)

א באַלעגאָלע אין א שטעטל איז געוואָרן א נגיד. האָט ער זיך געקויפט א שטאָט אין בית מדרש אין מזרח זייט, ניט ווייט פון רב. אידן האָבן דאָס דערזען, זיינען זיי נשתומם געוואָרן. דער באַלעגאָלע האָט דאָס באַמערקט. זאָגט ער:

— וואָס וואונדערט איר זיך אַזוי? איר זעט קיין עין הרע אַזאַ מזרח מיט פערד, מוז מען דאָך האָבן צו זיי א באַלעגאָלע!!

(מא)

א אידענע איז געקומען צום רב מיט א שאלה אויף א הון. דער רב האָט אַריינגעקוקט אין דער הון און זאָגט: ״ס׳איז כשר״. די אידענע, ווערנדיק מלא שמחה, רופט זיך אָפּ:

— הלואי — זאָגט זי — זאָלט איר דערהפאַר ראַווענען אויף אייביק...

(מב)

א באַלעגאָלע האָט, פאַרנדיק, באַמערקט א צווייטן באַלעגאָלע, וואָס האָט זיך נעבאָך געמאַטערט מיט זיין וואָגן וואָס איז אַריינגעקראָכן אין א טיפער בלאָטע.

— א וואָגן ארויסצושלעפּן פון בלאָטע מוז מען צולייגן שכל — זאָגט דער באַלעגאָלע — און לייגט טאַקע צו זיין פּלייצע ווי ס'געהערט צו זיין.

(מג)

א באַלעגאָלע, א גרויסער עם הארץ, וואָס איז אינגלווייז געגאַנגען אין הדר מיטן בריסקער רב, האָט אים אַמאָל א קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע:

— געדיינקסט, יאָשע־בער, ווי מיר האָבן זיך אַמאָל געגליטשט אויפן באַרג?

— יאָ — האָט ר' יוסף בער בריסקער געענטפערט — איך געדיינק: איך האָב זיך געגליטשט ארויף, און דו — אראָפּ.

(מד)

באַלעגאָלע (צו זיין זון, אויך אין דער זעלבער פּראָפעסיע): ווי האָט זיך דיר עפּעס די נאַכט געפאָרן, הערשל?

זון: הערסט, טאַטע, איז דאָס געווען א שטורעם. ווען דו פאָרסט די נאַכט, וואָלט געווען א בראָך צו דיינע יאָרן, וואָלסט אהיים ניט דערלעבט צו קומען...

(מה)

צוויי באַלעגאָלעס האָבן זיך אַמאָל באַגעגנט פאַרנדיק אין קעגנגע־זעצטע ריכטונגען.

— בערל — זאָגט יענקל צום צווייטן — קאָנסט שוין פאָרן צוריק. האָסט שוין בלאָטע, ניט קיין טאָטן!

— וואָס באַלעבעטשעסטו — איז בערל סקעפּטיש. — איך האָב אים ערשט נעכטן ביינאַכט געזען. געווען געזונט ווי א פערד!!

— נעכטן, איז זיך נעכטן — ענטפערט יענקל — אָבער היינט אינ־דערפרי האָט ער זיך אנידערגעלייגט ווי א קליאַטשע און האָט אויסגעפּייפט די נשמה...

(מו)

א באַוואוסטער גביר מיטן נאָמען משה, א גרויסער עם הארץ, האָט אַמאָל א זאָג געטאָן: עס זיינען געווען דריי משה'ס אויף דער וועלט: איך, משה רבינו, און מיין ברודער באַצקל.

(מז)

א יונגערמאַן איז אַמאָל געקומען צו ר' אייזיקל חריף, דעם סלאָנימער רב, נעמען סמיכה אויף רבנות. דער רב פאַרהערט אים אין לערנען. ס'איז ניטאָ וואָס צו הערן: לא קרא ולא שנה, א פּוסטע כלי. פרעגט אים דער רב: וואו האָט ער געלערנט? ווי לאַנג האָט ער געלערנט? יאָ, ער האָט געלערנט א סך יאָרן אין א ישיבה; יומם ולילה געלערנט. א גרויסער מתמיד געווען. נו, קלערט ביי זיך דער רב, האָסט טאַקע געלערנט "תמיד" אָבער קאָנען, ווייזט אויס, קאָנסטו "מכות".

— זאָג מיר נאָר — גיט אים דער רב א פרעג — וואָס איז דער טייטש "תנו רבנן?"

— מיר איז א חידוש, רבי, איר זאָלט מיך פרעגן אזא זאַך? דאָס ווייסן דאָך אפילו תינוקות של בית רבן. — וואונדערט זיך דער יונגערמאַן — תנו רבנן — די רבנן האָבן געלערנט.

— ניין — שמייכלט דער רב — האָסט א טעות. עס שטייט ניט "רבנן תנו". עס שטייט תנו רבנן. געלערנט האָבן די רבנן. און דאָס מיינט, אז פריער דארף מען לערנען, דערנאָך נעמט מען סמיכות אויף רבנות.

(נאָך ליפסאָן)

(מח)

א אידישער סוחר, פאַרנדיק פון א יאַריד, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין א קרעטשמע. זיצנדיק ביים טיש האָט ער זיך צוגעהערט ווי דער מלמד לערנט מיט דעם קרעטשמערס קינדער. דער מלמד איז געווען א שרעקלאַכער עם־הארץ און פון זיינע טייטשן האָבן זיך דעם סוחר די האָר אויפן קאָפּ געשטעלט קאַפּויער. נאָכן לערנען גייט ער צו צום מלמד, און פרעגט אים אויב ער וואָלט ניט געוואָלט אָננעמען א שטעלע ביי אים, ביים סוחר. ער וועט אים צאָלן, זאָגט דער סוחר, מער וויפל ער קריגט אויף דער קאָנדיציע.

— וואָס וועל איך דארפן טאָן ביי אייך אין הויז? — גיט דער מלמד א פרעג.

— איך האָב א זייגעדיקע קינד אין הויז, וועט איר עס דאַרפן זייגן.

— זייגן א קינד? — שטעלט אויס דער מלמד א פּאָר אויגן — ווי קען א מאַן זייגן א קינד?

— אויב אזא עם הארץ ווי איר קאָן זיין א מלמד — זאָגט דער סוחר — קאָנט איר זיין א זייגערן אויך.

(נאָך י. ריטשמאַן)

(מט)

א חסידישער רבי האָט אמאָל געטייטשט א פּסוק: יום ליום — פאַר־וואָס זיינען דאָ ליכטיקע טעג ביי אידן — יביע אומר, ווייל מ'האָט אמאָל גע־בראַכט דעם עמר — ולילה ללילה — און פאַרוואָס איז דאָ איין גלות נאָך דעם אנדערן — יחוה דעת — ווייל חוה האָט געגעסן פון עץ הדעת...

(נ)

א בונדיסטישער ראַיאָן־פירער איז אמאָל געקומען אין א קליין שטעטל אָנצופירן מיט דער סאָציאַליסטישער ארבעט. שבת פאַרנאַכט גייט ער ארוים מיט עטלאַכע חברים שפּאַצירן אין דעם שטעטלשן שפּאַציר־פּלאַץ. עס שפּאַ־צירן דאָרט א סך יונגעלייט, מיידלאַך.

— ווער זיינען דאָס אָט די יונגווארג? — פרעגט ער זיינע באַגלייטער — געהערן זיי צו אונזער באַוועגונג?

— ניין — ענטפערט מען אים.

— נו, טאָ וואָס זשע לאָזט איר זיי דאָ שפּאַצירן? — פרעגט ער. — ביי אונז, זאָגט ער, איגנאָרירט מען זיי.

— וואָס מיינט איר, מ'איגנאָרירט זיי? — פרעגן אים זיינע באַגליי־טער אביסל פאַרוואונדערט.

— ס'הייסט — זאָגט ער — מ'איגנאָרירט זיי מיט א מעסער אין זייט...

(נא)

דער קאָמיסאַר פון א קליין שטעטל האָט געבראַכט א צירק פאַר דער פאַרוויילונג פון די איינוואוינער. צווישן די וועלכע זיינען געקומען אָנקוקן

די וואונדער איז אויך געווען זעליג דער שמש און זיין פרוי. דאס פּאָרל איז אָרעמטעגאנגען און מיט גרויס נייגעריקייט באטראכט אלע חיות און צירקוס־לייט. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו די קעמלען, האט זעליג א שלעפּ געטאן זיין פרוי ביים ארבל:

— זע נאר, שרה, — האט ער געזאגט, אנווייזנדיק אויף א קעמל, — זע נאר וואס די באלשעוויקעס האבן געמאכט פון א פערד!

(נב)

א חזן האט געדאווענט צום ערשטן מאל אין א שטעטל. האט ער אני־דערגעלייגט א דאווענען אז מ׳האט אים די ביינער געדארפט צעברעכן. ניט קיין קול, ניט קיין עברי. אידן זיינען געווען אויסער זיך פון אזא חוצפה. אזא נפש זאל זיך נאר אטוואזשען גיין צום עמוד! נאכן דאווענען גייט צו צום חזן איינער פון די מתפללים, און דערלאנגט אים א יישר כח:

— חזן — זאגט ער — נעבאך א שווערע פרנסה אונזערע.

— וואס, איר זייט אויך א חזן? — פרעגט אים דער חזן.

— איך בין אויך א באלעגאלע — האט דער איד געענטפערט.

(נג)

א חזן האט אמאל געדאווענט פארן עמוד און האט נאטירלאך געמאכט אלע אנשטריינגונגען צו געפעלן מיט זיין דאווענען. ווען עס איז געקומען צום השכיבנו האט ער דאס איבערגעזאגט צוויי מאל, וויל ער האט געדיינקט, אז דער השכיבנו איז גאר אן אנטיק. נאך דעם דאווענען פרעגט ער דעם גבאי:

— נו, ווי האט איר עפּעס געגליכן מיין השכיבנו?

— וואס זאל איך אייך זאגן — מאכט דער גבאי — דאס ערשטע מאל האט איר דאס אפנים אליין ניט געגליכן; דאס צווייטן מאל האב איך דאס ניט געגליכן.

(נד)

צוויי אידן האבן געוואוינט בשכנות. איינער א למדן, אבער א גרויסער קבצן, דער אנדערער — אן עם הארץ, א גראבער מענש, און געוויינלאך, א גביר. דער רייכער איד האט געהאט א ש״ס אין הויז, כדי אויסצופּיינען זיך. דער למדן פלעגט פון צייט צו צייט בארגן א ספר אויף אריינצוקוקן, ביי זיין שכן. איינמאל, באָרגנדיק א גמרא, האט דער למדן באמערקט אז די גמרא איז פון מאיל צעלעכערט געוואָרן ביי די ראנדן.

— א שאד — זאגט ער צום גביר — וואס דער מאיל האט צעלעכערט די גמרא.

— ס׳מאכט ניט אויס — זאגט דער גביר — איך וועל די גמרא געבן צום איינבינדער, ער זאל זי ארומשניידן, מאכן קלענער, וועט ווערן פון דער גמרא א משניות׳ל...

(נה)

א רב האט אמאל געהאלטן א דרשה אין בית־מדרש. אידן לומדים האבן גלייך אויסגעפונען, אז די דרשה איז גאר ארויסגענומען פון א ספר, און ער, דער רב, האט עס אפילו ניט געזאגט בשם אומרו. איז ער דאך מעכב די גאולה, ווארום האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם — שטייט

געשריבן. הכלל, מ'האָט גלייך גערופן אן אסיפה, וואָס זאָל מען טאָן מיטן רב? א רב זאָל אָפּטאָן אזא מעשה! אלע קאָכן זיך, מ'שרייט, מ'טומלט. נאָר איינער פון די גבאים, א חשוב'ער באלעבאָס, זיצט און שווייגט.

— וואָס שווייגט איר? — פרעגט אים דער ראש הקהל.

— וואָס איז דאָ פאראן וואָס צו שרייען — ענטפערט דער גבאי. — וואָס איז דאָ דער סקאנדאל? דוד המלך האָט דאָס געמעגט טאָן, און א רב טאָר ניט?

— דוד המלך? — פרעגט אים דער ראש הקהל פארוואונדערט — וואָס האָט ער אזוינס געטאָן?

— וואָס הייסט? — כאַפּט זיך ארויס דער גבאי — ער האָט געמעגט ארויס'גנב'ענען די הללויה'ס פון סדור און אריינשטעלן זיי אין תהילים אריין?

(נאָך וויזען)

(נו)

צוויי ישיבה בחורים האָבן זיך געשפּאַרט א היבשע צייט איבער א "כלומר" אין רש"י. קומט אריין א איד א הדרת פּנים, זעט אויס צו זיין א למדן. פרעגן זיי ביי אים. דער שיינער איד, א קנאַפּער יודע ספר, קוקט אריין אין רש"י און זאָגט:

— יונגעלייט, מיר איז גאָר אן אנדער זאַך קשה: ווי קאָן מען גאָר לייענען אזעלכע פּיצלאַך אותיות?

(נז)

א חסיד קומט צום רבין, גיט אים א "קוויטל", און איז זיך מזכיר אלס משה בן עתטער. פרעגט דער רבי ביי אים: "נו, און מיטן ריש האָט איר זיך שוין קיין עצה ניט געקאָנט געבן?

(געהערט פון רבי י. ל. זלאָטניק)

(נח)

מ'האָט גענומען א נייעם רב אין שטעטל. א שטיקל צייט שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז גאָרניט קיין גרויסע צאַצקע.

— וואָס דיינקסטו עפּעס וועגן אונזער רב? — פרעגט איין גבאי ביים צווייטן.

— איך דיינק — זאָגט דער אנדערער — אז ער איז א וואַזשנע כלי: א רב און א רבי צוזאַמען.

— וואָס מייַנסטו?

— פארשטייסטו מיך: דאַוונען דאַוונט ער ניט ווי א רב, און אין עם הארץ איז ער ווי א רבי...

(נט)

א פּריזירער האָט אמאָל אויפגעהאנגען אויף דער פראָנט-טיר א קוויטל מיט אן אויפשריפט: "צוליב רעמאָנט ראזיר איך די געסט פון הינטן".

(ס)

א אידענע האָט אמאָל געלויבט דעם חזן פון דער גרויסער שול, וואָס איז געווען א גרויסער בעל-בכיה און פלעגט דאַוונען מיט א צעבראָכן הארץ, מיט גרויס געפּיל און תחנונים.

— אוי — איז זי אַריינגעפאַלן אין התפעלות. — איז דאָס אַ חזן! ער בעט זיך דאָך ביי גאָט ווי ביי אַ גזלן.

(סא)

אַ גראָבער יונג איז רייך געוואָרן און האָט אָנגעהויבן בלאָזן פון זיך און האָט אַמאָל באַלייזדיקט אַן אָרימען אידן, אַן איידעלן מענש. האָט אים יענער געזאָגט, איך וועל דיר דערציילן אַ מעשה:

אַ וואָלף איז אַריינגעלאָפן אין דאָרף און דערזען אויף אַ דאַך אַ באָק. דער באָק האָט פאַרשטאַנען אַז ער געפינט זיך אין אַ גוטער לאַגע; האָט ער חוזק געמאַכט פונם וואָלף.

— ניט דו זידלסט מיך — האָט דער וואָלף געענטפערט אויף דעם. — אַ באָק בלייבט אַ באָק — נאָר דאָס הויכע אָרט אויף וועלכן דו געפינסט זיך צופעליק.

(סב)

אַ חזן איז געקומען אין אַ שטעטל דאַוונען אויף "פּראָבע". צו "ובנוחה יאמר", ווען ער איז געקומען צום "חדש ימינו כקדם", האָט ער דאָס איבער־געהופּט און גלייך אָנגעהויבן "יתגדל ויתקדש". נאָכן דאַוונען פרעגט אים דער גבאי:

— חזן, פאַרוואָס האָט איר עפּעס דורכגעלאָזן דעם "חדש ימינו כקדם?"

— וואָס ווילט איר — האָט דער חזן געענטפערט — איך זאָל בעטן דעם רבש"ע ער זאָל מיך צוריק מאַכן פאַר אַ באַלעגאָלע?

(סג)

דער גאון רבי צבי הירש חיות, ע"ה, פון זאָלקיעוו, איז געווען אַ גרויסער תלמודישער אויטאָריטעט, און דערצו אַ גרויסער פאָרערער פון געטע, דעם גרויסן דייטשן שריפטשטעלער. איינמאָל, אַ שבת אין 1832, האָט זיך רבי הירש פון דער צייטונג דערוואוסט, אַז געטע איז געשטאָרבן. די נייעס האָט אים דערשיטערט. דער עולם אין בית־מדרש ביי דער תפלה האָט דער־פילט, אַז דער רב איז זייער טרויעריק. האָבן באַלעבאַטים אים אַ פרעג געטאָן די אורזאַך דערפון. רבי הירש האָט געענטפערט אַז געטע איז געשטאָרבן. קיי־נער פון דער געמיינדע האָט ניט געוואוסט ווער געטע איז געווען, האָבן זיי געמיינט אַז געטע איז געווען אַ גרויסער רב, און שנעל האָט זיך די נייעס פאַרשפּרייט צווישן עולם, אַז הרב הגאון געטע איז געשטאָרבן, און דער גאַנ־צער עולם האָט שטאַרק געטרויערט.

(נאָך חיים בלאָך)

2.

# עם־הארצות אין דער גאָלדענער מדינה

דער נייער גלות־צענטער, אַמעריקע, האָט אויסגעבילדעט אויסגעצייכנטע שטריכן פון כאַראַקטער אין דעם אידן: איגנאָראַנטיקסטע אָרגאַניזירטקייט, און טיפן געפיל פון פאַראַנטוואָרטלאַכקייט פאַר זייערע ברידער אויף יענער זייט ים. דאָס אַמעריקאַנער אידנטום פלעגט אויפגעטרייסלט און אויפגעצייכ־

ערט ווערן פון די ידיעות וועגן בלוטיקע פאגראמען אין דער אלטער היים און האבן טאקע אויסגעדריקט זייער רחמנות ניט נאר מיט קרעכצן אליין נאר מיט קאלאסאלע סומען לטובת די געליטענע.

אין קולטורעלן זין איז דער אמעריקאנער קבוץ אויך ניט צוריקגע־שטאנען. א נעץ פון קולטור־אנשטאלטן איז געשאפן געווארן צו באדינען אלערליי גרופן מיט זייערע אינוועניקסטע גייסטיק־קולטורעלע דיפערענצי־רונגען. זיי האבן שולן פון אלטן טיפ, און רעפארמירטע טעמפלען, טעאלא־גישע סעמינארן און א גרויסע נעץ פון תלמוד תורות, אידישע שולן, רעכטע און לינקע; א שטארק פארצווייגטע פרעסע מיט צייטונגען, זשורנאלן און פע־ריאדישע אויסגאבן אין העברייאיש, אידיש און ענגליש. די אידישע ליטערא־טור, דער אידישער טעאטער פארנעמען א חשוב'ן ארט אין דעם אמעריקאנעם אידישן לעבן.

די עם־הארצות אבער, בנוגע אידישקייט צווישן דער יוגנט, ניט געקוקט אויף דער גוואלדיקער אנשטריינגונג פון די אידישע קולטורעלע פירער, איז א מאוים'דיקע. די קינדער לעבן אין אן אמעריקאנער וועלט, גייען אין אמערי־קאנער שולן, זאפן זיך אן מיט די ווערטן פון דער גרויסער אמעריקאנער קול־טור, לעבן א לעבן וואס האט אומגעהייער גרויסע מעלות, וואס האט אבער אויך פאר דעם אידן, ווי פאר אלע מינאריטעטן אין אמעריקע, אויך אן אומ־געהייער שעדלאכע טענדענץ — דער אמעריקאנער "שמעלץ־טאפ" — די טענדענץ אויסצוואווארצלען יעדע אייגנארטיקע היסטארישע שפראצונג פון די פארשיידענע נאציאנאליטעטן וואס לעבן אין אמעריקע.

די היים — די אלטע אידישע היים, מיט איר אינטימער היימישער סביבה — פעלט. די שפראך, די מנהגים, די זיטן, די לעבנס־ארטן, געזעל־שאפטלאכע קאלעקטיווע איבערלעבונגען און אידעאלן — דאס אלעס פעלט אין אמעריקאנעם אידישן ישוב.

די אידישע שול איז אויך דורכגעגאנגען א פראצעס וואס איז אפשר ניט שטארק געזונט. "אנשטאט די שולן זאלן ציען זייער יניקה פון דער סביבה", שרייבט וו. נאטאנסאן, "האבן זיי גאר געמוזט שפילן א פארקערטע ראל, — שפייזן די סביבה, זי ראטעווען — און וואס פאר א אידישקייט האט די שול געקאנט געבן א סביבה וואס האט זיך אויסגעלייזדיקט פון אידישן גייסט, און וואו עס איז פאראן זייער ווייניק אידישער אינהאלט און אידי־שער לעבנס־שטיינער?" און חוץ דעם זיינען דא טויזנטער און טויזנטער קינדער וואס קריגן לחלוטין ניט קיין אידישע דערציאונג. דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, וואס ביי דעם אידישן פאלק, ביים עם־הספר אין אמע־ריקע, זיינען אויסגעוואקסן אזעלכע מוראדיקע עמי־הארצים, וואס זייער גלייכן איז אפשר ניט געווען אין דער אידישער געשיכטע. עס האט זיך געשאפן א טיפ פון א אידן, וואס בעת דער אלגעמיינער מענטש אין אים איז אויסגע־סטראיעט אין א ציוויליזאציע פראק און קולטור צילינדער, איז דער איד אין אים אין א צושטאנד פון אראנג־אוטאנגישער קולטור־נאקעטקייט.

טויזנטער און טויזנטער אידישע יונגעלייט און מיידלאך קאנען אפילו דעם אידישן אלף־בית ניט. עס האט זיך געשאפן אזא קאמישער צושטאנד אין

אידישע קולטור־ענינים, אז אדער מ׳שעמט זיךריידן און לייענען אידיש אדער העבריאיש, אדער אויב אזא כלומרשטער אינטעליגענט דער־מאנט א אידיש ווארט אדער א אידישע פראזע, דערמאנט ער דאס עפעס ווי א מין עקזאטישן ענין — וואס איז אזוי ווייט פון אים כרחוק מזרח ממערב. ביי א טייל פון דער יוגנט איז שעמען זיך מיט אלץ וואס איז אידיש נאר א מין יחוס. דער אויסערלאכער גלאנץ, דאס דעקאראטיווע, איז ביי זיי דער עיקר; דאס אידיש־גייסטיקע איז ביי זיי א תפל — אוועקגעשטופט געווארן אין הינטערגרונט. אין דעם גרעסטן טייל פון אידישע הייזער געפינט מען ניט קיין אידישן ספר אפילו אויף א רפואה.

אויף אזא באדן איז קיין וואונדער ניט וואס עס זיינען ארויסגעוואקסן פלאנצונגען פון גוואלדיקער עם־הארצות, וועלכע זיינען געווארן א טייל פון דעם נייעם אידישן פאלקלאר אין די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע.

דער ריכער אמעריקאנער איד האט איינגעלאדן אן עולם צו קומען פייערן מיט אים דעם בר־מצוה יום־טוב פון זיין אינגל. דער עולם גיט א קוק אויפן בר־מצוה בחור און זיי ווערן נשתומם — א בחור׳ל קיין עין הרע פון א יאר אכצן — עס הויבט אים שוין אן וואקסן א בערדל און ער דארף שוין גאר באלד גיין צו דער חופה. גיבן זיי א פרעג דעם טאטן: וואס מיינט דאס? ענטפערט ער: איך האב נעהאט אביסל צרות מיט זיין מפטיר...

די אידישקייט איז געווארן א מין קדיש־בר־מצוה־מפטיר־שופר־כל־נדרי אידישקייט, און ביי דער יוגנט ווערט די אידישקייט באטראכט אלס א מין גרינגע בטלנות, און וואס גיכער מ׳רייסט זיך פון איר ארויס — אלץ בעסער.

אט אויף אזא באדן האט זיך עס געשאפן דער נייער וויצן־פאלקלאר פון עם־הארצות אין אמעריקאנעם אידישן לעבן. אין דער אלטער היים האט אזא עם־הארצות בשום אופן ניט געקאנט זיין, ווייל אויב אימעצער האט אפילו קיין תורה ניט געלערנט, איז ער אבער געווען אזוי ארומגערינגלט מיט אידישע מנהגים און טראדיציעס, אז די עם־הארצות האט קיין גרויסע שליטה ניט געקאנט האבן.

דערפאר איז אין דער אלטער היים געווען די ציל־ברעט פון אידישן סארקאזם און וויץ — דער פראסטער מענש, דער ישובניק, דער ארענדאר, דער באלעגאלע. אין אמעריקע אבער זייט איר קיינמאל ניט זיכער וויפל עם־הארצות עס באהאלט זיך אונטער יעדן צילינדער, אונטער יעדער שטארק־אנגעקראכמאלעטער מאנישקע.

(א)

אן אלרייטניקס א זון איז געווארן בר־מצוה. מ׳האט צוזאמענגערופן א גרויסן עולם, פאר וועלכן דער בר־מצוה בחור האט געהאלטן א פיינעם „ספיטש“ וואס דער „היברו טיטשער“ האט אים אויסגעלערנט. דער עולם איז געווען זייער צופרידן.

זיצנדיק ביים טיש און געניסנדיק פונם כיבוד וואס די עלטערן האבן צוגעגרייט פאר די געסט, מאכט איינער פון די געסט, וואס איז געזעסן אויבנאן, צום בר־מצוה:

— "אי האופ יו וויל בי עי גוד באי ענד יו אר גאאינג טו לייג תפילין. דער בר־מצוה בחור'ל האט אויף דעם געענטפערט:

— דהיס סאמער, מיסטער שאפירא, איי עם גאאינג טו לייק סימקא; איי דאנט נאו אבאוט נעקסט סאמער יעט.

(ב)

איך האב אמאל געשמועסט מיט א אידן וועגן א געוויסער אנגעזעענער פערזאן, וועמען מ'האט דערוויילט אלס פרעזידענט פון דער ארטיקער תלמוד־תורה.

— ווי קומט מען דאס צו דערוויילן אזא מאן אלס א פרעזידענט פון א דערציערישער אינסטיטוציע? — צעקאכט זיך מיין בעל דברים — אז יענער ווייסט ניט בין ארור המן למרדכי אסתר (בין ארור המן לברוך מרדכי)...

(ג)

עס איז פארגעקומען אין שטאט א קאמפאניע פאר דער תלמוד תורה. די לערער האבן שוין חדשים־לאנג קיין שכירות ניט באקומען. די מארטגעדזש קאמפאני האט געסטראשעט אז זי וועט צונעמען דעם בנין, אויב מ'וועט ניט מאכן די צאלונגען תיכף ומיד. איינער א גביר — ער איז געווען "אל־רייט" — האט גלייך מנדב געווען טויזנט דאלאר, מיט דעם תנאי אז דער קאמיטעט זאל שאפן נאך ניין טויזנט צו דעקן דעם דעפיציט. דער קאמיטעט האט געארבעט מעשים. אלע זאמלער האבן באריכטעט גוטע רעזולטאטן, נאר איין זאמלער איז געווען אומצופרידן.

— אויף מיין צעטל — האט ער זיך געקאכט ביי א זיצונג פונם קאמיטעט — איז פאראן דער נאמען פון מר... איך דארף אייך ניט דערציילן וואס פאר א גביר אדיר ער איז. אנגעשטאפט מיט געלד. ווערט משוגע פון גוטס. ער האט מיר קיין איין סענט ניט געגעבן. וואס זאגט איר אויף דעם? — פרעגט ער דעם קאמיטעט.

— ס'איז א פראסטער שכל — ענטפערט דער פארזיצער. — מערסט־טייל מענשן גיבן אויף צדקה פשוט פאר מורא. קומט מען זאמלען פאר א שפיטאל, גיט מען א טראכט: ווען ווייס וואס ס'קאן זיך מאכן? אפשר ווערט מען אמאל קראנק און הילפלאז? א מושב זקנים — אפשר — טראכט דער געבער — וועל איך אויף דער עלטער דארפן אנקומען צו אים? אבער מיט א תלמוד תורה איז אנדערש. וואס וועט מר... מורא האבן, אז ער וועט אמאל ווערן א תלמיד חכם?...

(ד)

איך בין איינמאל געגאנגען זאמלען פארן קרן־קימת. קום איך אריין צו א אידן אן "אלרייטניק".

— אויף וואס גייט דאס געלט? — פרעגט ער מיך.

— פארן קרן־קימת — דערקלער איך אים. — פאר דעם אידישן נאציאנאל־פאנד.

— אויף דעם גיב איך ניט — מאכט ער — צוליב פרינציפ.

— מיר איז א חידוש — זאג איך — איך האב ביי זיך דעם צעטל פון די ביישטייערער פון קרן־היסוד, און אייער נאמען איז אויך דא אויפן צעטל.

— קרן־היסוד — מאכט ער — איז אַנדערש. דאָס איז, זאָגט ער, אַ סאָציאַליסטישער ענין. אָבער קרן־קימת — דאָס איז, זאָגט ער, אַ בורזשואַזע זאַך, אויף דעם גיב איך ניט.

(ה)

אַ רייכער איד, אַ פּראָסטאַק, איז געווען דער פּרעזידענט פון זיין קאָנגרעגיישאַן. פאַר ימים נוראים איז געווען זיין אויפגאַבע צו דינגען אַ חזן אויף יום־טוב. עטלאַכע חזנים האָבן אָנגעגעבן זייערע אַפּליקאַציעס. דער פּרע־זידענט האָט זיי פאַרהערט זינגען, זיי אים אָבער ניט געפעלן געוואָרן (געווען אַ גרויסער מבין אויף פירוש המילות, אויף נגינה). צום סוף האָט ער געפּאַקט אַ חזן וואָס איז געווען אַלרייט.

— וואָס איז מכח אַ שופר? — פרעגט דער חזן אויף הבריה ספרדית.

— אַ שאָופער? — פרעגט דער פּרעזידענט פאַרוואונדערט — איך האָב ניט קיין שאָופער, איך טרייב מיין אויטאָמאָביל אַליין...

(נאָך ס. פּ. מענדלסאָן)

(ו)

אַן אַמעריקאַנער איד, אַ פּראָסטאַק, איז געפאָרן באַזוכן ארץ־ישראל. ער איז דאָרט געווען עטלאַכע וואָכן, האָט ער געהערט ווי מענטשן האַלטן אין איין רײדן תוצרת הארץ. גייט ער איינמאָל אַריין אין אַ קראָם עפּעס קויפן.

— אָט דאָס — זאָגט אים דער קרעמער, אָנווייזנדיק אויף דער סחורה — איז אַן ארץ־ישראל פּראָדוקט.

— גיט מיר ניט קיין ארץ־ישראל׳דיקע שמאַטעס — מאַכט דער אַמע־ריקאַנער. — איך וויל תוצרת הארץ, וויל איך.

(ז)

עס איז פאָרגעקומען אַ בני־ברית פאַרזאַמלונג. געוויינלאַך איז די פאַרזאַמלונג געפירט געוואָרן אין ענגליש. איינער פון די פאַרזאַמלטע, אַן עלטער־ער איד, האָט זיך גע׳כעס׳ט פאַר וואָס מ׳רעדט כסדר ענגליש, ווייל ער האָט קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען. עטלאַכע מאָל האָט ער, דער אַלטיטש־קער, איבערגעריסן דעם פאָרזיצערס באַמערקונגען. נאָך דער פאָרזיצער, ווי אויך די אַלע אַנדערע רעדנער, האָבן אים ניט געשיינקט קיין אויפמערקזאַמ־קייט. צום זעקסטן איבעררייס האָט שוין דער פאָרזיצער ניט געקאָנט מער אויסהאַלטן דעם אַלטנ׳ס חוצפּה און אַ געשריי געטאָן אויף אים אַז די ווענט האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן: "שאַראַפּ!"

— אָט אַזוי — שמייכלט דער אַלטער — קאָטש איין אידיש וואָרט געהערט ביי דער פאַרזאַמלונג...

(ח)

אַן אַלרייטניק האָט געהאַלטן אַ רעדע אויף אַ תנאים־שמחה. ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט וועגן די גרויסע מעלות פון דער כלה. געשאָטן מיט פּסוקים. צום סוף האָט ער דראַמאַטיש געזאָגט:

— זי איז אַלעמאָל געווען אַן "אשת איש" (אפשר האָט ער געמיינט: אשת חיל?), און זי איצט יעצט אויך אַן אשת איש...

(ט)

רבי מאסליאנסקי איז אמאָל געקומען אין א שטאָט האַלטן א דרשה. האָט אים א רייכער איד איינגעלאַדן, נאָך דער דרשה, צו זיך אין הויז. נאָך וועטשערע וויל מאסליאנסקי פאָרן אהיים, אָבער יענער, דער גביר, לאָזט אים ניט אָפּ. ער מוז פאַרבלייבן ביי אים נעכטיקן. מאסליאנסקי האָט ניט געהאַט מיט זיך זיינע נאַכט־קליידער, האָט אים דער מכניס־אורח געליען זיין שלאָף־ראָק. אינדערפרי איז מאסליאנסקי ארויס פון צימער אינם באַלעבאָס׳ שלאָף־ראָק, האָט די באַלעבאָסטע געמיינט אז דאָס איז איר מאַן. רופט זי זיך אָפּ:

— מאָריס, פאַרוואָס האָסטו מיך ניט געפאָלגט, איך האָב דאָך דיר גלייך געזאָגט אז ער איז א שנאָרער און דו זאָלסט אים הייסן פאָרן אהיים?

— אויב איר דיינקט אז איר רעדט צו אייער מאַן — ענטפערט מאסליאנסקי — האָט איר געמאַכט א טעות. ניט ער איז א שנאָרער, נאָר ער איז געווען א שנאָרער, אניט וואָלט ער דאָך יעצט ניט געווען קיין אָלרייטניק...

(י)

דער גבאי האָט געוואָלט אויפרופן אַן אמעריקאַנער רייכן אידן צו דער תורה. קיין אָפּטער שול־גייער איז ער ניט געווען. דעם שבת האָט ער געהאַט יאָרצייט. שיקט דער גבאי דעם שמש אויסגעפינען דעם אידנס נאָמען.

— ווי רופט מען אייך אויף? — פרעגט אים דער שמש.

— סעינט דזשאָן 3479 — ענטפערט ער.

קוים מיט צרות האָט דער שמש אויסגעפונען זיין נאָמען און זיין פאָטערס נאָמען. ווען ס׳איז געקומען צו דער ברכת התורה, האָט דער בעל־קורא באַמערקט אז עס איז גרויסע צרות. כאַפּט ער גלייך און מישט אויף אין סדור די ברכות און רוקט אים אונטער.

— אוי, אוי, דאָס איז נאָך ערגער — כאַפּט זיך ארויס דער איד א צעטומלטער.

(יא)

מ׳האָט אַנגעשטעלט א נייעם העברייאישן לערער אין א קליינעם ישוב אין קאַנאַדע. גייט צו צום לערער א חשוב׳ער באַלעבאָס, א מיטגליד פון ועד החנוך פון תלמוד תורה:

— איר הערט? — אינסטרואירט ער דעם לערער — איך וויל ניט איר זאָלט לערנען מיט מיינע קינדער קיין העברייאיש. אויף וואָס דאַרף איך העברייאיש, אויף וואָס? פאַרטייטשט זיי: ויאמר — האָט געזאָגט, ד׳ — גאָט, אל —צו, משה — משה — א פּליינעם עברית בעברית וויל איך — און דאָט׳ס אָל!

(יב)

איינער האָט אמאָל דערציילט אַן אָלרייטניק, אז ער האָט געהערט א קוואַרטעט שפּילן איז דאָס געווען אַן אויסנאַם.

—אויך מיר א וואָזשנע מעשה! — מאַכט דער אָלרייטניק. — איך האָב שוין איינמאָל געהערט א קוואַרטעט פון פערציק! אָט דאָס הייסט ביי מיר געשפּילט!...

(יג)

אן אַלרייטניק, א פּראָסטאַק, האָט אַמאָל באַקומען בילעטן צו א מוזיקאַלישן קאָנצערט. די אידענע זיינע האָט זיך לאַנג געפּוצט און ער האָט איך כסדר געטריבן אַנצוטאָן זיך שנעלער, ווייל מ'וועט פאַרשפּעטיקן. אריינקומענדיק אין קאָנצערט־זאַל, פרעגט ער, דער אַלרייטניק, דעם "אשער", וואו מ'האַלט שוין.

— מ'שפּילט בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע — ענטפערט דער "אשער".

— אַלץ צוליב דיר — כעס'ט זיך דער אַלרייטניק אויף זיין פּלוניתטע.

— ווייטער וועסטו וויסן ווי צו פּוצן זיך אַזוי־פיל — אַכט סימפאָניעס פאַרשפּעטיקט!

(יד)

— וויפל וועט איר מיר רעכענען פאַר מאָלן מיין פּאָרטרעט, אויב איך וועל אייך באַזאָרגן מיט מיין אייגענער פאַרב? — האָט אַן אַלרייטניק א פרעג געטאָן ביי א באַרימטן מאָלער.

(טו)

אין א מאָדערנער קאָנגרעגיישאָן האָט מען דערוויילט א נייעם פּרעזידענט א "למדן" א איד. אַז עס איז געקומען צו "ברכו", האָט זיך דער עולם אויפגעשטעלט. פאַרדריסט עס דעם פּרעזידענט: וואָס הייבט מ'שטעלט זיך אויף אַן זיין דערלויבעניש?

— וואָס האָט איר זיך אַלע אויפגעהויבן? — גיט ער א געשריי אויפן עולם.

— ברכו — ענטפערט מען אים.

— הו אין העל איז פּרעזידענט היר? — צעקאָכט ער זיך מיט א רציחה — איי אַר ברכו?

(טז)

געלט האָט ער געהאַט א סך. איז ער געווען דער פּרעזידענט פון דער אָרטיקער תלמוד תורה, זיינען פאָרגעקומען עקזאַמענעס אין תלמוד תורה. איז ער מיט נאָך עטלאַכע באַלעבאַטים אריין עקזאַמענירן די קינדער אין א קלאַס. האָט מען פאַרהערט איין קינד און דער פּרעזידענט איז געווען צופרידן.

— נו, גענוג שוין, קומט לאָמיר גיין אין די אנדערע קלאַסן — זאָגט ער צו די באַלעבאַטים.

— נו, און וואָס איז מכח די אנדערע קינדער? — פרעגט אים דער לערער.

— א קלאַס — ענטפערט דער פּרעזידענט — איז געגליכן צו א פעסל הערינג. ביי מיר אין האָלסייל וויים איך, אַז איך שלעפּ ארויס דעם ערשטן הערינג פון א פעסל און ער איז גוט, איז דאָס גאַנצע פעסל הערינג גוט.

(יז)

אַן אמעריקאַנער איד איז געקומען צום ריכטער מיט א בקשה ער זאָל אים דערלויבן בייטן זיין נאָמען. דער ריכטער פרעגט אים צוליב וואָס ער וויל עס טאָן.

— איך וואוין און טו ביזנעס אין א געגנט פון אירלענדער — האט דער איד געענטפערט. — מיין אידישער נאמען שאדט מיר צו די ביזנעס.
— וואס איז אייער נאמען? — פרעגט דער ריכטער.
— איזי ראבינאוויטש — ענטפערט דער איד.
— און ווי ווילסטו זיך איצט רופן?
— פעטריק גיליגאן.
דער ריכטער האט אים געגעבן די דערלויבעניש. אין א פאר חדשים ארום איז דער איד ווידער געקומען צום ריכטער. ער וויל א נייע דערלויבעניש צו בייטן זיין נאמען פון פעטריק גיליגאן אויף דאנאלד א׳ברייען. דאס האט שוין דעם ריכטער געוואונדערט.
— וואס איז דער חסרון פון פעטריק גיליגאן? — פרעגט ער דעם אידן.
— דער חסרון איז — ענטפערט דער איד — וואס אלע אירלענדער וואס טוען מיט מיר ביזנעס האלטן מיך אין איין פרעגן: "ווי אזוי איז געווען דיין נאמען פריער?"

## (יח)

אזוי איז ער געווען א גאנץ פיינער איד, פלעגט גיין ראש־השנה און יום־כפור אין שול אריין, פלעגט אפהיטן יארצייטן, האט געגלויבט אין גן־עדן און גיהנום — קורץ, ער האט געגלויבט. נאר אויף אנבייסן פלעגט ער זיך נוהג זיין אויפן אמעריקאנער שטייגער — העם און עגס — א שטיקל חזיר און אייער.
איינמאל, ווען די ווייב האט אים דערלאנגט זיין געוויינלאכן אנבייסן, האט מיטאמאל אויסגעבראכן א שטורעם באגלייט מיט גוואלדיקע דונערן און בליצן, אז די ווענט האבן זיך א טרייסל געטאן. האט ער אפגערוקט פון זיך דעם אנבייסן און א זאג געטאן:
— זע נאר וואס פאר א טומל א שטיקל חזיר האט אנגעמאכט?

## (יט)

צוויי אמעריקאנער אידישע אדוואקאטן האבן געפירט זייער קאנטאר בשותפות. איינמאל, ערב שבועות, זאגט איינער צו זיין שותף:
— מאריס, איך גלויב אז מ׳דארף דערלויבן דער סטענאגראפיסטן זיין יום־טוב אין דער היים.
— וואס מיינסטו? — כאפט זיך ארויס דער אנדערער — ווי קאן דען דער "אפיס" אויסקומען אן א סעקרעטארשע א גאנצע וואך צייט?
— וואס טוט זיך מיט דיר? — פרעגט דער ערשטער. — שבועות — א וואך צייט — ביזט משוגע? שבועות איז דאך נאר צוויי טעג!
— א, אנטשולדיק — ענטפערט דער שותף — כ׳האב געמיינט אז עס גייט זיין יום־כפור...

## (כ)

א רייכער אמעריקאנער איד, א פרעזידענט פון א תלמוד תורה, האט אמאל ביי א זיצונג פון ועד ההנוך, וואו עס איז פארהאנדלט געווארן די פראגע פון דערציאונגס־פראגראם באמערקט:

— מיר דאַרפֿן האָבן וואָס מער רעליגיע אינם פּראָגראַם. מיר דאַרפֿן די קינדער זאָלן קענען דאַווענען. אָט נעמט מיך אַליין: ווי איר ווייסט בין איך אַ ביזי מענש. קומט אָבער שבת, מעג דונערן און בליצן — לייג איך תפילין...

(כא)

אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער יאַסנאַפּאָלסקער בענעוואָלענט סאָסייטי האָט מיסעס סמיט געמאַכט אַ "מאָשל" מ׳זאָל אַפּאָינטן אַ קאָמיטע פאַר נעטשוראַליזיישאַן פּייפּערס. אַזוי ווי, האָט זי דערקלערט, ס׳קומען דאָ פון אָלד קאַונטרי גרינע פרויען וואָס ווייסן ניט די פּראָסידזשור פון אַרויסנעמען נעטשוראַליזיישאַן פּייפּערס, דעריבער וועט עס זיין אַ וואַונדערפול טהינג מ׳זאָל אַפּאָינטן אַ קאָמיטע.

מרס. ליוווי האָט זיך אויפגעהויבן און "געסעקנט דעם מאָשל": "ס׳איז טאַקע אמת, האָט זי געזאָגט, איך קען אַליין אַזאַ פרוי וואָס איז שוין לאַנג פון אָלד קאַונטרי, אָבער זי ווייס ניט ווי אַרויסצונעמען נאַטשור—נעטשור—נעטשו—ר...

— מיסעס ליוואי — כאַפּט זיך אַרויס מיסעס סמיט — אַז איר קענט ניט זאָגן אויף ענגליש, טאָ זאָגט אויף פּראָסט אידיש — ציטיזן פּייפּערס — און אַ סוף.

(כב)

אַ פרוי איז געקומען צופאָרן פון דער אַלטער היים צו איר זון אין ניו־יאָרק. זי האָט אָנגעהויבן פירן די באַלעבאַטישקייט. די ערשטע צייט איז עס איר אָנגעקומען שווער בקריעת ים סוף. די צונג איז געבונדן. דאַרף זי עפּעס גיין קויפן, מוז זי אויף אַלץ אָנווייזן מיטן פינגער. בוריקעס — דאַרף זי טייטלען אויף די בוריקעס; בעבלאַך — דאַרף זי אָנווייזן אויף די בעבלאַך.

איינמאָל, ערב שבת איז דאָס געווען, גייט זי קויפן אַ האָן. ווייסט זי נעבאַך ניט ווי מ׳זאָגט עס אויף ענגליש. הויבט זי אָן שאָקלען מיט די הענט ווי, להבדיל, אַ האָן מיט די פליגלען. צו מאַכן דעם סימן שטאַרקער, האָט זי אויסגעשריען קו־קו־ריקו! אפשר וועט ער, דעם קצב, זיך אָנשטויסן.

— מיסעס — מאַכט דער קצב צו איר — איר דאַרפט עפּעס? זאָגט מיר וואָס איר ווילט!

— אוי! — שרייט אויס די אידענע מיט שמחה — ר׳ איד, זאָלט איר געזונט זיין! איר קענט ריידן אידיש? טאָ וואָס זשע דאַרף איך ריידן מיט אייך אויף ענגליש?

(כג)

אַ צווייטער אידענע, אויך ניט לאַנג פון דער ליטע, איז דווקא זייער געפעלן געוואָרן די ענגלישע שפּראַך.

—איך זאָג אייך — האָט זי מיט התפעלות דערציילט - - אַז ענגליש איז די בעסטע שפּראַך אין דער וועלט. אַז מיט איין וואָרט קענט איר זאָגן אַ סך זאַכן. וויל איך קויפן בוריקעס — זאָג איך "גיוו מי ביטס"; וויל איך קויפן פּאַטשערקעס — זאָג איך "גיוו מי ביטס"; וויל איך פאָרן אויף אַ דאַטשע, פאָר איך אין "וויניפעג ביטס".

(כד)

א פוילישער איד איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. דעם ערשטן טאָג איז ער אַרויס אָנקוקן די שטאָט. ער איז אַנטציקט געוואָרן פון די הימל־קראַצער, פון דעם גוואַלדיקן עולם, פון דער בלענדנדער רייכקייט, און בכלל פון דער שיינקייט פון דער שטאָט.

א שיך־פוצער איז געשטאַנען ביי זיין געשטעל און האָט א פרעג געטאָן כיים אידל: „שאַין?"

— שייך זאָגן ש א י ן — ענטפערט דער אידל ענטוזיאַסטיש — וואונדער־שאַין!

(כה)

א איד איז געקומען אַרויסנעמען נאַטוראַליזאַציע־פּאַפּירן. דער באַאַמטער האָט אים געגעבן א פאָרם מיט עטלאַכע פראַגן אויסצופילן. האָט דער איד אַזוי געענטפערט:

נאָמען: אברהם שטיינבערג; געבאָרן: יע; געשעפט: אין דר'ערד!

(כו)

ער האָט אַראָפּגעבראַכט זיין מוטער פון דער אַלטער היים. גייט ער מיט איר שפּאַצירן אין די גאַסן פון ניו־יאָרק.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט זי אים, אָנווייזנדיק אויף א גרויסן בנין.

— דאָס איז א הימל־קראַצער! — מאַכט ער.

— אַזוי? — מאַכט די אידענ'ע. — טאָ ווען זשע קאָן מען זען ווען ער האַלט זיך אין קראַצן?

(כז)

א אידל פון דער אַלטער היים איז געקומען צופאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן, און האָט קיין לעבן ניט געקאָנט מאַכן. ער האָט געזוכט אַלערליי שטעלעס — אומעטום האָט מען אים אָנטזאָגט. האָט ער זיך מישב געווען: אַמעריקאַנער אידן דאַרפן דאָך ניט קיין גרויסע לומדים, און ספּעציעל ערגעץ אין א קליין שטעטל — איז ווער וועט דאָס מבינות זאָגן אויף אים? פאַרוואָס זאָל ער ניט ווערן א רב אין א שטעטל? האָט ער אַריינגעשיקט א בקשה־בריוו צו דעם קאָמיטעט פון א קליינער קאָנגרעגיישן אין אינדיאַנאַ. עס איז אים אָבער דאָ אויך ניט אַזוי גרינג געגאַנגען. „מיר דאַרפן האָבן עפּעס א המלצה" — האָט מען אים געענטפערט. „ווען איר ברייינגט אונז א בריוו פון א מאַן, ווי, למשל, פּראָפעסאָר גאָטהאַרד דוימש, אַז איר זייט א מענש פּאַסיק צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות ביי אונז אין שטאָט, וואָלטן מיר אייך געקאָנט באַטראַכטן אַלס קאַנדידאַט פאַר דעם אַמט".

איז זיך דאָס אידל מישב און פאָרט גלייך אוועק קיין סינסינאַטי און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אויסגעבעטן ביים חשוב'ן דאָקטאָר א רעקאָמענדאַציע. דער גוטהאַרציקער פּראָפעסאָר האָט אין זיין רעקאָמענדאַציע אָנגעשריבן פאָלגנדעס: „דער מוכ"ז באַזיצט די מדות פון משה רבנו, פון שעקספּירן און קאָן פאַרגליכן ווערן מיטן רבונו של עולם, כביכול אַליין". דאָס אידל איז באַשטימט געוואָרן אַלס רב אין שטעטל. אין עטלאַכע טעג אַרום, אָבער, האָט דער עולם אויסגעפונען אַז דאָס רב'ל איז, ניט פאַר קיין

שום אידן געדאכט, א כפול־שמונה׳דיקער עם־הארץ, און מ׳האט גלייך אוועק־געשיקט א דעלעגאציע צום חשוב׳ן דאקטאר, אויסצוגעפינען פון אים, פאר־וואס האט ער אים, דעם אידליק, געגעבן אזא שבח׳דיקע רעקאמענדאציע. דער פראפעסאר האט זיי דערקלערט:

— איך האב, חלילה, — האט ער זיי געזאגט — ניט איבערגעטריבן. פונקט ווי משה רבנו האט קיין ענגליש ניט געקענט און געווען א כבד פה, אזוי איז דאס דאזיקע אידל אויך: פונקט ווי שעקספיער האט קיין לשון־קודש ניט געקענט — אזוי קאן ער אויך ניט. און פונקט ווי דער רבונו של עולם איז קיין מענש ניט — איז דאס אידל אויך קיין מענש ניט.

(נאך ס. פ. מענדלסאן)

(כח)

א איד איז געקומען ארויסנעמען זיינע אמעריקאנער בירגער־פאפירן.

— וואו איז וואשינגטאן? — פרעגט אים דער באאמטער.

— וואשינגטאן איז שוין לאנג טויט.

— איך מיין, וואו געפינט זיך די קעפיטאל פון די פאראייניקטע שטאטן?

— דער קאפיטאל פון אמעריקע געפינט זיך אין אלע לענדער.

— נעמסטו אויף זיך צו שטיצן די קאנסטיטוציע פון לאנד?

— איך קאן ניט, מיסטער. איך האב א ווייב און א האלבן טוץ קינדער אויף מיינע פלייצעס.

(כט)

לואיס ליוואי איז געקומען צו זיין רייכן פריינט און אים דערציילט אז ער האט זיך דורכגעשמועסט מיט דעם פרעזידענט פון באנק. דער לעצ־טער האט איינגעשטימט צו מאכן אים א הלוואה פון טויזנט דאלער, אויב ער, דער רייכער פריינט, וועט אינדארסירן.

— מיר איז א חידוש אויף דיר — מאכט דער פריינט צו ליוואי׳ן. — וואס קריכסטו פריער צו אים? זאל נאר דער פרעזידענט אונטערשרייבן, און איך וועל דיר אנידערלייגן די מזומנים. אן אייגענער מענש, איז וואס איז שייך צו זאגן!

(ל)

צוויי אידן, גאלדבערג און סטיינבערג, זיינען געווען אין ביזנעס. און די ביזנעס זייערע זיינען געגאנגען ניט זייער גוט. האבן זיי באשלאסן, אז איינער פון זיי זאל בייטן זיין נאמען. נו, האט גאלדבערג געביטן זיין נאמען אויף אַראילי — און די ביזנעס האבן אנגעהויבן גיין בעסער. האבן זיי בא־שלאסן, אז אויך דער צווייטער שותף זאל בייטן זיין נאמען פון סטיינבערג אויף א׳ראילי. איצט האט שוין די פירמע געהייסן "א׳ראילי ענד א׳ראילי".

איינמאל רופט אפ א קונה אויפן טעלעפאן און זאגט, אז ער וויל רייד׳ן צו מיסטער א׳ראילי׳ן. ענטפערט איינער פון די פארטנערס דורכן טע־לעפאן: "וועהיטש דו יו וואנט? סטיינבערג אר גאלדבערג?"

(לא)

אן אמעריקאנער אידישער רב האט געהאט א בן׳אק וואס איז ניט געגאנגען אין טאטנס דרכים. איז אויסגעוואקסן אן עם־הארץ גמור, און האט

זיך ארייגגעלאָזט אין געמבלען און פערד־געיעגן. א פיינער תכשיט. דער פֿאָטער זיינער, דער רב, האָט געוויינלאך געטאָן אלץ אָנצוהאלטן אים ביי איידישקייט. איינמאָל איז דער תכשיט אוועקגעפאָרן ערגעץ. ווען די ימים נוראים זיינען געוועזן נאָענט, האָט דער רב געציטערט, אז אין דער פרעמד וועט ער, דער בנ'אָק זיינער, אפילו ווענן יום־כפור פארגעסן, און וועט אין שול ניט ארייגשמעקן. קלאפט ער א טעלעגראמע דעם זון:

"דוד'ל, למען השם פארגעס ניט אז מאָרגן פאנגען זיך אָן די ימים נוראים".

דעם זעלבן טאָג האָט דער אלטער רב געקראָגן אן ענטפער פונם בנ'אָק, אויך טעלעגראפיש:

"דאָ זיינען ניטאָ קיין "בוקים". געפין אוים דעם בעסטן און שטעל אוועק 10 דאָלאר פאר מיר"...

(לב)

— פארוואָס האָסטו געמוזט זיצן אין שול א שטונדע לייגגער פאר אלע אנדערע קינדער? — האָט דער טאטע געפרעגט זיין קינד.

— ווייל איך האָב ניט געוואוסט וואו די דארדאנעלן ליגן — האָט איזי געענטפערט.

— רעכט אויף דיר — מאכט דער טאטע. — דאָס וועט זיין פאר דיר א "לעסן", אז דאָס צווייטע מאָל זאָלסטו געדיינקען וואו דו לייגסט אנידער זאכן...

(לג)

אן אמעריקאנער פרעזידענט פון א שול האָט אמאָל, שבת נאָך פסח, ווען מ'האָט גענומען לייענען די הפטורה, א פאטש געטאָן אין שטענדער און א געשריי געטאָן צום בעל־קורא:

— עם הארץ! גראָבער יונג! וואָס איז דאָס פאר א לייענען מפטיר היינט? עס שטייט דאָך בפירוש: "אין מפטירין אחר הפסח" — מ'לייענט ניט קיין מפטיר נאָך פסח...

(לד)

א פראָסטער איד האָט זיך ארויפגעארבעט אין אמעריקע, און געוואָרן א גרויסער גביר. האָט מען אים אָנגעהויבן איינלאָדן "אין די הויכע בענסטער". איינמאָל איז ער איינגעלאָדן געוואָרן אין "ריץ־קארלטאָן האָטעל", אין ניו־יאָרק, צו א באנקעט. גייט ער אריין אין זאָל און גיט א געשריי אויפן קול צום קעלנער:

— העי, וואו איז די קיך? איך וויל זיך ארומוואשן...

(לה)

אן אמעריקאנער איד איז רייך געוואָרן. איז ער מיט זיין פרוי אוועקגעפאָרן קיין קארלסבאד, קורירן זיך און פארברייגגען. פארוואָס ניט? געלט איז דאָ ווי בלאָטע! גייען זיי אריין אין א פיינעם רעסטאָראן. זיי קאָנען אָבער ניט די שפראך. הערט ער זיך צו, דער גביר, צו צוויי פראנצויזן, וואָס זיינען געזעסן ביים צווייטן טיש. ער וועט הערן וואָס זיי הייסן דערלאנגען,

ווען ער טאָן דאָס זעלבע. דער פראנצויז האָט א זאָג געטאָן צום קעלנער ער זאָל אים ברענגען מים אחרונים.

האָט דער איד געהייסן דעם קעלנער דערלאַנג זיי דאָס זעלבע ווי דעם פראַנצויז. דערלאַנגט ער זיי צוויי שיסעלאַך וואַסער. פאַרזוכט די אידענע דעם מאכל.

— מאַרים — זאָגט זי — ווען איך וואָלט ניט געהערט וואָס דער גוי האָט געהייסן דערלאַנגען, וואָלט איך געדיינקט אז ס'איז פּשוט'ע וואַסער!

(לו)

עס טרעפט אמאָל אז פשוטע אידן זיינען מחדש חדושים אין פילאָ־לאָגיע. איך שמועס אמאָל מיט א רייכן אידן וועגן ארץ־ישראל: "דאָס הארץ. זאָגט ער, "ציט מיך קיין ארץ ישראל. כאָטש — מאַכט ער ווייטער — "מאַ־טעריאַליסטיש" בין איך דאָ זייער צופרידן, אָבער "גייסטערלאַך" בין איך גאָר ניט צופרידן".

(לז)

אן אמעריקאַנער אידישער אינגעלע איז דערצויגן געוואָרן אין א קליין שטעטל, וואו די אידן פּלעגן, למען השלום, פייערן קריסטמעס צוזאַמען מיט די גויאים און פּלעגן אויף שטעלן קריסטמעס־ביימער, ווי דער מנהג איז. איינמאָל האָט אים זיין טאַטע מיטגענומען צו א "קריסטמעס פּאַרטי" ביי גויאים, וואו ער איז געווען איינגעלאַדן. דאָס אינגעלע האָט באַטראַכט דעם קריסטמעס בוים, האָט אים פאַרגליכן אין געדאַנק מיט דעם בוים אין דער היים, און א פרעג געטאָן זיין פּאָטער:

— טאַטע, גויאים האָבן אויך קריסטמעס ביימער?

(לח)

ראַבאַי (צום חזן): פון וואַנען שטאַמט דאָס וואָס מען זאָגט, אז א חזן איז א נאַר?

חזן: וואָס הייסט עס שטאַמט — עס איז אן אמת!

ראַבאַי: ווי אזוי?

חזן: דו, חזן, לערנען קענסטו ניט, פּירוש המילות ווייסטו ניט, קיין שטימע האָסטו ניט, קיין נאָטן קענסטו ניט. צו אַלדע רוחות, וואָס האָסטו גע־דאַרפט זיין א חזן, האָסט דאָך געקאָנט זיין א ראַבאַי!

(לט)

א גרינער מגיד האָט זיך ספּעציאַליזירט אין מאַכן הספדים. איינמאָל האָט אים איינער געבעטן צו מאַכן א הספד ביי זיין ווייב'ס לויה.

— איר ווילט א הספד מיט טרערן צי אָן טרערן? — פרעגט דער מגיד.

— וואָס איז דער אונטערשייד? — פרעגט אים יענער.

— דער אונטערשייד איז פינף דאָלאַר — האָט דער מגיד געענטפערט.

(מ)

מיינער א פריינט, א דאָקטאָר, דערציילט מיר: א פרוי פלעגט אַריינ־קומען צו אים באַקלאָגן זיך אויף קאָנסטיפּאַציע. דער דאָקטאָר האָט איר געגעבן "פּיראַמידאָן". איינמאָל באַזוכט זי דעם דאָקטאָר, פרעגט ער איר:

— ווי פילט איר זיך יעצט, מאַדאַם?

— דאָקטאָר — זאָגט זי — איר האָט מיך געראַטעוועט. עס הויבט מיר אָן ווי טאָן דער קאָפּ נעם איך א "פּרימאָדאָנטשיקל", ווער איך א לעבעדיקע.

(מא)

אן אמעריקאַנער ראַבאַי האָט געהאַלטן א הספד. ער האָט פאַרענדיקט דעם הספד מיט א העברייאישן פּסוק: אַזוי ווי עס שטייט, האָט ער געזאָגט, וקרבתני בקרבתם (וקברתני בקברתם). איז דערביי געווען א איד, א יודע ספר, האָט ער באַמערקט: "יצא סרחו בהספדו"... (יצא שכרו בהפסדו).

(מב)

פרייטאָג־צו־נאַכט, נאָך דעם ראַבאַי'ס "סערמאָן", איז מיסעס פינקלשטיין־ליוואַי צוגעגאַנגען צום ראַבאַי און האָט אים באַגריסט פאַר זיין שיינער דרשה.

— עס האָט מיך זייער געפרייט — האָט זי צוגעגעבן — וואָס איר האָט אַנאַנסירט אַז איר גייט איבעראַכטאָג פרייטאָג ריידן וועגן שפּינאָזאַ. איך בין פערזענלאַך פאַראינטערעסירט אין דער דאָזיקער טעמע. ווען ער האָט געוואוינט אין פילאַדעלפיע, איז זיין טאָכטער געווען מיין אינטימסטע פריינדין.

(מג)

גרשון ראָזנצווייג, דער באַרימטער אידישער סאַטיריקער, איז אַמאָל געווען אַלס צושויער אויף א קאָנוועָנשאָן פון רעפאָרם־ראַבינער.

— זאָגט אונז עפּעס א וויץ — שטייען צו חברה צו אים.

— עס איז ניט קיין פּלאַץ צו וויצלען זיך — ענטפערט ראָזנצווייג — ווייל "אין מנחמים את האבל בשעה שמתו מוטל לפניו" (מ'טרייסט ניט קיין אבל ווען דער מת ליגט נאָך פאַר זיינע אויגן).

— אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיטן ענין? — פרעגט מען אים ווייטער.

— דער טעם איז — ענטפערט ראָזנצווייג — ווייל רבנים איז די ראשי תבות פון "ר"בנים "ב"חייהם "נ"קראים "מ"תים.

— סטייטש, עס פעלט דאָך דער יוד? — פרעגט מען אים.

— הערט איר — שמייכלט ראָזנצווייג — אָט דאָס פעלט דאָך טאַקע אויף דער דאָזיקער קאָנוועָנשאָן; דער "יוד" פעלט, רבותי.

(מד)

ווען באַצקל איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק פון רוסלאַנד, האָט ער ניט געהאַט קיין איין קאָפּיקע אין קעשענע. קיין פריינט אָדער קרובים האָט ער אויך ניט געהאַט. ער האָט אָבער געהאַט אביסל שכל און א ווילן צו מאַכן א לעבן. אינגיכן האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט אביסל, און אָנגעהויבן פּעדלען. אביסל שפּעטער האָט ער געקראָגן א שטעלע אַלס שמש אין א שול. אָבער ווען דער פרעזידענט פון שול האָט זיך דערוואוסט אַז ער איז א פּאָלנער עם הארץ און קאָן אפילו דעם נאָמען ניט אונטערשרייבן, האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן, ווייל "אמעריקע איז ניט שניפּישאָק — האָט דער פרעזידענט געזאָגט. — אין אמעריקע דאַרף א שמש קאָנען עפּעס שרייבן".

כאצקל איז אָבער ניט אַראָפּגעפֿאַלן ביי זיך. ביסלאַכווייז האָט ער זיך ווייטער אַרויפֿגעאַרבעט און האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט נכסי דלא נידי, מיט "ריעל פּראָפּערטי", און אין משך פֿון צען יאָר איז ער געוואָרן אַ גרויסער גביר און מ'האָט געזאָגט, אַז דער איד איז אַ מיליאָנער.

איינמאָל האָט ער, מאַכנדיק אַ גרויסע געשעפֿט־טראַנסאַקציע, גע־דאַרפֿט האָבן אַ גרויסע הלואה פֿון פֿופֿציק טויזנט דאָלאַר, אויף אַ קורצער צייט. דער באַנק־פּאַרוואַלטער, צו וועמען כאצקל איז געקומען מאַכן די הלואה, האָט אים אויפֿגענומען בסבר פּנים יפות, געשמועסט מיט אים און אים קאָמפּלימענטירט אויף זיין גרויסן דערפֿאָלג. כאצקל איז גלייך צוגעגאַנגען צום עסק, און געבעטן די הלואה. דער פּאַרוואַלטער האָט ניט איבערגערעדט קיין וואָרט.

— אדרבה, — זאָגט ער, — מיסטער גאָלדשטיין, זעצט זיך אַנידער און שרייבט אָן דעם טשעק.

— נעמט ניט פֿאַר אומגוט — האָט כאצקל געזאָגט צום פּאַרוואַלטער — שרייבט אים אַליין אָן. איך בין, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, שוואַכלאַך אין די קליינע אותיות'לאַך. מיין ווייב האָט מיר ווי עס איז אויסגעלערנט מיין נאָמען אָנשרייבן, אָבער ווייטער גייט עס ניט.

דער באַנק־פּאַרוואַלטער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אין פֿאַר־וואונדערונג.

— זייענדיק אַזוי געבונדן, ניט קענענדיק אפֿילו שרייבן, האָט איר געמאַכט אַזאַ פֿאַרמעגן. וואָס וואָלט שוין געווען ווען איר קענט לייענען און שרייבן?

— אַ ש מ ש — האָט כאצקל געענטפֿערט.

(מה)

אַ רייכער אַמעריקאַנער איד האָט געהאַט יאָרצייט נאָך זיין פֿאָטער עליו השלום. אין שול פֿלעגט ער קיינמאָל ניט גיין. אין די שוואַרצע פֿינטלאַך איז ער אויך ניט שטאַרק געווען באַ'הבנ'ט. פֿלעגט אָבער קומען דער יאָרצייט פֿלעגט אים אַ טיאַבקע טאָן אין האַרצן. באַרט אַ טאַטע. און טאָמער איז דאָרטן, "אויבן" אָדער "אונטן", טאַקע עפּעס פֿאַראַן? און זאָגט מען ניט קיין קדיש, קאָן נאָך אַמאָל דער "אַלטער" קומען שלעפּן פֿאַרן גאַרגל. הכלל, ער האָט טעלעפֿאָנירט דעם שמש פֿון זיין שול ער זאָל שיקן צו אים אהיים אַ מנין אידן און זיי זאָלן ביי אים דאַוונען בצבור און זאָגן קדיש. די אידן זיינען געקומען. מ'דאַרף דאַוונען מעריב, ניטאָ קיין מנין. עס פֿעלן איינער, צוויי. וואו זיינען זיי? נו, מ'איז דאָך עפּעס אידן אויף דער וועלט. איינע־האָט, ניט פֿאַר אייך געדאַכט, ניט פֿאַר קיין שום אידן געדאַכט, עצירות. ביי דעם אַנדערן איז עפּעס אויך ניט מיט אַלעמען, דאַרף ער אַלע ווײַלע לויפֿן. אַ דריטער לויפֿט עפּעס אויך אַלע ווײַלע אַרויף און אַראָפּ. קוים מיט צרות צוזאַמענגעקליבן דעם מנין. אויף מאָרגן, ווייטער אַזוי — ביז וואַנען מ'האָט צוזאַמענגעקליבן דעם מנין איז אָנגעקומען מיט גרויסע צרות.

נאָכן יאָרצייט, זאָגט דער רייכער איד צום שמש: "דאָ האָט איר אַ צענערל. איבעראיאָר, אימירטשעשעם, וועל איך אייך געבן מיט אַ פֿינפֿערל מער, אָבער איך בעט אייך, ברענגט מיר צען ניט קיין "לויפֿנדיקע אידן".

(מו)

אין א קליין שטעטל, אין אמעריקע, האָט די געמיינדע אויפגענומען פאַרן רב פון שטעטל א אידן, א גוואַלדיקן עם־הארץ. די מיטגלידער פון דער געמיינדע זיינען אָבער אויך ניט געווען קיין גרויסע למדנים. האָט דער רב דאָרט געפירט דאָס רעדל און אַנגעפירט מיט די גייסטיקע ענינים פון שטעטל. יעדן פרייטאָג־צו־נאַכט פלעגט ער האַלטן א דרשה. איינמאָל איז דאָרט געווען ביי דער דרשה א פרעמדער איד, וואָס איז גראָד געווען באַ׳הבנ׳ט אין די שוואַרצע פינטלאַך. ער האָט דערהערט דעם רב׳ס דרשה האָבן זיך אים די האָר געשטעלט קאַפּויער פון אזא גוואַלדיקער עם־הארצות. נאָך דער דרשה גייט צו דער פרעמדער צום רב:

— אז מ׳קאָן ניט — זאָגט ער — און מ׳ווייסט ניט, ווי זשע האָט דאָס א מענש א חוצפּה צו ווערן א רב?

— באשר איר האַלט ניט פון מיר — שמייכלט דער רב. — מיינע באַלעבאַטים אָבער האַלטן דוקא פון מיר. אַט האָט דער גרעסטער גביר פון שטעטל געדאַרפט אַרויספאָרן אויף א רייזע מיט זיין טאָכטער, איז ער געקומען צו מיר נעמען א ברכה פאַר דער נסיעה.

— מסתמא — זאָגט דער פרעמדער איד — האַלט דער גביר פון דער מימרא "אל תהי ברכת הדיוט קלה בעיניך" (מגלה טו).

— זאָגט מיר, איך בעט אייך — פרעגט אים דער לומדישער רב — איר זייט דאָך א פרעמדער — פון וואַנען זשע ווייסט איר אז דאָס מיידל איז א כלה?

(מז)

דרייען זיינען זיי געקומען מיט טענות. "עלינו" איז געקומען מיט א טענה: וואָס האָט מען צו מיר? אלע תפלות זאָגט מען סטאַטעטשנע, קומט צו מיר, שפּייט מען גאָר; "אשר יצר" איז געקומען מיט א טענה: וואָס איז דאָס פאַר א שטאַט, וואָס מ׳באַנוצט זיך מיט מיר, ווען מ׳וואַשט די הענט נאָכדעם ווי מ׳גייט אַרויס אויף מענשלאַכע באַדערפענישן? דער "ממזר" איז געקומען מיט א טענה: וואָס בין איך שולדיק? צוליב דעם וואָס מיינע על־טערן האָבן געזינדיקט, בין איך אזא אויסוואָרף אז "לא יבא ממזר בקהל ד׳"?

האָט מען יעדן איינעם באַפרידיקט: עלינו האָט מען אָפּגעגעבן כבוד ימים נוראים. דאַמאָלסט זאָגט מען דעם "עלינו" מיט גרויס פאַראַד, מיט א פיינעם ניגון, מיט כורעים, אויפן שענסטן אופן; אשר יצר — האָט מען אויך באַפרידיקט: אויף א חתונה, צו סדור קדושין, איז ער א גאַנצער מאַכער, און דעם ממזר האָט מען געזאָגט: אמת טאַקע, האָסט זייער א שלעכטע דאָליע, אָבער דו בעסער פאָר אוועק אין אמעריקע, ווערסטו ווערן אן אָנגעזעענער מענש. קאָנסט ווערן א פרעזידענט פון א שול, א מושב זקנים, א בית יתומים, א אידישן שפּיטאָל — מיט איין וואָרט, וועסט ווערן אן אדם חשוב.

(מח)

ה. רויזנבלאַט, באַקאַנטער אידישער דיכטער, דערציילט א מעשה שהיה וואָס האָט געטראָפן אין א קליינעם ישוב אין מערב קאַנאַדע. מ׳האָט אים דאָרט זייער פיין אויפגענומען און פאַרהאַלטן איבער נאַכט. אין אָוונט

זיינען זיך לכבוד אים צונויפגעקומען אלע אידן פון דער סביבה, אזוי אז עס האט זיך צונויפגעקליבן א גאנצער מנין אידן. אז ס׳איז שוין דא א מנין, האבן זיך אידן געשטעלט דאוונען מעריב. נאך ״עלינו״, באמערקט רויזנבלאט ווי דער גאנצער מנין שטעלט זיך זאגן ״קדיש״.

— זייט איר עס אלע, חלילה, אבלים? — וויל רויזנבלאט וויסן.

— א, ניין, זאל גאט באהיטן — ענטפערן זיי. — אבער אז עס מאכט זיך שוין אמאל אין א שמיטה יא א מנין, זאגן מיר שוין אפ קדיש פאר די אלע מאל וואס מיר האבן פארפעלט...

(מט)

א אינגל וואס איז א טאג ניט געווען אין שול, האט אויף מארגן גע־בראכט פאלגענדן צושריפט פון זיין מוטער: ״אנטשולדיקט וואס בעני איז נעכטן ניט געווען אין סקול. ער איז נאך קיינמאל ניט געווען ביי קיין לויה, און אזוי ווי נעכטן איז גראד געווען די לויה פון אונזערן א קרוב, האב איך אים מיטגענומען, כדי ער זאל האבן אביסל פלעזשור״.

(נ)

א מעשה שהיה. זונטאג אינדערפרי שטייען עטלאכע מיטגלידער פון ועד־החנוך פון א תלמוד תורה אין זאל און מ׳שמועסט. גיסט איינער פעך און שוועבל אויף אידן:

— אידן — זאגט ער — זיינען ניט ווערט וואס די ערד טראגט זיי. זאל זיך א איד אויסציען פאר זיי, וועט מען ניט העלפן. ניטא קיין רחמנות ביי אידן. א פאסקודנע פאלק!

כאפט זיך ארוים איינער און פרעגט ביי אים:

— וואס הייסט? עס שטייט דאך בפירוש: ״ישראל רחמנים בני רחמנים!״

— הערט זיך איין — ענטפערט דער ערשטער — וועגן ארץ־ישראל ריידן מיר ניט. דארט איז אפשר אנדערש...

(נא)

איך שמועס מיט א אידן. רעדט מען וועגן שלעכטע צייטן. איך וועל אייך דערציילן, זאג איך צום אידן, א מעשה, וואס כאראקטעריזירט דעם ביזנעס־צושטאנד.

— אוואדע — זאגט מיר דער איד — ז י כ ט מען ביזנעס. ווער ז י כ ט עס ניט קיין ביזנעס?

— ניין — זאג איך — איך מיין, די מעשה וואס איך האב געוואלט דערציילן, כאראקטעריזירט די געשעפטן וואס ליגן איצט אין דער אדמה.

— ס׳א פשוט׳ער שכל — כאפט אונטער ווייטער דער איד — ביי איצטיקע צייטן, צי מ׳זיכט, צי מ׳זיכט ניט, איז אלצאיינס — ס׳טויג אין דר׳ערד.

דער איד איז געווען א פולישער. די מעשה האב איך שוין ניט דערציילט.

(נב)

אין ניו־יארק האט א אידישע טרופע אמאל געשטעלט אנ—סקים: ״דבוק״. דער ״דבוק״, ווי באוואוסט, ענדיקט זיך מיט די ווערטער: ״ברוך־

דין אמת". דער אידישער אקטיאָר, וואָס האָט עס געדאַרפט אַזוי ענדיקן, איז וויזט אויס, ניט שטארק געווען באַ'הבנ'ט אין די העברייאישע קליינע פּינ־טעלאך, און ער האָט פארגעסן דעם אויסדרוק. ער האָט זיך נעבאך געמאַ־טערט ניט צו דער'הרג'ענען דעם עפעקט פון פינאַל, און פּרובירט דערווייל אריינבראָקן עטלאַכע פראַזן, אָנשטריינגענדיק זיך בשעת מעשה צו דערמאָנען זיך דעם אויסדרוק. אָבער עס גייט ניט. עס האָט שוין געהאַלטן גאָר שמאָל, ווען ניט דער אַלטער גוי, וועמעס ארבעט איז געווען אויפצוהויבן און אראָפּ־לאָזן דעם פאָרהאַנג פון דער סצענע, וואָס איז געקומען צו הילף דעם אקטיאָר.

— "סעי" — מאכט דער גוי — "באָרוך דאַיאַן עמעס, ענד לעט'ס גאָו האָום"... (זאָג, הייסט עס, אָפּ דעם ברוך דיין אמת — שוין ציים גיין אהיים.).

(נג)

א יונגערמאַן האָט געהאַט יאָרצייט. איז ער געקומען שבת אין שול דאַוונען. צו קריאת התורה האָט דער פּרעזידענט באַמערקט אַז עס איז דאָ א פּנים חדשות אין שול. שיקט ער דעם שמש פרעגן דעם אידן וועגן זיין אָפּשטאַמונג: א כהן, לוי אָדער ישראל.

— וואָס זייט איר? — פרעגט אים דער שמש — א כהן, א לוי, אָדער א ישראל?

— ניין, איך בין א קאַרפּענטער — האָט דער יונגערמאַן געענטפערט.

(נד)

אן אַמעריקאַנער אידישע פרוי איז געקומען צום גרינעם רב.

— מיין פאָטער — זאָגט זי — איז געשטאָרבן לעצטן קריסטמעס. ווען דאַרף זיין יאָרצייט?

— וואָס איז דאָס אַזוינס קריסטמעס? — פּרעגט דער רב.

— אמעריטשקע מיט אירע רבנים! — מאכט די פרוי. — מיין פינף יאָריקער איזעלע ווייס וואָס קריסטמעס איז, און א רב ווייסט ניט! אַמעריקע גנב!

(נה)

א אינגל בלעטערט א בוך פון קורצע ביאָגראַפיעס. גיט ער א פרעג זיין טאַטן:

— טאַטע, וואָס מיינט עס בענדזשאמין דיזראעלי 81—1804?

— דאָס איז מסתמא זיין טעלעפאָן נומער —ענטפערט דער טאַטע.

(נו)

צוויי אידן זיינען געשטאַנען אויפן טראָטואַר אין א ניו־יאָרקער גאַס און געשמועסט צווישן זיך אין ענגליש. מ'דרייט מיט די הענט און מ'האַקט אָן ענגליש, אַז וועבסטער וואָלט זיך מסתמא איבערגעקערט אין קבר ווען ער דערהערט עס. גייט פאַרביי א דריטער איד, א באַקאַנטער, א יודע ספר, וואָס האָט געקאָנט ענגליש. ער האָט אויפגעכאַפּט עטלאכע אויסדרוקן פונם געשפּרעך, גיט ער צו זיי א זאָג:

— וואָס דאַרפט איר ריידן ענגליש, מ'זאָל דערקענען אַז איר זייט אידן, בעסער רעדט העברייאיש, וועט מען וויסן אַז איר זייט גויאים.

(נז)

ווארדי, דער באַרימטער שוישפּילער, האָט אַמאָל געגעבן אַ קאָנצערט אין אַן אַמעריקאַנעם אידישן ישוב. דער גרעסטער טייל פונם פּראָגראַם איז געווען אין העברייאיש. אַ אידישער בחור׳ל איז געווען זייער באַגייסטערט. נאָכן קאָנצערט לויפט צו דאָס בחור׳ל צו וואַרדי׳ן און באַגריסט אים אויף העברייאיש:

— מר וואַרדי — מאַכט ער, און זוכט אַ העברייאיש וואָרט. עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, ביז ער האָט אַרויסגעקוועטשט: "לחיים".

(נח)

מ׳האָט אַ פֿרעג געטאָן אַן אַמעריקאַנעם אידן וועלכער האָט זיך גע־וואָרפן מיט תורה ווערטלאַך:

— ווי איר ווייסט האָט אדם געהאַט צוויי זין, קין און הבל. איז די קשיא, צו וואָס האָט גאָט געדאַרפט נעמען אַ ביין פון אדמ׳ן צו באַשאַפן פאַר אים אַ פרוי. אדם האָט דאָך געקאָנט הייראַטן הבל׳ס אלמנה?

נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער געענטפערט:

— אַזוי טיף האָב איך ניט געלערנט.

(נט)

אַ איד דערציילט, אַז ביי אים אין "סאָסייטי" איז אַמאָל פּאַרגעקומען אַזאַ מעשה: עס איז געווען די יערלאַכע גרויסע פאַרזאַמלונג פון אַלע מיט־גלידער. דער פּרעזידענט האָט איבערגעלייענט זיין באַריכט; דער קאַסירער — זיינעם. אַלץ איז פיין. מיטאַמאָל כאַפּט זיך אַרויס איינער פון די מיטגלידער:

— מיסטער פּרעזידענט — זאָגט ער — דאָס איז אַן ענימעל מיטינג (אַנניואַל מיטינג) און איך וויל וויסן וואָס איז געווען דער טוראָוועך (טוירנאָווער) פון דער סאָסייטי.

דער פּרעזידענט בעט דעם קאַסירער ער זאָל ענטפערן אויף דער־פראַגע. דער קאַסירער, וועלכער האָט געפירט די חשבונות אין אידיש, לייענט איבער נאָכאַמאָל דעם גאַנצן באַריכט. דער "רעוואָלוציאָנער" אָבער איז נאָך אַלץ ניט צופרידן. ער וויל וויסן וויפל איז געווען דער "טוראָוועך". דערווייל ווערט שוין אַ שטיקל טומל צווישן די מיטגלידער: "עפּעס מוז דאָ זיין ניט גלאַט!" געראַטעוועט די סיטואַציע האָט אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע.

— וויפל — פרעגט ער דעם קאַסירער — האָט מען גערעכנט פּראָצענט פאַר הלוואות?

— צוויי פּראָצענט — ענטפערט דער קאַסירער.

— וויפל געלט האָט מען אויסגעליען צו מיטגלידער אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר? — פרעגט ער ווייטער.

—זיבן טויזנט דאָלאַר — ענטפערט דער קאַסירער.

— אָט האָט איר דעם "טוראָוועך" — ווענדעט זיך דער עקזעקוטיווע מיטגליד צום רעוואָלוציאָנער. — זיבן טויזנט מאָל צוויי, איז פערצן טויזנט. זייט איר צופרידן?

—יע, איצט בין איך צופרידן — האָט דער "רעוואָלוציאָנער" גע־ענטפערט און האָט זיך אַנידערגעזעצט אַ שטראַלנדיקער, און די פאַרזאַמלונג האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט.

(ס)

מ׳האָט אויפגערופן א אידן שבת צו דער תורה. איידער ער האָט גע־מאכט די ברכה, כאַפּט ער ארויס א פּעקל אסיגנאַציעס.

— וויפל איז דאָס? — פרעגט ער דעם בעל קריאה.

— היינט איז שבת — זאָגט דער בעל קריאה. — איר וועט אָפּצאָלן נאָך שבת.

— איך וויים ניט פון אזעלכע מעשות — מאכט דער איד. — ביי מיר אז איך קויף ״דזשאַנק״ צאָל איך ״קעש״ (מזומן).

(סא)

צוויי אידישע בחורים זיינען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. גייט מען ארוים אָנקוקן די שטאָט. דערזעען זיי א שילד איבער א סאלון (שיינק): ״ביר און ביליאַרד״. זאָגט איינער:

— יענקל, מילא ביר האָבן מיר דאָך געטרונקען אין דער אַלטער היים אויך, אָבער א גלעזל ביליאַרד וואָלט איך געוואָלט פאַרזוכן.

— אדרבה — זאָגט דער אנדערער — לאָמיר אריינגיין און אויס־טרינקען א פּאָר גלעזלאך ביליאַרד, אויב ס׳קאָסט ניט קיין סך.

גייען זיי אריין און באשטעלן צוויי גלאָז ביליאַרד. דער קעלנער האָט גלייך דערזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן. גיסט ער זיי אָן צוויי גלעזער וואסער און דערלאַנגט זיי. חברה נעמען טרינקען.

— דו וויים, יענקל — זאָגט איינער — עס איז נישקשה פון א טרונק. נאָר ווען איך וויים ניט אז דאָס איז ביליאַרד, וואָלט איך געקאָנט שווערן אז דאָס איז פּשוט׳ע וואסער.

(סב)

די וועלט פרעגט: פאַרוואָס עפּעס א גאַנץ יאָר ענדיקט דער חזן ״תתברך״ אַנהויבנדיק מיטן פּסוק ״יוצר משרתים ואשר משרתיו״, און ראש השנה מיטן פסוק ״כלם אהובים, כלם ברורים?״

און די וועלט ענטפערט: א גאַנץ יאָר ווען דער חזן גיט א קוק אויפן מזרח, וועמען זעט ער? געוועזענע משרתים, גראָבע יונגען, וואָס האָבן זיך ארויפגעארבעט. זאָגט ער — ״יוצר משרתים״. ראש השנה אבער קומען צום דאַווענען די אמת׳ע גבירים, פון וועלכע, אי דער חזן, אי דער רב וועלן אי־מירטשעשעם נאָך יום־טוב כאַפּן א פּאָר דאָלאר, זאָגט דער חזן קאָמפּלימענטן: ״כלם אהובים, כלם ברורים״.

(סג)

פאַרוואָס בלאָזט מען שופר? פרעגט די וועלט. און די וועלט ענטפערט: ערשטנס, איז נאָך דעם ״שיינעם קאָנצערט״ וואָס דער חזן האָט אוועקגעלייגט ביי שחרית, וואָלט מען אים באמת געדאַרפט ״אויספייפן״. אָבער פייפן טאָר מען דאָך ניט אום יום־טוב — בלאָזט מען אים כאָטש אויס. צווייטנס: דאָס וויל מען אריינכאַפּן דעם רבש״ע. ער וועט זיכער אונטערשרייבן אַלץ וואָס אחינו בני ישראל בעטן ביי אים — אבי פּטור ווערן פון אזעלכע גרילצנדיקע קולות ווי דער שופר גיט ארויס, און דריטנס: ווען מ׳בלאָזט ניט קיין שופר וואָלטן א סך אידן ניט געוואוסט אז ס׳איז ראש השנה אויף דער וועלט.

(סד)

א געוועזענער רייכער באַלעבאָס אין דער אַלטער היים איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק און געליטן נויט. זיינע לאַנדסלייט האָבן רחמנות געהאַט אויף אים און זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אין ניו־יאָרק וואוינט זיינען א רייכער לאַנדסמאַן מיט זיין פרוי, וועלכע זיינען אַמאָליקע יאָרן געווען משרתים טאַקע ביי דעם אידן, דעם יורד. מ'האָט אים ווי עס איז אַריינגעשטופּט צו די גבירים, ביז ער וועט קריגן באַשעפטיקונג.

א שטיקל צייט איז ער האַרט געווען ביז וואַנען חברה זיינען מיד געוואָרן פון אים, האָבן זיי גענומען פּלאַנעווען ווי פּטור צו ווערן פון אים. איז געבליבן, אַז מ'זאָל זיך, בעת א מאָלצייט, אָנהויבן קריגן: למשל, ער, דער מאַן, וועט זאָגן, אַז דאָס פלייש איז צוגעברענט; וועט זי, די ווייב, זאָגן פונקט פאַרקערט, אַז דאָס פלייש איז ניט צוגעברענט. וועט דאָך מסתמא דער גאַסט האַלטן מיטן מאַן אָדער מיט דער ווייב, וועט יענער, וואָס דער גאַסט איז ניט מסכים מיט אים, א זאָג געטאָן: ר' איד, אויב עס געפעלט אייך ניט דאָ, קאָנט איר זיך גיין געזונטערהייט.

כך הוה. עס איז געקומען צו אַן איבערהייד מכח די פלייש. דער איד זיצט רואיק און עסט. זאָל ער כאָטש זאָגן איין וואָרט! זאָגט דער מאַן צו אים:

— נו, אדרבה, זאָגט אַליין, קאָן מען דען עסן דאָס פלייש?

— איך וועל אייך זאָגן — ענטפערט דער איד — ווען איך וואָלט געוואוסט אַז איך וועל די טעג קריגן אַרבעט, וואָלט איך אייך געזאָגט ווי ס'האַלט מיט דעם פלייש, נאָר אַזוי ווי עס האַלט נאָך ניט הערביי, איז בעסער איך זאָל זיך ניט מישן צווישן אייך.

(סה)

מ'האָט אויפגערופן א יונגנמאַן צו דער תורה. האָט ער זיך צעטומלט ביי דער ברכה און זאָגט: ברוך אתה — אשר בחר — אשר נתן — אשר בחר.

— "דזשיזוס קרייסט" (יעזוס קריסטוס!) — שרייט ער אויס צו זיך אַליין — "איי מייד איי מיסטייק" (כ'האָב געמאַכט א טעות).

(סו)

ביי א גראַדואירונג־צערעמאָניע אין א תלמוד תורה האָט דער יושב־ראש פון ועד־החנוך געהאַלטן א רעדע און האָט אויפגעפאָדערט דעם עולם צו שטיצן די אינסטיטוציע.

— ביי אונז אין תלמוד תורה — האָט ער דראַמאַטיש געענדיקט זיין רעדע — ציען הונדערטער קינדער, קיין עין הרע, זייער גייסטיקע חניקה (יניקה).

(סז)

עס איז פאָרגעקומען א פייערונג אין א בית־יתומים אין איינעם פון די אידישע ישובים אין אַמעריקע. דער פּרעזידענט פון בית־יתומים האָט אין זיין באַריכט אָנגעוויזן אויף דעם וואוקס פון דער אינסטיטוציע אונטער זיין אויפזיכט, און ער האָט דראַמאַטיש פאַרענדיקט זיין רעדע:

— רבותי — האָט ער געזאָגט — מיר האָבן דאָ איצט אין בית־יתומים קיין עין הרע הונדערט און פינף און צוואַנציק יתומים'לאך — כן ירבו.

# אידן קעגן אידן

1. חסידים און מתנגדים
2. פרומע אידן און אפיקורסים

1.

# חסידים און מתנגדים

די חסידישע באוועגונג — וועלכע האָט אויפגעטרייסלט די זיילן פון דער טראַדיציאָנעלער וועלט אנשויאונג פון אידנטום, האָט געשאפן א גוואַלדיקן מאטעריאל פון הומאָר, פערלען פון וויץ, שארפע ווערטלאך א. א. וו. פארן אידישן פאָלקלאָר.

דער מקור פון דעם דאָזיקן פאָלקלאָריסטישן מאטעריאל הויבט זיך מסתמא אָן פון דעם ערשטן קאמף צווישן די צוויי לאַגערן — חסידים און מתנגדים אין דעם ווילנער גאונ׳ס צייטן, א קאמף וואָס אין יענער צייט האָט ער זיך געטראָגן מיט א גוואַלדיק פארשפיצטער שארפקייט, אויסדריקנדיק זיך אין חרמות, פאלשע עדות און מסירות, נגישות און באליידיקונגען. האס פון איד צו איד און האָט זיך אין שפּעטערדיקע צייטן נאָך מער צעפלאקערט.

עס איז געווען אין יענע צייטן א קאמף אויף לעבן און טויט. די מתנגדישע וועלט — אנטקעגן דער חסידישער. די מתנגדישע וועלט — א שטייפע, אן אָנגעברוגז׳טע, א פוריטאנישע, א שטריינגע, אומבויגזאמע, וואו אלץ איז באשטימט און רעגולירט. א וועלט פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה; פון מצוות און דינים, פון דאָגמען און בוכשטאבן, פון טראדיציעס און מנהגים. איר פילאָזאָפיע איז פערזאָניפיצירט געוואָרן אין איר גרעסטן פירער — דעם ווילנער גאון. דאָס לעבן אליין — האָט ער געהאלטן — מוז זיך אונטערוואַרפן דער תורה; לערנען תורה איז דאָס וויכטיקסטע אין לעבן. צו זיין שוועסטער, וועלכע האָט אים א לאנגע צייט ניט געזען, און איז געקומען קיין ווילנע צו זען זיך מיט אים, און האָט קוים מיט צרות גע׳פועל׳ט מ׳זאָל זי צו אים אריינלאָזן — האָט ער א זאָג געטאָן קורץ; "אויף יענער וועלט וועלן מיר האָבן גענוג צייט צו זען זיך. דאָ דארף איך האָבן צייט פאר לערנען תורה". די מתנגדישע וועלט — א וועלט פון מוח, פון שכל, פון לאָגיק; א וועלט פון לערנען. דער ספר איז וויכטיקער ווי דער מענש.

איז געקומען די וועלט פון חסידות און האָט אויפגעטרייסלט די זיילן פון דער דאָזיקער שטריינגער וועלט, און האָט אויסגעגלייכט די קנייטשן פון דעם פאר׳ברוגז׳טן אידישן פנים, און האָט געלייגט מער געוויכט אויף דעם הארץ ווי אויפן מוח, אויף דער תורה שבלב. תורה אָן כוונה, און תפלה אָן רעליגיעזן עקסטאז האָט קיין שום ווערט ניט. מיט אמת׳דיקער געפילפולער תפלה קאָן מען אויפטאָן מער ווי מיט לערנען. דער חסידיזם האָט אויפגעטרייסלט די זיילן פון דעם גייסטיקן אריסטאָקראטיזם, זיך באפריינדעט מיטן עם־הארץ, מיטן פראָסטן מענשן, האָט אריינגעבראכט פריינטלאכקייט אין אידישן לעבן — האָט אראָפּגענומען די קייטן פון שטריינגקייט און אומבויגזאמקייט וואָס האָבן געבונדן דאָס אידישע לעבן.

און דער קאמף צווישן די צוויי לאַגערן האָט זיך צעפלאקערט אין אזא גוואַלדיקער מחלוקת, וואָס האָט אין יענער צייט כמעט צעריסן דאָס פאָלק אויף צוויי פיינטלאכע אומות.

שפּעטער, ווען דער קאַמף מיט ברוטאַלע מיטלען איז אַביסל אָפּגע־שוואַכט געוואָרן, האָט דער קעגנזייטיקער האָס צווישן די חסידים און מתנגדים געפונען זיין אויסדרוק אין ווערטלאַך, וויצן א. א. וו., געשאַפן פון איינעם אויף דעם צווייטנס חשבון. די וויצן זיינען זייער זעלטן גוטמוטיק, באַיאַהענד. מערסטנטייל זיינען זיי סאַרקאַסטיש, בייסיק, פאַרניינענד. ביידע מחנות קוקן איינע אויף דער אַנדערער דורך א קרומען שפּיגל אין וועלכן עס רעפלעקטירט זיך אָפּ דער קעגנער מיט זיין פאַרקרימטן פּנים, מיט אַלע זיינע חסרונות און פאַרקריפּלטקייטן.

דער מתנגד זעט דעם רבינ׳ס געלט־גייציקייט, זיין גאווה, זיין אויס־געטראַכטע פּאָזיציע אַלס פּאַרמיטלער צווישן מענש און גאָט; לאַכט פונם חסיד און זיין תמימות׳דיקן גלויבן אין דעם רבין, אין בעל מופת; לאַכט אויס זייער עם־הארצות: — פונוואַנען איז געדרונגען — פרעגט איין מתנגד ביים צווייטן — אַז אַן אמת׳ער רבי דאַרף ניט קאָנען לערנען?

—נו, אדרבא? — זאָגט יענער. —פון פסוק ”ונתן לך אות או מופת”. איז דאָך די קשיא, צוליב וואָס דאַרף מען דעם ”או”, עס האָט דאָך געקאָנט שטיין ”אות ומופת”. נאָר דער תירוץ איז: אַז מ׳קען אַן אות, קאָן מען ניט קיין מופת; קאָן מען אָבער א מופת, קאָן מען ניט קיין אות...

דער חסיד, ווידער, דערציילט מיט התפעלות און מיט קינדערשער תמימות וועגן רבינ׳ס גרויסקייט; אַמפּערט זיך מיט אַנדערע חסידים וועגן דער גרויסקייט פון זיין רבין; דערציילט וועגן די גוזמא׳דיקע מופתים פון זיין רבי׳ן, און שיט פעך און שוועבל אויפן מתנגד.

— וואָס איז דער אונטערשייד — פרעגט איין חסיד דעם אַנדערן — צווישן א מתנגד און א כלב?

— נו, אדרבא? — זאָגט יענער.

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט דער ערשטער — א כלב איז א כלב. אָבער א מתנגד, חוץ דעם וואָס ער איז א מתנגד איז ער נאָך א כלב אויך.

דער פאָלקס־וויץ גיט אויך א צווייטן נוסח:

— איך ווייס ניט. זאָג דו וואָס איז דער חילוק?

— איך ווייס אויך ניט קיין חילוק.

אזוי האָט זיך געשאַפן אין אונזער פאָלקלאָר א באַדייטנדער טייל וויצן פון דער חסידיש־מתנגדישער וועלט.

(א)

די חסידים האָבן זיך אַמאָל אויפגעכאַפּט פון שלאָף דערהערנדיק דעם שופר של משיח. זיינען זיי גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן און גענומען מאַכן די נויטיקע הכנות. די ערשטע זאַך, נאַטירלאַך, זיינען זיי געלאָפן אין מקוה אַריין. די אפּיקורסים האָבן אויך דערהערט דעם שופר של משיח, האָבן זיי גלייך פאַרגעסן אַז זיי זיינען אפּיקורסים, נאָר וועגן דער מקוה האָבן זיי אויך פאַרגעסן, און זיינען אַנטקעגנגעלאָפן משיח׳ן און אָנגעהויבן מיט אים גיין קיין ארץ ישראל. ווען זיי זיינען שוין אָפּגעגאַנגען א שפּאַר שטיקל וועג, האָבן זיך דערהערט די קולות פון די חסידים. אָן אָטעם, מיט נאַסע פּאות, ווי אונטערגעשאָסענע, זיינען זיי געלאָפן אָניאָגן משיח׳ן.

משיח האט דערהערט די קולות, קוקט ער זיך אום און פרעגט:
— ווער זיינען אט יענע?
— יענע זיינען א ו י ך אידן... — האבן די אפיקורסים געענטפערט.

(ב)

א חסיד שטייט און דאוונט מיט התלהבות. מיט יעדער מינוט שטייגט זיין ברען, זיינע באוועגונגען ווערן אלץ לעבעדיקער און זיינע קולות פאר־הילכן די שול. שטייט לעבן אים א צווייטער מתפלל, גראד א מתנגדישער איד, און ווערט פארטויבט פון די קולות. גיט ער א צי דעם חסיד פארן ארבל און זאגט:
— ר' שעיה, גלויבט מיר, מ'מיט גוטן וועט איר בעסער מאכן.

(ג)

א מתנגד האט אמאל פארבלאנדזשעט צו א רבי'ן פרייטאג צו נאכט צום טיש. ער האט זיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צו אלץ וואס דארט איז פאר־געקומען און ער האט אויך באמערקט אז דער רבי, זאל מאריך ימים זיין, האט אריינגעגאסן אין זיך שיינע עטלאכע גלעזלאך משקה. ער, זאל לעבן, איז טאקע באלד אנדרעמלט געווארן, אנשפארנדיק זיך אויפן דאג טיש.

די חסידים האבן שוין געוואוסט אז ער, זאל לעבן, איז יעצט פאר־נומען מיט דער פמליא של מעלה. מיטאמאל כאפט זיך דער רבי אויף מיט אן אויסרוף: "וואַרשע ברענט!"

רופט זיך אפ דער מתנגד: "דאס איז טאקע אמת!" וואונדערן זיך די חסידים. "וואס איז דאס — פרעגן זיי אים — פאר א מאכן חוזק פון דעם רבי'ן?

— איך מאך ניט קיין שפאס — ענטפערט דער מתנגד. — איך מיין מיט אן אמת. ווי איר ווייסט בין איך א "זעמלעמיער". מיין מלאכה איז מעסטן פעלדער און וועלדער. ווען איך דארף מעסטן א גרויס שטיק לאנד באנוץ איך איין שפאקטיוו. ווען די שטרעקע איז זייער לאנג, זעץ איך אריין נאך א גלעזל אין שפאקטיוו. וואס ווייטער די שטרעקע — אלץ מער גלעזלאך. לויט דער צאל גלעזלאך וואס דער רבי האט. קיין עין הרע, אריינגעקערט, קאן ער זיכער זען ביז ווארשע...

(ד)

א חסיד האט באזוכט דעם קאידאנאווער רבי'ן ר' אהר'על'ע ערב ראש השנה, אויסצובעטן א גוט יאר.

— נו — פרעגט דער רבי דעם חסיד — וואס מאכסטו? ווי גייט עס דיר?

— עס גייט מיר גאנץ גוט, ברוך השם — ענטפערט דער חסיד. — מ'מאכט, גאט צו דאנקען, א לעבן, נאר צו דער מחלוקת וואס איך האב מיט מיין שוואגער נעמט קיין ענדע ניט. און אלץ צוליב דעם גוי וואס ארבעט ביי מיר, און דער שוואגער מיינער וויל אים צונעמען פון מיר. כ'לעבן, רבי, — זאגט דער חסיד — יעצט גייט דאך א נייער יאר, וואלט איך אייך בעטן איר זאלט אויף דעם גוי אויסבעטן א מפלה, וועט זיין א סוף צו די צרות.

— איך וואָלט דאָס פּרובירט טאָן — שמייכלט רבי אהר'על — נאָר איך ווייס ניט צי ער וועט מיך פאָלגן... ער איז דאָך ניט מיינער א חסיד...

(ה)

א חסידישער רבי איז אמאָל געפאָרן אין באַן. זיינע חסידים זיינען אים נאָכגעלאָפן, וואו ער האָט זיך א קער געטאָן, און עס איז געווען א גרויסער טומל. א מאָדערנער יונגערמאַן האָט עס באמערקט, פרעגט ער איינעם פון די חסידים: "ווער איז דאָס דער מאַן וואָס איר לויפט אים נאָך?" "דאָס איז דאָך דער גרויסער צדיק" — האָט ער דעם יונגנמאַן געענטפערט.

זאָגט דער יונגערמאַן צום שמש, אז ער וואָלט וועלן זען דעם צדיק אויף א וויילעטשקע. האָט מען אים אריינגעלאָזט צום רבין. דערלאַנגט ער, דער יונגערמאַן, דעם רבין שלום עליכם, און נעמט ארויס א פינפערל און גיט אים. דער רבי לייגט אריין די פינף רובל אין קעשענע און גיט א פרעג דעם יונגנמאַן:

— איר האָט עפּעס געוואָלט, יונגערמאַן?

— ניין — זאָגט ער, און נעמט ארויס א צווייט פינפערל און דערלאַנגט אים. דער צדיק רוקט אריין דאָס צווייטע פינפערל אין קעשענע און מאַכט ווייטער:

— מסתמא ווילט איר א ברכה; אפשר איז דאָס וויב אַן עקרה, רחמנא לצלן, און איר ווילט זי זאָל נפקד ווערן מיט זרעא חיא וקימא?

— ניין — ענטפערט דער יונגערמאַן — איך בין גראָד א בחור, — און נעמט ארויס א דריט פינפערל און דערלאַנגט דעם רבין. דער רבי לייגט אריין דאָס פינפערל אין קעשענע און זאָגט:

— עפּעס, יונגערמאַן, האָט איר דאָך געמוזט וועלן? אפשר גייען די געשעפטן ניט גוט? אפשר האַלט איר ניט גוט אין אידישקייט? טאָמער דאַרפט איר א תיקון אויף א חטא, רחמנא לצלן — מאַכט ווייטער דער רבי און האַלט זיך פאַרן גאַרטל.

— ניין — ענטפערט דער יונגערמאַן. — גראָד, רבי, האָב איך היינטיקס יאָר געמאַכט אין געשעפט קיין עין הרע, גאַנץ פיין, און איך בין ניט נכשל געוואָרן, אויף וויפל איך געדיינק, אין קיין שום חטא — און, אזוי ריידנדיק, נעמט ער ארויס א פערטן פינפערל און רוקט אריין דעם רבין אין האַנט אריין.

דער רבי טשעפּעט זיך אָפּ פון גאַרטל אויף א וויילעטשקע, און גליטשט אריין דאָס פערטע פינפערל אין קעשענע.

— יונגערמאַן — מאַכט ער ווייטער -- עפּעס מוזט איר וועלן. עס מוז דאָך זיין עפּעס א כונה אין דעם ענין!

— איך וועל אייך זאָגן, רבי — שמייכלט דער יונגערמאַן — די איינציקע זאַך וואָס איך האָב געוואָלט איז -- זען ווי לאַנג קאָן שטיין א איד און נעמען געלט פאַר גאָרנים...

(ו)

א מתנגד איז אמאָל אריינגעקומען דאַוונען אין א חסידישער קלויז. געווינלאַך, ביי חסידים, איז א גרויסער טומל ביים דאַוונען. מ'דאַוונט מיט

כונה, מיט ווארפן די הענט און מיט שאקלען זיך, מיט גרויס דבקות און ענטוזיאזם. נאכן דאווענען גיט דער מתנגד א פרעג איינעם פון די חסידים:

— וואס איז די מעשה וואס איר מאכט אזא רעש אין שול? ביי אונז, מתנגדים, אין בית מדרש, האלט מען זיך שטיל, סטאטעטשנע, ווי עס פאסט אין א בית־תפלה. מ׳בעט דאך עפעס ביים רבונו של עולם!

— אט דאס איז טאקע די מעשה — ענטפערט דער חסיד. — מיר זיינען ניט קיין שטיף־קינדער ביים רבונו של עולם. מיר זיינען ביי אים בני־בית. דער שטייגער פון קינדער איז צו פילן זיך גוט אין דער היים, צו שטיפן, איבערקערן די וועלט, און עס איז די עלטערן ניחא. שטיף־קינדער מוזן אבער שטענדיק ארומגיין אויף די שפיץ פינגער. מ׳האט מורא ארויסצורעדן א הויך ווארט.

(ז)

מיין פאטער, רבי אברהם ע״ה, איז געווען א שטארקער מתנגד. פלעגט ניט קאנען ליידן די חסידים מיט זייערע שטיק, און איבערהויפט איז ער געווען אויפגעבראכט אנטקעגן די רביים, צדיקים און גוטע־אידן. האט מען אים אמאל א פרעג געטאן:

— רבי אברהם, וואס איז די מעשה, וואס איר האט גאר קיין אמונה ניט אין קדושים, גרויסע אידן?

— איך וועל אייך זאגן, — האט מיין פאטער ע״ה געענטפערט, — יעדער מענטש דארף זיך על־פי טראדיציע פירן לויט די מדות פון רבונו של עולם: ״מה הוא רחום, אף אתה רחום, מה הוא חנון אף אתה חנון״. און ווייל דער רבונו של עולם גלויבט ניט אין צדיקים, ״הן בקדושיו לא יאמין״ (איוב), דארף איך אויך אין זיי ניט גלויבן.

(ח)

דערציילט א מתנגד: א חסיד האט געוואוינט אין א דארף און האט געהאלטן א קרעטשמע אין ארענדע. דער פריץ, דער באלעבאס, איז געווען א שונא ישראל, א צורר. פלעגט קומען די צייט פון צאלן די ראטע, איז שלעכט. דער פריץ הייסט שמייסן. פונדעסטוועגן פלעגט א איד געפינען אן עצה, און אזוי האט זיך דאס געצויגן א לייננגערע צייט. איינמאל, אבער, איז דער פריץ געווארן שטארק אין כעס און ארויסגעווארפן דעם אידן מיט דער גאנצער משפחה, הכל באשר לכל, אונטערן פרייען הימל.

שלעכט, ברידערלאך. שפאנט ער איין דעם פערד, דער חסיד, און פארט אוועק צום רבי׳ן. רבינקע, טענה׳ט ער, גיט אן עצה. באו מים עד נפש. איז וואס־זשע ווילסטו, מיין זון? — פרעגט אים דער רבי. — וואס קאן איך טאן? איך וואלט וועלן, זאגט דער חסיד, איר זאלט דעם פריץ ״מת מאכן״. מת מאכן א פריץ, זאגט דער רבי, איז א הארבער ענין. איך ווייס. זאגט דער חסיד, אז עס איז א הארבער ענין, אבער, רבי, דאס ווייב מיט די קינדער ליגן אין דרויסן! הכלל, נאכדעם ווי ער האט אפגעצאלט דעם פדיון, האט זיך דער רבי גענומען צום עסק, און איז אריין אין זיין חדר מיוחד. ער האט זיך דורכגעשמועסט מיט דער פמליא של מעלה; איז ארויסגעקומען

און זאָגט צום חסיד: פּאַר אהיים, בעזרת השם יתברך, האָב איך עס דורכגעפירט; דער פּריץ איז מת געוואָרן.

דער חסיד פאָרט אהיים מיט א פריילאך האַרץ. אָבער אַרויספאָרנדיק פון שטעטל, גיט אים מיטאמאָל א ריס דאָס האַרץ: גוואַלד! וואָס האָט ער דאָ אויפגעטאָן? אז דער פּריץ איז מת געוואָרן, וועט דאָך קומען זיין בנ'אָק, דער המן, דער צורר היהודים פון פּעטערבורג, וועט דאָך זיין נאָך ערגער. מילא מיט דעם אלטן איז מען נאָך ווי עס איז דורכגעקומען מיט צרות, אָבער מיט דעם יונגן איז דאָך אן עק פון לעבן!

פאַרקערעוועט ער דעם וואָגן און פאָרט צוריק אין שטעטל צום רבין: "רבינקע, כך וכך: איך האָב געמאַכט א ביטערן טעות. אז דער יונגער פּריץ וועט קומען צופאָרן, איז כאָטש צי אויס די פיס און רוף חברה קדישא". "טאָ וואָס־זשע זאָל מען טאָן? — פרעגט דער רבי. מ'האַרף דעם פּריץ מחיה־מתים זיין. "נאָך א האַרבערער ענין", זאָגט דער רבי. ער האָט אָבער אַרונטערגענומען אויף א ווײַלעטשקע די האַנט פון גאַרטל, אַריינצוליינן די פאַר רובל אין קעשענע, און איז אַוועק ווידער אין חדר מיוחד, און האָט אײַנגע'טענה'ט ווי ס'דאַרף צו זיין. ער איז אַרויסגעקומען פון חדר און א זאָג געטאָן: "פאָר אהיים, דער פּריץ לעבט".

אידן, און כך הוה, אזוי איז טאַקע געווען. דער חסיד איז געקומען צופאָרן אין דאָרף אריין, און האָט געפונען דעם פּריץ א לעבעדיקן.

(ט)

א חסיד שמועסט מיט א מתנגד און דערציילט אים די מופתים פון זיין רבי'ן: לייענער, זאָגט ער, פאָרן מיר דורך א דאָרף, ערשט, א פאָר שקצים לויפן אַרויס פון א הויף און הויבן אָן וואַרפן שטיינער אויף אונז. מסתמא האָט דער רבי, זאָל מאַריך ימים זיין, דערזעענדיק דעם ערשטן שגץ וואַרפנדיק, גלייך א זאָג געטאָן "זרועך ידמו כאבן". און דעם שייגעצ'ס האַנט איז אויפן אָרט פּאַראַליזירט געוואָרן.

— טאָ ווי זשע קומט דאָס, — פרעגט דער מתנגד — וואָס דער רבי האָט א געשוואָלן אויג?

— דאָס האָט אים געטראָפן דער צווייטער שגץ — ענטפערט דער חסיד.

פאַרוואָס זשע איז דעם רבינ'ס קללה ניט חל געוואָרן אויפן צווייטן שגץ? — איז דער מתנגד סקעפּטיש.

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט דער חסיד — דער צווייטער שגץ איז געווען א טויבער, האָט ער ניט געהערט דעם רבינ'ס קללה.

(נאָך ס. פ. מענדלסאָן)

(י)

א רבי איז אַרומגעפאָרן מיט זיין שמש. מנחה צייט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט לעבן א קרעטשמע און אויסגעשפּאַנט פערד פון וואָגן. דעם שמש האָט ער איבערגעלאָזט היטן דעם פערד און אליין איז דער רבי אַריין אין קרעטשמע דאַוונען מנחה.

דערווייל האט דער שמש באגעגנט א פערד־הענדלער. דער פערד־הענדלער האט געהאט ביי זיך א כוסה. האט מען געמאכט לחיים, און מ׳האט פארפירט א שמועס וועגן דעם סוס. דער סוף איז געווען, אז דער שמש האט פארקויפט דעם פערד הענדלער דאס פערדל, אראפגעלאזט דאס געלט אין קעשענע, און אליין האט ער זיך אוועקגעשטעלט לעבן וואגן קייען היי.

דער רבי האט דערווייל אפגעדאווענט, ער גייט ארויס, עס ווערט אים פינסטער אין די אויגן: דער סוס איז ניטא, און יענקל דער שמש שטייט ביים וואגן און קייט היי.

— וואו איז דער פערד? — פרעגט דער רבי.

— דאס בין איך, דער פערד — ענטפערט יענקל.

— וואס מיינסטו? — פרעגט דער רבי, בלאס ווי דער טויט, און כ׳קלאפט אים א צאן אן א צאן.

— רבי — זאגט יענקל — אין מיינע יונגע יארן האט מיר געטראפן אן אומגליק, לא עליכם, איך האב געזינדיקט מיט אן אשה. איז מיין נשמה מגולגל געווארן אין א פערד. שוין צען יאר, רבי, אז איר פארט אויף מיר, און שמייסט מיך, און איצט, ווייזט אויס, איז מיין עונש געענדיקט, און איך בין צוריק א מענש געווארן.

דעם רבי׳ן האבן זיך די האר אויפן קאפ געשטעלט קאפויער פון שרעק. ער האט זיך גלייך געשטעלט מתפלל זיין צום רבונו של עולם ער זאל אים מוחל זיין, וואס דורך זיינע הענט האט געדארפט דורכגיין דער גלגול. אבער וואס איז די פעולה, מ׳דארף דאך האבן אן אנדער פערדל! גייט ער איז מארק זוכן אן אנדער פערד. ערשט, ער גיט א קוק, זיין פריערדיקער סוס שטייט זיך רואיק און קייט האבער. גייט ער צו צום פערד און גיט אים א צי ביים אויער:

— האסט שוין ווידער געזינדיקט!

(יא)

— מיין רבי — דערציילט א חסיד — שטעלט זיך אויף א באנק און זעט מיט זיינע הייליקע אויגן וואס עס טוט זיך אין די עולמות העליונים.

— אז דיין רבי איז אזא בעל־מופת — וואונדערט זיך א צווייטער חסיד — טא צו וואס, אשטייגער, דארף ער זיך שטעלן אויף דער באנק?

— דער רבי, זאל געזונט זיין, — ענטפערט דער חסיד — האט ליב צו טאן זאכן וואס זיינען קרוב אל השכל.

(יב)

א אידענע איז געקומען מיט איר קראנקן זון צו א בעל מופת, ער זאל איר געבן א רפואה. זאגט דער צדיק:

— גייט געזונטערהייט אהיים, און דער רבונו של עולם וועט אים שוין שיקן א רפואה שלמה.

— הייליקער רבי — זאגט די אידענע — ער איז ביי מיר א בן־יחיד׳ל און מיין אויג אין קאפ — ווילט איר זיך פארלאזן מיט אזא דימענט נאר אויף דעם רבונו של עולם אליין?

(נאך ש. ערנסט)

(יג)

א אידענע איז געקומען צום רבין:

— רבי — זאָגט זי — וואָס טוט מען? מיין קינד האָט זייער א שוואכן מאָגן.

— גיי אהיים — זאָגט דער רבי — און זאָג דריי מאָל דריי קאַפּיטלאך תהילים.

האָט זי דאָס געטאָן און עס האָט געהאָלפן. מיט עטלאכע וואכן שפּע־טער קומט זי ווידער צוגיין:

— דאָס קינד, רבי, ניט פאר אייך גערעדט, ליידט אויף עצירות. וואָס טוט מען?

גיט איר דער רבי די פריערדיקע עצה. גלאָצט זי אויס די אויגן אויפן צדיק און זאָגט:

— רבי, איר ווייסט דאָך אז תהילים איז גאָר פאר א שוואכן מאָגן!

(יד)

א מתנגד האָט אמאָל געזאָגט צו א חסיד:

— א גרויסער קונץ פון דיין רבין צו וויסן וואָס עס וועט טרעפן שפּעטער? אָט בין איך ניט נאָר ניט קיין רבי, נאָר אפילו קיין חסיד אויך ניט, און פונדעסטוועגן ווייס איך אויך וואָס עס וועט טרעפן שפּעטער.

— נו, אדרבא, וואָס וועט טרעפן? — פרעגט דער חסיד.

— עס וועט טרעפן אז דו וועסט קריגן פּעטש. — און ער נעמט, דער מתנגד, און פאַרט אים טאקע באלד אריין צוויי געזונטע פּעטש.

(טו)

א חסידישער רבי איז אמאָל אריינגעקומען אין א מתנגדישן בית־מדרש. טרעפט ער דאָרט בחורים וואָס זיינען זיך מתוכח אין לערנען. דער רבי, א איד א למדן, האָט דערזען פון וכוח, אז ביי די בחורים איז ניט אזוי דער עיקר דאָס לערנען, ווי דאָס אויספּיינען זיך איינער פארן אנדערן אין קענען. זאָגט דער רבי:

— אָט דער בית־מדרש איז פול מיט תורה. ווייסט איר פארוואָס? דער זוהר זאָגט "אורייתא בלא דחילא ורחימא לא פרחי לעילא" — תורה אָן ערנסטקייט און אָן ליבשאַפט גייט קיינמאָל ניט צום הימל ארויף. אייער תורה איז אזוי, דערפאר איז אייער בית מדרש פול מיט תורה.

(טז)

צוויי חסידים האָבן אמאָל געשמועסט צווישן זיך. האָט מען נאַטיר־לאך גערעדט וועגן דער גרויסקייט פון זייערע רביים.

— מיין רבי — זאָגט איינער — איז אזוי פארנומען שטענדיק מיט בקשות ותחנונים צו דער פּמליא של מעלה, אז ער האָט קיין צייט ניט אפילו צו לערנען א בלאַט גמרא.

— דאָס איז גאָר ניט — מאכט דער צווייטער. — ווער רעדט וועגן גמרא? מיין רבי האָט קיין צייט ניט אפילו אָפּלערנען א פרשה חומש מיט רש"י.

— רבותי, איר האָט זיך גאָר ניט וואָס איבערצונעמען מיט אייערע רביים — כאַפּט זיך אַרויס אַ דריטער. — מיין רבי איז אויך אַן עם־הארץ...

(יז)

אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט די ניסים פון זיין הייליקן רבין: בעיני ראיתי — האָט ער געזאָגט. איך בין מיט אים, זאָל לעבן, געגאַנגען אין מרחץ. האָט ער זיך געהייסן מאַכן אַ וואַנע. ער איז אַ שווערער איד, דער רבי, קיין עין הרע, ער זאָל מאריך ימים ושנים זיין. עס איז אָבער ניט געווען גענוג וואַסער אין וואַנע. עס האָט קוים געגרייכט צו אַ העלפט פון דער וואַנע. האָט דער רבי, זאָל לעבן, גאָרניט געזאָגט, נאָר ער איז פשוט אַריין אין וואַנע, און, בעיני ראיתי, ניט נאָר איז די וואַנע פול געוואָרן, עס איז געוואָרן אַ טייך אַרום דער וואַנע...

(יח)

דער רבי האָט זיך געזעצט מיט די חסידים צו מלוה מלכה. האָט זיך דער שמש אַרומגעזען אַז עס איז ניטאָ קיין משקה. און אויף אַ פלעשל משקה דאַרף מען האָבן צוויי רובל. האָט דער רבי, זאָל לעבן, געזאָגט צום עולם אַז אויב דער עולם וועט זיך צונויפלייגן אויף אַ פלעשל משקה, וועט ער אַ קלאַפּ טאָן אין וואַנט מיטן שטעקן, און ס'וועט אָנהויבן גיין משקה פון וואַנט. האָט יעדערער געגעבן צושטייער — דער רבי האָט אַוועקגעשיקט דעם שמש און ער האָט געבראַכט אַ פלעשל משקה. וואונדערן זיך די חסידים:
— רבי — פרעגן זיי—פאַרוואָס זשע קלאַפּט דער רבי ניט אין וואַנט?
— טפשים — ענטפערט זיי דער רבי מיט אַ שמייכל — ווען איך קאָן טאָן אַ זאַך בדרך הטבע, טאָ וואָס־זשע דאַרף איך אָנקומען צו ניסים ונפלאות?...

(יט)

די רביצין האָט זיך באַקלאָגט פאַר איר מאַן, דעם צדיק, אַז ווען זי מאַכט גאָמעלקעס כאַפּן זיך אַריין די חסידים און מאַכן אַ תל דערפון. האָט זי זיך מישב געווען, זאָגט זי, און האָט די גאָמעלקעס פאַררוקט הויך, ביים באַלקן, מ'זאָל ניט קאָנען דערלאַנגען. האָבן זיי אָבער דערלאַנגט אהין אויך, און עס איז קיין סימן ניט געבליבן — אזעלכע פרעסער! פיינע צדיקים, זאָגט זי, האָסטו, צווישן דיינע חסידים!
— אייל זיך ניט — שמייכלט דער צדיק — צו באַליידיקן מענשן. דאַרפסט וויסן זיין, אַז דער וואָס האָט דערלאַנגט די גאָמעלקעס איז אַ חסיד פון גאָר אַ הויכער מדרגה. ער איז אַ בעל תשובה. אַ צדיק וואָלט אַזוי הויך ניט דערגרייכט, ווייל עס שטייט "במקום שבעלי תשובה עומדים אין צדיקים גמורים יכולים לעמד" (ברכות לד) — וואו עס קאָן זיך שטעלן אַ בעל תשובה קאָן דער צדיק ניט דערגרייכן...

(כ)

אַ מתנגד האָט אַמאָל דערציילט: איר רעדט וועגן מופתים פונם רבי'ן? פרעגט מיך, וועל איך אייך דערציילן. בעיני ראיתי, איך האָב עס אַליין געזען. איך האָב זיך אַמאָל אַריינגע'גנב'עט צום רבי'ן אין חדר מיוחד.

בין געשטאַנען אין'א ווינקל און איך האָב זיך צוגעקוקט. דער רבי, זאָל לעבן, איז אריין אין זיין חדר מתיחד זיין זיך מיט דער פמליא של מעלה. עפּעס א וויכטיקער ענין געווען. איז ער, דער רבי, זאָל לעבן, געווען אין א מיסטישער שטימונג, און איז געווען זייער בלייך אויפן פּנים. אויפן טיש איז געשטאַנען א פלאַש רויטע וויין. איך זאָג אייך, אז איך בין נשתומם געוואָרן. אין עטלאַכע מינוט אַרום איז דער בלייכער רבי געוואָרן רויט, און די רויטע פלאַש וויין — איז געוואָרן — ווייס...

(נאָך דראַיאַנאָוו)

(כא)

א פרוי איז געקומען צום רבי'ן ער זאָל מתפּלל זיין פאַר איר. דער מאַן אירער האָט איר פאַרלאָזט. זי האָט אויפגעשריבן איר בקשה אויף א צעטעלע און געגעבן דעם שמש. דער שמש איז געקומען צוריק און זאָגט צו איר:

— פאָרט געזונטערהייט אהיים, דער רבי האָט געזאָגט אז אייער מאַן וועט אינגיכן צוריקקומען. נאָר איך זאָג אייך אז ער וועט ניט קומען.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט א חסיד, וואָס האָט אונטערגעהערט דעם געשפּרעך. — מהרהר זיין אויף דעם רבינ'ס רייד? ביזט משוגע?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט אים דער שמש — דער רבי האָט געזען נאָר דאָס צעטעלע... איך זע דאָך די אידענע אליין.

(כב)

צוויי חסידים האָבן זיך אַמאָל געהיצט וועגן זייערע רביים:

— מיין רבי — זאָגט איינער — האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט, א חוץ פאַר גאָט.

— און מיין רבי — מאַכט דער צווייטער — האָט דערגרייכט א העכערע מדרגה — ער האָט אפילו פאַר גאָט קיין מורא ניט...

(כג)

צוויי חסידים שמועסן. זאָגט איינער:

—איך פאַרשטיי ניט, וואָס איז די מעשה מיטן רבי'ן, זאָל געזונט זיין? עס איז דאָך ניט שייך צו זאָגן, אז דער רבי, זאָל מאריך ימים זיין, איז א גרויסער בעל מופת. ער איז דאָך טאַקע, כביכול, א כל יכול. פרעג איך דיך, פונוואַנען נעמט זיך דאָס וואָס שוין צוואַנציק יאָר פאָר איך צו אים, זאָל געזונט זיין, און בעט אויף געזונט און פרנסה, און איך בין נאָך אַלץ אז אַרימאַן און קוים וואָס איך שלעפּ די פיס.

— הערסטו — ענטפערט יענער — אָט דאָס איז דאָך טאַקע דער מופת. ער קאַן, און ער וויל, און העלפן העלפט ער פאָרט ניט.

(כד)

עס איז געווען א גרויסע טריקעניש, רחמנא לצלן. מסתמא האָבן אידן די "תפלת גשם" ניט געזאָגט מיט דער ריכטיקער כונה, און דער רבונו של עולם האָט די זון אַרויסגענומען פון איר פוטער־פאַס, און ס'ברענט. די תבואה איז אויסגעטריקנט געוואָרן, די בהמות פאַלן. זיינען חסידים אוועק צום רבין, א יונגערמאַן נאָך, ער זאָל מתפּלל זיין. ער, זאָל לעבן, האָט זיך

גלייך געגומען צו דער ארבעט, און עס האָט אָנגעהויבן גיסן. אָבער אזא מין פליוכעז, אז ס'איז א שרעק, א פשוט'ער מבול. איין טאָג, און צוויי, און דריי — ס'גיסט. איז מען ווייטער אוועקגעלאָפן צום רבי'ן: רבינקע, ס'איז שלעכט, עס האלט אין איין גיסן. דער רבי איז אוועק אין זיין חדר מיוחד. א לייגגערע צייט האָט ער תפלה געטאָן, און עס האלט ווייטער אין איין פליוכען.

קוקן זיך די חסידים ארום: וואָס מיינט דאָס? פרעגט מען דעם גבאי. ענטפערט דער גבאי:

— ער איז נאָך, פארשטייט איר מיך, א יונגערמאן. עפּענען קאָן ער, אבער צומאכן ווייס ער נאָך ניט ווי...

(נאָך דרויאנאָוו'ן)

.2

## פרומע אידן און אפיקורסים

אפיקורוס מיינט איינער וועלכער איז אן אָנהייגגער פון עפי־קורוסעס פילאָסאָפישער שיטה. עפיקורוס האָט געלעבט 341—270 פאר דער קריסטלאכער צייטרעכענונג. ער האָט געהאלטן אז דאָס גליק פון מענשן באַ־שטייט אין דער הנאה האָבן פון לעבן. די עפּיקוריאנישע פילאָסאָפיע איז שפּעטער שלעכט אויסגעטייטשט געוואָרן. מ'האָט אין איר געוואָלט אריינ־לייגן אנדערע כוונות. מ'האָט אין איר געוואָלט לערנען די בארעכטיקונג פון הפקרות, פון לעבן א גוטן טאָג, פרעסן, זויפן, יאָגן זיך נאָך תאוות. איינער פון זיינע תלמידים, מעטאראָרוס, זאָגט בפירוש, אז גליק מיינט פרעסן, אָנ־שטאָפּן דעם מאָגן.

אין דער אמת'ן אָבער, איז עפיקורוסעס פילאָסאָפיע געווען א שטרע־בונג צו א רואיקן, פרידלאכן צושטאנד פון דער נשמה. דער העכסטער גליק, האָט ער געלערנט, איז צו זיין פריי פון מורא און שמערצן, מאטעריישן און זאָרגן. מיר זוכן פארגעניגן דערפאר, ווייל מיר זיינען באטריבט. ווען דער צושטאנד פון אונזער נשמה איז רואיק, פרידלאך, דארפן מיר גאָר ניט קיין פארגעניגן.

דער העכסטער געגוס, האָט ער געהאלטן, איז דער וועלכן מיר קריגן פון דער ריכטיקער דערקענטעניש גופא. דעריבער איז לויט עפּיקורוסן בעסער האָבן שכל און זיין אומגליקלאך, איידער זיין א גליקלאכער נאר.

אויב דער מענש קאָן משיג זיין די מדרגה פון רואיקייט פון געדאנק, קאָן ער אפילו זיין גליקלאך אונטער פיזישע שמערצן. דער אמת'ער פילאָסאָף קאָן אפילו אויף דער תליה אויסשרייען: "ווי זיס עס איז! ווי אנגענעם עס איז!" נאָר דער מענש פון טיפער דערקענטעניש — דער מאן וועלכער לאָזט זיך ניט אוועקטראָגן איבער די כוואליעס פון תאוות, קאָן האָבן פארגעניגן, אָבער ניט זיין דער קנעכט פון פארגעניגן, נאָר זיין באלעבאָס. דאָס לעבן פון די חושים איז ניט קיין מיאוסע זאך, און מ'דארף זיך ניט שעמען דערמיט, אבער עס דארף זיין סובאָרדינירט צו דער העכערער דערקענטעניש.

דער רעליגיעזער גלויבן האט אלעמאל געקעמפט קעגן עפיקורן און זיין לעבנס־פילאסאפיע, דערפאר וואס די עפיקורעער האבן אונטערגעגראבן די יסודות פון רעליגיע. ביי אידן איז דאסווארט "אפיקורוס" אויסגעטייטשט געווארן אלס א "שם דבר" פאר יעדן וואס איז ניט רעליגיעז און פירט א צעלאזענעם לעבן. שוין אין גאר אלטע צייטן האט מען געקוקט מיט פאראכטונג אויף דעם אפיקורוס.

ניט יעדער מופקר האט אבער געקאנט זיין אן אפיקורוס. דער אפיקורוס איז געווען א וואויל־געלערנטער, נאר א משכיל "געכאפט אין דער מעשה".

א יונגערמאן איז געקומען אין א שטעטל — דערציילט מען — האט אויסגעזוכט די שטאט משכילים און זיך פארגעשטעלט אז ער איז אויך אן אפיקורוס. מ'האט מיט אים א שמועס געטאן. דער חברה־מאן אין אן עכטער "המכה בעברתו" — גע'הרג'עט אויף דער עברי, רחמנא ליצלן.

ווערן חברה אין כעס, מ'פאטשט אים אויס און מ'ווארפט אים ארויס. וואס? א פשוט'ער בעל־עבירה וועט ביי אונז זיין אן אפיקורוס? צו זיין אן אפיקורוס מוז מען פריער גוט פארשווארצט ווערן איבער די קליינע אותיות!

ווי די פרומע אידן האבן געהאסט אן אפיקורוס, האבן זיי דאך געהאט א געוויסן הדר־ארץ פאר זיין וויסן. אין תהילים (לז) שטייט: ראיתי רשע עריץ... ויעבר והנה איננו ואבקשהו ולא נמצא... פרעגט די וועלט: צו וואס זוכט ער דעם רשע, ער דארף אים נויטיק האבן? און מ'האט געענטפערט: ס'וועט קומען א צייט וועס מ'וועט זוכן א היינטיקן רשע און מ'וועט אים ניט געפינען, ווייל דער היינטיקער רשע איז כאטש א למדן און יודע ספר.

אין דעם אידישן פאלקס־הומאר געפינען זיך א סך וויצן וועגן דעם אפיקורוס און דעם מומר להכעיס, דער וועלכער טוט זאכן בכונה צו באליידיקן די געפילן פון דעם רעליגיעזן, ארטאדאקסישן מענטשן. געוויסע וויצן ווערן דערציילט אמאל וועגן אן אפיקורוס, אן אנדערש מאל וועגן בעל־עבירה'ניק. ווייל ביידע זיינען באטראכט געווארן אלס חברה, וועלכע האלטן זיך ניט אין די גרעניצן פון רעליגיע און מאראל און גראבן אונטער די יסודות פון ביידע.

דער אפיקורוס האט ליב געהאט צו פראווען ליצנות מיט די פארשטייער פון דער פרומער וועלט, און מיט דער וועלט פון פרומקייט בכלל. אזא מין אפיקורוס האט מיר אמאל געזאגט, אז ער האט מורא צו שלאפן אין א הויז וואו עס זיינען פאראן מזוזות...

מ'האט געכאפט א אידן עסנדיק אום יום כפור ביי א גוי חזיר. פרעגט מען אים: היתכן? ענטפערט ער: שא, וואס האב איך אזוינס געטאן? געגעסן אומגעוואשן? די עבירה נעם איך אויף זיך...

אדער די מעשה מיט יענעם אפיקורוס, וואס ער פלעגט בלייבן א טויטער ווען ער פלעגט דערהערן דונערן. וואס שרעקסטו זיך אזוי? — פרעגט מען אים. איך האב מורא — פלעגט ער ענטפערן — טאמער גיט אונז דער רבש"ע א נייע תורה.

דער מומר־להכעיס איז א טיפ וואס פארשווינדט ביסלאכווייז פון דער אידישער גאס. די מאדערנע אויפקלערונג האט אים פארטריבן פון אידישן

קולטורעלן און געזעלשאפטלאכן לעבן. פראגרעסיווע אידייען האבן אפגע־שוואכט דעם קאמף צווישן די רעליגיעזע און גאטלאזע לאגערן. עס איז דא מער טאלעראנץ צום צווייטנס אידייען און געפילן.

(א)

אן אפיקורוס האט אמאל ארויסגענומען זיין הינטל אויף א שפאציר. באגעגנט אים דער רב פון שטעטל.

— ווער איז דער כלב? — פרעגט אים דער רב.

— דאס איז מיין קדיש — פראווועט דער אפיקורוס ליצנות.

— אזוי? — שמייכלט דער רב. — כ'לעבן, וועסט איבערלאזן א בעסערן קדיש ווי דיין טאטע האט איבערגעלאזט.

(ב)

אן אפיקורוס פראווועט ליצנות מיטן רב פון שטעטל:

— איר זייט דאך — זאגט ער — עפעס א בקי. נו, אדרבא. זאגט מיר, וועלכעס ווארט אין דער תורה האט פיר קמצ'ן?

— הרחמה — ענטפערט דער רב.

דער רב אז נאך אבער מיט אים ניט פארטיק.

— מ'זאגט דאך אויף דיר — זאגט ער צום אפיקורוס — אז דו ביזט אויך א בקי. טא זאג זשע מיר, וועלכעס ווארט אין דער תורה האט פיר פתח'ן?

דער אפיקורוס קנייטשט דעם שטערן, עס העלפט ניט. ער האט צוגע־געבן אז ער געדיינקט ניט.

— אויב דו וועסט מיר מבטיח זיין, אז עס וועט בלייבן ביי דיר אליין — שמייכלט דער רב — וועל איך דיר זאגן.

— איך זאג אייך צו, רבי — רופט זיך אפ דער אפיקורוס.

— הקדחת — האט דער רב אים אינפארמירט...

(ג)

אין א שטעטל איז געווען אן אפיקורוס, איינער פון יענע חברה וואס דוקא יום־כפור פלעגט אים אויסקומען ארומצושניידן זיין סאד און פאר־ריכטן דעם פארקן ארום אים — און דאס דוקא ווען אידן פלעגן גיין אין שול אריין. אז מ'שמועסט א ריכטיקער חברה־מאן, איז דאך ניט שייך צו זאגן. איז ער, נאטירלאך, געווען א כופר בעיקר. פון אלץ אויסגעלאכט זיך.

— אין איין זאך, אבער — פלעגט ער זאגן — גלויב איך יא.

— דהיינו? — פרעגט מען ביי אים.

— אין תחית המתים!

— ווי אזוי? — וואונדערט מען זיך.

— פארשטייט איר מיך — ענטפערט ער — אז א איד קומט פון שול שבת, און זעצט זיך עסן טשאלנט, מיט רעטאך מיט שמאלץ, מיט פעטשא, מיט קישקע, א קוגל מיט העלזלאך, מיט א שטרודל־קוגל, מיט צוויי ערליי פליישן, מיט א גאנצע־נאכט־געבראטענע קארטאפל, מיט א פלוימען צימעס, און פארטרינקט נאכדעם מיט א קווארט קאלטע וואסער, און לייגט זיך שלאפן און קאן אויפשטיין א לעבעדיקער — גלויב איך אין תחית המתים.

(ד)

א איד האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן און געשיקט רופן דעם רב זאָגן וידוי. דער רב בעט אים ער זאָל זיך מתודה זיין אויף זיינע חטאים.

— אויף וויפל איך געדיינק — שמייכלט דער איד — האָב איך אין מיין גאַנצן לעבן געזינדיקט איין מאָל.

— וואָס איז געוועזן דיין חטא, רחמנא לצלן? — פרעגט דער רב.

— איך האָב פאַרפעלט איינמאָל מאַכן א המוציא.

— מילא — טרייסט אים דער רב — דאָס איז, חלילה, ניט קיין שרעקלאַכע עבירה. אָבער ווי קומט דאָס דו זאָלסט פאַרגעסן?

— פאַרשטייט איר, רבי — מאַכט דער גוסס — איך האָב זיך ניט געוואַשן פאַרן עסן, האָב איך שוין קיין המוציא אויך ניט געמאַכט.

— אזוי גאָר? — ווערט שוין דער רב ערנסטער. — ווי זשע קומט עס דו זאָלסט פאַרפעלן נטילת ידים?

— איך וועל אייך דערקלערן, רבי. איך האָב געגעסן אין א גויאישן רעסטאָראַן, האָב איך ניט געוואָלט אריינרוקן זיך מיט מיינע אידישע מנהגים.

— האָסטו, הייסט עס, געגעסן טרפות, רחמנא לצלן? — צעקאָכט זיך דער רב.

— פאַרשטייט איר מיך, רבי — שמייכלט ווייטער דער גוסס — כ'האָב זיך ניט געקאָנט העלפן. דאָס איז געווען יום כפור — וואו קאָן מען דען אין אזא טאָג קריגן א אידישן רעסטאָראַן?

(ה)

א איד איז אמאָל תשעה באב געקומען פרעגן דעם רב א שאלה, צי ער מוז פאַסטן. ער איז א שוואַכער מענש געוועזן, און א תענית פלעגט אים דערקאָנטשען. אריינגייענדיק צום רב זעט ער ווי דער רב, בכבודו ובעצמו, זיצט און עסט א גוטן וואַרמעס. ער איז אביסל פאַרשעמט געוואָרן. דאָך ניט ער א פרעג דעם רב צי ער דאַרף פאַסטן.

— געווים דאַרפסטו פאַסטן — ענטפערט דער רב.

דער איד איז פאַרוואונדערט.

— רבי — זאָגט ער — זייט מיר מוחל, אָבער וואָס איז די מעשה וואָס איר פאַסט ניט?

— פאַרשטייסטו מיך — ענטפערט דער רב — איך האָב ביי קיינעם ניט געפרעגט...

(ו)

א פרומער איד האָט געזען אן אויפשריפט אויף א רעסטאָראַן "כשר בתכלית הכשרות". איז ער אריין און באַשטעלט א טעלער בלינצעס. ווי נאָר ער האָט פאַרזוכט די ערשטע בלינצע, איז ער אויפגעשפרונגען מיט א געשריי:

— גזלנים! איר האָט דאָך קעז אין די בלינצעס, און איך האָב דאָ ניט לאַנג געגעסן פלייש!

דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַן, א איד מיט א יאַרמעלקע, איז צוגע־גאַנגען צום גאַסט און האָט געזאָגט:

— בארואיקט אייך, ר׳ איד. בייסט ווייטער און איר וועט געפינען פלייש אויך.

(ז)

מ׳האט געכאפט א אידן עסנדיק אום אסתר־תענית. פרעגט מען אים: היתכן?

— פארשטייט איר מיך — ענטפערט ער — איך האלט אז המן איז געווען גערעכט. מרדכי האט ניט געהאט קיין רעכט איינצושטעלן דאס לעבן פון א גאנץ פאלק פאר זיינע פערזענלאכע אינטערעסן. ס׳איז אים ניט אנגע־שטאנען בוקן זיך צו המנ׳ען!

נו, א גערעכטע טענה. אויף מארגן טרעפט מען דעם אידן עסנדיק האמענטאשן.

— ממה נפשך — פרעגט מען אים — האלסטו פון המנ׳ען, וואס זשע עסטו האמענטאשן, וואס דערמאנען אן זיין מפלה?

— איך האב זיך באטראכט — האט ער געענטפערט — און בין גע־קומען צו דער איבערצייגונג, אז מרדכי איז פארט גערעכט געווען.

(ח)

דער רב האט מקרב געווען א יונגן אפיקורוס אין שטעטל וואס איז געווען א מושלם בכל המעלות, האט זיך אויסגעצייכנט מיט מדות טובות און געפירט אן עטישן און ערהאבענעם לעבן. איינמאל איז דער רב שטארק קראנק געווארן. דער דאקטאר האט אים פארבאטן אויפצונעמען מענשן, אפילו נא־ענטע פריינט. דער יונגער אפיקורוס איז געקומען אים מבקר חולה זיין, האט דער רב גלייך געהייסן אים אריינרופן.

— עס איז א גרויסער כבוד פאר מיר, רבי — זאגט דער אפיקורוס — וואס איר האט מיך אויפגענומען, ווען דער דאקטאר האט אייך פארבאטן אויפצונעמען באזוכער.

— פארשטייסטו מיך — ענטפערט דער רב — אין גן־עדן בין איך זיכער, וועל איך זיך טרעפן נאכאמאל מיט אלע מיינע פריינט. מיט דיר אבער בין איך ניט זיכער...

(ט)

א געשווארענער און פארברענטער אפיקורוס האט אמאל געהאלטן א רעדע פראפאגאנדירנדיק דעם אטעאיסטישן געדאנק. ער האט מיט פייער־דיקע ווערטער אויפגעוויזן די גוואלדיקע סתירות אין תנ״ך, די נארישקייט פון גלויבן אין גאט, אז עס איז אוממעגלאך אז די סתירות׳דיקע ביבל זאל זיין גאט׳ס ווארט, אויב אפילו עס וואלט געווען א גאט אויף דער וועלט א.א.וו.

ער האט פארענדיקט זיין רעדע אויף א העכסט דראמאטישן אופן:

— מיינע דאמען און הערן — האט ער פייערדיק אויסגעשריען — איך דאנק שטענדיק דעם רבונו של עולם, וואס איך בין אן אטעאיסט...

(י)

אן אפיקורוס האט אמאל געבעטן דעם שמש ער זאל אים אויפוועקן צו סליחות, און ער האט אים פארזאגט, אז ער, דער שמש, זאל למען השם ניט אוועקגיין פון פענסטער, ביז ער וועט אים ניט אויפוועקן. דער שמש האט

אזוי שטארק געקלאפט מיטן האמער, ביז וואנען ער האט געהערט דעם אפי־קורוס אראפקריכנדיק פון בעט. צו סליחות איז דער אפיקורוס, ניט געקומען. פרעגט אים איינמאל דער שמש:

— צו וואס האט איר מיך געדארפט מטריח זיין, איר זייט דאך סיי ווי סיי ניט געקומען?

— צוליב צוויי טעמים — ענטפערט דער אפיקורוס. — ערשטנס האב איך געוואלט פילן דעם טעם פון אויפשטיין אין א קאלטן פרימארגן און צוריקלייגן זיך אין א ווארימער בעט. א, ס'איז א מחיה! צווייטנס, האב איך געוואלט פילן דעם טעם פון אויפשטיין ימים־נוראים־צייט און זיך ניט אפ־ניסן קיין נעגל־וואסער.

(יא)

— אום תשעה באב טרינקסטו שאמפאניער?

— פארוואס ניט? ניט גענוג וואס איך האב אזויפיל צער וואס בית־ע בתי מקדשות זיינען חרוב געווארן, זאל איך נאך אביסל ווייַן ניט קאנען אויסטרינקען?

(יב)

אן אלטער אפיקורוס האט אמאל דערקלערט פארוואס ער פאסט ניט צום גדליה.

— עס זיינען דא פיר טעמים — האט ער געזאגט: ערשטנס, ווען גדליה זאל ניט געווען דער'הרג'עט ווערן נאכן ערשטן חורבן, וואלט ער דאך שוין סיי ווי סיי לאנג געשטארבן. צווייטנס, ווער קאן מיר גאראנטירן אז גדליה וואלט געפאסט ווען איך ווער גע'הרג'עט? דריטנס, ביי מיר איז א טבע, אז ס'קומט צען אזייער אינדערפרי, הויבט מיר אן חלש'ן ס'הארץ. פערטנס: איך וואלט וועלן וויסן, מיט וואס איז דאס צום גדליה מער מיוחס ווי יום כפור?

(יג)

אן אפיקורוס האט זיך אמאל בארימט פאר זיינעם א חבר, אז זינט כמה יארן איז ביי אים א מנהג צו פראוועזן לכבוד תשעה באב א סעודה כיד המלך, מיט אן אינדיק, א פלאש בראנפן א. א. וו.

— א, מאכסט זיך נאריש — זידלט אים דער צווייטער. — רעכסט ווי א טפש. ווער האט דאס געהערט, היינטיקע צייטן זאל מען מאכן א וועזן פון דעם האזיקן תענית'ל! ביי מיר קאן איך תשעה באב אויסקומען מיט אביסל בארשט, א שטיקל הערינג — וואס ס'מאכט זיך. ס'איז דאך ניט יום כפור!...

(יד)

אן אלטער אפיקורוס האט אמאל געזאגט: איך האלט דוקא פון תעניתים. נאר וואס דען, עס דארפן זיין דריי תנאים דערביי: ערשטנס, זאל דער טאג זיין א קורצער, ווי עשרה בטבת, למשל; צווייטנס, דער פאסטער זאל זיין א לאנגער, א גרויסער, א געזונטער איד, און דריטנס — אנבייסן אינדער־פרי, ווען ער שוין ווי ס'איז דורכקומען.

(טו)

אן אפיקורום האט אמאל געוואלט פראווען אביסל ליצנות מיט דעם רב פון שטעטל.

— רבי — מאכט ער צו אים — אין חומש שטייט "וירדף עד דן" — אברהם האט זיי נאכגעיאגט ביז דן. מיר ווייסן דאך אז דער שטאט דן איז געגעבן געווארן דער נאמען נאך דן, יעקב'ס זון. אבער אין יענער צייט איז דאך נאך דן אויף דער העלט ניט געווען, טא ווי שיקט זיך עס?

— אמת — שמייכלט דער רב. — ביזט גערעכט. אין תוך זיינען פאראן א סך זאכן וואס זיינען קשה. אט נעם, למשל, אין דער מגילה שטייט אז מ'האט אויפגעהאנגען המנ'ען מיט אלע זיינע בנים. צווישן זיי איז, נאטירלאך, אויך געווען "ויזתא". ווייזט זיך ארויס, אז עס איז גארניט ריכטיק. והראיה, אט דרייט ער זיך גאר ארום ארום מיר...

(טז)

רבי זלאטניק פלעגט זאגן: קום און זע וואס איז דער חילוק פון פאלק ישראל ביז אנדערע אומות: ביי אנדערע אומות הייסט אן אפיקורום (Epicure) — א מומחה אין הלכות אכילה, א גורמעי, א פיינשמעקער, א מהדר אין דינים פון זולל וסובא.

ביי אידן אבער הייסט אן אפיקורום ווער ס'עסט א יאר־אלטע מצה פון עירוב איינגעריבן מיט א חלב ליכטל פון עמוד, "ברויט מיט שנויץ", אדער "קאשע מיט חלב" (זע א. בערנשטיין).

(יז)

דאס איז געווען יום־כפור ארום מנחה־צייט. דער יונגערמאן איז צוגעקומען צום רב

— חבי — זאגט ער — איר מוזט מיר מתיר זיין נעמען א טראפן וואסער. איך פאל פון די פיס. די כחות גייען מיר אוים.

— נישקשה, מיין זון, — זאגט דער רב, — זיי זיך מתגבר אויפן יצר־הרע. אט דאווענען מיר באלד מנחה, און דערנאך נעילה, און גלייך נאכדעם, אם ירצה השם, דאווענען מיר מעריב. דו וועסט בעזרת השם יתברך אויסהאלטן.

— רבי — שרייט דער יונגערמאן — איר ווייסט גאר ניט ווי שלעכט איך פיל! עס איז א מינוט צום טויט.

דער רב ווערט ווייכער: שמש! גיט ער א רוף און הייסט אים געבן, דעם יונגנמאן, א לעפל וואסער. דער יונגערמאן האט זיך מחיה געווען.

— רבי — מאכט ער ווייטער — איר מוזט מיר מתיר זיין א גלאז וואסער. איך זאג אייך עס איז פקוח נפש.

דער רב קווינקלט זיך. ענדלאך איז ער אים מתיר אויסצוטרינקען א גלאז וואסער. פקוח נפש! דער אפיקורום האט זיך מחיה געווען. ער איז א לעבעדיקער געווארן.

— חבי — זאגט ער — א דאנק אייך. איר האט מיך געראטעוועט. פון היינט אן און ווייטער וועל איך נעמען אויף זיך א נדר ניט צו עסן הערינג אום יום־כפור. מ'קאן עסן אנדערע זאכן. הערינג, ווייסט איר, פארברענט אין הארצן אז עס איז פשוט צום חלשות...

(יח)

מ׳האָט געפרעגט אַן אַפּיקורוס פאַרוואָס עפּעס זעט ער אַז זיינע קינ־דער זאָלן ניט מחלל שבת זיין, און ער אַליין טוט שבת כל דבר אסור.

— איך היט אָפּ — האָט ער געענטפערט — וואָס עס שטייט אין דער תורה. עס שטייט ושמרו ב נ י ישראל את השבת. דאָס האָט מען געמיינט מיינע קינדער אָבער ניט מיך...

(יט)

ר׳ עקיבא איגר האָט אַמאָל באַגעגנט אַ יונגנמאַן רויכערנדיק אום שבת.

— מסתמא פאַרגעסן אַז היינט איז שבת? — איז ר׳ עקיבא חוקר ודורש.

— חלילה — ענטפערט דער יונגערמאַן. — כ׳האָב ניט פאַרגעסן!

— ווייסטו ניט אַז מ׳טאָר ניט רויכערן אום שבת?

— איך ווייס. פאַרוואָס זאָל איך ניט וויסן?

— האָסטו דאָס געטאָן, הייסט עס, במזיד?

— אמת, רבי, במזיד.

— אַזוי גאָר? — וואונדערט זיך ר׳ עקיבא. — אַזאַ אמת׳ער מענש, זאָל זיך גאָר אַרומדרייען אויף דעם עולם השקר!...

(כ)

געשטאָרבן אַן אַפּיקורוס אין שטעטל. ס׳איז געווען ערב שבת. חברה קדישא איילן זיך. ס׳איז אָבער ניטאָ קיין איין מענש וואָס זאָל וועלן זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן בר־מינן. ס׳האַלט שמאָל. וואָס טוט מען? האָט זיך אַרויס־געכאַפּט דער שמש פון בית־מדרש:

— אידן — זאָגט ער — איך האָב צו דערציילן אַ שבח וועגן בר־מינן. ער האָט אַ בנ׳אָק אין אויסלאַנד, דערציילט מען וועגן אים, אַז ער איז נאָך טויזנט מאָל ערגער פון זיין טאַטן.

אַ גלייכער געדאַנק. חברה קדישא האָבן אים באַלד מקבר געווען.

(כא)

דער וויניפּעגער רב, ר׳ ישראל כהנאָוויטש, איז איינמאָל געגאַנגען אין גאַס אין אַ ווינטערדיקן שבת. אַ אידישער יונגערמאַן איז געגאַנגען און גערויכערט אַ פּאַפּיראָס. דערזעענדיק דעם רב, האָט דער יונגערמאַן גלייך אַרונטערגערוקט דעם פּאַפּיראָס אונטערן אַרבל. גייט צו דער רב צו אים און זאָגט: "יונגערמאַן, ס׳אַנ׳עבהה דער מאַנטל; איר קענט נאָך, חלילה, פאַר־ברענען דעם אַרבל...

(כב)

— אפנים אַז עס איז טאַקי אמת — האָט אַ ישיבה־בחור, אָנגעשמעקט מיט אַפּיקורסות, אַ זאָג געטאָן צו זיין חבר — אַז אויף דער לבנה זיינען דאָ מענשן.

— פונוואַנען דרינגסטו דאָס? — פרעגט אים דער חבר.

— אַנומלטן שטיי איך און בין מחדש די לבנה. מיטאַמאָל פאַלט מיר גאָר אַריין אין קאָפּ אַ מיידל...

(כג)

חברה האָבן אים, דעם אפּיקורוס, געבראַכט צום רב. מ׳האָט אים גע־כאַפּט עסנדיק אום יום כפּור א הינערשע פּאָלקע.

— דו יונגאַטש, דו עוכר ישראל, דו אַזוינער און אַזוינער! — שרייט דער רב אויף אים. — וואו איז דאָס געהערט געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט, א איד זאָל יום כפּור ניט פאַסטן?

— רבי, אויב א מענש איז א חולה מסוכן — איז דען ניט דער דין אז ער מעג עפּעס טועם זיין אום יום כפּור?

— יע, — זאָגט דער רב — אויב עס איז א פּראַגע פון פּקוח נפש, מעג מען עסן.

— הייסט עס — שמייכלט דער אפּיקורוס — אז עסן מעג מען שוין יאָ. די איינציקע זאַך וואָס איר האָט געוואָלט איז, איך זאָל זיין א חולה מסוכן. שעמען מעגט איר זיך, רבי. אַזאַ שיינער איד ווי איר, א הייליקער איד, זאָל ניט פאַרגינען א אידן זיין שטיקל געזונט!

(כד)

אויף ר׳ ישראל סאַלאַנטער דערציילט מען, אז ער איז אַמאָל אָנגע־קומען אין א שטאָט און געהאַלטן דאָרט שבת. אין בית מדרש, צו קריאת התורה, באַמערקט ר׳ ישראל, אז מיט שלישי האָט מען מכבד געווען אן אָרטיקן אידן, און אים, ר׳ ישראל׳ן, האָט מען געגעבן אן אַנדער עליה. נאָכן דאַוונען גייט צו צו ר׳ ישראל׳ן דער גבאי:

— רבי — זאָגט ער — איר זאָלט אונז מוחל זיין וואָס מיר האָבן אייך ניט מכבד געווען מיט שלישי. דער איד וואָס האָט געקראָגן שלישי, איז דאָ א תקיף אין שטאָט. קהל ציטערט פאַר אים. ס׳איז דאָ א סך וואָס צו דער־ציילן, נאָר עס ווילט זיך ניט מוציא מן הפה זיין. ער האָט, דער איד, א שיינע טאָכטער, און ער איז אויפגעטראָגן מיטן איספּראַווניק. איר פאַרשטייט, רבי, מ׳איז ביי אים אין די הענט.

— אַזוי? — שמייכלט ר׳ ישראל. — אויב אַזוי קומט אים שלישי מדאורייתא.

— וואָס מיינט איר, רבי? — פרעגט דער גבאי.

— אז איר וועט אַריינקוקן אין פּרשה בלק — ענטפערט ר׳ ישראל — וועט איר דאָרט געפינען אויסגערעכנט די חמשת מלכי מדין: ״את אוי, ואת רקם ואת צור ואת חור ואת רבע״. מאַכט רש״י: צור היה גדול מכלם, צור איז געווען דער גרעסטער פון אַלע מלכים, ולמה מנאו שלישי — טאָ וואָרום דערמאָנט ער אים דער דריטן — מפני שהפקיר את בתו לזנות — ווייל ער האָט זיין טאָכטער מפקיר געווען...

(כה)

א איד האָט זיך שמחת תורה, ווי דער מנהג איז, שטאַרק משמח געווען מיט דער תורה. אַליין איז ער געווען א פּראָסטאַק א איד, קוים געקאָנט דורכ־קריכן אין עברי, און דאָך האָט ער געהוליעט און געטאַנצט מיט דער תורה.

— וואָס זייט איר זיך אַזוי משמח מיט דער תורה? — פרעגט אים איינער. — א סך געלערנט איר דורכן יאָר?

— דורך דער תורה — ענטפערט דער איד — האָב איך פאַרדינט אַ סך געלט לעצטן יאָר.

— ווי אַזוי? — פרעגט יענער.

— איך בין געווען פאַרטרייט אין אַ דין־תורה. בין געווען אַ גרויסער בעל־חוב. האָט מיר דער רב געהייסן שווערן ביי דער תורה, אַז איך בין ניט שולדיק. האָב איך געשוואָרן און איינגעשפּאָרט אַ מטמון מיט געלט.



## 1.

# צווישן לומדישע אידן

די פרומע וועלט האט אלעמאל געהאט "שיינע אידן". אפטמאל זיינען זיי טאקע געווען פיזיש שיין, מיט א הדרת פנים, מיט שיינע בערד. די שכינה האט אויף זיי גערוט. מלאכ׳שע גוטסקייט און איידלקייט זיינען געווען צעגאסן אויף זייערע פנימער — באלויכטן מיט א מיסטישער צארטקייט. האט איר א קוק געטאן אויף אזא שיינעם אידן, האט איר אייערע אויגן ניט געקאנט אראפנעמען פון אים. א פנים איז א מסור. א פנים זאגט אויס אלע מעשים און מחשבות פון א מענשן. איר לייענט זיי אראפ פון זיין פנים ווי פון א ספר.

די דאזיקע אידן זיינען געווען "שיינע אידן" אין גייסט. זיי זיינען געווען באשאנקען מיט רוחניות׳דיקער פולקאמענהייט, מיט דערבארימדיקייט, מיט נעימות׳דיקייט. א סך פון זיי זיינען אויך געווען באשאנקען מיט גוואל־דיקער ענערגיע און ווילנס־קראפט. קלוגע אידן זיינען זיי געווען, פקחים, למדנים מופלגים, און דערצו ענוים, בורחים מן הכבוד. א סך פון זיי זיינען געווען בראשם ורובם איינגעטאן אין אידישקייט; אנדערע האבן טאקע גע־וואוסט די וועלט אויך.

דער אידישער פאלקלאר איז אנגעפאקט מיט שארפע ווערטלאך פון אזעלכע שיינע אידן. אמאל פלעגן זיי א זאג טאן א ווערטל, אדער א וויץ, אזוי זיך, כלאחר יד; האט מען זיך אבער אין דעם פארטיפט, האט מען אויסגעפונען אז עס איז ניט געווען א הלצה לשם הלצה, נאר דארט איז פאראן פילאסא־פישע טיפקייט און לעבנס־קלוגשאפט.

אמת, די ווערטלאך זיינען מערסטנטייל דורכגעדרונגען מיט אן איינ־זייטיקער קאנצעפציע פון וועלט, מענש און לעבן; מיט קאמף קעגן אפיקורסות; מיט דער דערהויבנקייט און אויסדערוויילטקייט פון עם ישראל בנוגע די אומות העולם; מיט דער גרויסער חשיבות פון תורה לערנען; מיט דער פאר־ערונג פון אידישקייט אין איר קאנסערוואטיווער פארמע; אבער אמאל טרעפט אויך, אז די ווערטלאך זיינען טיף, ברייט, רייסן זיך ארויס פון די דלד אמות פון דאגמאטישער פרומקייט, טראגן אונז ווי אויף פליגלען צו וועלטן פון שיינקייט און אנטפלעקן פאר אונז וועלטן פון לעבנס־קלוגשאפט איינגעוויקלט אין דער פארמע פון שפרודלדיקן הומאר.

(א)

— דעם רבונו של עולם — פלעגט זאגן דער בארימטער חסידישער וויצלינג, ר׳ מרדכי ראקאווער — האט געטראפן א גרויסער נס מיט דער עקדה. מה־דאך אז אברהם האט בלויז ג ע וו א ל ט שעכטן יצחק׳ן הערן אידן ניט אויף צו שרייען און מרעיש עולם זיין: "זכור לנו עקדת יצחק"! טא ווי וואלט שוין געווען ווען ער וואלט אים, חלילה, אויף אן אמת געשאכטן. קאן מען זיך דען פארשטעלן וואס ביי אידן וואלט זיך דאמאלסט אפגעטאן? דער רבונו של עולם וואלט שוין גאר ניט אומשטאנד געווען אויסצוקויפן זיך פון זיי!...

(ב)

דער דובנער מגיד האָט אַמאָל געפרעגט: וואָס איז די מעשה וואָס אַלע "אבינו מלכנו'ס" ווערן געזאָגט הויך, און דער לעצטער — חננו ועננו כי אין בנו מעשים — ווערט געזאָגט שטיל?

עס איז אַזוי ווי מיט יענעם קליינעם סוחר — האָט ער געגעבן אַ משל — וואָס קומט אינם גרויסן הורט־געשעפט און מאַכט אַ גרויסע באַשטעלונג. די משרתים טאַנצן אַרום אים: אַ גרויסער פּריון! און ער באַשטעלט הויך אויפן קול כל־ערליי סחורות. ס'קומט אָבער צום צאָלן, רופט ער אָפּ דעם אייגנטימער אין אַ ווינקל און רוימט אים איין הכנעה'דיק אין אויער: ע, ע... ר' נחמן, קיין מזומן איז ניטאָ; איר וועט נעמען אַ וועקסל?

אַזוי אויך מיט אידן. פריער שטעלט מען זיך אַוועק מעשה סוחר: אבינו מלכנו, חדש עלינו שנה טובה; אבינו מלכנו פרנסה וכלכלה; ס'קומט אָבער צום צאָלן, זאָגט מען שטילינקערהייט: אבינו מלכנו — חננו ועננו — כי אין בנו מעשים... עשה עמנו צדקה וחסד... אויף אַ וועקסעלע...

(ג)

איינער אַ רב האָט אַמאָל צוגעשיקט צו ר' יצחק אלחנן אַ שווערע קשיא וואָס האָט אים געמאַטערט אַ לייננגערע צייט. ער קאָן קיין תירוץ ניט געפינען, שרייבט אים דער רב, און דערפאַר קאָן ער ווייטער ניט לערנען. ענטפערט אים ר' יצחק אלחנן, ז"ל, אַז ער זאָל אַריינקוקן אין דער מסכת מנחות אויף אַ געוויסן דף אין תוספות וועט שוין רעכט ווערן. דער רב האָט דאָרט אַריינגעקוקט און דעם תירוץ ניט געפונען, ווייל תוספות רעדט דאָרט פון אַן ענין וואָס האָט קיין שום שייכות ניט צום ענין וועגן וועלכן דער רב האָט געפרעגט. שרייבט ער נאָכאַמאָל צו ר' יצחק אלחנן. האָט ר' יצחק אלחנן געענטפערט: דאָרט פרעגט תוספות אויך אַ האַרבע קשיא, און געפינט קיין תירוץ ניט; פונדעסטוועגן האָט ער ניט אויפגעהערט לערנען צוליב דעם...

(נאָך י. מאַרק)

(ד)

ר' לוי יצחק פון באַרדיטשעוו האָט אַמאָל, ראש השנה פאַר תקיעת שופר, געזאָגט פאַרן עולם פאָלגנדעס:

— איך בין אַמאָל געווען אין אַן אכסניה, בשעת אַ יריד. די סוחרים וועלכע האָבן זיך געאיילט צו לויפן צום יריד האָבן געמאַכט דעם דאַוונען אויף שנעל און מ'האָט קיין וואָרטער ניט געקאָנט הערן, נאָר אָפּגעריסענע הברות האָט מען געהערט: בה, מה, א.א.א. בין איך אין כעס געוואָרן אויף זיי און איך האָב זיי אַריינגערופן צו מיר אין חדר און איך האָב אָנגעהויבן ריידן צו זיי אויך מיט אָפּגעריסענע הברות: בה, מה... א.א.א. קוקן זיי אויף מיר ווי אויף אַ ביין וואונדער, אַזוי ווי איך וואָלט, חלילה, פון מוח אַראָפּ. זאָג איך צו זיי: וואָס וואונדערט איר זיך, רבותי, האָט איר אַליין הײַנט ניט מתפלל געווען פאַרן מלך מלכי המלכים אויף אַזאַ אופן?

איז דאָרט געווען אַ איד אַ פּקח, האָט ער מיט געענטפערט: אַ קינד אין וויגעלע רעדט אויך ניט קיין קלאָרע דבורים, נאָר עס בעקעט און מעקעט. אפילו חכמים וועלן ניט פאַרשטיין וואָס ער רעדט. אָבער זיין מאַמע

פארשטייט יע. אזוי זיינען מיר אויך. מיר זיינען דעם רבש"ע'ס קינדער, פאר־שטייט ער אלעס וואס מיר זאגן אים, ס'מאכט ניט אויס ווי מיר זאגן עס.

— רבותי — האט דער צדיק פארענדיקט — דער פקח האט מיר מיינע אויגן געעפנט. ניט אין די ווערטער ליגט דער כח פון תפלה — נאר אין דער כונה שבלב.

(ה)

צו רבי טעוועלע מינסקער איז געקומען א יונגערמאן נאך סמיכה. שמועסנדיק האט דער יונגערמאן עפעס א זאג געטאן א פרייען געדאנק. האט ר' טעוועלע באמערקט אז עס פאסט ניט פאר א יונגנמאן וואס קלייבט זיך ווערן א רב צו ריידן אזעלכע רייד.

— רבי — פארענטפערט זיך דער יונגערמאן — דאס איז ניט מיינס, דער רמב"ם זאגט אזוי אין "מורה נבוכים".

— איך וועל דיר דערציילן א מעשה — זאגט אים דער רב. — א גרויסער סוחר איז אמאל מיט זיין פורמאן געקומען אין א שטאט און איז צוגעפארן צו א גרויסן געשעפט. דער באלעגאלע איז געבליבן שטיין ביי דער טיר. דער סוחר, קלייבנדיק די סחורות, האט זיך אומגערן א דריי געטאן און אויסגעזעצט א שויב. דער באלעבאס איז גלייך צוגעלאפן צום סוחר: "ס'מאכט ניט אויס, ר' נחמן, מילא, קיין גרעסערע אומגליקן זאלן ניט טרעפן; דאנקען גאט, אבי איר האט זיך ניט צעקאליעטשעט. איר האט זיך מסתמא איבער־געשראקן? אט נעמט א גלעזל בראנפן".

— דער באלעגאלע האט דערזען אז פאר אויסברעכן א שויב דער־לאנגט מען א כוסה, איז ער גלייך צוגעגאנגען און צעבראכן די שויי־פענס־טער. פארשטייט זיך, אז עס זיינען גלייך ארויסגעלאפן די אנגעשטעלטע און מ'האט אים גוט אנגעבראכן די ביינער פאר אזא מעשה. פרעגט ער, דער פור־מאן, פארוואס האט מען יענעם דערלאנגט א כוסה פארן צעברעכן די שויב, און אים שלאגט מען נאר? האט מען אים געגעבן צו פארשטיין: יענער איז א גרויסער קונה, גיט אזויפיל צולייזן, איז מה רעש — צעבראכן א שויב, מילא; אבער דו — וואס ברעכסטו, א סך האסטו געגעבן צולייזן?

— אזוי — זאגט דער רב — איז מיט דיר. מילא, דער רמב"ם וואס האט אונז געגעבן אזעלכע גאלדענע זאכן ווי זיין פירוש המשניות, דעם יד החזקה, נו, מילא, מוז מען לידן פון זיין "מורה נבוכים"; אבער דו? וואס ביזטו פאר א מחותן צו ריידן אזעלכע פרייע דבורים — האסט א סך געגעבן צולייזן?...

(ו)

איינמאל, פורים — דערציילט אנסקי אין זיין ארבעט "פיאנערן" — האבן משכילים צוגעשיקט צום ווילנער גאון ר' אליהו שלח־מנות א צוקערנעם חזיר'ל. וואס זשע האט דער גאון געטאן? ער האט דאס חזיר'ל צוגענומען און געגעבן דעם שליח א רובל פארן וועג און האט נאך געהייסן דאנקען די שיקער. פארשטייט זיך, אז זיי זיינען נבהל ונשתומם געווארן און האבן גלייך גע־שיקט זייערס א מענש צום גאון געוואויר ווערן מיט וואס דא שמעקט.

— רבי — האט ער געזאגט — מיר האבן געמיינט אז איר וועט ארויסטרייבן דעם שליח אונזערן, צום סוף האט איר נאך אים שיין באלוינט און געהייסן אונז דאנקען. היתכן?

— סטייטש! ארויסטרייבן? אדרבה! איך בין געווען שטארק גע־רירט פון אייער מתנה: איר האט דאך מיר אייער בעסטן ביסן פון מויל געשיקט!

(ז)

רבי זאנענפעלד, ז״ל, האט, ווי באוואוסט, נישט ליב געהאט די חלוצים אין ארץ־ישראל, איבערהויפט פאר זייער ראדיקאליזם און אפיקורסות. האט ער זיך איינמאל באגעגנט מיט רבי קוק ז״ל, וועלכער האט שטענדיק געהאט א גוט ווארט פאר די חלוצים, און מ׳האטביידע פארפירט א שמועס.

— איך ווייס נישט — פרעגט זאנענפעלד — ווי קאנט איר, רבי, האבן א מגע ומשא מיט אזעלכע אפיקורסים, מחללי שבת בפרהסיה, מ׳שלעפט זיך ארום חוצפה׳דיק אין גויאישע קאשולקעלאך און, רחמנא ליצלן, מיט בתולות. האט אים הרב קוק געענטפערט:

— אין בית המקדש האבן מיר געהאט דעם קדשי הקדשים. דארט האט קיינער נישט געטארט אריינקומען, אויסער דעם כהן גדול. דאס איז גע־ווען נאכדעם ווי מ׳האט אויסגעבויט דעם בית המקדש. אבער בשעת מ׳האט געבויט, זיינען מסתמא אין קדשי הקדשים געשטאנען סטאליארעס אנגעטאן אין קאשולקעלאך, מיט סיגארעטלאך אין מויל. מיר האלטן יעצט אין בויען. רבי זאנענפעלד — האט הרב קוק פארענדיקט דעם געשפרעך.

(ח)

דער רב פון הארארישטש, ר׳ יעקב מאיר סעגאלאוויטש, האט אמאל ארויסגעגעבן א ספר "מאסף דרושי". ווען דער ספר איז אנגעקומען פון ה־דוק זיינען געזעסן עטלאכע בעלי־בתים ביים רב. קוקט מען אריין אין ספר. דער־זעט מען אז דער ספר איז א זאמלונג פון פארשיידענע דרשות און מאמרים פון אנדערע רבנים, אבער זיינע, דעם מחבר׳ס, איז דארטן גאר נישטא, אויסער די הקדמה. פרעגט אים איין באלעבאס:

— רבי, וואס איז די מעשה וואס איר האט נישט אייערן א מאמר אין ספר?

האט דער רב געענטפערט:

— דער עיקר איז נישט אזוי דאס שרייבן אייגענע, ווי דאס וויסן וואס אויסצוקלייבן. איך וועל דאס אייך דערקלערן בהדרך משל: א גרויסער גביר האט אמאל חתונה געמאכט א טאכטער. האט ער געוואלט אלע זיינע אנגע־שטעלטע און באדינער מהנה זיין. האט ער אלעמען געגעבן מתנות. עס זיינען נאר געבליבן דער הויפט־פארוואלטער פון זיינע געשעפטן, און דער באלע־גאלע זיינער. האט ער זיי געהייסן גיין אין דער גרעסטער קראם פון שטאט און אויסקלייבן זיך וואס זיי ווילן, און ער, דער גביר, וועט שוין באצאלן דערפאר. דער פארוואלטער איז אוועק און אויסגעקליבן א קאסטבארע מתנה און געהייסן שיקן דעם חשבון צו זיין באלעבאס. דער באלעגאלע איז אריין אין קראם און פאר פינף מינוטן געשטאנען א צעטומלטער: ער האט נישט

געוואוסט וואס אויסצוקלייבן. מיטאמאל איז זיין פנים באלויכטן געווארן מיט שמחה. ער איז צוגעלאפן צום ווינקל, ארויסגענומען א בייטש פאר פינף קאפיקעס, און געהייסן דעם קרעמער שיקן דעם חשבון צו זיין באלעבאס...

(ט)

הרב זאנענפעלד, ז"ל, איז געווען באוואוסט אלס אן עקסטרעמיסט, פלעגט ניט אפטרעטן פון זיינע פרינציפן אפילו כקוצו של יוד. איינמאל איז געווען ביי אים א באקאנטער רב. שמועסט מען וועגן קיצוניות. רופט זיך אפ דער רב, אז עס איז ניט גוט פאר א מענשן צו זיין א קיצוני. און ער לאזט זיך אריין אין א שמועס מיט הרב זאנענפעלד וועגן דעם שביל הזהב, דעם גאלדענעם וועג, וואס איז גוט פאר א מענשן אויסצוקלייבן אין לעבן. און ציטירט פון אריסטאטעלס עטיק, אז די עטישע טוגענדן זיינע יענע וועלכע לינן צווישן צוויי עקסטרעמען, אט, למשל, ווי גערעכטיקייט, וואס ליגט צווישן אומרעכט טאן און אומרעכט לײדן, און ציטירט ווייטער פון רמב"ם וועגן דעם ענין.

— קומט א ווײלעטשקע אהער — רופט צו זאנענפעלד דעם רב צום פענסטער. — וואס זעט איר אין גאס? — פרעגט ער אים.

— איך זע — זאגט דער רב—מענשן גייענדיק אויף ביידע זייטן גאס.

— און אין מיטן? — פרעגט זאנענפעלד.

— אין מיטן — זאגט דער רב — זע איך פערד, אייזלען.

— איר זייט גערעכט, מיין פריינט — שמייכלט זאנענפעלד. — אט דאס איז טאקע דער שביל הזהב.

(י)

א אידישער סטודענט אין אמאליקן רוסלאנד איז געקומען צום רב פרעגן אן עצה:

— רבי — זאגט ער — איך בין א גוטער, געטרייער איד, אבער איך שטודיר צו ווערן פראפעסאר, און אונטער דעם איצטיקן רעזשים, ווייסט איר דאך, קאן קיין איד ניט קריגן דעם פראפעסאר־אמט, סיידן ער זאל זיך שמד'ן. האב איך געוואלט פרעגן, וואס וועט מיר שאדן אז איך וועל זיך אביסעלע אונטער'שמד'ן? דאס איז דאך נאר למראית עין, אין הארצן וועל איך דאך בלייבן א גוטער איד. וואס פאר א ווערט האט דאס ביסל שמד־וואסער?

— איך וועל דיר זאגן — ענטפערט דער רב. — אויף אונז, אידן, שטייט געשריבן, אז מיר זיינען כחול אשר על שפת הים — אזוי ווי זאמד. זאמד, ווייסטו, האט א טבע, אז וואו מ'זאל עס ניט ווארפן בלייבט עס זאמד. גיסט מען אבער אויף דעם ארויף אביסעלע וואסער — ווערט דערפון בלאטע. מיין זון — כל זמן דו וועסט זיין א איד, — זאגט ווייטער דער רב — וועסטו זיך ווארפן אין אלע זייטן, ווי אלע אידן טוען. וועט מען אבער ארויפגיסן אויף דיר אביסעלע וואסער — וועט פון דיר ווערן בלאטע.

(יא)

ביי די אלטע קאצקער חסידים איז געווען א מנהג, אז זיי פלעגן מאכן לאנגע הכנות פארן דאווענען. דאס דאווענען גופא האט געדויערט געציילטע מינוטן. איז איינמאל ר' לייבעלע איגר (אן אייניקל פון ר' עקיבא איגר) גע־

זען אין קאצק, צוגעזען די התנהגות פון די חסידים, און זייענדיק ביים קאצקער רבין, האט ער אים א פרעג געטאן וועגן די לאנגע הכנות און קורצן דאווענען.

— דער רמב"ם פסקנ'ט — האט דער קאצקער געענטפערט — אז אויב א פועל וואס אויבעט פון טאג, שארפט די זעג אפילו א גאנצן טאג, נאר ער ארבעט מיט איר בלויז איין שעה פארנאכט, קומט אים צו באצאלן פארן גאנצן טאג ארבעט.

(י. מארגאשעס)

(יב)

ר' דוד בן שמואל הלוי פון אוסטראהא, דער מחבר פון דעם "טורי זהב", איז אמאל געקומען אין אן אכסניה און זיך צוגעהערט ווי דער מלמד לערנט מיט דעם בעל־אכסניה'ס זון. גראד האבן זיי דאן געלערנט דעם יורה דעה, הלכות מליחה. דער מלמד האט עפעס ניט געקאנט דורכקריכן אן ענין אין דעם טורי זהב בנוגע הדחה פארן זאלצן. זאגט ער צום תלמיד:

— ס'ווייזט אוים עס איז א טעות. מ'דארף דאס מיטן מעסער אויסקראצן, — און ער נעמט זיך פארן מעסער.

גייט צו צו אים ר' דוד, לייגט ארויף זיין האנט אויף דעם מלמד'ס פלייצע און גיט א זאג:

— ר' איד, קענסט מיך ניט, קראץ מיך ניט...

(ש. ערנסט)

(יג)

חסידים זיינען אמאל געקומען צו ר' גרשון העניכ'ן, ראדזינער רבי, און אים דערציילט אז א געוויסער וואלינער רייכער ארענדאר, און ניט קיין קליינער בעל־עבירה'ניק, האט פאר פיר הונדערט רובל אפגעקויפט א העמד פונם טריסקער מגיד, און באשלאסן, אז פאר דער קבורה זאל מען אים, דעם ארענדאר, אנטאן דאס העמד — וועט ער ניצל ווערן פון חיבוט הקבר.

— ארויסגעווארפן געלט — שמייכלט ר' גרשון העניך — ס'וועט אים גאר ניט העלפן. דער מלאך הדומה וועט פארקאשערן דאס העמד און האקן אויף וואס די וועלט שטייט!...

(יד)

אן אנגעזעענער מאן איז געקומען צו א באקאנטן רב פרעגן אן עצה: ער פירט דורך אן עסק מיט א רייכן גראף און ער וואלט אים געקאנט באשווינדלען אויף א גרעסערער סומע: מעג ער דאס טאן, צי ניט?

האט אים דער רב געענטפערט: אין דער תורה שטייט איינמאל (שמות כ, טו) לא תגנוב — דו זאלסט ניט גנב'ענען; אין א צווייטן ארט (ויקרא יט, יא), לא תגנבו — איר זאלט ניט גנב'ענען. צוליב וואס צווי מאל? — דאס ערשטע מאל האט די תורה פארבאטן דעם איינפאכן מאן — צו וועמען מען רעדט בלשון "דו" — ער זאל ניט גנב'ענען. דעם צווייטן מאל האט די תורה פארזאגט דעם אנגעזעענעם מאן — צו וועמען מען ווענדעט זיך בלשון "איר". פארשטייט א י ר, אפילו איר, א חשוב'ע'ר מאן — טארט אויך ניט גנב'ענען.

(טו)

א דין, וועמעס נאָמען איז געווען ברוך, איז געווען אביסל געכאַפּט אין דער מעשה און פלעגט גאַנץ אָפּט אַרויסגעבן אומגערעכטע פּסקי דינים. ער האָט ליב געהאַט צו נעמען אין יד אַריין, דער דין. ווען איינער פון די בעלי־דינים האָט איינמאָל דעם דין פאָרגעוואָרפן אַז ער האָט קעגן אים אַן אומ־גערעכטן פּסק־דין אַרויסגעגעבן, האָט דער דין געענטפערט: מיין פּסק־דין איז געווען אמת, און עס קאָן דאָך אַנדערש ניט זיין, עס שטייט דאָך: ברוך דין אמת. האָט אים דער בעל־דין געענטפערט:

— דאָס הייסט האָך זיך אַליין לויבן. בעסער וואָלט געווען ווען אַנדע־רע מענטשן וואָלטן וועגן אייך געזאָגט: ברוך דין אמת...

(טז)

צום באַקאַנטן ציון פריינט און ראַבינער פון באַן דר. ישראל רילף, ווען ער איז נאָך געווען ראַבינער אין מעמל, איז אַמאָל געקומען א רוסישער איד און האָט אים געפרעגט אַן עצה צי זאָל ער זיך שמד'ן. אויב ער וועט דאָס טאָן, האָט דער יונגערמאַן צוגעגעבן, האָט ער גרויסע אויסזיכטן אויף א הויכער קאַריערע, באַטאָנענדיק דערביי אַז באמת, אין הארצן, וועט ער בלייבן א געטרייער איד אפילו נאָכן שמד'ן זיך, און דער גאַנצער ענין איז נאָר למראית עין.

דער ראַבינער האָט אים געענטפערט: די אייגנשאַפט פון ישר־אויל (ישראל) איז, אַז עס קאָן אויף זיך קיין וואַסער ניט נעמען, סיידן ווען עס איז שוין שלעכט און פאַרדאָרבן.

(יז)

איינמאָל, ראש־השנה, בשעת ר' אהרן קאַרלינער האָט ביים עמוד גע־נומען אויסשרייען "המלך", איז ער אַנידערגעפאַלן א גע'חלש'טער. מ'האָט אים קוים אָפּגעמינטערט. ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט ער דעם עולם דערציילט, אַז ווען ער האָט א זונג געטאָן "המלך", האָט ער זיך דערמאָנט א גמרא אין גטין, וואו עס ווערט דערציילט, אַז ווען ר' יוחנן איז געקומען צו אספּסינוס'ן און אָנגערופן אים "מלך", האָט אים אספּסינוס געענטפערט: אויב איך בין יאָ ביי דיר א מלך, טאָ פאַרוואָס זשע ביזטו ביז איצט ניט געקומען צו מיר?

על אחת כמה וכמה זיינען מיר, אידן, מחויב צו געבן א תשובה דעם רבש"ע ווען מיר שרייען אויס "המלך". דער רבש"ע פרעגט אונז: אויב איך בין יאָ אייער מלך — וואו זייט איר דען, אידן, געווען א גאַנץ יאָר?

(יח)!

אין פּרעסבורג איז אַמאָל געווען א גרויסע ישיבה וועלכע איז אויס־געהאַלטן געוואָרן פון די שטאָטישע באַלעבאַטים. אין שטאָט איז געווען איי־נער א רייכער איד, אָבער א גרויסער קמצן. כדי אַרויסצודרייען זיך פון שטיצן די ישיבה, פלעגט ער האַלטן אין איין ריידן וועגן די ישיבה־בחורים, אַז זיי זיינען גראָבע יונגען און קאָנען ניט לערנען. זיי זיינען — פלעגט ער זאָגן — "בחורים" אָן א "חית", ד. ה., "בורים" (עמי־הארצים).

האָט מען דאָס איבערגעגעבן ר' משה סופר, דעם ראש ישיבה פון פרעסבורג. האָט ר' משה סופר באמערקט: מוס שבך אל תאמר לחברך! דאָס וואָס אים, דעם קמצן, פעלט, זאָגט ער אויף די ישיבה בחורים. אנשטאָט זיין א מ ח ז י ק פון דער ישיבה איז ער גאָר אירס א מ ז י ק! אים פעלט דער "חית"...

(יט)

א למדן א איד האָט איינמאָל באמערקט:

— געוויסע גאַליצישע אידן זיינען זייער אמביציעז.

— וואָס מיינט איר? — פרעגט מען אים.

— נאָך איידער זיי קאָנען עברי — האָט ער געענטפערט — כאַפּן זיי זיך שוין צו דער גמרא.

(כ)

א מחבר איז געקומען צו ר' אייזעל סלאָנימער בעטן א הסכמה אויף זיין חבור. ר' אייזעלע קוקט אריין אין חבור, קוועטשט מיט די פּלייצעס, קווינקלט זיך. דערנאָך נעמט ער א בויגן פּאַפּיר, שרייבט אָן די הסכמה אין עטלאכע ווערטער גאָר אין דער הויך און שטעלט זיין חתימה אונטן, ביים סאמע סוף פונם בויגן.

— רבי — וואונדערט זיך דער מחבר — וואָס איז די מעשה וואָס איר האָט זיך אונטערגעחתמ'עט אזוי ווייט פון דער הסכמה?

— ס'שטייט "מדבר שקר תרחק" — האָט ר' אייזעלע שמייכלענדיק געענטפערט.

(כא)

דער דין איז אז צו דאַווענען מיט א מנין מוז מען האָבן צען אידן. צווישן וועלכע וויניקסטנס זעקס האָבן נאָך ניט געדאַוונט; צו בענשן בשם ומלכות (ברוך אלהינו) מוז מען האָבן וויניקסטנס זיבן מענטשן, וואָס האָבן אנטייל גענומען אין דער דאָזיקער סעודה.

האָט אמאָל איינער א פרעג געטאָן ביים גאון ר' ישעיה'לע מושקאַט: וואָס איז דער שכל דערפון: פאַרוואָס איז ביים עסן ניט גענוג זעקס פערזאָן?

— וואָס אַרט דיך — האָט ר' ישעיה'לע שמייכלענדיק געענטפערט — אז נאָך א איד וועט האָבן צו עסן?

(כב)

א רבי האָט אמאָל ביי דער סעודה געזאָגט דברי תורה. איינער א חסיד האָט זיך געהאַלטן אין איין שטופּן נעענטער צום רבין.

— וואָס שטופּסטו זיך אזוי? — פרעגט אים א צווייטער חסיד.

— איך וויל הערן רזין דאורייתא — האָט ער געענטפערט.

— און מיר דוכט זיך — האָט דער רבי, וועלכער האָט דערהערט דעם געשפּרעך, באמערקט — אז ער מיינט ביכער "לשובע ולא לרזין" — זיין כונה איז כאַפּן א בולקע מיט א שטיקל הערינג.

(כג)

איינמאָל, דעם ערשטן טאָג סכות, האָט זיך פאַרשפּרייט א ידיעה אין ראָפּשיץ, אז דער רבי, ר' נפתלי ראָפּשיצער, האָט די ערשטע נאַכט פון סכות

געהאט גילוי אליהו. א חסיד האט דערציילט, אז ער אליין האט דייטלאך גע־הערט ווי דער רבי, וועלכער האט געגעבטיקט אין סכה איינער אליין, האט עפעס גערעדט.

ווען דער רבי האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער באלד צוזאמענגערופן אן עולם חסידים און האט זיי געזאגט: עס איז שקר וכזב. קיינער איז ביי מיר ניט געווען. ניט אליהו, און ניט קיין אנדערער. ווי קום איך זוכה זיין דערצו ?

— סטייטש, רבי — האט דער עולם זיך אנגערופן — ס'איז דא אן עדית וואס האט אייך געהערט רײדן.

— שוטים — שמייכלט דער רבי. — די נאכט איז געווען א קאלטע האב איך צו זיך אליין געזאגט: נפתלי! ווי קאן מען זיך דא לייגן שלאפן! מען קאן דאך פשוט פארפרוירן ווערן...

(כד)

ש. אנ—סקי דערציילט א מעשה וואס חסידים פלעגן דערציילן וועגן ר' ישראל רוזשינער. עטלאכע פון ר' ישראל'ס חסידים זיינען געווען אויף ימים נוראים ביים אפטער. אויף סכות זיינען זיי געקומען קיין רוזשין. פרעגט זיי ר' ישראל: ווי אזוי איז זיך נוהג דער אפטער? האבן זיך די חסידים דער־שראקן און געענטפערט. אז ז״י וואגן גאר ניט מוציא מן הפה זיין וואס זיי האבן דארט געזען.

— נו, וואש, וואש? (ער האט גערעדט מיט א שין) — הייסט זיי ר' ישראל דערציילן.

— דער אפטער — האט זיך ארויסגעכאפט א חסיד — איז יום־כפור געגאנגען צו שחרית מיט נאסע פאות. הייסט עס אז ער האט זיך טובל געווען אום יום־כפור, וואס מ'טאר ניט.

דער חסיד, וואס האט דערציילט מיט שרעק אין די אויגן, האט גע־מיינט אז ר' ישראל וועט אויפשפרינגען פון פחד. ערשט ר' ישראל מאכט גאר:

— א! איך בין אים מקנא, דעם גרויסן חשיד! ער טוט וואש ער וויל, וואש ער וויל!...

(כה)

צו רבי מענדעלע קאצקער איז איינמאל געקומען א חסיד און זאגט אים: רבי, גיט מיר א סדר היום, ווי א איד דארף זיך פירן אין אידישקייט.

— וואס דארפסטו א סדר־היום? — פרעגט דער רבי. — ווי מ'פירט זיך איז גוט, אבי אויף אן ארנטלאכן אופן און אין יראת שמים.

— ניין, רבי — זאגט דער חסיד — אז איר וועט מיר זאגן וועל איך זיין שטייפער ביי זיך.

דער רבי גיט א קוק אויף דעם מגושמ'דיקן אידן און זאגט:

— נו, גוט, וועל איך דיר געבן א סדר היום: כאפסט זיך אויף אינדערפרי, גיס אפ נעגל־וואסער און כאפ גלייך אין מויל אריין עפעס, דאס הארץ זאל ניט איבער'חלש'ן, און שטעל זיך דאווענען. דארפסט ניט מאריך בתפלה זיין. א דאווען אהער, אהין, און פארטיק. דערנאך זעצט מען זיך עסן אנבייסן, ווי ס'דארף צו זיין, מיט טיי, זעמל, אייער, מילך. טאמער ווילסטו

שוין אינדערפרי אביסל בראָנפן שאַדט אויך ניט. נאָכן אָנבייסן לייגסטו זיך צו אביסל אָפּרוען אויפן גאַניק, דערנאָך שטייסטו אויף און זעצסט זיך עסן וואַרמעס, מיט פלייש, יויך, א קוגל, קאָמפּאָט און שאר ירקות, ווי ס'פּירט זיך ביי אידן. נאָך וואַרמעס, איז ווי דו ווילסט, אָדער לייגסט זיך צו אביסעלע אויפן גאַניק כאָפּן א דרעמל, אָדער גייסט אַרויס אויף א שפּאַציר; אביסל שפּעטער כאַפּט מען זיך אַריין דאַוונען מנחה, שמועסט מען אביסל מיטן עולם, דערנאָך דאַוונט מען אָפּ מעריב און מ'גייט אַהיים עסן וועטשערע. וועטשערע דאַרף א איד עסן ווי ס'דאַרף צו זיין, ווי דער מנהג איז, אביסל משקה ניט פאַרגעסן, און טאַקע אָנעסן זיך צו זאַט, און מ'שפּאַרט זיך ווידער צו אויפן גאַניק. פאַר קריאת־שמע, עס זאָל ניט איבער'חלש'ן דאָס האַרץ, גיט מען ווייטער שפּעס א ביס, מ'לייענט אָפּ קריאת־שמע און מען לייגט זיך שלאָפן.

דער איד קוקט אָן דעם רבי'ן אביסל פאַרוואונדערט:

— נו, רבי, — זאָגט ער, — דאָס איז דאָך דער ערשטער טאָג, און דעם צווייטן ווי פירט מען זיך?

— זאָג מיר — שמייכלט דער רבי — ווי איז מכח דעם ערשטן טאָג, איז ער דיר געפעלן?

— דער ערשטער — זאָגט דער חסיד — איז נישקשה.

— נו, אויב אַזוי — ווערט ר' מענדעלע אין כעס — דאַרפסטו שוין פאַרן צווייטן טאָג קיין סדר ניט האָבן. אזא איד ווי דו דאַרף דעם צווייטן טאָג ניט דערלעבן...

(כו)

דער גרויסער גאון ר' ישראל סאַלאַנטער איז אמאָל איינגעשטאַנען אין אן אכסניה. ביים וואַשן זיך צום עסן באַמערקט דער באַלעבאָס, אז ר' ישראל באַנוצט זייער ווייניק וואַסער. דער בעל־אכסניה — א איד א תלמיד־חכם — האָט א פרעג געטאָן דעם גאון מיט א שמייכל:

— רבי, געדיינקט איר דען ניט דעם מאמר חז"ל: מאן דנטיל מלא חפניו מיא — יהבו ליה מלוא חפניו טיבותא?" — ווער עס גיסט א סך וואַסער ביים וואַשן זיך, דער באַקומט פון הבש"ע א סך ברכות.

— די גמרא געדיינק איך — האָט ר' ישראל געענטפערט. — איך האָב אָבער באַמערקט אז דאָס דינסטמיידל דאַרף שלעפּן פולע קאַנען וואַסער פון ברונעם וואָס געפינט זיך אין טאָל. איז עס יושר'דיק אז מיר זאָלן דער־וואַרטן ברכות אויפן חשבון פון אן אָרים אידיש דינסטמיידל?

(נאָך י. מאַרגאָשעס)

(כז)

א רב האָט זיך דערוואוסט וועגן א אידן אין שטאָט וואָס, אויסער דעם וואָס ער עסט טרפות, איז ער נאָך א מענש פון געמיינע מידות. באַגעגנט ער אים איינמאָל אין גאַס און זאָגט צו אים:

— זאָלסט וויסן זיין, אז די הינט רופן דיך צו א דין תורה. טרפות, שטייט אין דער תורה, דאַרף מען אַרויסוואַרפן פאַר די הינט — לכלב תשליכון אותו. טענה'ן די הינט אז עס איז זייערס.

— רבי — ווינצלט זיך דער טריפניאק — אפשר בין איך אויך א הונט און עס מיינס.

— פון דיינע רייד זע איך — זאָגט דער רבי — אז דו ווייסט ניט דעם טעם פאַרוואָס עס קומט די הינט טרפות.

אין מצרים, בשעת מכת בכורות, האָבן די כלבים ניט געבילט. האָט גאָט געהייסן באַפרידיקן זיי מיט טרפות. דו בילסט דאָך אָבער יאָ, פאַרוואָס זשע קומט דיר טרפות? דאריבער רופן דיך די כלבים צו א דין תורה. דו עסט זייער חלק.

(כח)

אין ר׳ חיים וואָלאָזשינער׳ס צייטן איז אין א זומער ניט געווען קיין רעגן. מ׳האָט אויסגערופן א תענית און מ׳האָט גערופן דעם עולם אין שול זאָגן תהלים און בעטן גאָט אויף רעגן.

צו מנחה, ווען מ׳זאָגט דעם יהי רצון אויף א רעגן, איז א געוויסער בעל־עבירה׳ניק צוגעגאַנגען צום עמוד זיך שטעלן דאַוונען. ער האָט יענעם טאָג געהאַט יאָרצייט. אידן זיינען צוגעלאָפן צום עמוד און געוואָלט אים אוועקטרייבן.

— זאָל ער דאַוונען — האָט ר׳ חיים א זאָג געטאָן צו די אידן — אזעלכע ווי ער האָבן אמאָל געבראַכט דעם מבול — שמייכלט ר׳ חיים. — אויב ניט א מבול, וועט ער כאָטש ברענגען א רעגן.

(כט)

אין מאָנטרעאַל, ביי א קרן היסוד קאַמפּיין, האָט א גביר מנדר געווען צען טויזנט דאָלאַר בתנאי, אז נאָך צען זאָלן געבן די זעלבע סומע. האָט רבי י. ל. זלאָטניק, געוועזענער דירעקטאָר פון דער קאַנאַדער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, א זאָג געטאָן צום גביר:

— איר וואָלט בעסער מנדר געווען הונדערט טויזנט בתנאי, אז נאָך הונדערט זאָלן געבן די זעלבע סומע. אי ס׳וואָלט געווען שענער, אי איר וואָלט געווען זיכערער...

(ל)

ביי א זיצונג אין תל אביב, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען פירער פון פאַרשיידענע ריכטונגען אין ציוניזם, כדי אריינצובריינגען מער שלום און גאַנציקייט אין דער באַוועגונג, האָט הרב פישמאַן, דער מזרח׳יסטישער מנהיג, דערציילט א שיין ווערטל: עס האָט איינער אמאָל געפרעגט ביי א געוויסן ״גדול״, פאַרוואָס מען זאָגט אין דאַוונען ״הפורש סוכת שלום עלינו ועל כל עמו ישראל ועל ירושלים״? אויב דער שלום וועט זיין ביים גאַנצן פאָלק, טאָ פאַרוואָס זאָלן די אידן בעטן ספּעציעל וועגן א שלום אין ירושלים? דער ״גדול״ האָט דערויף געענטפערט, אז אין ירושלים איז באמת שווערער צו האָבן שלום ווי אומעטום, און דעריבער דאַרף מען בעטן ספּעציעל פאַר א שלום אין ירושלים...

(לא)

תלמידים האָבן אמאָל א פרעג געטאָן זייער רבי׳ן, צוליב וואָס האָט דאָס דער רבש״ע געדאַרפט מאַכן מיט מרדכי׳ן א זאַך שלא כדרך הטבע, ער זאָל

קאַנען אַנזויגן אסתר'ן. ער האָט דאָך אים געקאָנט געבן אַ סך געלט וואָלט ער זיך געדונגען אַן אָם פאַר אסתר'ן?

— הערט איר — ענטפערט דער רבי — טפשים וואָס איר זייט. אַז דער רבש"ע האָט זיך געקאָנט אויסדרייען מיט אַ נס, צו וואָס זשע האָט ער געדאַרפט אַנמאַכן איבעריקע הוצאות?

.2

## צווישן עולם

ניט נאָר דער געלערנטער איד קאָן זאָגן אַ חריפות'דיק ווערטל. דער ברייטער עולם האָט אויך ליב אַריינצוזאָגן יענעם, אַמאָל אויף אַ גוטמוטיקן אופן, אַמאָל אויף אַ בייסנדן אופן.

הומאָר איז אַזוי נויטווענדיק פאַר אונזער אינטעלעקטועלן און גייסטיקן לעבן ווי וויטאַמינען פאַר אונזער פיזישן געזונט־צושטאַנד. חוצדעם וואָס דער וויץ מאַכט דאָס לעבן בכלל באַ'מעמ'טער און אינטערעסאַנטער, האָט ער אויך אַן אוטיליטאַרישן ווערט. די דערפאַלגרייכסטע מענשן זיינען יענע, וועלכע ווייסן דעם סוד פון צוזאַמענלעבן זיך מיט דער אַרומיקער געזעלשאַפט: און קיין זאַך מאַכט עס ניט אַזוי לייכט ווי הומאָר. ווען צוויי פרעמדע מענשן קומען זיך דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען האָבן זיי אַ גרעסערע געלעגנהייט צו ווערן באַפריינדעט אויב זייערע ערנסטע פנימער ווערן דורך אַ וויץ, אַ ווערטל, באַדעקט ווערן מיט אַ פרייען שמייכל אָדער געלעכטער.

דער סוחר וועט דורך אַ גוטן וויץ מאַן בעסערן מסחר; דער רעדנער וועט מיט אַ געלונגענעם וויץ צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע צוהערער; דער מכניס אורח וועט שאַפן אַן אַנגענעמע אַטמאָספערע פאַרן גאַסט. מ'קאָן אַמאָל ראַטעווען די קריטישסטע סיטואַציע מיט אַ געלונגענעם וויץ.

דער וויץ, ספּעציעל דער אידישער, קאָן אָבער אַמאָל זיין שאַרף ווי אַ חלף, און קאָן אַמאָל פאַרשאַרפן די באַציאונגען צווישן מענשן, אויב ער ווערט באַנוצט אויף אַ ניט־טאַקטפולן אופן.

אידן באַזיצן אַ פּראַקטישע שאַרפזיניקייט וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פעלקער און מענשן וועלכע האָבן זיך דערוואָרבן זייער נסיון פאַר אַ שווערן פרייז פון ליידן און רדיפות. דעם אידנס שאַרפער ענטפער איז קאָנצענטרירט, מערסטנטייל באַהאַלטן אין; אַ קאָנדענסירטן סענטענץ איבערלאָזנדיק צום צוהערעדס אימאַגינאַציע צו דערטראַכטן זיך וואָס דער זאָגער האָט געמיינט.

(א)

אַ איד, פאַר'משפט צום הייגען, האָט זיך גע'שמד'ט. פרעגט מען אים:

— פאַרן טויט זיך שמד'ן?

— איך וויל ניט — ענטפערט ער — מ'זאָל הייגען אַ אידן.

(ב)

אַ ליטוואַק גייט פון אַ ליציטאַציע און שילט לבנ'ען.

— וואָס ווילט איר פון לבֿנ׳ען? — פרעגט מען אים.
— ווען ער נאַרט ניט אָפּ יעקבֿ׳ן — האָט דער ליטוואַק געענטפערט
— וואָלט יעקבֿ בסך הכּל געהאַט איין ווייב, וואָלטן ניט געווען אַזויפיל אידן וואָס זאָלן איבערבאַטן.

(ג)

אַ איד גייט אין גאַס און הינקט. פרעגט מען אים פאַרוואָס הינקט ער. זאָגט ער: ער טראָגט נומער זיבן שיך, ווען אין דער אמת׳ן דאַרף ער טראָגן נומער צען.
— פאַרוואָס זשע — פרעגט מען אים — טראָגט איר ניט נומער צען?
— די מעשׂה איז אַזוי — ענטפערט ער. — איך לעב אַ ביטערן לעבן. מיין ווייב איז אַ מרשעת, מיין זון איז אַ טויגעניכטס, מיין טאָכטער שלעפּט זיך גאַנצע נעכט אַרום. דאָס איינציקע ביסל פאַרגעניגן וואָס איך האָב אין לעבן איז ווען איך קום אַהיים און נעם אַראָפּ די שיך...

(ד)

בשעת די גרויסע מלחמה האָט אויסגעבראָכן און ס׳איז אַרויס אַ באַפעל וועגן אַלגעמיינער מאָביליזאַציע, האָבן זיך אַ גרופּע אידישע בחורים באַהאַלטן אויף אַ בוידעם, עד יעבֿר זעם, ביז וואַנען עס וועט אַריבערריין דער טומל. אפשר וועלן זיי זיך קאָנען אַרויסדרייען פון מיליטערישער דינסט. מיטאַמאָל זעען זיי ווי אַ זקן פון אַ יאָר אַכציק, מיט אַ ווייסער לאַנגער באָרד, קריכט אויך אויפן בוידעם.
— ר׳ שמואל — פרעגן זיי אים פאַרוואונדערט — וואָס קריכט איר אַהער? האָט איר מורא מען זאָל אייך, אַ בן שמונים, חלילה, ניט נעמען פאַר אַ סאָלדאַט?
— פאַר אַ סאָלדאַט, ווייס איך — ענטפערט דער אַלטער — וועט מען מיך ניט נעמען. אין אַזאַ גרויסער אַרמיי אָבער דאַרף מען דאָך האָבן גענעראַלן אויך...

(ה)

אַ איד איז אַריין אין אַ רעסטאָראַן און געהייסן דערלאַנגען אים אַ טעלער זופּ. ווען דער קעלנער האָט אים געבראַכט די זופּ, זאָגט דער איד אַז ער וויל דאָס אומבייטן אויף הערינג. נעמט דער קעלנער צוריק די זופּ און דערלאַנגט אים הערינג. אַז דער אורח האָט אויפגעגעסן די הערינג, הויבט ער זיך אויף און וויל אַוועקגיין. דער קעלנער שטעלט אים אָפּ:
— וואָס ווילסטו? — פרעגט דער גאַסט.
— באַצאָל פאַר די הערינג.
— אָבער איך האָב דאָך דיר געגעבן די זופּ אַנשטאָט די הערינג.
— אָבער דו האָסט דאָך פאַר די זופּ אויך ניט באַצאָלט.
— פאַרוואָס זאָל איך באַצאָלן פאַר די זופּ? האָב איך עס דען געגעסן?

(ו)

עטלאַכע אידן זיצן אין אַ קאַפע און מ׳שמועסט פּאָליטיק. איינער פון זיי איז געווען אַ שטאַמלער. ער זיצט און שווייגט. מיטאַמאָל גיט ער זיך אַ כאַפּ:

— קקק... ממם, ט, בבב, טטט! אאיך!

— זאָגט מיר — כאַפּט זיך ארוים איינער — דאָס איז אייער פער־זענלאכע מיינונג, אָדער איר זייט א פאַרשטייער פון אן אָרגאַניזאַציע?

(ז)

איינער האָט געוואוינט אין א דירה וואו ער האָט שוין עטלאכע מאָ־נאטן ניט געצאָלט קיין רענט. איינמאָל גייט אריין דער באַלעבאָס, זעט ער ווי דער שכן פּאַקט זיך.

— פאַרוואָס קלייבט איר זיך ארוים — פרעגט דער באַלעבאָס — איך מאָן דען ביי אייך דירה־געלט?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט דער שכן — איך האָב נעכטן געשמועסט מיט מיינעם א פריינט. האָט ער מיט געגעבן א גוטע עצה: איך וואוין, זאָגט מיר מיין פריינט, אויף ריווערסייד דרייוו און צאָל אויך ניט קיין רענט, פאַרוואָס זשע זאָלסטו וואוינען צווישן קבצנים, אז פאָרן ז ע ל ב ן ג ע ל ט קענסטו דאָך וואוינען וואו איך, ווי א מענטש.

(ח)

א איד איז געווען א שטאָמלער. גייט ער אריין איינמאָל צו זיינעם א פריינט, א קרעמער, וועלכער איז בשעת מעשה געווען פאַרנומען מיט קונים:

— אבבריה׳מל, האססט גגעהערטט די ממייססע וווווען דעם נגנייעם שששוחט?

— אפשר — זאָגט דער קרעמער — וואָלסטו זיך אויסגעשטאָמלט אין דרויסן און קומען אהער און זאָגן מיר גלייך וואָס דו ווילסט?

(ט)

— פאַרוואָס עסט איר ניט? — האָט דער באַלעבאָס געפרעגט דעם אורח, וואָס איז, קיין עין הרע, געווען א גרויסער אכלן, און ס׳איז ביי אים אלעס פאַרברענט געוואָרן אונטער די הענט.

— דאכט זיך אז איך עס, קיין עין הרע, — מאַכט דער אורח תמיעוואַטע.

— ניין — זאָגט דער באַלעבאָס — איר פ ר ע ס ט. — איך פרעג אייך, פאַרוואָס עסט איר ניט?

(י)

מ׳שטייט איינמאָל אין שטעטל אין בית־מדרש און מען שמועסט וועגן איינעם א אידן, וואָס האָט עפּעס אָפּגעטאָן עפּעם א מיאוסע מעשה.

— אזא מין פּאַסקודניאַק! — זאָגט איינער — אזא מין אויסוואורף! איר האָט שוין געזען א מענטש זאָל זיין מיט גאָלע חסרונות. קיין איין גוטן וואָרט קאָן מען וועגן אים ניט זאָגן.

— וואָס הייסט? — כאַפּט זיך ארוים א צווייטער — גאָלע חסרונות? איין מעלה האָט ער דאָך יע?

— א מעלה? וואָס איז די מעלה?

— איך האַלט אז שבתי׳ל ברוך משה׳ס איז נאָך ערגער פון אים. — האָט יענער געענטפערט.

(יא)

א חברה־מאן וואס האט ליב געהאט צו לקח'ענען זאכן איז אריינגע־גאנגען אין א פיש קראם. ווען דער קרעמער איז געווען פארנומען מיט קונים, האט ער דערוויייל א כאפ געטאן א גרויסן פיש און ארונטערגערוקט אים אונטערן רעקל. דער רעקל איז געווען א קורצער, און א שטיקל פיש האט זיך ארויסגעזען.

— הער זיך איין — כאפט אים אן דער קרעמער פארן קאלנער — איינס פון די ביידע, אדער טראג א לאנגע קאפאטע, אדער גנב'ע א קורצן פיש.

(יב)

אן עלטערער איד וועלכער האט דעם גאנצן לעבן ליב געהאט דעם ביטערן טראפן, האט געליטן פון שלעכטע אויגן. איז ער געקומען צום דאקטאר.

— די מעשה איז אזוי — זאגט צו אים דער דאקטאר — די שלעכטע אויגן קומען אייך פון טרינקען. איז איינס פון די ביידע: אדער איר מוזט אויפהערן טרינקען, אדער איר וועט, חלילה, ווערן בלינד.

דער איד האט זיך א ווייל עטשעקע פארטראכט, נאכדעם גיט ער א זאג:

— דאקטאר, איך בין שוין אן אלטער מאן. איך דיינק איך האב שוין אלעם געזען...

(יג)

א איד איז אמאל געקומען צום שטעטלשן פעלדשער ער זאל אים געבן געבן א רפואה צו זיין רויטער נאז.

— פון וואנען האט זיך צו דיר גענומען די רויטע נאז? — פרעגט דער פעלדשער.

— מסתמא פון טרינקען — ענטפערט דער איד.

— אויב אזוי — זאגט דער פעלדשער — האב איך פאר דיר אן עצה: טרינק מער, וועט זי ווערן בלוי.

(יד)

איינער איז אמאל געזעסן ביי זיך אין דער היים אן אויסגעטאנענער און מיט א צילינדער אויפן קאפ.

— וואס איז דאס פאר א מין זיצן אזוי, אין אדם הראשונ'ס קליידער? — פרעגט אים א פריינט וואס איז אים געקומען באזוכן.

— פארוואס ניט? — זאגט ער — ווען גייט צו מיר? קיינער פאר־שמעקט ניט אהער. קאן איך זיך פארגינען ארומגיין פריי ווי אדם הראשון.

— טא וואס זשע דארפסטו דעם צילינדער?

— כ'וויים, טאמער כאפט זיך פארט אימעצער אריין!

(טו)

אן אלטער איד האט אמאל געשמועסט מיט א יונגן:

— ע — זאגט ער — היינט איז ניט אמאליקע יארן. אמאל זיינען געווען זקנים... א איד איז געווען געזונט און שטארק. היינט זעט מען דאך ניט א זקן אויף א רפואה.

— אט זייט איר דאך אליין, קיין עין הרע, א זקן א איד — כאפט זיך ארויס דער יונגערמאן.

— חכם מײנער ! — ענטפערט דער אַלטער. — איך בין דאָך פונם אַלטן דור... –

(טז)

אַ רײַכער איד האָט גענומען אַן אורח אויף שבת. דער אורח איז קײן עין הרע געװען אַן אכלן. אויפן טיש איז געװען מכל טוב, װי דער מנהג איז בײַ רײַכע מענטשן. אָבער פאַר דעם אורח איז גאָרניט געװען גענוג. די באַלע־באָסטע דערלאַנגט נאָך, און עס װערט פאַרבראַכט מיט דער מינוט. דער אידל פּאַקט אײַן בײדע באַקן אַזױ װי ער װאָלט שױן אַ יאָר ניט געגעסן. נאָכן עסן, דערלאַנגט מען ט״י. דער אידל טרינקט װי אַ פיש. שױן אַ האַלבע טוץ גלעזער טײ אויסגעטרונקען און ער איז נאָך ניט פאַרטיק.

—ר׳ אורח — באַמערקט דער באַלעבאָס — איך האָב אײך געװאָלט עפּעס פרעגן. די גמרא זאָגט, אַז פאַר פערציק יאָר דאַרף אַ מענטש אַ סך עסן; נאָך פערציק — דאַרף ער טרינקען אַ סך. מיט אײך בין איך אַביסל צעטומלט: ממה נפשך, זײַט איר אַ בן ארבעים, טאָ װאָס זשע האָט איר אַזױפיל געפרעסן? זײַט איר אונטער ארבעים — טאָ װאָס זשע טרינקט איר אָן אַ שיעור ?

— פאַרשטײט איר מיך — ענטפערט דער אורח — איך בין טאַקע געװאָרן אַ בן ארבעים אקאָרשט אָ — װען מיר האָבן געענדיקט עסן.

(יז)

פאַרװאָס האָט יעקב אבינו געבעטן בײַם רבונו של עולם לחם לאכל ובגד ללבוש ? פאַרװאָס טאַקע ניט אױך אַ טרונק בראַנפן ?

דער תירוץ איז : אויף בראַנפן דאַרף מען האָבן אַן אײגענעם זעקסער.

(יח)

— מיט װאָס האָט זיך דער האָן אַזױ פאַרזינדיקט װאָס מ׳שלאָגט מיט אים כפרות ?

— װײַל װען מ׳שלאָגט אידן קרײט אפילו ניט קײן האָן.

(יט)

װאָס איז די מעשה װאָס אברהם אבינו׳ס פּלימעניק האָט אויסגע־קליבן דװקא סדום צו באַזעצן זיך דאָרט. סדום איז דאָך געװען אַזאַ פּאַסקודנע שטאָט.

— װאָס פאַרשטײסטו ניט ? עס שטײט אַז סדום איז געװען "כלה משקה" (לויטער משקה), און לוט, װײסטו דאָך, האָט ליב געהאַט דעם בי־טערן טראָפּן...

(כ)

לצים פרעגן : פאַרװאָס איז עפּעס לוט׳ס װײַב פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ שטיק זאַלץ ? פאַרװאָס ניט אין פעפער ?

דער תירוץ איז : די װעלט זאָגט, אַז "פון אַ שלעכטער װײַב דאַרף מען אַנטלויפן װאו דער שװאַרצער פעפער װאַקסט", הײַנט, װען לוט׳ס װײַב װאָלט פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַ שטיק פעפער, װאָלט דאָך אויסגעקומען פאַר לוט׳ן פון אײן צרה אַנטלויפן און צו דער צװײטער קומען.

(כא)

א איד איז געקומען קיין אמעריקע פון דער אלטער היים. עס זיינען אוועק עטלאכע יאר און ער איז נעבאך געווען אויף געבראָטענע צרות. א מחוסר לחם. דערמאָנט ער זיך אז ער האָט דאָ אין שטאָט זיינעם א לאנדסמאן, א איד אן עושר. דער עושר האָט אים לכתחילה פיין אויפגענומען, אָבער ווען ער האָט זיך דערוואוסט ווען וואָס ער איז געקומען, האָט ער אים גאָרניט דערקענט. ער ווייס גאָר ניט ווער ער איז.

— איר ווייסט — זאָגט דער אָרימאן צו אים — איר וועט אינגיכן שטאַרבן!

ווערט דער עושר אינטריגירט און פרעגט דעם אָרימאן:

— וואָס מיינט איר?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט דער אָרימאן — אין דער אלטער היים בין איך געווען איינער פון דער חברה קדישא. מיר, חברה־קדישא'ניקעס, האָבן געהאַט אלעמאָל א גוטן סימן. באַטראַכטנדיק א חולה האָבן מיר געוואוסט: דערקענט ער אונז, איז דאָ א האָפענונג אז ער וועט נאָך לעבן. דערקענט ער אונז ניט, האָבן מיר באלד געוואוסט אז מאָרגן האָבן מיר א לויה...

(כב)

— זאָגט מיר גאָר — פרעגט איין איד דעם צווייטן — ווי קומט עס וואָס פון דעם גאַנצן גאָלד וואָס די אידן האָבן ארויסגענומען פון מצרים און אהרן האָט עס נאָכדעם אריינגעוואָרפן אין פייער, איז גאָר ארויסגעקומען ניט מער ווי א קעלבל. מיר דוכט אז עס האָט געדאַרפט ארויסקומען כאָטש א גרויסער אָקס.

— וואָס פאַרשטייסטו ניט — ענטפערט דער אַנדערער — דער שטייגער איז ביי אידן, אז מ'דאַרף עפּעס זאַמלען שיקט מען ארויס משולחים; היינט וויבאלד משולחים האָבן זיך געדרייט ארום דעם גאָלד, זאָג איך דיר, אז ס'איז נאָך מיט נסים וואָס עס איז ארויסגעקומען א קאַלב — עס האָט געקאָנט זיין א פּלוי!

(כג)

פּראָפעסאָר באָרים שאַץ ז"ל, ווען ער איז געפאָרן פון א"י קיין אמעריקע אין די אינטערעסן פון דער קונסט־שול "בצלאל", פון וועלכער ער איז געווען דער דירעקטאָר, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין ווין. דאָרט האָט ער באַזוכט זיינעם א געוועזענעם שילער פון "בצלאל", וועלכער איז געווען א פוטוריסט. ווען שאַץ איז געקומען אים באַזוכן, איז זיין תלמיד שוין געווען גאַנץ באַוואוסט צווישן די קרייזן פון די העכסט מאָדערניסטישע מאָלער. דער שילער פירט אריין זיין געוועזענעם רבי אין זיין סטודיאָ און ווייזט אים זיינע ארבעטן. שאַץ, וועלכער איז געווען אן אָנהייבער פון דער אלטער רעאליסטישער קונסט, קוקט אויף די פאַרשיידענע פוטוריסטישע פאַרזעענישן און זאָגט גאָרניט.

— נו, וואָס דיינקט איר, פּראָפעסאָר, וועגן מיין ארבעט? — פרעגט אים דער פוטוריסט.

— דו ווייסט דאָך — שמייכלט שאַץ — אַז איך בין ניט קיין מבין אויף די מאָדערנע ריכטונגען פון קונסט.

— נו, פונדעסטוועגן — איז דער תלמיד חוקר ודורש — איז אייער מבינות, אפילו אין פוטוריזם, ביי מיר העכסט אָנגעלייגט.

פּראָפּ. שאַץ׳ס בליק איז געפאַלן אויף אַ בילד פון אַ נאַקעטער פרוי — פוטוריסטיש געמאָלן מיט אַ צעדרייטער נאָז, מיט איינגעפאַלענע בריסטן, מיט קרומע פיס א. א. וו.

— מיין מבינות — זאָגט שאַץ — וועל איך ניט זאָגן, נאָר איך וואָלט דיך וועלן בענטשן.

— בענטשן? — שטעלט אויס אויף אים דער תלמיד אַ פּאָר אויגן.

— וואָס מיינט איר, פּראָפעסאָר?

— יע — זאָגט ווייטער שאַץ — איך וויל דיר געבן אַ ברכה, אַז אַט אַ דאָס מיידל — ווייזט ער אויף דעם פרויען־בילד — זאָל לעבעדיק ווערן, דו זאָלסט חתונה האָבן מיט איר, און אָפּלעבן דיין גאַנץ לעבן מיט איר...

(כד)

אַ קליינשטעטלדיקער איד איז געקומען צו זיין רייכן ברודער אין דער גרויסער שטאָט.

— אַט דאָס איז מיין הויז — מאַכט דער רייכער ברודער, אָנווייזנדיק אויף זיין רייכן הויז. — מיין פרוי, זאָגט ער, קאָן יעצט, צום באַדויערן, ניט ארויסגיין. זי ליגט אין פיבער יעצט.

— וואָס איז דאָס פיבער? — פרעגט דער אָרימער ברודער.

— פיבער — דערקלערט אים דער רייכער — איז, קדחת.

— טאַ וואָס זשע טויג מיר דיין דייטשמעריש? — מאַכט דער אָרימער ברודער. — פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט אַז דו האָסט אַ שטוב, אַ ווייב און קדחת?...

(כה)

אַן אָרימאַן איז געקומען צו ראָטשילדן זיבן אַזייגער אינדערפרי בעטן אַ נדבה. ווערט ראָטשילד אויסער זיך און צעשרייט זיך:

— אַ העזה, קומען באַגינען און אויפוועקן מיך וועגן אַ נדבה!

— הער ראָטשילד — זאָגט דער קבצן — עס איז קיין שום ספק ניט, אַז אין באַנק־און געשעפט ענינים זייט איר אַ גרויסער מומחה, אָבער אין ענינים פון שנאָרעריי — לאָזט עס איבער צו מיר.

(כו)

— דו ביזט טאַקע באַשאַפן געוואָרן בצלם אלהים — האָט אַמאָל אַ איד געזאָגט צו זיינעם אַ פריינט.

— וואָס מיינסטו? — פרעגט אים יענער.

— איך האָב אַ ראיה פון דער תורה.

— וואָס איז די ראיה?

— ס׳שטייט ד׳ אל ארך אפים — גאָט האָט אַ לאַנגע נאָז.

(כז)

דער יצר הרע איז אמאָל געקומען צום רבש"ע מיט א טענה: ער גייט ארום פוסט און פּאַס און האָט קיין ארבעט ניט; ער ווערט משוגע פון ארומגיין ליידיק.

— וואָס הייסט? — וואונדערט זיך דער רבש"ע — קענסט ניט אראָפּגיין און צוריידן חברה צו זינד?

— אז איידער איך קום — ענטפערט דער יצר הרע מיט א פארקרימטן פנים — האָבן זיי שוין אָפּגעזינדיקט.

(כח)

צוויי פּוילישע אידן זיצן און שמועסן וועגן קעלט.

— קאַלט — זאָגט איינער — איז אין רוסלאַנד. מ'זאָגט אז דאָרטן איז א ביטערע קעלט.

— אַלץ הייסט קאַלט — רופט זיך אָפּ דער צווייטער — מ'דערציילט פון איינעם א אידן, אז ער איז אַנומלט געווען ביי דער רוסישער גרעניץ, האָט ער ניט געוואוסט אז דאָרטן זיינען אַזעלכע קעלטן, נעמט ער און שטרעקט אויס די האַנט איבערן גרעניץ, איז מיט דער מינוט אָפּגעפרוירן געוואָרן די האַנט.

(כט)

צוויי אינטעליגענטע אידישע ארעסטאַנטן גייען שפּאַצירן אויפן הויף פון טורמע. איז געקומען צו רייד וועגן איינשטיינס טעאָריע.

— איך קאָן ניט פארשטיין די טעאָריע — מאַכט איינער.

— ס'איז גאָר פּשוט — מאַכט דער אַנדערער — רעלאַטיוויטעט מיינט אז קיין זאַך איז ניט אבסאָלוט; עס איז ניט ווי מיר מיינען. אָט, למשל, מיינען מיר יעצט אז מיר גייען; אין דער אמת'ן אָבער זיצן מיר גאָר...

(ל)

אין א קליין שטעטל איז פאָרגעקומען א סעודה פון חברה קדישא. די חברה קדישא, ווי עס איז באוואוסט, האָבן ליב צו מאַכן א כוסה. האָט איי־נער פון זיי אביסל איבערגעכאַפּט די מאָס און געבליבן ליגן ווי א בר־מינן. האָבן חברה מטהר געווען דעם מת און אָנגעטאָן אים די תכריכים. אָבער אין מיטן דערינען, ערשט, דער מת כאַפּט זיך אויף: ער האָט זיך אויסגענ־יכטערט.

— שוטים! — גיט ער א געשריי — אז איר וועט באַגראָבן אַלע שכורים, וועט דאָך שטאָט בלייבן אָן חברה קדישא...

(לא)

אן עלטערער איד האָט געכאַפּט א שדכן און מאַכט צו אים:

— ר' עוזר, איך האָב פאר אייך א שטיקל געשעפט: אפשר קאָנט איר מיר אויסבייטן מיין פופציקיאָריקע אידענע אויף צוויי פינפאונצוואַנציק יאָריקע?

(לב)

— איך האָב באַקומען א דאָקטאָר פאר אן אידים.

— ווי קומט אזא קבצן ווי דו צו א דאָקטאָר?

— ער איז ניט נאָר א פּראָסטער דאָקטאָר, נאָר א כירורג, ער האָט מיר ארונטערגענומען א האַרב פון פּלייצע.

(לג)

אמאָל האָט איינער געזאָגט: דריי זאכן האָב איך פיינט: א שווער, א יאַרמעלקע און בורזקעס. היינט קאָנט איר פארשטיין ווי איך האָב ליב דעם שווער מיינעם ווען ער זיצט מיט א יאַרמעלקע און עסט בוריקעס...

(לד)

א אידישער יונגערמאַן גייט אין גאַס. פּלוצלונג קומט איינער אנטקעגן און דערלאַנגט אים צוויי פייערדיקע פּעטש.

— דאָס איז אויף אן אמת, אָדער נאָר אויף שפּאַס? — פרעגט אים יענער.

— דאָס איז אויף אן אמת.

— אויב אזוי — מאַכט ער — איז אנדערש, ווייל איך האַלט ניט פון שפּאַסן.

(לה)

צוויי ישיבה בחורים שמועסן וועגן די ל"ו נסתרים, די זעקס־און־דרייסיק צדיקים וועלכע זיינען, לויט דער לעגענדע, פאראן אויף דער וועלט, און זיי זיינען רואים ואינם נראים, זיי זעען, אָבער ווערן ניט געזען.

— גלייבסטו טאקע — פרעגט איינער — אז אזא זאך קאָן זיין?

— געוויס, קאָן זיין — ענטפערט דער אנדערער. — און איך וועל דיר ברייננען א ראיה: איך בין אליין אמאָל געווען א רואה ואינו נראה... ווען איך בין געפאָרן אין ישיבה האָב איך ניט געהאַט קיין געלט אויף א באַן־בילעט. איך בין אריין אין צוג אָן א בילעט. איז ווי נאָר איך האָב דערזען דעם קאָנדוקטאָר בין איך ארונטערגעקראָכן אונטער דער באַנק. ווען דער קאָנדוקטאָר איז פארבייגעגאנגען, האָב איך אים געזען — ער האָט אָבער מיך ניט ניט געזען...

(לו)

— מאַך צו די פענסטער — זאָגט די אידענע צו איר מאַן — עס איז א קעלט אין דרויסן.

— נו, און אז איך וועל צומאַכן די פענסטער — פרעגט ער — וועט שוין מער ניט זיין קיין קעלט אין דרויסן?

(לז)

א גאַסט אין א אידישן רעסטאָראַן האָט געפונען א פארזשאַווערטע קופּערנע מטבע אין זופּ. מסתמא מאַכט ער דאָך א רעש און רופט צו דעם באַלעבאָס: סטייטש, וואָס איז דאָס?

— שאַט, שאַט — זאָגט צו אים דער באַלעבאָס — מאַכט ניט אַן קיין קנאה צווישן די אנדערע געסט. זיי עסן שוין ביי מיר א לייַנגערע צייט, זיי האָבן שוין פאר דער צייט געפונען אין זופּ שטיקלאך שוועבעלאך, פארזשאַווערטע טשוועקעלאך און אנדערע זאכן. איר זייט דער איינציקער גליקלאַכער וואָס האָט געפונען מזומן געלט...

(לח)

נאַטקע גנב׳ס ווייב האָט אים איינמאָל נאָכמיטאָג געזאָגט, אַז זי דערהוזאַרט געסט אין אַוונט. גייט ער גלייך און באַהאַלט אַלע רעגנשירעמס.

— וואָס איז? — פרעגט זי אים — רעכנסט אַז די געסט וועלן, חלילה, גנב׳ענען אַ רעגנשירעם?

— ניין — ענטפערט נאַטקע — כ׳האָב מורא זיי וועלן זיי דערקענען.

(לט)

אַ איד איז געגאַנגען פון מרחץ. באַגעגנט אים אַ צווייטער:

— ר׳ חיים, ווי איז עפעס געווען דער מרחץ היינט?

— ישקני — ענטפערט חיים.

אַ דריטער איד האָט געהערט דעם געשפּרעך, רופט ער זיך אָפּ:

— ר׳ חיים, דער איד פרעגט אייך אַ פּשוט׳ע פראַגע, וואָס זשע ענט־פערט איר אים ישקני?

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט חיים — אַז איך וועל אים ענט־פערן וועגן מרחץ, איז דאָס אַ מעשה אויף אַ האַלבער שעה: ווי איז געווען דאָס וואַסער? און דאָס שמייסן? און די פּאַרע? און ס וועט זיך אַנהויבן נאָכדעם אַן עסק וועגן מיין שבר. און דאָ דאַרף מען גיין זאָגן שיר השירים. האָב איך אים אָפּגעפּטר׳ט מיטאַמאָל אָנו אַ סוף, אָן עק.

(מ)

— ווי מאַכט מען ביטערן שנאַפּס?

— מ׳קויפט אַ פלאַש שפּירט און מ׳וואַרפט אַריין אַ ביטערן בינע־ווארצל. מ׳לאָזט די פלאַש שטיין איבער נאַכט.

— גוט. טאָ ווי אַזוי זשע מאַכט מען אמת׳ן ביטערן שנאַפּס?

— איך האָב דאָך יעצט דערקלערט.

— איך פאַרשטיי אָבער ניט.

— וואָס איז דאָ צו פאַרשטיין? אַז מ׳לאָזט דאָס איבער נאַכט שטיין, מוז אינדערפרי זיין דער שנאַפּס ביטער.

— איך פאַרשטיי פאָרט ניט.

— פאַרשטייסט ניט קיין אידיש?

— איך פאַרשטיי אידיש. נאָר ווי מאַכט מען ביטערן שנאַפּס פאַר־שטיי איך ניט.

— ביזט משוגע? וואָס פאַרשטייסטו ניט?

— איך פאַרשטיי ניט ווי קאָן מען דאָס איבערלאָזן איבער נאַכט אַ פלאַש שפּירט, און מען זאָל זי ביז אינדערפרי ניט האָבן אויסגעטרונקען?

(מא)

אַ קרעמער באַגעגנט זיינעם אַ גוטן פריינט און קלאָגט זיך פאַר אים אויף די שלעכטע ציימן:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס דאָס איז, — זאָגט ער — איך האָב מיין אייגנס ניט קיין איין קראָם, נאָר גאַנצע צוויי, איינע פון ברויט און איינע פון ליוונט, און פון ביידע פאַרדינט זיך ניט אויף פּרנסה. פאַרשטיי

איך ניט וואָס דאָס הייסט: ממה־נפשך, לעבט די וועלט, דאַרף מען דאָך עסן ברויט; שטאַרבט מען, דאַרף מען דאָך לייוונט אויף תכריכים?

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? — ענטפערט דער פריינט — די וועלט אייגנטלאַך איז ניט זי לעבט און ניט זי שטאַרבט, זי מאַטערט זיך...

(מב)

— ווייסט, בערל'ס קראָם האָט אָפּגעברענט און עס איז געווען אַ פייער וואָס מ'האָט געקאָנט זען אַ מייל ווייט.

— וואָס דאַרפסטו זאָגן אַ מייל ווייט. איך האָב נאָך געזען מיט זעקס חדשים צוריק אַז עס וועט אָפּברענען...

(מג)

— בערל, קענסט מיר לייען אַ פינפערל?

— כ'האָב ניט ביי זיך.

— און אין דער היים?

— אין דער היים זיינען אַלע גאָט צו דאַנקען געזונט. אַ גוט טאָג!

(מד)

דער אָרימאַן איז געקומען צום גביר מאָנען די צוויי הונדערט דאָלאַר וואָס דער לעצטער האָט צוגעזאָגט צושטייער אויף חתונה מאַכן דעם אָרי־מאַנס טאָכטער.

— אָבער אייער טאָכטער, דערציילט מען מיר, איז דאָך גאָר ניט לאַנג געשטאָרבן — פאַר דער חתונה? — וואונדערט זיך דער גביר.

— אמת טאַקע — ענטפערט דער קבצן — אָבער ווער איז מיין טאָכ־טער'ס יורש, איך, צי איר?

(מה)

אַ רייכער קמצן האָט פאַרלאָרן אַ טייסטער מיט געלט. אַן אָרימער אַרבעטער האָט עס געפונען און האָט עס אים אָפּגעבראַכט. אין טייסטער איז געווען טויזנט רובל. האָט אים דער קמצן געגעבן איין קאָפּיקע שכר־מציאה.

— און וויפל וועט איר מיר געבן פאַר דער צווייטער זאַך? — פרעגט דער אַרבעטער.

— וועלכע צווייטע זאַך? — וואונדערט זיך דער קמצן.

— איך מיין פאַרן "דבר אחר" וואָס איך האָב ערשט אויסגעפונען — האָט דער אַרבעטער געענטפערט.

(מו)

אַן אָרימער איד קומט צו זיין רייכן קרוב און בעט ביי אים צוויי הונדערט רובל אויף חתונה מאַכן זיין טאָכטער. עס מאַכט זיך, זאָגט ער, אַ גוטער שידוך, פון יחוס, אַ יונגערמאַן אַ סוחר, אַ מושלם בכל המעלות. נאָר ער וויל ניט ווייניקער ווי פיר הונדערט רובל, און אַזוי ווי ער, דער אָרימער קרוב, פאַרמאָגט נאָר צוויי הונדערט, לכן, בעט ער אים, דעם רייכן קרוב, ער זאָל אים אויסלייען די אַנדערע צוויי הונדערט. דער קרוב האָט קיין חשק ניט צו געבן, גיט ער אָבער אַן עצה:

— דו — זאָגט ער — גיב אים די צוויי הונדערט רובל, און די אַנ־דערע זאָג אים צו, ווי אַלע טוען.

— איך קאָן דאָס ניט טאָן — ענטפערט דער אָרימער קרוב — ווייל די צוויי הונדערט רובל אויף צוזאָגן האָב איך שוין פאַרכאַפּט...

(מז)

אַן אויפגעקומענער גביר האָט זיך דורך דעם כח פון זיין געלט גע־וואָלט משדך זיין מיט אַ רב. דער רב האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער אים געשיקט רופן, דעם גביר. האָט מען זיך דורכגעשמועסט און דער רב האָט אים געגעבן אַנצוהערעניש, אַז אויב ער, דער גביר, וועט געבן פופציק טויזנט רובל, וועלן זיי ווערן מחותנים.

— מיר איז אַ חידוש אויף אייך — זאָגט דער גביר. — אמת טאַקע, איך ווייס אַז איר זייט אַ גרויסער למדן און איר שטאַמט פון פיינעם יחוס, אָבער איך האָב זיך ניט געריכט איר זאָלט פאַרלאַנגען אַזויפיל געלט פאַר דעם.

— חלילה — שמייכלט דער רב — איך ווייס טאַקע אַז מיין תורה מיט מיין יחוס זיינען גאָרניט ווערט. עס איז הבל הבלים. איך ווייס אויך אַז געלט איז הבל הבלים. האָב איך זיך געוואָלט בייטן מיט אייך: איר וועט מיר געבן אייער הבל הבלים און איך וועל אייך געבן מיין הבל הבלים.

(מח)

אַ שדכן רעדט אַ שדוך אַ מיידל. ער שלאָגט פאַר אַ בוכהאַלטער. זי וויל ניט. אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט — זי וויל ניט. אַ סוחר — זי וויל ניט. זי וויל מ׳זאָל איר ריידן אַ שדוך מיט צוויי פעלדשערס.

— וואָס עפּעס צוויי פעלדשערס? — שטעלט אָן דער שדכן אַ פּאָר אויגן אויף איר.

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט זי — איך האָב אַלעמאָל געוואָלט אַ דאָקטאָר. אַ דאָקטאָר וויל אָבער מיך ניט. וויל איך חתונה האָבן כאָטש מיט צוויי פעלדשערס.

(מט)

אַ שדכן האָט צוזאַמענגעפירט אַ בחור מיט אַ מיידל. זיינען זיי אַרוים שפּאַצירן. אויף מאָרגן באַקלאָגט זיך דער בחור:

— דאָס מיידל הינקט דאָך אויף אַ פוס! דאָס הינקט זי שטענדיק אַזוי? — פרעגט ער דעם שדכן.

— ניין, ניט שטענדיק — ענטפערט דער שדכן — נאָר ווען זי גייט.

(נ)

אַ שדכן רעדט אַ שדוך אַן עלטערער מיידל. ער שלאָגט איר פאַר אַן אַדוואָקאַט. זי וויל ניט. אַ פאַרזיכערונגס־אַגענט — זי וויל ניט. אַ בוכהאַל־טער — זי וויל ניט. אַ שרייבער — זי וויל ניט. נאָר אַ דאָקטאָר וויל זי, ניט אַנדערש.

— וואָס עפּעס גראָד אַ דאָקטאָר? — פרעגט ער איר.

— פאַרשטייט איר מיך, איך בין, ניט פאַר אייך געדאַכט, אַ קראַנקע. קוים וואָס איך זשיפּע.

(נא)

עס איז געשטאָרבן אַ זקן פון אַ יאָר ניינציק. שטייט די ווייב זיינע און יאָמערט:

— מ'האָט מיר טאקע געזאָגט צו דער חתונה, א קלאָג צו מיר, אז ער איז א קראנקער!

(נב)

זיצט א באלגאָלעס אלמנה ראש־השנה איבערן מחזור און טענה'ט:

— אלץ האָט דער רבונו של עולם אָנגעשריבן: מי באש ומי במים, מי בחרב ומי ברעב, און מי ב א ד י ש ע ל האָט ער פארגעסן אריינצושטעלן.

(נג)

— וואָס איז די מעשה — פרעגט איין איד דעם אנדערן — וואָס ווען גאָט האָט געשטראָפט איוב'ן האָט ער — זאָגט אונז דער ספר איוב — ביי אים אלעס צוגענומען, נאָר זיין ווייב האָט ער איבערגעלאָזט?

— פארשטייסטו מיך — ענטפערט דער אנדערער — עס שטייט געשריבן אז איוב איז צום סוף אנערקענט געוואָרן פאר א צדיק, און ער האָט ווידער באקומען אלדאָס גוטס אין לעבן, און גאָט האָט אים געגעבן פאר אלץ צוויי מאָל אזויפיל — היינט ווען דער רבונו של עולם נעמט צו ביי איוב'ן אויך זיין ווייב, וואָלט ער דאַך אים געמוזט אָפּגעבן צוויי ווייבער — אזא שטראָף האָט דער רבש"ע אפילו איוב'ן ניט געוואָלט געבן...



# אינהאלט

זייט

זייט

## תקון טעות:

זייט 67, שורה 9—אנשטאט "ראש השנה", דארף זיין "ראש חודש".

זייט 87, שורה 21 — אנשטאט "פוטיפרע", דארף זיין "פוטיפר'ס ווייב".